דאָס בוך דערשײַנט מיט דער מיט־ הילף
פונעם אברהם־יצחק לערנער־פֿאָנד צו
שטיצן ייִדיש און ייִדישע קולטור אין
ישראל.

אלישבע כהן צדק

# פאַרגעס־מיך־ניט

ראָמאַן



ה. לייוויק-פאַרלאַג
בײַם פאַראיין פון ייִדישע שרײַבערס און זשורנאַליסטן אין ישראל

תל־אביב, תשנ״ו — 1996

דעם ליכטיקן אָנדענק פון
אונדזערע חברים און לערערס
אומגעבראַכטע אין דער שואה
און אומגעקומענע אין הייליקן
קאַמף פאַר אונדזער קיום.

איך דאַנק האַרציק די אַלע, וואָס האָבן געהאָלפן, מײַן בוך זאָל דערזען די ליכטיקע שײַן און דערגיין צום לייענער:

מײַן שול־חברטע און פרײַוויליקן רעדאַקטאָר **מוסיע סטעקין־לאנדאו;**

די לאַנגיאָריקע פרײַנד פון מײַן משפחה און שטיצער פון בוך **עמע און מאָטל זעלמאַנאָוויטש** (פאַר. שטאַטן);

דעם בירגער־מײַסטער פון אַשקלון, **ה׳ בני וועקנין** — עטאַבלירער פון פרעמיע פאַר ייִדיש־שאַפונג, וואָס האָט מיך באַלוינט מיטן ערשטן ליטעראַטור־פּרײַז;

דעם ייִדישן שרײַבערס־ און זשורנאַליסטן־פאַראיין אין ישראל;

דעם קאָמיטעט **״נוסח ווילנע״** (פאַר. שטאַטן).

דער שטענדיק הילפסגרייטער מאַשיניסטין, **פר׳ מרים רויזן.**

**א. כהן־צדק**

# אינהאַלט

# אַ וואָרט פון ערשטן לייענער

דאָס דאָזיקע בוך האָט אָנגעשריבן מײַן מאַמע — אַ מענטש, וואָס האָט מיטגעלעבט אונדזער יאָרהונדערט העכער זיבעציק יאָר. פיל דערפון, וואָס איז אין בוך באַשריבן, איז פאָרגעקומען, איידער איך בין געקומען אויף דער וועלט. אַזוי אַרום בין איך פונקט אַזאַ לייענער ווי יעדער אַנדערער, וואָס וועט נעמען מײַן מוטערס ראָמאַן אין האַנט. דער אונטערשייד איז נאָר, וואָס איך קען פּינקטלעכער אָפּשאַצן דאָס וואָס איז געשען ווײַטער, ביזן הײַנטיקן טאָג, מיט די העלדן פונעם בוך. איך קען דעריבער עדות זאָגן, אַז אויף זייער לעבנסוועג, ניט געקוקט אויף זײַן קאָמפּליצירטקייט און סתירותדיקייט, זײַנען זיי געווען אָרנטלעך און אויפריכטיק.

אַ סך פון דעם וואָס איז באַשריבן אין בוך, וועט אפשר זײַן אומפאַרשטענדלעך פאַרן יונגן לייענער אין ישראל; די אָבער, וואָס האָבן געלעבט אין די פאַרמלחמהדיקע יאָרצענדליקער אין פּוילן, ליטע, בעסאַראַביע אָדער אין ראַטן־פאַרבאַנד, וועלן געוויס געפינען אין בוך אַן אָפּשפּיגלונג פון זייער אייגענעם לעבן. דאָס איז, מיין איך, געווען דער גורל פון פיל יונגע ייִדן, וואָס זײַנען געבוירן געוואָרן אין די צוואַנציקער יאָרן און האָבן אַ דאַנק אַ גליקלעכן צופאַל איבערגעלעבט די צווייטע וועלט-מלחמה און די שואה. אין ווילנע, ווו ס׳קומט פאָר דער גרעסטער טייל פון דער אַקציע, זײַנען עס קוים געווען פינף פון הונדערט. אַזוי אַרום ווערן דאָ טיילווײַז געשילדערט אויך די געפילן, געדאַנקען און מעשים פון יענע פינף און נײַנציק אומגעקומענע, וואָס זײַנען פאַרבליבן בלויז אין אונדזער זכרון.

די הויפּטהעלדן פונעם בוך זײַנען יונגע חברה מיט לינקע אָנשויונגען, פול מיט אידעאַליזם און גלויבן אין דער אייגענער פעיִקייט איבערצואַנדערשן די וועלט, בעסער זי צו מאַכן. אַזעלכע זײַנען דאַן צווישן דער ייִדישער יוגנט געווען טויזנטער — דאָס ווייסט יעדערער. אין די

קאָמפּליצירטע סתירות פון יענער צײַט איז עס געווען אַ נאַטירלעכע שטרעמונג, וועלכע מען קען ניט נעגירן אָדער ניט דערשאַצן.

הײַנט, ווען מיר לעבן אין דער טאָג-טעגלעכער ווירקלעכקייט פון אונדזער פאָלק און פון אונדזער לאַנד, זײַנען מיר טייל מאָל גענייגט צו פאַראיינפאַכן די פאַרגאַנגענהייט; אָבער יעדע צײַט האָט איר אמת און איר תמצית, און מיר טאָרן זיי ניט פאַראיינפאַכן, ווײַל אַנדערש וואָלטן מיר ניט פאַרשטאַנען ניט די שואה, ניט אונדזער צוריקקער אויף דער ערד פון ישראל.

ווען היטלער איז געקומען צו דער מאַכט, איז די מחברין (ווי אויך די העלדין פון איר בוך) אַלט געווען בלויז עלף יאָר. איר בת-מצווה, איר רײַף ווערן, האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם, אַז קוים אין עטלעכע יאָר אַרום האָט זי זיך פלוצעם געפונען ווי אַ פּאָליטישע אַרעסטירטע אין אַ פוילישער סאַנאַציע-תפיסה. דער פאַשיזם מיט אַלע זײַנע אויסערונגען איז פאַר איר געבליבן דער שונא אויפן גאַנצן לעבן. די, וואָס זײַנען געווען זײַט ביי זײַט מיט איר, האָבן זיך נאָך דעם געראַנגלט קעגן אים אין געטאָ, אין פאַרטיזאַנער-אָפּטיילונגען, אויפן פראָנט, און אייניקע — אויך שפּעטער אין די ישראל-מלחמות פאַר דער אומאָפּהענגיקייט פון לאַנד. זייערע גורלות זײַנען געווען פאַרשיידן, אַזוי איז שוין דאָס לעבן. אין איין זאַך אָבער זײַנען זיי געבליבן געאייניקט — זיי זײַנען געבליבן טרײַ זייערע אידעאַלן, ווי אויך זייער פאָלק.

דורכמאַכנדיק דעם אונטערגרונט, דעם קאַמף קעגן פאַשיזם, קעגן די נאַצי-מערדערס, האָבן זיי אויך אין די סאָוועטישע יאָרן ניט געלעקט קיין האָניק, בלײַבנדיק טראַדיציאָנעל פרעמד יעדן מין עסטאַבלישמענט און זײַן אַפּאַראַט. האָט דען געקענט זײַן אַנדערש, אויב טרעפנדיק זיך אין די קולואַרן פון פּאַרטיי-פאַרזאַמלונגען, אָדער אין אַ מינוט פון שטילשטאַנד אויף דער פאָדערשטער ליניע אויפן פראָנט, אָדער פּשוט אין גאַס, פלעגן זיי ריידן צווישן זיך ייִדיש, באַשטעטיקנדיק ווידער און נאָך אַ מאָל די איבערצײַגונג פון די אַרומיקע, אַז ייִדן בילדן א מלוכה אין אַ מלוכה...

אויף דעמאָנסטראַציעס, נאָך פאַר דער מלחמה, פלעגן זיי טראָגן לאָזונגען, געשריבענע מיט ייִדישע אותיות, זינגען יידישע לידער, און פּסח פלעגן זיי מכבד זײַן זייערע חברים — ניט ייִדן — מיט מצה, ניט

דערלאָזנדיק אפילו דעם געדאַנק, אַז אין די טיפענישן פון אונטערבאַוווּסטזײַן פון יענע קענען נאָך בלאָנקען שפּורן פון ווילדע פּאָראַורטיילן וועגן בלוט פון קריסטלעכע קינדער...

די לעבנס-דערפאַרונג פון זיי, די יונגע אידעאַליסטן, איז געווען גאָר ניט לײַכט און האָט זיי סוף-כל-סוף געצוווּנגען צו דערזען, אַז אידעאַלן בלײַבן אידעאַלן טאַקע דערפאַר, וואָס זיי קענען ניט פאַרווירקלעכט ווערן.

דאָס לעבן האָט זיי געמאַכט רײַפער. און דאָ, אויף דער ערד פון ישראל, האָבן זיי געפונען — אויב ניט די פאַרווירקלעכונג, איז מינדסטנס עטוואָס נשמה-רו נאָך זייערע האָפענונגסלאָזע שטרעבונגען. און כאָטש ייִדיש, די שפּראַך, אין וועלכער זיי ריידן, איז אויך דאָ, ווי פריער, ניט פולשטענדיק די שפּראַך פונעם פאָלק — שפּירן זיי שוין ניט די אָפּגעפרעמדקייט, וועלכע האָט דאָרט, אין זייער אַמאָליקער היים, שכנים פאַרוואַנדלט אין שונאים.

און נאָך מער: אָבסערווירנדיק ייִדן, וואָס זײַנען די לעצטע יאָרן עולה געווען פונעם געוועזענעם ראַטן־פאַרבאַנד, כאַפּ איך זיך בײַם געדאַנק, אַז זיי באַציען זיך אָפּט מיט מער אינטערעס, איידער סאַבּרעס און וותיקים צו זייערע ברידער פון תימן, איראַן אָדער עטיאָפּיע. דאָס נאַציאָנאַלע זעלבסטגעפיל בלײַבט בײַ אונדז אַלעמען שאַרף, ווי געווען, און דער געוווּס פון האָבן אַ היימלאַנד איז שטאַרקער איידער בײַ די, וואָס זײַנען דאָ געבוירן געוואָרן, אָדער לעבן שוין דאָ לאַנג.

אפשר איז עס טאַקע איינער פון די וויכטיקסטע אייגנאַרטן פון אונדזער מדינה — די שאַרפקייט פונעם געפיל פון אַ דעראָבערט היימלאַנד: די מערהייט פון אונדזערע שטאַמבירידער איז נאָך ניט מיט אונדז. מיר גלויבן, אַז זיי וועלן קומען און וועלן מיטברענגען מיט זיך די זכרונות פון זייער נעכטן, וועלכע וועלן פאַר אונדז אַלעמען תמיד זײַן אינטערעסאַנט. וואָרעם דער אמת פון אונדזער געשיכטע באַשטייט אין דעם, אַז יעדער טייל פונעם פאָלק האָט אָפּגעהיט זײַן פאַרגאַנגענהייט פאַר אונדזער געמיינזאַמער צוקונפט. און ווי אומגעוויינטלעך און אומפאַרשטענדלעך דער דאָזיקער אמת פונעם נעכטן זאָל ניט זײַן פאַר אונדזערע מיטצײַטלער, מוזן מיר זײַן צו אים אויפמערקזאַם און גוטהאַרציק.

**אלכסנדר כהן-צדק**



די יוגנט פון דער העלדין פון מײַן בוך איז צונויפגעפאַלן מיט אַ צײַט, פול מיט שטורמישע און דראַמאַטישע געשעענישן: מיטן אָנגריף פונעם פאַשיזם אין אייראָפּע; מיטן אָנהייב פון דער שרעקלעכער טראַגעדיע פונעם אייראָפּעישן ייִדנטום; מיטן קאַמף קעגן די נאַציס און מיטן זיג איבער דער ברוינער פּעסט.

דאָס אָרט, ווו עס שפּילט זיך אָפּ דער גרעסטער טייל פון די גורלדיקע געשעענישן אינעם לעבן פון די העלדין, איז הויפּטזאַכלעך ווילנע. ווילנע, וואָס איז דאַן, ווי אין פיל פריערדיקע תקופות, געשטאַנען אויפן קרייצוועג פון דער געשיכטע; ווילנע, ווו אין משך פון דור־דורות האָבן געלעבט זײַט בײַ זײַט פּאָליאַקן, ייִדן, ליטווינער, רוסן, ווײַסרוסן, טאָטערס, קאַראַימער, און ווער ניט — יעדערער מיט זײַנע השגות, מיט זײַן קוקווינקל אינעם געווירבל פון די געשעענישן.

איך האָב זיך ניט געשטעלט פאַר אַ ציל צו שילדערן אין מײַן בוך די ברייטע פּאַנאָראַמע פון ווילנע אין דער דאָזיקער צײַט. איך האָב זיך אויך ניט אונטערגענומען אַרײַנצודרינגען אין דער דילעמע: וואָס האָט געזאָלט, פון שטאַנדפּונקט פון יענער צײַט, אַנטשיידן דאָס פּראָבלעם פונעם ווײַטערדיקן ייִדישן קיום — די שטרעבונג צו ארץ־ישראל, צי דער אַלגעמיינער קאַמף קעגן פאַשיזם, פאַר סאָציאַלער גערעכטיקייט.

מיין העלדין איז מיטגעריסן געוואָרן דורכן שטראָם פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. דעריבער שטייט אויף פאַר די אויגן פונעם לייענער דאָס דעמאָלטיקע לעבן אַזאַ, ווי ס׳האָט אים געזען זי — אַסיע אַדעלסקי — און אירע חברים.

די שטורמישע דעצידירנדיקע צײַט איז גורם, אַז די היסטאָרישע געשעענישן רײַסן זיך צײַטנווײַז אַרויס פונעם הינטערגרונט און דרינגען אַרײַן אין דער פאַבולע; אַז דאָס דאָקומענטאַלע פלעכט זיך דורך מיט דעם פאַרפאַסטן; אַז אין איין ריי מיט אויסגעטראַכטע נעמען שטייען אויףווירקלעכע נעמען פון מענטשן, (געשריבענע אַזוי, ווי זיי האָבן געקלונגען), כדי צו בלײַבן אויף אייביק אין זכרון פון די לעבן געבליבענע.

און אין דעם, מיין איך, איז ניטאָ קיין שום סתירה.

**דער מחבר**

# פּראָלאָג

די ערד האָט זיך ווידער אַ טרייסל געטאָן אונטער דער שווערער לאַסט, און ערגעץ נאָענט האָט געפּלאַצט אַ שוואַך פאַרפעסטיקטע שויב.

דאָס זײַנען געווען טאַנקען. קיינער פון די שטוביקע איז ניט צוגעגאַנגען צום פענצטער. אַ שיסערײַ, וואָס האָט צעריסן די שטילקייט פון דער נאַכט, האָט אַלעמען אַראָפּגעיאָגט פון די געלעגערס, געוואָרפן אויף דער ערד.

קיינער איז ניט צוגעגאַנגען צום פענצטער, ווײַל מען האָט ניט געוווּסט, ווער ס'איז אַרײַן אין שטאָט. ווען מען וואָלט זיך אַרײַנגעקוקט אין דער פינצטערניש פון דער סעפּטעמבער-נאַכט, וואָלט אַלץ קלאָר געוואָרן. אָבער אויב איצט, אין אָט די מינוטן, קומט פאָר דאָס שרעקלעכסטע... קיינער האָט זיך ניט געקענט אַנטשליסן גלײַך צו פאַרלירן די האָפענונג.

נעכטן האָט מען גערעדט אין שטאָט, אַז די דײַטשן זײַנען שוין בײַם שטעטל אָראַן. דעם גאַנצן וועג פון דער דײַטשיש־פּוילישער גרענעץ זײַנען זיי אַדורך אין זעכצן טעג. פון אָראַן ביז ווילנע זײַנען געבליבן קאַרגע נײַנציק קילאָמעטער. ס'איז רעכט, אַז זיי זײַנען שוין אין שטאָט...

אָבער נאָך דעם האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די רויטע אַרמיי איז אַריבערגעגאַנגען די גרענעץ פון מערב־ווײַסרוסלאַנד און אויך זי באַוועגט זיך אין דער ריכטונג פון ווילנע. אַסיען האָט עס געזאָגט עזקע. געטראָפן אין גאַס, אַ זאָג געטאָן פאַרבײַלויפנדיק, אין אײַלעניש. ער האָט עס נאָך געדאַרפט מיטטיילן אַלע אַנדערע חברה. און כאָטש אַסיען האָט פאַרכאַפּט דעם אָטעם פון דער ידיעה, און זי האָט זיך אויך געלאָזט לויפן, האָט זי באַוויזן אַ קלער צו טאָן, אַז זשאַבינסקי איז ווי געבאָרן אָנצוזאָגן גוטע נײַעס. אויף אַ מינוט האָט זי זיך אים דערמאָנט אַזאַ, ווי זי האָט אים געזען מיט קאַרגע צוויי יאָר צוריק אין קאָרידאָר פון אויספאָרשונגס-אַמט, פאַרן פאַרהער. אפילו דאַן, נאָך די קלעפּ, וואָס ער האָט אַרײַנגעכאַפּט אין דער פּוילישער דעפענסיווע, האָט ער געשמייכלט מיט זײַן פאַרלאָפענעם אויג,

דערציילנדיק אַ קאָמישן מאָמענט פון דער טרויעריקער געשיכטע. און איצט, אויף קליין סטעפּן-גאַס האָבן זײַנע אויגן שוין פון ווײַטן אַרויסגעשטראַלט די וויכטיקע נײַעס.

דאָס איז געווען נעכטן. אָבער נעכטן איז שוין דער דײַטש געווען בײַ אָראַן...

די שטאָט איז פאַרגליווערט געוואָרן אין גרויליקער דערוואַרטונג. ווי לאַנג דויערט עס שוין — אַ שעה, צוויי, דרײַ? אַן אייביקייט...

בײַ נאַכט האָט זיך אָנגעהויבן דער זיבעצנטער מעת-לעת פון סעפּטעמבער 1939, דער זיבעצנטער מעת-לעת פון שווערע געדאַנקען, וואַקלענישן, געראַנגל מיט זיך אַליין.

שוין פון ערשטן טאָג אָן האָט מען געדאַרפט עפּעס טאָן. דעם זעלבן טאָג, ווען דער שונא איז באַפאַלן דאָס פאָטערלאַנד.

דאָס פאָטערלאַנד?...

מאָדנע, אַז דער געדאַנק איז אַזוי אומדערוואַרט און נאַטירלעך געקומען אויפן זינען.

איר פאָטערלאַנד...

דער שווערער רעגלמעסיקער קלאַנג אויפן ברוק האָט נאָך מער אונטערגעשטראָכן די טויטע שטילקייט פון דער נאַכט.

אַסיען האָט זיך מיט אַ מאָל אויסגעדוכט, אַז באַלד, ווי כמעט יעדע נאַכט, וועט עמעצנס שווערער יאָמער צערײַסן די פינצטערניש, איבערלאָזנדיק אין איר האַרץ אַ גרויליק געפיל פון לײַדן און ברוטאַלקייט. דאָס לעבן דאָרט פון יענער זײַט פענצטער...

אַסיעס משפחה האָט געלעבט נאָענט צום וואָקזאַל; אַרום זײַנען געווען בירקעלערן און פריילעכע הײַזלעך אונטער אָנשטענדיקע שילדן "מעבלירטע צימערן". וויפל מאָל אין די נעכט פלעגן הילכיקע קלעפּ, שיכורע געוואַלדן און פאַרצווייפלטע געוויינען אויפוועקן זי פון שלאָף, און דאַן פלעגט זיך איר דוכטן, אַז מע שלאָגט און מע פּײַניקט זי, אַסיען. און זי פלעגט שוין ניט קענען צומאַכן קיין אויג.

איר פאָטערלאַנד...

די טעג אין דער היימלעכער שטילער שטאָט זײַנען געווען אַזוי געוויינטלעך, אַזוי ענלעך איינע צו די אַנדערע; ס'איז געווען אין איר אַזאַ

וואַרעמע, אייגענע קליינע וועלט, אַזאַ היימישע סביבה. אין דער לופטן איז אָבער געהאַנגען עפּעס שווערס און דראָענדיקס. עפּעס, וואָס האָט געדריקט דאָס האַרץ.

וואָס איז עס געווען?

בייזע שאָטנס פון געהיים-אַגענטן, שמעקערס, וואָס שלײַכן זיך אַרויס פון זײַטיקע געסלעך, אָדער וואַקסן אויס פון אונטער דער ערד אין טויערן און בײַ פּאָדערטירן? אָפּקלאַנגען פון ווילדע געשרייען "שלאָג דעם זשיד!" אין דעם הייליקסטן מקום פון ווילנער אַלמאַ — אין דער ווילנער אַלמאַ מאַטער? לאַנגע רייען פון אַרבעטסלאָזע אויף סובאָטש, ביי דער אַרבעטס-בערזע?

דאָס פּאָטערלאַנד...

אָבער דעם ערשטן סעפּטעמבער, ווען אין דער מאָרגן-שטילקייט האָט זיך אַרײַנגעריסן דער יאָמער פון סירענעס, און פון די הילכערס האָט זיך שעה-אײַן, שעה-אויס געגומען איבערחזרן דעם ספּיקערס נאָגנדיקער קול: "אוואַגאַ, אוואַגאַ, נאַדכאָדזי" — "אַכטונג, אַכטונג, ער דערנעענטערט זיך..." איז דאָס ערשטע, וואָס איז אַסיען געקומען אויפן זינען, געווען: "קעמפן. פאַרטיידיקן זיך. פאַרטיידיקן דאָס פּאָטערלאַנד!"

אַסיען און יעדן פון אירע חברים איז דאָס געווען קלאָר און זעלבסטפאַרשטענדלעך: קעמפן קעגן היטלערן. אָבער ווי אַזוי? וווהין גיין און צו וועמען? מע פלעגט אַרויסלויפן אין גאַס, טרעפן זיך, שווײַגנדיק קוקן איינער אויפן אַנדערן. פרײַוויליק אויפן פראָנט? גרייטן זיך צו פאַרטיידיקונג אויפן אָרט? שאַפן בריגאַדעס?

ס'איז ניט געווען, ווער ס'זאָל אַנטשיידן. די קאָמפּאַרטיי און דער קאָמיוג פון פּוילן, מערב-ווײַסרוסלאַנד און מערב-אוקראַיִנע — זינט העכער אַ יאָר ליקווידירט. דאָס זאָל האָבן זײַן אַ באַשלוס פונעם קאָמינטערן. מען האָט געזאָגט, אַז אין דער אָנפירונג פון דער פּוילישער פּאַרטיי זײַנען געווען טראָצקיסטן און פּראָוואָקאַטאָרן. פון וואַנען מיט אַ מאָל?

און ווען?... ליקווידירט אין אַ מאָמענט, ווען אַלע פּראָגרעסיווע כוחות — די קאָמוניסטן, דער בונד, די לינקע פּועלי-ציון, דער פּוילישער פּ.פּ.ס., די ליטווישע און ווײַסרוסישע אָרגאַניזאַציעס זײַנען געקומען צו אַ

פאַרשטענדיקונג און צוזאַמענאַרבעט. ערשט איצט האָט מען געקענט צוזאַמען שטעלן אַ ווידערשטאַנד דעם פאַשיזם...

דווקא אין אַזאַ מאָמענט בלײַבט מען אָפּגעשניטן פון אַלעמען...

אַסיע און אַלע חברה האָבן עס ניט געקענט באַגרײַפן, מען האָט כסדר געפּרוּווט זיך אַליין איבערצײַגן, אַז מסתמא איז עס ריכטיק. ווי באַלד מען האָט באַשלאָסן צו ליקווידירן די פּאַרטיי ווייסט מען, וואָס מען טוט. ווען מען האָט גאָר געקענט איינפאַלן, אַז געטאָן האָט עס אַ פאַרברעכערישע האַנט... און אַז די פאַרברעכערישע האַנט איז געווען סטאַלינס.

איצט, טרעפנדיק זיך, האָט מען געקוקט איינער אויפן אַנדערן און געקלערט, יעדער דאָס זעלבע: מען איז דאָך געבליבן דאָס וואָס געווען. מער ווי ווען עס איז האָט מען באַדאַרפט אָנווײַזונגען צו געמיינזאַמער האַנדלונג. וואָס זאָל מען איצט טאָן?...

די געשעענישן זײַנען געפלויגן ווי אַ שנעלצוג, די מלחמה איז שוין געווען האַרט בײַ זייער שוועל. דאָרט, הינטערן פענצטער, אין דער פינצערניש, פלעגט די שטילקייט פון דער נאַכט צערײַסן דער שווערער גאַנג פון טאַנקען, און קיינער אין שטוב האָט ניט געוווּסט, וועמעס טאַנקען עס גייען...

אין די־אָ שעהען, ווען די צײַט איז ווי געבליבן שטיין, האָט זיך מיט אַ מאָל פאַרוואָלט אַ קוק טאָן אויפן אייגענעם לעבן פון דער זײַט, דערזען עס בולט, מיט אַלע פּיטשעווקעס און פאָרשטעלן זיך אַליין אַזאַ, ווי דו ביסט, מיטן אייגענעם כאַראַקטער, אין אַנדערע באַדינגונגען. אין די ערגסטע...

האָבן זיי זיך אומגעקערט, די געדאַנקען, אין דער טיף פונעם אייגענעם זיבעצניאָריקן לעבן און אָפּגעשטעלט, ווי שוין ניט איין מאָל געווען, אויף יענעם וואַרעמען פרילינגטאָג, ווען אויפן הויף פון שול האָט זיך צעבליט דער עלנטער באַרנבוים...

# אַ לעקציע פון לאַטײַן

יענער פרילינגטאָג האָט זיך אָנגעהויבן פשוט, ווי יעדן פרימאָרגן. און דאָס, וואָס האָט שפּעטער פּאַסירט, טרעפט זיך אויך ניט זעלטן אין

שוללעבן. און דאָך איז עס פאַרן זעקסטן, לעצטן קלאַס פון דער פאָלקסשול אונטערן נאָמען פון סאָפיע מאַרקאָוונע גורעוויטש, געווען עפּעס אומגעוויינלעכס און וויכטיקס. עפּעס, וואָס האָט זיך פאַרגעדענקט אויפן גאַנצן לעבן.

די קומענדיקע לעקציע האָט געזאָלט זײַן מאַטעמאַטיק, אָבער די לערערין איז קראַנק געוואָרן און חברה, קוים זיך דערוואַרט אויפן גלעקל, האָבן זיך אַרויסגעשאָטן אויפן הויף מיט אַ פריילעכן און הילכיקן געפילדער: הוראַ! אַ פרײַע שעה!

אַסיע מיט מירען האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער קופּע קאַלכשטיינער, זוכנדיק די שענסטע, בלויע און ראָזע, באַדעקטע מיט גלאַזור. דאַנילינקע האָט אַרויפגעקלעטערט אויפן אַלטן באַרנבוים, וועלכער פלעגט די קליינע מחבלים אַלץ מוחל זײַן און יעדן האַרבסט זיי באַשענקען מיט אַ מענגע פּיטשינקע האַרטע ווילדע בערנעלעך, פון וועלכע ס׳פלעגט ווערן הײַליק אין די ציין, אָבער וועלכע מען פלעגט מיט פאַרגעניגן אויפעסן: פון אייגענעם בוים!

מאָניע, יוליק און סיאָמע, און נאָך זיי — אַ גאַנצע קייט קליינוואַרג פון אַ הויף בשכנות, זײַנען אַרויפגעקראָכן אויף דעם אונטערשטן שטיקל וואַנט פון אַ קלויז, וואָס מען האָט אָנגעהויבן דאָ, אויפן הויף פון זייער שול בויען. באָרע האָט אויסגעשלאָגן פײַער פון שטיינער. ביילע איז אַדורכגעקראָכן דורך אַ לאָך אין פּאַרקאַן אין דעם בשכנותדיקן גאָרטן, זוכן אין גראָז פּאַראַיאָריקע קאַשטאַנעס.

דאַניע איז שוין געווען אויפן שפּיץ בוים און האָט אָפּגעגעבן קורצע באַפעלן דער מאַנשאַפט פון זיין שיף (ער איז געווען דער קאַפּיטאַן, דער בוים — די שיף, די מאַנשאַפט — קליינוואַרג אונטערן בוים), ווען עמעץ איז אַרויס פון שול און אַ געשריי געטאָן:

— קינדער, די הפסקה האָט זיך געענדיקט, שנעל אין קלאַס! ס׳וועט זײַן לאַטײַן!

— איצט דאַרף זײַן מאַטעמאַטיק!

— מיר האָבן אַ פרײַע שעה!

חברה האָבן געוווּסט, אַז זיי דאַרפן זיך מאַטערן מיטן לאַטײַן, אַז מע

גרייט זיי אין גימנאַזיע אַרײַן, גלייך אין דעם צווייטן קלאַס, און זיי מוזן האַלטן עקזאַמען, אָבער וועגן דעם האָבן זיי איצט ניט געוואָלט וויסן. איינס האָבן זיי געטענהט: איצט דאַרף זײַן אַ פרײַע שעה, און אָט נעמט מען זי אַוועק. האָט מען זיך צונויפגעשפּאַרט נעבן באַרנבוים, געשושקעט אַ קליינע ווײַלע און מיט סודותפולע פּנימער אַוועק אין קלאַס. מען האָט אָפּגערעדט ניט צו ענטפערן.

די טיר האָט זיך געעפנט, און ס׳איז אַרײַן די הויכע, ברייטביייניקע און דאַרע לערערין — די לאַטיניסטקע, וועלכע קליינוואַרג פלעגט רופן פּשוט ״בערטע״, און צײַטנווײַז פון כעס אויף איר שווערן לימוד און אויף די צווייען, וועלכע מען פלעגט אָפּט אַרײַנכאַפּן (ווייל לערנען האָט מען עס ניט געוואָלט) — מיטן צונאָמען ״די שלאַנג״. ווי אַלע מאָל, איז דער קלאַס אויפגעשטאַנען, באַגריסנדיק דעם לערער, געזעצט זיך אויפן אָרט. בערטע האָט אויפגעעפנט דעם זשורנאַל, אַרויסגערופן אַ שילערין. דאָס איז געווען ביילע. זי איז געשטאַנען און געשוויגן. די לערערין האָט איבערגעחזרט איר פראַגע: די ערשטע דעקלינאַציע. ביילע האָט שטיל געזאָגט: ״איצט איז ביי אונדז ניט לאַטײַן״.

— וואָס? וואָס האָסטו געזאָגט?

— איצט דאַרף בײַ אונדז ניט זײַן קיין לאַטײַן...

— זעץ זיך, אַ צוויי! סיאָמע, דערצייל דו וועגן דער ערשטער דעקלינאַציע און דעקליניר ״טעררא״.

זעקס און צוואַנציק פּאָר אויגן קוקן אויפן גראָבן סיאָמקען. ער... וועט ער אויסהאַלטן? דער פלאַפּלער, דער מאַמעס זינדל. דערציילן וועגן זיך ניט געשטויגענע, ניט געפלויגענע מעשיות — דאָס קען ער...

אָבער סיאָמקע שווײַגט. — ״אַ צוויי״, — שרײַט שוין די לערערין.

די דריטע איז מירע. עס דויערט אַ היפּשע ווײַלע, זי שטייט און שווײַגט.

— דו וועסט ניט ענטפערן? ניין, וועסט ניט ענטפערן?! — דער לערערינס אויגן פילן זיך אָן מיט טרערן.

מירען פאַרקלעמט דאָס האַרץ, זי מורמלט עפּעס, און בערטע כאַפּט זיך אָן אין דעם קלאַנג און פירט פון אים אַרויס די דעקלינאַציע: ״נו, נו, טעררא, טעררע, טעררע, נו, ווײַטער...

מירע שטאַמלט אַרויס ווײַטער ניט ווילנדיק דעם פערטן, פינפטן, זעקסטן

פאַל... דורכן קלאַס טראָגט זיך דורך אַ בייזער געוודער און ווידער ווערט אָנגעשטרענגט שטיל.

— טײַבע, דעקלינער "פעמינאַ".

טײַבעלע שווייגט.

— זעץ זיך, אַ צוויי. באָרע, דו.

ער שטייט פּאַמעלעך אויף. אין קלאַס איז שטיל. דער לערערינס פּנים, איר האַלדז מיט די אָנגעשפּאַנטע אָדערן באַגיסט אַ רויטע כוואַליע פון אויפרעגונג. באָרען כאַפּט מיט אַ מאָל אַרום אַ שאַרף געפיל פון רחמנות. ער הייבט אָן צו ריידן...

מע רופט אַרויס אַסיען, זי וועט ניט ענטפערן. אָבער "בערטע" קוקט אויף איר שטרענג, בויערט זי אַדורך מיט די אויגן. אַסיע קען זיך איר ניט אַנטקעגנשטעלן...

זי זעצט זיך צוריק אויף איר אָרט און לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ. זי שעמט זיך אַ קוק צו טאָן אין די אויגן איר שכנטע פון באַנק — דער שטילער באַשיידענער טײַבעלע, וועלכע האָט זיך אַרויסגעוויזן שטאַרקער פון איר.

נאָך דעם רופט די לאַטיניסטקע אַרויס אַנדערע. עמעץ זאָגט זיך אָפּ, עמעץ — אפילו דאַנקע אויך! — ענטפערט...

נאָר אָט איז שוין דער קלונג. אַסיע שפּרינגט אויף פון אָרט, לויפט צו צו דער לערערין, בעט זי:

— זײַט אַזוי גוט, שטעלט מיר אויך אַ "צוויי", איך בעט אײַך...

אָבער בערטע גיט אפילו ניט קיין קוק אין איר זײַט. זי לויפט אין אײַלעניש אַרויס פון קלאַס און טראָגט אַוועק צוזאַמען מיטן זשורנאַל אַסיעס שאַנדע — איר שלימזלדיקן פינף.

חברה בלײַבן אַליין, און אין דעם הילכיקן טומל לאָזן זיך בולט הערן שטימען פון די, וואָס האָבן בעת דער לעקציע ניט געענטפערט. די, וואָס האָבן יאָ געענטפערט, שווײַגן פאַרשעמט.

די הפסקה ענדיקט זיך אומבאַמערקט. ס׳קלינגט ווידער דאָס גלעקל, אַלע פאַרנעמען די ערטער.

...ווער וועט איצט קומען און וואָס וועט זײַן?...

ס׳גייט אַרײַן דער לערער ראַבינאָוויטש. א קלאַפּ געבנדיק מיט דער טיר, גייט ער שנעל צו צום לערערטישל. ער קוקט ניט אויפן קלאַס, ווי ער וואָלט

ניט באַמערקט די שילער, וואָס זײַנען שנעל אויפגעשטאַנען און שטיל זיך ווידער אַנידערגעזעצט. ער גיט אַ וואָרף אויפֿן טיש דעם זשורנאַל. זײַנע שמאָלע ליפּן זײַנען צונויפגעפּרעסט, דאָס גריבעלע אין קין איז טיפער ווי געוויינטלעך. די ברילן ציטערן לײַכט אויף דער נאָז, און די שטרענגע אויגן קוקן איצט טונקל און אומבאַוועגלעך. אַזאַ האָט מען אים נאָך ניט געזען. וואָס שווײַגט ער? וואָס וועט ער זאָגן?...

— איך האָב קיין מאָל ניט געמיינט...

...שטיל

— דאָס, וואָס איר האָט אָפּגעטאָן, איז געווען נאַריש און מיאוס. און ברוטאַל לגבי דער לערערין.

ס׳הערט זיך, ווי אַ פליג זשושעט אויף דער שויב.

— אײַך, און ניט דער לערערין, וועט אויסקומען צו האַלטן עקזאַמען אין גימנאַזיע...

ראַבינאָוויטש האָט לאַנג געשוויגן, אָבער דער קלאַס האָט געשפּירט, אַז ער האָט נאָך ניט אַלץ געזאָגט.

— אַלע צוזאַמען באַשלאָסן ניט צו ענטפֿערן?

— צוזאַמען... — האָט מען שטיל מודה געווען.

— אַזוי... הייסט עס, אַלע... אייניקע האָבן געענטפערט, אַנדערע ניט... איר ווייסט, וואָס דאָס איז אַזוינס — סאָלידאַריטעט? און טאָמער אײַך וועט אויסקומען אין לעבן צו שטרײַקן, צו קעמפן... וואָס וועט דעמאָלט זײַן?

דאָס וואָרט פּאַרראַט האָט זיך ניט אַראָפּגעריסן פון זײַנע ליפּן, עס איז אָבער געהאָנגען אין דער לופטן און איז אַרײַנגעדרונגען יעדן אין האַרצן.

איידער ראַבינאָוויטש איז געקומען צו פאָרן אַהער, קיין ווילנע, אָנגעקומען אַרבעטן צו זיי אין שול און געוואָרן זייער קלאַסן־דערציִער, איז ער אַ פּאָר יאָר אָפּגעזעסן „פאַר פּאָליטיק”, פאַר זײַנע אידעען אין תפיסה. איצט איז ער שוין ווידער געווען אַקטיוו אין דער לינקער פּראַקציע פונעם לערער־פאַראיין. און זיי, זײַנע שילער, האָבן געוווּסט וועגן דעם.

אין דער אומענדלעכער מינוט פון שטילשווײַגן האָבן אַסיעס געדאַנקען פיבערהאַפט געאַרבעט. פאַר אירע אויגן איז אויפגעשטאַנען זייער לערער אַזאַ, ווי זי האָט זיך אים פאָרגעשטעלט, ווען ער האָט זיי איין מאָל קורץ

דערציילט וועגן זיך: ווי ער האָט אין דער היים, אין זשעטל, געלערנט אין ישיבה; ווי ער האָט די ישיבה פֿאַרלאָזן און איז אַוועק אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג; ווי זײַן פֿאָטער, אַ פֿרומער ייִד, האָט עס אים ניט געקענט מוחל זײַן און האָט אויפֿגעהערט מיט אים צו ריידן; און ווי ער, דער פֿאָטער זײַנער, איז אין איין נאַכט, ווען די פּאָליציי איז געקומען אַרעסטירן דעם זון, גרײַז גראָ געוואָרן...

אַ היפּשע ווײַלע האָט ראַבינאָוויטש דעם קלאַס געלאָזט טראַכטן, בלײַבן שווײַגן, אַליין מיטן אייגענעם געוויסן. און נאָך דעם אָנגעהויבן דערציילן וועגן קאַמף פֿון אַרבעטער־קלאַס, וועגן שטרײַקן און שטרײַקברעכערס.

..."ווי האָב איך דאַן, אויף דער לעקציע, געקענט אים זאָגן, אַז דערוואַקסענע מענטשן קענען אונדז פֿאַר קיין פֿאַל ניט פֿאַרשטיין? ס'באַקומט זיך, אַז מיר האָבן אים ניט פֿאַרשטאַנען, אים פֿאַרפֿירט" — האָט געקלערט דאַנקע.

ער האָט זיך דערמאָנט אין אַ לעקציע, אויף וועלכער מע האָט געלייענט א שטעל פֿון ראָמען ראָלאַנס בוך "זשאַן קריסטאָף". חברים פֿון קלאַס האָבן געמאַטערט דעם קליינעם, אָרעמען זשאַן, אָפּגעלאַכט פֿון אים, געפּלאָגט אים. סוף־כל־סוף איז דאָס ייִנגל אַרויס פֿון די כלים און אַ וואָרף געטאָן אין זיי אַ טינטער מיט טינט. דער לערער האָט אים דערפֿאַר אַרויסגעטריבן פֿון שול.

ווען מען האָט עס איבערגעלייענט אין קלאַס, האָט ראַבינאָוויטש געפֿרעגט:

— ווי מיינט איר: וואָס דאַרף טאָן אַ לערער, כּדי צו וויסן, ווי ס'איז אויפֿן האַרצן בײַ יעדן פֿון אייך?

די פֿראַגע איז געווען אומדערוואַרט. אַלע האָבן זיך געוווּנדערט און אַ רגע געקווענקלט. שפּירנדיק אָבער די וויכטיקייט פֿונעם פּראָבלעם און דעם לערערס באַגער זיך צו דערוויסן יעדנס מיינונג, האָט מען אָנגעהויבן זיך אַרויסזאָגן. ווער — רויטלענדיק זיך, אומזיכער, ווער — דרייסט, מיט דער פֿולער זיכערקייט, אַז ער איז אַ מבין. מען האָט געזאָגט:

— דער לערער דאַרף זיין מיט אונדז ניט נאָר אויף די לעקציעס, רעפּעטיציעס און קרײַזלעך, נאָר אויך אויף די הפסקות, נאָך די לעקציעס,

אויפן גליטש. (ס'איז געווען ווינטער, אין גיכן האָט מען ערגעץ געקראָגן אַ פּאָמפּע, באַגאָסן דעם קליינינקן שולהויף, פאַרוואַנדלט אים אין אַ גליטש, און ראַבינאָוויטש האָט אָנגעטאָן גליטשערס, אומגעלומפּערט זיך אַרומגעשטעלט אויפן אײַז און דערלויבט די קינדער אים צו לערנען זיך גליטשן).

— ווען מען שטראָפט אַ שילער, דאַרף מען זיך דערמאָנען וועגן דער אייגענער קינדהייט, שטעלן זיך אויפן אָרט פונעם באַשטראָפטן און זיך אַליין פרעגן: "איך טו ריכטיק, צי ניט?" -- האָט עמעץ פון דער חברה ווײַטער געלערנט דעם לערער, ענטפערנדיק אויף זײַן פראַגע.

אָבער דאַנילינקע האָט דאַן געזאָגט:

— אַ דערוואַקסענער קען אונדז פאַר קיין פאַל ניט פאַרשטיין. ווען איך קלעטער אויף אַ בוים און צערײַס די הויזן, זידלט מיך די מאַמע. צי קען זי פאַרשטיין, וואָס דאָס הייסט — אַרויפקלעטערן אויפן סאַמע שפּיץ? אַ לערער פאַרשטייט עס אויך ניט. דערוואַקסענע קען מען ניט טרויען.

...אזוי האָב איך אים דעמאָלט געזאָגט — קלערט דאַניע. און איצט... ס'ווײַזט זיך גאָר אַרויס, אַז אונדז קען מען ניט טרויען...

מיט אַ מאָל רײַסט זיך אַרײַן אין דער שטילקייט עמעצנס שטיל געוויין. דאָס וויינט מירע אויף דער ערשטער באַנק. נאָך דעם הייבט זי אומזיכער אויף אַ האַנט און שטייט אויף:

— איך וועל מער קיין מאָל... קיין מאָל אין לעבן...

אַסיע וואַרפט אויף איר אַ בייזן בליק. מסתמא איז זי מירען פשוט מקנא. אפשר אויך אויפשטיין און עפּעס זאָגן?... ניין, דאָס איז ניט אַזוינס, וואָס מען קען אַזוי לײַכט אָפּוואַשן מיט טרערן, אויסדריקן מיט ווערטער... זאָל איצט זײַן שווער. מען דאַרף עס איבערלעבן, באַשליסן מיט זיך אַליין, פאַרגעדענקען אויפן גאַנצן לעבן...

נאָך די לעקציעס איז ראַבינאָוויטש, ווי געוויינטלעך, געבליבן אין דער קליינער שול־ביבליאָטעק. אייגנטלעך האָבן דאָ אַלץ געטאָן די קינדער אַליין, די "דיזשורירנדיקע ביבליאָטעקאַרן": געביטן ביכער, געפונען די קאַרטלעך, אָפּגעמערקט. דער לערער האָט אָבער אומבאַמערקט מיט אַלעם אָנגעפירט: צוגעקוקט זיך, ווער וואָס עס לייענט, ווער מיט וואָס אינטערעסירט זיך; געראַטן וואָס צו נעמען, אָפּגעלייגט צעפליקטע ביכלעך, וועלכע די קינדער

װעלן דאַרפֿן אײַנבינדן, געװאָרפֿן אַ בליק אױף די נאָטיצן אין די לעקטורהעפֿטן. פֿון סאַמע אָנהײב, װען ער האָט אָנגעהױבן אַרבעטן אין שול, און זײ זײַנען נאָך געװען אין דריטן קלאַס, האָט ער אײַנגעשטעלט אַ כּלל: פּירן לעקטורהעפֿטן. שפּעטער האָט מען אין די העפֿטן געמאַכט מערערע רובריקן: נאָמען פֿון מחבר, דאָס קעפּל פֿון בוך, צאָל זײַטן, שײנע שטעלן — איבערגעשריבן פֿון בוך — און אײגענע באַמערקונגען, געדאַנקען, אײַנדרוקן...

הײַנט האָט דער לערער זיך באַזונדערס אינטערעסירט, װאָס חברה נעמען צום לײענען, אַלײן פֿאָרגעלײגט ביכער. אַסיען האָט ער געגעבן "די מוטער" פֿון מאַקסים גאָרקי...

## װי לײַכט עס איז צו לײקענען שטײן און בײן!

אין קאַבינעט, װוּ מען האָט אַרײַנגעפּירט אַסיען, זײנען זײ געװען זאַלבע צװײט. בײַם שרײַבטיש איז געזעסן אן אױספּאָרשער מיט גרױע האָר און רױטע באַקן, צו װעלכן מע האָט זיך געװענדט "פּאַן פּיאַסעצקי". לענגאױס דער װאַנט האָט הין און צוריק געשפּרײַזט אַ שװערגופּיקער פֿאַרשױן מיט אַ רונדן פּנים און שװאַרצע, גלאַנצנדיקע פּון פּאָמאַדע, װי צוגעקלעפּטע צום שאַרבן, שיטערע האָר. װוּ האָב איך אים געזען? — איז אַסיען דורכגעפֿלױגן אַ געדאַנק. און אפֿשר גאָר זײַן שאָטן...

פּאַן פּיאַסעצקי האָט אַ װוּנק געטאָן אױפֿן שטול, װאָס איז געשטאַנען פֿון דער אַנדערער זײַט שרײַבטיש. אַסיע האָט זיך אַװעקגעזעצט, אַרױפֿגעלײגט אַ פֿוס אױף אַ פֿוס, אַראָפּגעצױגן פֿון די הענט די לעדערנע הענטשקעס און נאַכלעסיק זײ אַ װאָרף געטאָן אױפֿן טיש. די פּאָזע האָט ניט זײער געפּאַסט צו איר דאַרינקער, קינדערשער געשטאַלט. אָבער די דאָזיקע אױפֿפֿירונג אירע גלײַך פֿון אָנהײב, דאָ, אין דער דעפֿענסיװע, האָט איר אַלײן צופֿרידנגעשטעלט. אַזױ, טאַקע אַזױ קאַלט און רויִק דאַרף זיך אױפֿפֿירן אַ

שטאַרקע אויסגעהאַלטענע קעמפעריין. אַזאַ פלעגט זי זיך אַליין זען אין חלום זינט יענעם טאָג, ווען זי איז צום ערשטן מאָל אַוועק פאַרשפּרייטן פלוגבלעטלעך.

געווען איז עס מיט אָנדערטהאַלבן יאָר פריִער, אויף מאָרגן נאָך איר געבורטסטאָג — זי איז גראָד געוואָרן פערצן יאָר אַלט. מירע האָט אַרײַנגעלייגט אין איר טעקע אַ פּעקל פּראָקלאַמאַציעס: — דאָס דאַרף מען פונאַנדערוואַרפן אין דורכגאַנגסהויפן און פּראָנטטירן פון מויערן, לייגן אין פּאָסטקעסטלעך. — קלײַב אויס ערטער, ווו ס׳גייען מער מענטשן — האָט מירע געלערנט. — קענסט גיין צוזאַמען מיט לאהקען — איינע וועט שטיין אויף דער וואַך, די אַנדערע — אַרײַנלייגן די בלעטלעך. מאַכט עס שפּאָרעוודיק, לייגט ניט קיין איבעריקע!

ווען זיי זײַנען אַוועק, האָט אַסיעס האַרץ אַזוי הילכיק געקלאַפּט, אַז לאה האָט מסתמא געהערט דאָס קלאַפּן. און דאָך האָט אַסיע גענוי געטאָן, ווי ס׳איז געזאָגט געוואָרן. ווען אין דער טעקע איז ניט געבליבן קיין איין בלעטל, איז איר געוואָרן לײַכטער אויפן האַרצן. פרייענדיק זיך, וואָס די סכנה איז אַריבער, האָט זי געוואָרפן אַ בליק אויף דער חברטע: ״זי האָט באַמערקט מײַן שרעק, צי ניט?״ לאה איז געגאַנגען דערנעבן אַ רויִקע, ווי קיין מאָל גאָרניט. אפשר האָט בײַ איר אויך אַזוי געטיאָכקעט דאָס האַרץ, אָבער זי באַהערשט זיך, קיינער זאָל ניט מיינען, אַז זי האָט מורא.

...איצט, זיצנדיק קעגנאיבער דעם אויספאָרשער, האָט אַסיע אויך געשפּירט, ווי דאָס האַרץ ווערט פאַרגליווערט פון שרעק, און איר איינציקער פאַרלאַנג איז געווען — קיינער זאָל עס ניט באַמערקן. גוט, אַז ס׳האָט זיך אײַנגעגעבן דער זשעסט מיט די הענטשקעס, דאָס האָט איר געהאָלפן זיך צו באַהערשן. איצט וועט זי שוין קענען קאָנטראָלירן יעדע באַוועגונג אירע, יעדעס וואָרט. איר דוכט זיך, אַז זי זעט שוין זיך אַליין פון דער זײַט: אירע העלע אויגן קוקן שטאָלץ און קאַלט. די גאַנצע פּאָזע דריקט אויס זעלבסטזיכערקייט.

פאַן פּיאַסעצקי הייבט אָן געלאַסן:

— מיר ווייסן, אַז איר האָט צופעליק אַרײַנגעטראָפן אין דער גאַנצער געשיכטע. מען האָט אײַך פּשוט אַרײַנגעצויגן. זאָגט נאָר ווער דאָס איז געווען, און איר זײַט פרײַ.

— איר האָט אַ טעות. איך ווייס פון גאָרניט.

— אומזיסט רעדט איר אַזוי. אונדז איז באַוווּסט, אַז איר זײַט אַ מיטגליד פון אַן אומלעגאַלער קאָמיוג-אָרגאַניזאַציע. אַ פּשוטער מיטגליד. ווער האָט אײַך אַרײַנגעצויגן?

— איך ווייס קיין זאַך ניט וועגן אַזאַ אָרגאַניזאַציע.

— אַך, איר ווייסט אפילו ניט? אינטערעסאַנט...

— איך אינטערעסיר זיך ניט מיט פּאָליטיק.

— און מיט וואָס אינטערעסירט איר זיך יאָ?

— כ'האָב ליב פּאָעזיע, איך איבערזעץ...

— מאַיאַקאָווסקין?

— אָווידיוס, איך האָב איבערגעזעצט פון לאַטײַן "ניאָבע"...

— ווי באַציט איר זיך צו דעם וואָס קומט פאָר אין ראַטן-פאַרבאַנד?

ער ווייסט וואָס צו פרעגן און טרעפט אין פּינטל... די מאָסקווער פּראָצעסן... מען מישפּט באַוווּסטע רעוואָלוציאָנערן, מען זאָגט, אַז זיי זײַנען פאַררעטער און מען פאַראורטיילט זיי צום טויט. ווי קען דאָס זײַן? ווי קען דאָס זײַן?...

אַסיע דאַרף דאָס דערקלערן דעם אומלעגאַלן קרײַזל פון אַ ייִנגערן קלאַס, מיט וועלכן זי פירט אָן. זי דאַרף קענען בעת די הפסקות אָפּשלאָגן אָנגריפן פון די "סקיפּיסטן", חברה פונעם "בונד", וועלכע רופן זיי, די "אומלעגאַלע" צו אַן ענטפער... לייענענדיק וועגן דעם אין די צײַטונגען, שטרענגט זי אָן איר גאַנצן ווילן, כדי זיך אַליין איבערצײַגן, אַז אַלץ איז ריכטיק, אַז דאָס מישפּט מען געוויס שונאים, ווי באַלד די פּאַרטיי שטראָפט זיי אַזוי האַרב...

— איך לייען זעלטן צײַטונגען און קלײַב זיך שוואַך אין דעם פונאַנדער — ענטפערט זי דעם אויספאָרשער און ווײַט מעגלעך גלײַכגילטיק.

— אַזוי... מיר האָבן דיך געהאַלטן פאַר אַ צופעליק פאַרבלאָנדזשעט שעפּסל... — איז ער אַריבער אויף "דו" — ס'ווײַזט זיך אָבער אַרויס... אויב אַזוי, האָב שוין פאַראיבל אויף זיך אַליין!

פּיאַסעצקי האָט גענומען ריידן בייז און פאַרביסן. ער האָט אַסיען געדראָט, אַז זי וועט פאַרפוילט ווערן אין תפיסה, קראַנק ווערן אויף שווינדזוכט און דער טאַטע מיט דער מאַמען וועלן אויסגיין פון קלעמעניש. ער האָט דערמאָנט אירן אַ גליד-שוועסטערקינד, וואָס זיצט שוין לאַנג פאַר

פּאָליטיק. "דער עפּל פאַלט ניט ווײַט פון עפּלבוים" — האָט ער געזאָגט. דער שוואַרצער, אָנגעפּאָמאַדעוועטער שמעקער האָט אויפגעהערט צו שפּרײַזן, אָפּגעשטעלט זיך בײַם טיש, געקוקט אויף אַסיען מיט שטעכעדיקע אויגן, פּאַמעלעך אַרויסגענומען פון קעשענע אַ רעוואָלווער, אונטערגעוואָרפן אים אויף דער האַנט, אַרײַנגעלייגט צוריק.

אָבער אַסיען איז שוין קלאָר געוואָרן, אַז זיי וויסן וועגן איר גאָרניט, און, באַוווּנדערנדיק זיך אַליין, האָט זי געשפּירט, אַז די שרעק איז פאַרשוווּנדן. זי האָט געוווּסט, אַז איצט וועט זי קענען זאָגן ליגן רויִק און זיכער, ווײַל קעגנאיבער איז דער שונא.

ביז הײַנט איז פאַר איר זאָגן אַ ליגן געווען די שווערסטע זאַך. זי האָט קיין זאַך ניט געקענט פאַרבאָרגן. טאָמער פלעגט זי קומען אין קלאַס מיט ניט קיין געמאַכטער לעקציע, פלעגט עס דער לערער גלײַך דערקענען. ס׳פלעגט זײַן אָנגעשריבן בײַ איר אויף דער נאָז. טאַקע פאַר דעם, עס זאָל ניט זײַן אָנגעשריבן אויפן פּנים — האָט זי הײַנט מער פאַר אַלץ מורא געהאַט. אָבער איצט איז זי שוין געווען רויִק.

קוקנדיק פּיאַסעצקין גלײַך אין די אויגן, האָט זי זיך דערמאָנט, ווי שווער איר איז געווען צו זאָגן ליגן דער מאַמען יעדעס מאָל, ווען דאָס האָט געפאָדערט די קאָנספּיראַציע. די מאַמע פלעגט קוקן אויף איר מיט פאַראיבל, מיט ווייטיק און אומרו אין די מידע, קורצזיכטיקע אויגן און ניט אָפּטרעטן:

— ס׳איז שוין האַלב צען. ווּהין ביסטו פאַרפאַלן געוואָרן?

— געווען ביי מרימען.

— ס׳איז ניט אמת. מירע האָט געקלונגען, זיך געזוכט.

— כ׳האָב זי ניט געפונען אין דער היים, און דערנאָך...

— אַלץ ניט געשטויגן, ניט געפלויגן.

די מאַמע האָט געוווּסט וועגן אירע אָנשויונגען; אגב האָט זי אויך געוווּסט, אין וואָס פאַר אַ שול זי גיט זי אַרײַן. סאָפיע מאַרקאָוונע גורעוויטשעס גימנאַזיע איז באַרימט געווען מיט דער לינקער אַטמאָספער אין איר. מיט דער צײַט האָט מען די גימנאַזיע געשלאָסן, איבערלאָזנדיק נאָר אַ פאָלקסשול. שפּעטער, שוין אין ויעאַל-גימנאַזיע, ווען מען האָט געגעבן אַ קלאַסן-אַרבעט וועגן פּילסודסקין און אַסיע האָט אָנגעשריבן, אַז ער האָט פאַרראַטן די אַרבעטער-באַוועגונג (אין דער יוגנט האָט ער דאָך געהערט צו

דער פוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי — פּ.פּ.ס.) האָט די מאַמע, וועלכע מען האָט אַרויסגערופן אין שול, געזאָגט: — ניט ריכטיק אָנגעשריבן? טאָ שטעלט איר אַ צווייִ, צו וואָס רופט איר נאָך מיך? און אין שטוב — קיין שום וואָרט, קיין שום טענה.

דערנאָך האָט זי דערלויבט צו פירן אין דער היים די פאַרזאַמלונגען פון זייער אומלעגאַלן קעמערל. דאָס קעמערל איז געווען פון זייער קלאַס. מען פלעגט צוגרייטן עפּעס איבערצובײַסן, שטעלן אויפן טיש טיי און געבעקס צום טיי, טאָמער־וואָס — איז עס אַן אָוונט... דער מאַמען האָט זיך געדוכט, אַז איצט דאַרף שוין בײַ דער מיטלסטער טאָכטער ניט זײַן פאַר איר קיין סודות, אַז אָט אַזוי, אונטער איר פליגל, וועט שוין געפירט ווערן די גאַנצע אומלעגאַלע אַרבעט, און זי וועט ניט דאַרפן אין די אָוונטן וואַרטן אויף איר קינד אין אומרו און שרעק...

— נו, איז ווו־זשע ביסטו געווען?

זי האָט עס געפרעגט צום לעצטן מאָל, קיין ענטפער ניט באַקומען, און איצט האָט זי שוין נאָר געקוקט אויף איר טאָכטער מיט איר מידן, קורצזיכטיקן בליק.

דער טאַטע איז געזעסן מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף אַ האַנט, און מיט די פינגער פון דער אַנדערער שטיל געפּויקט אין טיש. אין אַזעלכע מאָמענטן פלעגט ער זיך קיין מאָל ניט אַרײַנמישן אינעם געשפּרעך און אפילו ניט אויפהייבן די אויגן, אַסיע זאָל אין זיי ניט איבערלייענען עפּעס איבעריקס. ער האָט אויך, ווי די מאַמע, געליטן פון אומרו פאַר אַסיען. איצט אָבער האָט ער זיך, ווײַזט אויס, צוזאַמען מיט דער טאָכטער געמאַטערט אונטער דער מאַמעס "אויספאָרשונג", און ווען די אומשטענדן וואָלטן געווען אַנדערע, וואָלט ער אַ געשריי געטאָן "פּראָקוראָר", ווי ער פלעגט האַלב בייז, האַלב וויצלענדיק זיך, רופן די מאַמען.

אַליין איז ער געווען מילד פון דער נאַטור, מיט מענטשלעכע שוואַכקייטן, אָבער מיט אַ וווּנדערבאַרער פעיִקייט מוחל צו זײַן אַנדערע. אַסיען איז נעענטער געווען די מאַמע: אַ דעצידירטע און אַנטשלאָסענע, אַזאַ, וואָס טוט קיין מאָל ניט קיין האַלבע זאַך. אויב זײַן איבערגעגעבן — איז מיטן גאַנצן האַרצן. אַזאַ, וואָס ווייסט ניט פון קיין שום שוואַכקייט. "אָט

דאָס וואָלט געווען אַ רעוואָלוציאָנערקע״ — פלעגט אַסיע ניט איין מאָל זי
אין האַרצן באַוווּנדערן. ווען זי קען, וואָלט זי די מאַמען אַרײַנגעצויגן אין דער אומלעגאַלער אַרבעט. קיין מער זיכערן מענטש, ווי די מאַמע, האָט זי ניט געקענט. דאָס זײַנען אָבער בלויז געווען חלומות, די מאַמע האָט פון גאָרניט ניט געטאָרט וויסן, אויסער דעם, וואָס זי האָט שוין געוווּסט: וועגן צוזאַמענשטעל פון דעם קעמערל האָט זיך דערוווּסט סיאָמקעס מאַמע. זי האָט געפונען בײַ אים אַ צעטל מיט אַ רשימה און מיטגעטיילט אַלע עלטערן פון קלאַס.

דעם אָוונט, ווי אַלע אָוונטן, ווען אַסיע פלעגט פאַרשפּעטיקן צום אָוונטברויט (אין שטוב איז געווען אײַנגעשטעלט אַ שטרענגע טאָג־אָרדענונג), האָט דער געשפּרעך זיך מיט גאָרניט פאַרענדיקט, און אַסיע איז אַוועק שלאָפן מיט אַ ביטערן געפיל, וועלכער האָט זי ווייטער געמאַטערט אין חלום ביזן סאַמע פרימאָרגן.

... וועגן דעם אַלעם האָט זי זיך דערמאָנט איצט, ווען ס׳איז געווען אַזוי לײַכט צו זאָגן ליגן, ווײַל קעגנאיבער איז געזעסן דער שונא.

— נו, איז ווי? מיר שווײַגן? און דו מיינסט, מסתמא, אַז אַלע האָבן אַזוי געשוויגן? אַזוי מיינסטו? נו, איז הער, וואָס דײַנע חברים האָבן וועגן דיר גערעדט — און פּיאַסעצקי נעמט בלעטערן די אַקטן:

אָ־דאָס האָט וועגן דיר געזאָגט קאַרפּאָוויטש. און דאָס קאָוואַלסקי, און דאָס — מייערזאָן...

גוט, וואָס פּיאַסעצקי האָט אין דעם מאָמענט ניט געוואָרפן קיין בליק אויף אַסיען, ניט באַמערקט, ווי דאָס בלוט האָט איר אַ שלאָג געטאָן אין פּנים. ״צי דען האָט מען זיי אַלעמען אַרעסטירט? צי דען האָבן זיי געגעבן לשון?

— און אָט איז נאָך... זשאַבינסקי האָט וועגן דיר עדות געזאָגט, אַז דו...

ניין, זשאַבינסקי האָט קיין זאַך ניט געזאָגט. זי איז זיכער. און קאָוואַלסקי אויך ניט. דאָס איז אַ פּאָליצייִשער טריק... זי האָט זיך גענומען אין די הענט. איצט האָבן שוין די כלומרשטע אונטערשריפטן פון אירע חברים, וואָס פּיאַסעצקי האָט איר באַוויזן, (״נאַ, קוק זיך אײַן!״) אויף איר ניט געווירקט, און ער האָט אומזיסט זיך אויפמערקזאַם צוגעקוקט צום אויסדרוק

פון איר פנים: זי איז געווען רויִק. זי האָט נאָר געזאָגט, אַז זי קען אפילו ניט אַלעמען פון די, וואָס ער האָט אויסגערעכנט; אַז דאָ איז עפּעס אַ טעות.

מען האָט זי אַוועקגעפירט.

אויף די טרעפּ האָט זי נאָר באַוויזן אַ שעפּטשע צו טאָן דער מאַמען, וואָס האָט דערנעבן געוואַרט: "אין אָרדענונג, קיין זאַך ניט געזאָגט", דער פּאָליציאַנט האָט זי אָפּגעשלעפּט, אַרויסגעפירט פון בנין און אַוועק מיט איר אויף דער אַנדערער זײַט גאַס, צום ווינקל פון אַ שמאָל אויסגעדרייט געסל, ווי אַ סך אַנדערע געסלעך אין זייער אוראַלטער שטאָט.

# אַ קינדער-גאָרטן אין קייטן

די שווערע בלינדע וואַנט פון דער פּרעווענטיוועך תפיסה האָט זיך מעכטיק אָנגעלענט אין דעם ראָג דאָמיניקאַנער און איגנאַצער געסל, אָנוואַרפנדיק אַן אימה אויף די פאַרבײַגייער. אַסיע האָט זיך דערמאָנט, ווי מיט אַ קאַרג יאָר צוריק האָבן זיי דאָ, טאַקע אויף דער-אָ וואַנט געשריבן מיט רויטן קרײַד: "נידער מיטן פאַשיזם!" און "זאָל לעבן די רעפּובליקאַנישע שפּאַניע!". זיי זײַנען געגאַנגען זאַלבע פערט, זי און דאַנקע זײַנען געשטאַנען אויף דער וואַך פון ביידע זײַטן איגנאַצער געסל, מיישקע איז געגאַנגען שפּאַצירנדיק לענגאויס דאָמיניקאַנער, און באָרע האָט געשריבן אין אַלטע הענטשקעס, כדי אויף די פינגער זאָל ניט בלײַבן קיין קרײַד און אויף דעם רויטן קרײַד — קיין שפּורן פון די פינגער.

איצט איז שוין באָרע ניטאָ...

די טיר פון דער תפיסה האָט זיך שווער געעפנט און, אַרײַננעמענדיק אַסיען מיטן פּאָליציאַנט, האַסטיק, מיט אַ הילכיקן קלאַפּ, זיך צוריק פאַרמאַכט.

— שאַרפע זאַכן, שנירלעך, לענטעס, דעם זייגער — אַלץ אַוועקגעבן!

דורך אַ ברייטן פינצטערן קאָרידאָר האָבן זיי זי ערגעץ אַוועקגעפירט. מען האָט זי אַרײַנגעלאָזן אין אַ גרויסער קאַמער מיט אַ גאַנצער ריי הילצערנע נאַרעס. אויף איינער זײַנען געזעסן צוויי פרויען — ביידע מיט

העלע פריזירטע האָר, ווי געמאַכט פון דעם זעלבן מין פּאַקלע. איין פרוי איז געווען אַן אויסגעדאַרטע, אַן אויסגעבליאַקעוועטע, מיט רעשטלעך פון פאַרב אויף די ליפּן, די אַנדערע — ייִנגער, בונטער. ביידע האָבן נײַגעריק געקוקט אויף אַסיען, און צום סוף האָט איינע געפרעגט:

אַזוי יונג, און... שוין אויכעט?

אַסיען האָט זיך נאָר אײַנגעגעבן אַרויסצושעפּטשען: „ניין, ניין, וואָס רעדט איר!" זי האָט זיך אָפּגעקערט צו דער וואַנט, כדי ניט צו קוקן אויף די שכנטעס און ניט דאַרפן ריידן מיט זיי. זי האָט זיך דערמאָנט די לאַנגע שאָטנס אונטער די לאָמטערנס אויף זייער גאַס, וועלכע זי פלעגט אויסמײַדן פון ווײַטן, צוריקקערנדיק זיך אין די אָוונטן אַהיים. איצט האָט זי דערזען יענע פרויען דערנעבן און ס'האָט זי אַרומגעכאַפּט אַזאַ אימה, אַז זי האָט צום ערשטן מאָל אין דעם טאָג זיך צעכליפּעט.

— וואָס איז מיט דיר, מיידעלע? — האָט די עלטערע געפרעגט מיט רחמנות.

— ס'טוט וויי אַ צאָן...

נעכטן, ווען די פּאָליציאַנטן זײַנען אַרײַן צו איר אין שטוב מעלדנדיק: „אַ רעוויזיע", האָט אַסיע געהאַט היץ און אַ שרעקלעכן צאָנווייטיק. שפּעטער האָט זי פאַרגעסן וועגן דעם אַלעם. אָבער איצט האָט זיך דער ווייטיק טאַקע ווידער פאַרשטאַרקט.

— היי, וועכטער! — האָט די אָפּגעבליאַקעוועטע גענומען שרײַען און פּויקן אין טיר.

אַ לאַנגע צײַט האָט זיך קיינער ניט אָפּגערופן, אָבער איצט האָבן שוין ביידע ניט אויפגעהערט צו קלאַפּן, ביז אַ פּוילע, אַלטע שטים האָט געגעבן אַ ברום: — וואָס, איר זײַט דאָרטן משוגע, צי וואָס?

— ווו ביסטו, אַז מע דאַרף דיך, ביסט טויב?

— וואָס ווילט איר?

— זעסט, אַ קראַנק קינד. אַ קראַנק מיידעלע האָט מען גענומען, צעזעצט זאָלן זיי ווערן, ברענג אַ פּראָשעק.

— ניטאָ קיין פּראָשקעס, טשעפּע זיך אָפּ — און פאַרהאַקט די טיר.

די פרויען האָבן אָבער ווידער גענומען פּויקן, און ווען דער אַלטער האָט

געעפנט, האָט אים איינע אַרײַנגערוקט אַ מטבע אין האַנט זאָגנדיק: "אַ פּראָשעק קעגן קאָפּווייטיק זאָל מיר גלײַך ווערן"!

זייער מיטגעפיל האָט אַסיען דערמאָנט אַ פאַל, וועלכן זי האָט שוין לאַנג געהאַט פאַרגעסן. איין מאָל איז צו איר טאַטן, דעם קינדער-דאָקטער, געקומען אַ מענטש און געזאָגט, אַז ער איז געשיקט געוואָרן דורך סאָנקען דאָס גאָלדענע הענטל. סאָנקע איז געשטאַנען בראש פון דער שטאָטישער באַנדע גנבים. דער פאָטער האָט געהיילט אירע קינדער, פונקט ווי ער האָט געהיילט אַלע קינדער פון די אָרעמע גאַסן און געסלעך און אין די בעטלערישע און גנבישע קוואַרטאַלן פון שטאָט.

דער שליח, וואָס איז געקומען פון סאָנקען, האָט געזאָגט, אַז נעכטן האָבן זיי אויפן מאַרק בײַ איינער אַ פרוי "גענומען" איר טאַש מיט געלט. נאָך דעם האָבן זיי זיך דערוווּסט, אַז דאָס איז געווען אַ קראַנקן-שוועסטער פון דער קיך פון "טראָפּן מילך", ווו זיי באַקומען צוגאָב-דערנערונג פאַר זייער קליינוואַרג. און דאָס געגנבעטע געלט פון דער קראַנקן-שוועסטער זענען געווען די שכירות פאַר די מיטאַרבעטערס פון דער קיך.

— איר פאַרשטייט, דאָקטער — אָט איז דאָס געלט. אויב איר קענט, קערט עס איר אום. ס'פעלן נאָר פינף און צוואַנציק זלאָטעס, מיר האָבן עס פאַרשפּילט אין קאָרטן.

דער פאָטער האָט עס אויפגענומען גאַנץ איינפאַך, ווי אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך. צוריקגעקערט דער שוועסטער דאָס געלט, און אין דער היים זײַנע טעכטער דערקלערט:

— אַ מענטש בלײַבט תמיד אַ מענטש...

ער האָט זיי דערציילט, ווי אייניקע גנבים ווערן מלא רציחה, ווען זיי דערוויסן זיך, אַז זייערס אַ קינד האָט עפּעס געלקחנט.

"יעדן איינעם פאַרשטייט ער, קיין זאַך עקלט אים ניט" — האָט אַסיע געטראַכט וועגן טאַטן מיט קינאה. זי האָט זיך ניט געקענט אַנטשליסן צו ריידן מיט אירע שכנטעס פון דער קאַמער, וואָס האָבן זיך צו איר אַזוי ווויל באַצויגן. וואָס זײַנען זיי שולדיק, דאָס לעבן האָט זיי דערצו געטריבן, האָט זי זיך אַליין געוואָלט איבערצײַגן, מוסרנדיק זיך אין האַרצן. אָבער נאָך אַלץ געזעסן צוגעטוליעט צו דער וואַנט, ווי פאַרשמאַכט פון צאָנווייטיק...

אין גיכן האָט מען די פּראָסטיטוטקעס אַוועקגעפירט. אַסיע האָט זיך

צוגעלייגט אויף די ברעטער און צוגעמאַכט די אויגן, כדי כאָטש אַ מינוט וועגן קיין זאַך ניט טראַכטן און קיין זאַך ניט פילן. זי האָט ניט באַמערקט, ווי זי איז איינגעשלאָפֿן.

אויפגעכאַפּט האָט זי זיך, ווען ס׳איז שוין געווען שטאָקפינצטער. אין דער ערשטער מינוט ניט פאַרשטאַנען, ווו זי געפינט זיך. נאָך דעם האָט זי געפרווט אַרויסקוקן דורכן פאַרקראַטעוועטן פענצטער. זי האָט פאַרגעסן, אַז ער איז פאַרשטעלט פון דרויסן מיט אַ בלעכענעם צודעק. אויף דער פאָדלאָגע האָט זיך אויסגעשפרייט אַ בלאַסער אָפּשײַן פון דער לבנה. ערשט איצט האָט זי באַגריפן, אַז געשען איז דאָס, פאַר וואָס זי האָט אַזוי פיל מאָל, פאַראַכטנדיק זיך אַליין, מורא געהאַט: אַ נאַכט, גרויס ווי די גאַנצע וועלט, און אין דער נאַכט זי, אַסיע, אייניגנקער אַליין.

״קיין זאַך נאָך ניט באַוויזן אויפצוטאָן״ — האָט זי אַ קלער געטאָן מיט פאַרדראָס. נאָר דאָ איז איר געקומען אויפן זינען אַ קורצער און קלאָרער געדאַנק: כ׳בין אַ פּאָליט־אַרעסטירטע. און פון די ווערטער איז דער באַוווסטזיין, אַז זי נעמט אָנטייל אין קאַמף פאַר דער אַרבעטער-זאַך, געוואָרן בולט און באַדייטונגספול.

אָבער וואָס איז געשען? ווו זײַנען די חברה, וועגן וועלכע ס׳האָט גערעדט פּיאַסעצקי? ווער נאָך איז אַרעסטירט? ווער האָט פאַרשאָטן? — אין דעם אַלעם האָט מען זיך געזאַרפט פונאַנדערקלײַבן.

אַסיע האָט געפרווט אויפשטעלן אין זכרון דעם גאַנצן נעכטיקן טאָג. דער צאָנוויטיק האָט זיך אָנגעהויבן נאָך אין שול. אַהיים איז זי געקומען מיט אַ געשוואָלענער באַק. ס׳איז אָבער געווען מאָנטיק, דער טאָג פון באָדן זיך, און ווי באַלד מען הייצט דעם קעסל אין וואַנע-צימער — איז קיין רייד ניטאָ: צוואָגן דעם קאָפּ, און אין וואַנע אַרײַן! מאָנטיק איז מאָנטיק: געזונט, קראַנק — קיין שום אַנדערע געשעפטן!

אויסגעבאָדן זיך, און דאַן, ווי שטענדיק — אַ מחיה: ריין בעטגעוואַנט, און אויפן שטול, ביים בעט — אַ פרישער בייגל מיט פּוטער. טיי מיט מילך, אַ שטיקל שאָקאָלאַד.

דאָס מאָל אָבער איז קיין זאַך ניט געקראָכן אין מויל. די מאַמע האָט אַ טאַפּ געטאָן אַסיעס שטערן, פאַרבונדן איר די באַק, אַרײַנגעשטעלט דעם

טערמאָמעטער. אין דעם מאָמענט האָט זיך דערהערט דאָס גלעקל, וואָס האָט ניט אויפגעהערט צו קלינגען, ביז מען האָט ניט געעפנט די טיר.

— אַ רעוויזיע!

— וואָס האָט פּאַסירט? ווער איז עס?! — דער פֿאָטער האָט אַרויפגעוואָרפן אויף זיך דעם ווײַסן דאָקטער-כאַלאַט, ער איז שוין געווען אויסגעטאָן אין די אונטערשטע וועש, געגרייט זיך צו גיין אין וואַנע: ס׳איז אַ טעות, אַ מיספאַרשטענדעניש!

— ניין, פּאַן דאָקטער, ס׳איז ניט קיין טעות.

דער פּאָליציאַנט האָט באַוויזן דעם אָרדער אויף אַן אַרעסט, און דער אַנדערער — אַ יונגערמאַן מיט העלע האָר, ציוויל געקליידט, איז אַרײַן, ווי געקומען, אינעם מאַנטל, אין צימער, אַ וואָרף טוענדיק בלויז דאָס היטל אויפן הענגער.

— ווער איז דאָ אַסיע אַדעלסקי?

ער איז גלײַך צוגעגאַנגען צו דער עלטערער, צו רוטען, וואָס איז געזעסן ביים טיש מיט אַ ביכל. זי איז אויפגעשטאַנען דערשטוינט.

— איך בין אַסיע אַדעלסקי — האָט אַסיע שטיל ארויסגעמורמלט פון הינטער דער פאַרבונדענער באַק.

— טוט זיך אָן, איר גייט מיט אונדז.

די מאַמע האָט זיך אַוועקגעשטעלט בײַם בעט, פאַרשטעלנדיק די טאָכטער: "אָבער איר זעט דאָך, דאָס מיידעלע איז קראַנק!"

— דאָס גייט אונדז ניט אָן.

ער האָט געוואָרפן אויף איר אַ בייזן בליק און שווײַגנדיק זיך גענומען צו דער אַרבעט: איבערגעבלעטערט רוטעס בוך, אַרויסגערוקט די שופלאָדן, אַרויסגעוואָרפן אַלץ, וואָס איז אין זיי געווען; אויפן שרײַבטיש שנעל איבערגעקוקט יעדעס פּאַפּירל.

בײַם פאָטער האָבן געציטערט די ליפּן, זײַן פּנים איז בלאַס געוואָרן פון אויפרעגונג, און ער האָט אויסגעשריען ניט מיט זײַן קול:

— איר האָט קיין רעכט ניט! איך וועל זיך באַקלאָגן!

ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צום טעלעפאָן-ביכל, געפונען דעם נומער, געבעטן בײַ דער טעלעפאָניסטקע פאַראייניקן.

אַסיע האָט מיט איין אויער געהערט וואָס ער רעדט. זי האָט אויפגעכאַפּט די לעצטע ווערטער:

— יאָ, איך פאַרשטיי, איך פאַרשטיי, איך זאָג דאָך גאָרניט, איך בעט נאָר איבערלאָזן זי ביז אין דער פרי, זי האָט אַכט און דרײַסיק מיט פינף.

און אָט זיצט איצט אַסיע אַליין, די גאַנצע נאַכט, אין דער תפיסה־קאַמער. צו וואָס האָט דער טאַטע געבעטן אָפּלייגן דעם אַרעסט? בעסער וואָלט מען זי גענומען גלײַך, וואָלט זי געווען מיט אַלעמען צוזאַמען... אויב ס׳איז אמת, אַז די אַנדערע האָט מען אויך אַרעסטירט.

מיט אַ מאָל האָט זי דערהערט אַ געוויש אונטער דער נאַרע. עפּעס לעבעדיקס האָט זיך שנעל אַרויסגעשאַרט און איז אַנטרונען געוואָרן. אַסיע האָט ניט ווילנדיק אַ געשריי געטאָן און זיך אַרײַנגעשטופּט אין ווינקל. אין דעם מאָמענט האָט זי זיך דערמאָנט וועגן באָרען, גענומען זיך אין די הענט, אַ קלער געטאָן, אַז קיין שום זאַך איז שוין איצט ניט שרעקלעך, אַז קיין מאָל וועט איר שוין ניט קענען זײַן אַזוי אימהדיק, אַזוי שווער, נאָך דעם, וואָס איז פאָרגעקומען מיט א האַלב יאָר צוריק. דאַן איז געשטאָרבן באָרע.

...דער פרימאָרגן איז געקומען אומדערוואַרט. אַסיע איז, ווײַזט אויס, דאָך אײַנגעשלאָפן און האָט ניט באַמערקט, ווען דורכן פענצטערשפּאַלט איז אַרײַנגעדרונגען אַ שמאָל פּאַסיקל ליכט.

די שווערע טיר האָט אַ סקריפּע געטאָן. אַסיע איז אויפגעשפּרונגען פון דער נאַרע, פאַרריכט דאָס קלייד.

— גיי אַרויס!

אין פינצטערן קאָרידאָר האָט זי דערקענט עזקען, דאַנקען, לוסיען, רבקהן. הינטער זיי זײַנען געגאַנגען די אַנדערע, צווישן זיי אויך אומבאַקאַנטע יינגלעך.

— חברה! — האָט זיך בײַ איר אַרויסגעריסן.

— ניט ריידן!

דעם אויפזעערס בייזער געשריי האָט שוין אַסיען ניט געשראָקן. ס׳האָט זי גאָר אַרומגעכאַפּט אַ ווילדע פרייד, וועלכע זי האָט ניט געקענט באַהערשן, אפילו דאַן, ווען אַרײַנגייענדיק אין קאַנצעלאַריע, האָט זי דערזען דעם לאַמטערן אונטער עזקעס פאַרלאָפן אויג און אַ גרויס געשווילעכץ אויפן שטערן בײַ אַן אַנדערן, אומבאַקאַנטן יאַט.

אַ סך זײַנען זיי געווען, די אַרעסטירטע חברה — העכער צוואַנציק מאַן. צוגרייטנדיק יעדנס דאָקומענט און אָפּגעבנדיק די צוגענומענע זאַכן, האָט מען זיי אויסגעשטעלט פּאָרלעכווײַז, די יינגלעך פאַרשמידט אין קייטן, און די גאַנצע מאָדנע פּראָצעסיע אַרויסגעפירט פון דער פּרעווענטיוער תפיסה. די עלטערן, וואָס זײַנען שוין געשטאַנען בײַם טויער, האָבן זיך לאָז געטאָן נאָך זיי, ווער מיט אַ יאָמער "ווײ צו מײַנע יאָרן" און "אַ מכה אויף זיי!", "פייגעלע מײַנס", "מיר זאָל זײַן פאַר דיר!" און ווער ,שווײַגנדיק געשפּאַנט. עפּעס אַ פאַרבײַגייער האָט אַ זאָג געטאָן: "קוקט זיך נאָר אײַן, אַ קינדער־גאָרטן אין קייטן..."

ס'האָט שוין געוואַרט אַ פּאָליציי־קעטשל און מע האָט די חברה שנעל, אונטערטרײַבנדיק, אַרײַנגעפּאַקט אַהין. די דרײַ מיידלעך — אַסיע, רבקה און לוסיע — האָבן זיך די גאַנצע צײַט געהאַלטן צוזאַמען, האָפנדיק, אַז מע וועט זיי ניט צעשיידן.

אַסיע האָט שוין געוווּסט, אַז די יינגלעך האָט מען געפּײַניקט און געשלאָגן. כאָטש ניט אויף אַלעמען האָט זיך עס אָנגעזעזן. אין דער דעפענסיווע האָט מען דאָך געוווּסט ווי אַזוי צו שלאָגן, ניט איבערלאָזנדיק קיין סימנים.

איצט איז מען געפאָרן צוזאַמען אין דעם ענגן פּאָליציי־אויטאָ. די חברה זײַנען געווען בלאַס, מיט שאָטנס אונטער די אויגן, ווער — שוואַרץ ווי די נאַכט, פאַרטראַכט און פאַראומערט, נאָך אַלץ אונטערן אײַנדרוק פונעם איבערגעלעבטן שוידער, אָדער אפשר אין שטילן גראַנגל מיטן אייגענעם געוויסן, מיטן איינציקן פאַרדראָס, וואָס מע קען זיך ניט דורכריידן.

ווען מע האָט זיי געבראַכט און אַרײַנגעפירט אין עפּעס אַ גראָען בנין און אַ ווײַלע איבערגעלאָזט אין קאָרידאָר אונטער דער אויפזיכט פון איין פּאָליציאַנט, האָט זיך זיי אײַנגעגעבן שטילערהייט דורכצוואַרפן מיט אַ וואָרט:

— ווער האָט פאַרשאָטן?

— זשוק.

— אָנגערופן עלף פאַמיליע־נעמען!

— אַ שטיק צעפוילט אינטעליגענטל, אויפן נאָז איז אָנגעשריבן!

— האָבן זיי אים אוודאי צוגעדריקט, דערשפּירט, אַז ער איז שוואַך...

— מסתמא נאָר די נעמען, וואָס ווייסט ער...

— הער זיך איַין, וואָס איז מיט דובראָוויטשן, פאַר וואָס איז ער אַזוי בלוי־בלאַס?

— מע האָט אים געגאָסן ליטערוויַיז וואַסער דורך דער נאָז, ער איז שיִער ניט דערשטיקט געוואָרן...

— ווי ביַי היטלערן!

— ס'ט ניט געוווּסט?

— שטיל זאָל זיַין! ווער רעדט דאָרט?!

אָבער איידער דער פּאָליציאַנט האָט באַוויזן זיך פונאַנדערצוקליַיבן ווער עס רעדט, האָט זיך געעפנט אַ טיר, און אַ מאַנצביל מיט פּאַפּירן אין האַנט האָט געוואָרפן אַ בליק אויף די אַרעסטירטע, ווי זוכנדיק עמעצן.

— זשאַבינסקי, צום אויספאָרשער!

עזקע האָט ניט באַוויזן ביזן סוף צו דערציילן זיַין שכן די קאָמישע געשיכטע, וועלכע איז פּאָרגעקומען אין יענער שרעקלעכער נאַכט אין דעפענסיווע. אַלע האָבן אים נאָכגעקוקט, קלערנדיק וועגן דעם, וואָס אים שטייט נאָך פאָר. אייניקע האָבן שוין געוווּסט, אַז קעגן זשאַבינסקין האָבן זיי דעם גרעסטן באַוויַיז־מאַטעריאַל. ער איז טאַקע געווען "וויכטיקער" פון אַנדערע — ער האָט דאָך "געאַרבעט אין דער טעכניק", געדרוקט פלוג־בלעטלעך.

ביַים אויספאָרשער האָט זיך עזקע ניט לאַנג פאַרהאַלטן. אַרויס פון דאָרט שמייכלענדיק, אונטערגעטראָגן די פויסט צום קין און אַ דריי געטאָן דעם קאָפּ אויף "ניין". אַלע האָבן ליַיכטער אָפּגעאָטעמט. קלאָר, דאָ שלאָגט מען ניט.

די חברה האָט מען אַרויסגערופן איינציקוויַיז און יעדן מיטגעטיילט, אַז ער איז אַרעסטירט און ווערט באַשולדיקט אין דער אָנגעהעריקייט צום קאָמוניסטישן יוגנט־פאַרבאַנד פון מערב־וויַיסרוסלאַנד און, ביז ס'וועט זיך ניט פאַרענדיקן די אויספאָרשונג, וועט ער בליַיבן אין טורמע.

די ייִנגלעך האָט מען אַוועקגעפירט אין דער לוקישקער תפיסה און די מיידלעך אויף גרויס סטעפן־גאַס — אין דער פרויען־טורמע.

# לבנה־שײַן און קראַטעס

דעם גאַנצן וועג האָבן זיי "געבעטן גאָט", מען זאָל זיי ניט צעשיידן. מען האָט זיי טאַקע אַרײַנגעזעצט אַלע דרײַ אין אַן איינצל-קאַמער, און כאָטש ס'איז ניט געווען ווו זיך אַ קער צו טאָן, זײַנען זיי גרייט געווען צו שפּרינגען פאַר פרייד. אַ הויכע אויפזעעריך, פלאַך ווי אַ ברעט, אין אַ טונקל-גרינעם מונדיר מיט אַ גרויסן בונט שליסלען אין די הענט האָט זיי געוואָרנט:

אָט האָט איר אַ באַרשט, וואַקס און אַ שמאַטע. די פּאָדלאָגע דאַרף בלישטשען ווי אַ שפּיגל, און אין ערגעץ זאָל איך ניט זען קיין ברעקל שטויב!

ווען די טיר האָט זיך פאַרקלאַפּט און אירע טריט, וואָס האָבן זיך אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט, האָבן זיך אָנגעהויבן דערווײַטערן, האָבן זיך די מיידלעך אַרומגעקוקט און באַשלאָסן, אַז רבקה — די ייִנגסטע, אָבער די העכסטע צווישן זיי — וועט שלאָפן באַזונדער, אויף דער נאַרע, וואָס הייבט זיך אויף, ווי אַן אייבערשטע באַנק אין אַ באַן, און לוסיע מיט אַסיען — ביידע דאַרינקע — וועלן שלאָפן אויף דעם אײַזערנעם בעטל, וואָס מען האָט, ווײַזט אויס, געבראַכט אַהער פאַר זיי, און וואָס איז דאָ, אין דער איינצל-קאַמער, קוים אַריין. דערווײַל האָבן זיי זיך אַלע דרײַ אַוועקגעזעצט אויפן בעט און צום ערשטן מאָל אין דעם שווערן טאָג לײַכטער אָפּגעאָטעמט. סוף-כל-סוף האָבן זיי זיך שוין געקענט אומקערן צום שמועס, וועלכן מען האָט אָנגעהויבן אין קאָרידאָר, בײַם קאַבינעט פון אויספאָרשער.

— הייסט עס, זשוק האָט געשאָטן...

רבקה און לוסיע, וואָס זײַנען געבראַכט געוואָרן אין דער דעפּענסיווע פריער פון אַסיען, האָבן באַוויזן זיך אַ סך צו דערוויסן פון די ייִנגלעך. אַסיע האָט זיך דערוווסט, אַז צווישן די אַרעסטירטע איז געווען נאָך אַ מיידל, פון אַ פּוילישער גימנאַזיע.

— איר האָט מען געשלאָגן?

— ניין. אויך ניט, ווי אונדז. אָבער די ייִנגלעך... אַרקאַשען האָט מען געכאַפּט פאַר די האָר, געקלאַפּט מיטן קאָפּ אין וואַנט. ער האָט אַזוי געשריִען, אַז מע האָט געהערט אין קאָרידאָר.

לוסיע האָט אַ קוק געטאָן אויף אַסיען און געפרעגט:

— דו וואָלסט אויסגעהאַלטן, ווען מע פּייניקט דיך אַזוי?

— איך ווייס ניט... — האָט אַסיע געענטפערט. איר האָט זיך געדוכט, אַז זי וואָלט אויסגעהאַלטן. אומבאַדינגט אויסגעהאַלטן... אָבער אַרקאַשע און זשוק — די וואָס האָבן "געשאָטן" -- האָבן מסתמא אויך אַזוי געקלערט. זי האָט באַשײמפּערלעך דערזען זיך אַליין, ווי מע שלעפּט זי פאַר די האָר אויף די ברוקשטיינער. ס'טוט ווי ביז חלשות, אָבער זי שווײַגט. זי האָט פאַרביסן ביז בלוט אַ ליפּ, זי ענטפערט ניט אויף קיין פראַגעס...

און דאָך האָט זי איבערגעחזרט:

כ'ווייס ניט...

ס'איז שוין צוגעפאַלן דער אָוונט. אין דער קאַמער, אונטערן באַלקן, האָט זיך אָנגעצונדן אַ טונקל לעמפּעלע. ס'האָט גרוויליק אַ סקריפּע געטאָן דער שלאָס אין טיר: אָוונטברויט! אויפן טישל, וואָס איז געווען צוגעפּעסטיקט צו דער וואַנט, זײַנען געשטאַנען צינענע שיסעלעך. אַ פרוי פון אַ יאָר פערציק אין אַ גראָען כאַלאַט מיט אַ טוך אויפן קאָפּ אַראָפּגערוקט אויף די אויגן, האָט זיי אַרײַנגעגאָסן אין די שיסעלעך זופּ. ס'איז געווען זופּ מיט בעבלעך, פערלגרויפּן און שטיקעלעך ביטערע חזיר-פעטס. די מיידלעך האָט זיך זייער געוואָלט עסן און זיי האָבן זיך גיך געספּראַוועט מיטן מאָלצײַט.

— ווער טראָגט פונאַנדער דאָס עסנוואַרג? — האָט געפרעגט אַסיע.

— איך האָב געהערט, אַז מע קלײַבט זיי אויס צווישן די קרימינעלע... ס'ט געזען, סאַראַ טיפּ דאָס איז? כ'וואָלט זיך מיט איר ניט געוואָלט טרעפן אין אַ פינצטער געסל. אינטערעסאַנט, וואָס זי האָט אָפּגעטאָן, פאַר וואָס זי זיצט...

מען האָט געמאָלדן דעם אָוונט-אַלאַרעם, אויסגעלאָשן דאָס ליכט, און כאָטש ס'איז נאָך געווען פרי, האָט מען געהייסן גיין שלאָפן. אַסיע מיט לוסיען האָבן זיך נאָך קוים צונויפגערוקט אויפן שמאָלן בעטל, זוכנדיק אַ באַקוועמע פּאָזיציע, ווען רבקה האָט שוין געשמאַק געאָטעמט אין שלאָף, צוגעדריקט צום שטרויענעם קישן.

לוסיע האָט זיך צוגעטוליעט צו אַסיעס אַקסל. אײַנשלאָפנדיק, האָט זי אַרויסגעמורמלט: ״מאַמע״, און אַ גרויסע טרער האָט זיך אַראָפּגעקײַקלט פון איר באַק. אַסיע האָט זי אַרומגענומען, אַ גלעט געטאָן די האָר, אַ שעפּטשע געטאָן: ״שלאָף, שלאָף...״ ״זי מורמלט ״מאַמע״, אָבער טראַכט מסתמא וועגן איר חבר״ — האָט אַסיע אַ קלער געטאָן. זי האָט זיך געחברט מיט כאַצקלען, איינעם פון די אַרעסטירטע ייִנגלעך, וועלכער האָט ניט געקענט שטיין אויף די פיס, ווײַל אין דעפענסיווע האָט מען אים געשלאָגן מיט גומענע שטעקלעך איבער די פּיאַטעס. לוסיע האָט זיך מיט אים צעקושט, ווען מען האָט צוגענומען די ייִנגלעך פונעם פּאָליציי־קעטשל אין דער לוקישקער טורמע.

לוסיע האָט זיך געלערנט מיט אַ קלאַס העכער פון אַסיען, אָבער איצט איז זי איר אויסגעקומען ווי אַ קליין, אומבאַהאָלפן קינד. אַסיען גופא האָט זיך ניט געוואָלט ניט שלאָפן, ניט וויינען, זי האָט לאַנג געקוקט אויפן שאָטן פון די קראַטעס אויפן הויכן באַלקן, באַלויכטן פון דער לבנה-שײַן. די קראַטעס האָבן זיך אויפן באַלקן געהוידעט, אָדער אפשר האָט זיך איר בלויז אויסגעדאַכט, אַז זיי הוידען זיך. און אַלץ צוזאַמען — דער גרענעצלאָזער חושך פון דער נאַכט, וואָס האָט זיך אַזוי פרי אָנגעהויבן, די בלאָלעכע לבנה-שײַן, דאָס פּאַמעלעכע, קוים באַמערקבאַרע באַוועגן זיך פון די קראַטעס אויפן באַלקן און די טויטע שטילקייט, צו וועלכער מען האָט זיך נאָך געדאַרפט צוגעווינען — דאָס אַלץ האָט צוגערויבט ביי איר דעם שלאָף.

זי האָט אַ קלער געטאָן וועגן די עלטערן. דאָס האַרץ האָט זיך איר פאַרדריקט בײַם געדאַנק, ווי צעקלעמט זיי זײַנען איצט, ווי פאַרצווייפלט. זי האָט זיך פאָרגעשטעלט זייער צער און זייער רחמנות אויף איר, דווקא אין אַ רגע, ווען זי פילט זיך גאָרניט אומגליקלעך. אָ, ווען זי קען זיי איצט באַרויִקן...

דערנאָך האָט זי מיט פאָרוווּרף צו זיך אַליין באַמערקט, אַז זי קלערט שוין ניט וועגן די עלטערן. ווי יעדע נאַכט אין משך פונעם לעצטן האַלבן יאָר, האָט זי זיך אומזיסט באַמיט אַרויסצורופן אין זכרון באָרעס פּנים. טייל מאָל פלעגט זי דערזען נאָר זײַנע גרויסע, פאַרקלערטע העל-בלויע אויגן, פון וועלכע, פון דער סאַמע טיפעניש זייערער, פלעגט אַרויסשטראַלן אַ שטיל

ליכט פון גוטסקייט. אַן אַנדערש מאָל פלעגט זיך פאַר איר אַנטפּלעקן דער הויכער, ריינער שטערן מיט די טונקעלע האָר, וועלכע האָבן זיך אויסגעדאַכט צו זײַן ווייך און פאָלגעוודיק, אָבער ניט געוואָלט זיך אונטערגעבן קיין קאַם און זיך אײַנלייגן אויפן קאָפּ. אָבער דאָס גאַנצע פּנים, די גאַנצע געשטאַלט זײַנע, האָט זיך איר קיין מאָל ניט אײַנגעגעבן צו זען. דאָס איז אפשר געווען דאָס איינציקע, וואָס האָט זי שאַרף געעקבערט און געמאַטערט אין דעם טעמפּן גלײַכגילט, אין וועלכן זי האָט די לעצטע צײַט געלעבט.

מיט אַ האַלב יאָר צוריק, נאָך זײַן טויט, איז איר געקומען אין זינען אַ מאָדנער געדאַנק, מיט וועלכן זי וואָלט זיך אין לעבן מיט קיינעם ניט געטיילט: אָ, ווען ס׳וואָלט בײַ איר געבליבן אַ פּיצל קינד מיט אָט אַזעלכע ליכטיקע, שטראַלנדיקע אויגן...

— אַסקע, דו האָסט זיך ווען עס איז מיט באָרען געקושט?

דאָס האָט נעכטן געפרעגט רבקה, ווען ס׳איז געקומען צו רייד וועגן יינגלעך. אין שול האָט מען געוווּסט, אַז זיי — אַסיע מיט באָרען — האָבן זיך געחברט.

— נאָר איינע! — האָט אַסיע געענטפערט, שווער געטראָפן פון דער פראַגע.

רבקה האָט זי אָנגעקוקט פאַרוווּנדערט: — וואָס איז? אָט בין איך למשל זומער געווען אויף אַן אָוונט, — האָט זי דערציילט. — געטאַנצט מיט איינעם אַ יאַט. דערנאָך האָט ער מיך באַגלייט אַהיים, געוואָלט מיך אַ קוש טאָן. האָב איך ניט געלאָזט: אפשר איז ער אַ שמוציקער, אָדער אַ קראַנקער.

— נאָר צוליב דעם?!

אַסיע איז געוואָרן אויפגעקאָכט פון רבקהס ווייד. זי האָט אָבער מער קיין וואָרט ניט געזאָגט. רבקה וועט אַלץ איינס ניט פאַרשטיין. אַסיע האָט דאַן נאָר אַ קוק געטאָן אויף דער חברטע: אויגן פול מיט שטיפערייַ, חן-גריבעלעך אין די באַקן, קליינע גלײַכע ציינדלעך, ווי אַ שניר פּערל, און אַ פריילעך פאַרריסן נעזל. איינע פון די קראַסאַוויצעס, וואָס אַלץ אין לעבן קומט זיי אָן אַזוי פּשוט און לײַכט.

בײַ נאַכט, ווען אַסיע האָט זיך דערמאָנט רבקהס ווערטער וועגן קוש,

האָט זי זיך ווידער צוריקגעקערט צו אירע געדאַנקען וועגן דעם, אַז אַזעלכע "לעבנס־הערשערינס" זײַנען קיין מאָל ניט בכוח אַזוי טיף צו פילן, ווי אַנדערע מיידלעך, ווי די, וואָס האָבן ניט אַזאַ דערפאָלג. אָסיע פלעגט זיך אָפּט צוקוקן צו זייערע באַשיידענע פנימער, זוכן און געפינען אין זיי עפּעס באַזונדערס שיינס, אויסטערלישס, אינטערעסאַנטס. אפשר פלעגט זי עס זוכן און געפינען, ווײַל זי אַליין האָט אויך, ווי ס'האָט זיך איר אויסגעדאַכט, געהערט צו די, וועלכע ייִנגלעך באַמערקן קוים, און האָט זיך געבייזערט אויף זיי, וואָס זיי זעען נאָר דאָס, וואָס גלאַנצט פון ווײַטן.

זי האָט זיך דערמאָנט אין דער שטילער טײַבעלע, וועלכע איז געזעסן מיט איר אויף איין שולבאַנק. ווען די מעשה מיטן קוש, פון וועלכן רבקה האָט זיך אַזוי לײַכט, שפּילנדיק אָפּגעזאָגט, וואָלט פּאַסירט מיט טײַבען, וואָלט עס טאַקע פּאַר איר געווען אַן איבערלעבונג: אפשר וואָלט זי דעם פאַרגעלייגטן קוש אָפּגעוואָרפן מיט כעס און אויפרעגונג, און מיט אַ קליין ביסל פאַרדראָס אין האַרצן, אָבער מיט שטאָלץ פון זיך אַליין; און אפשר, באַקומענדיק דעם קוש, וואָלט זי עס לאַנג איבערגעלעבט בסוד פון מענטשן, מיט זיך אַליין...

... אויפן באַלקן האָבן זיך לײַכט געהוידעט די קראַטעס. אָסיע האָט זיך דערמאָנט ווו זי איז, אויסגעטשוכעט זיך, פאַרשעמט: "געפונען וועגן וואָס צו קלערן..." זי האָט דערשפּירט, אַז ס'איז איר קאַלט, אַ קוק געטאָן אויף דער וואַנט, ביי וועלכער זי איז געלעגן, און דערזען, אַז די וואַנט, באַמאָלט מיט טונקל־גרינעם אײלפאַרב, איז נאַס, ווי באַדעקט מיט טראָפּנס שווייס. זי האָט זיך צוגערירט צו איר מיט דער האַנט. די טראָפּנס זײַנען געווען קאַלט ווי אײַז. "דו וועסט פאַרפרילט ווערן אין טורמע, וועסט קראַנק ווערן אויף שווינדזוכט..." האָט זי זיך דערמאָנט די ווערטער פונעם אויספאָרשער. זי האָט זיך צוגערוקט צו דער חברטע, זיך אײַנגעקאָרטשעט אונטער דער קאָלדרע, אײַנגעוואַרעמט זיך און איז צום סוף אײַנגעשלאָפן.

געשלאָפן איז זי שטאַרק, אָן חלומות. אויפגעכאַפּט זיך פריִער פון אַלעמען, און ווידער דערזען דעם שאָטן פון די קראַטעס אויפן באַלקן. איצט איז ער אָבער בלאַסער געווען אינעם אויסגייענדיקן ליכט פון דער לבנה. זי האָט זיך ניט פאַרוואונדערט און ניט דערשראָקן, וואָס זי איז דאָ, אין דער קאַמער. ס'האָט זיך איר אויסגעדוכט, אַז זי געפינט זיך דאָ שוין לאַנג.

דערזעענדיק אָבער אַ לויז אויפֿן קישן, האָט זי זיך אײַנגעקאָרטשעט פֿון עקל.

אַן אַלאַרעם, און אַ שאַרפֿער רוף האָבן זיך אַרײַנגעריסן אין דער פֿרימאָרגן- שטילקייט:

— אויפֿשטיין!

רבקה איז גלײַך אַראָפּגעשפּרונגען אויפֿן דיל. לוסיע האָט זיך נאָך זיס אַ צי געטאָן פֿון שלאָף.

אין דער קאַמער איז אַרײַן די נעכטיקע וועכטערין, און מיט איר נאָך צוויי — ווײַזט אויס פֿון אַ העכערן ראַנג. איבערציילנדיק די אַרעסטירטע, האָבן זיי אַרײַנגעקוקט אין די ווינקלען, געוואָרפֿן אַ בליק אויף די בעטן, אויפֿן ברעקל דיל; איבערגעחזרט, אַז די פּאָדלאָגע דאַרף בלאַנקען און דער געלעגער — פּאַרבעט זײַן גלאַט, ווי אַ טיש — און אַוועק.

דער ערשטער פֿרימאָרגן אין תּפֿיסה... אַסיע איז שוין גרייט געווען אים אָנצוהייבן פֿון די איבונגען, וועלכע זי פֿלעגט יעדן פֿרימאָרגן מאַכן מיטן טאַטן און מיטביידע שוועסטער אונטערן ניגון פֿונעם קאָמישן לידעלע, וואָס זיי פֿלעגן זיך אַליין צוזינגען: "האָפּ, מיינע המן-טאַשן, האָפּ מײַנע ווײַסע, ס'האָט מיט מײַנע המן-טאַשן הײַנט פּאַסירט אַ מעשׂה", זי האָט זיך אָבער דערמאָנט, אַז זי איז ניט אין דער היים, אַז מאַכן גימנאַסטיק איז דאָ ניטאָ ווו, און דערזעענדיק די האַרטע פּראָטיר-באַרשט, וועלכע מען טוט אָן אויפֿן פֿוס, האָט אַסיע זי אָנגעריבן מיט וואַקס און אונטערטאַנצנדיק גענומען אָנרײַבן די פּאָדלאָגע.

רבקה האָט זיך געראַנגלט מיט אירע געדיכטע געקרײַזלטע האָר, אויסגעבראָכן אַ צאָן פֿונעם קאַם, און לוסיע, שוין אָנגעטאָן, ווי אַ טעקעלע, אַזוי ווי זי וואָלט באַלד געדאַרפֿט גיין אין שול אַרײַן, האָט זיך צוגעזעצט און געוואַרט וואָס וועט ווײַטער זײַן.

— וואַשן זיך! נעמט מיט די פּאַראַשע!

זיי האָבן גענומען דעם צוגעדעקטן עמער פֿון ווינקל און זײַנען אַרויס אין אַ ברייטן און לאַנגן, בלאַנקנדיקן קאָרידאָר. געבלאַנקט האָט דער גראָער שטיינערנער אָנגעריבענער דיל, און די טונקל-גרינע ווענט, געמאָלטע מיט איילפֿאַרב. דער בלאַסער שײַן פֿונעם איינציקן פֿענצטער בײַם סוף קאָרידאָר האָט זיך אויסגעשפּרייט אויפֿן דיל, ווי אַ שמאָלער שטעג. ערגעץ פֿון אין

דער הויף, וויַיזט אויס פון דעם קליינעם תפיסה־קלויסטערל, זײַנען געשווומען פײַערלעכע קלאַנגען פון דער פרימאָרגן־תפילה. אַסיען האָט אַרומגעכאַפּט אַ גרויל — איר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז זי האָט פֿאַרבלאָנדזשעט אין אַ מאָדנער, אויסטערלישער וועלט.

רבקה האָט אַזוי נײַגעריק געקוקט אויף די טירן, פֿאַרבײַ וועלכע זיי זײַנען געגאַנגען, אַז די וועכטערין האָט, שטופּנדיק זי, אַ געשריי געטאָן:

— גיי פֿאָרויס, קוק זיך ניט אַרום!

זיי האָבן געהאָפט צו טרעפן עמעצן פון די פּאָליט־אַרעסטירטע, אָבער אונטערוועגס איז קיינער ניט געווען.

מען האָט געבראַכט פרישטיק — אַ קוביק קאַווע פון געמאָלענע חזיר־ניס מיט ציקאָריע און אַ פּיידע שוואַרץ ברויט.

— ס׳איז געשמאַק — האָט געזאָגט רבקה, צובײַסנדיק מיט אַפּעטיט — אָבער ווייניק.

לוסיע האָט כמעט גאָרנישט געגעסן און אָפּגעגעבן אַ העלפט פון איר פרישטיק דער חברטע. אַסיען האָט אויסגעזען, אַז ס׳איז גענוג, אָבער אין אַ שעה אַרום האָט איר אָנגעהויבן נאָגן אונטערן האַרצן.

אויף אַ שפּאַציר האָט מען זיי אַרויסגעפירט אין דעם ענגן תפיסה־הויף. אַ האַלבע שעה זײַנען זיי געגאַנגען איינע נאָך דער אַנדערער, וואַרפנדיק בגניבה בליקן אויף די פֿאַרקראַטעוועטע פענצטער אַרום. ס׳האָט זיך זיי ניט אײַנגעגעבן וועמען עס איז צו זען. אין אַלע קאַמערן, פונקט ווי בײַ זיי, זײַנען די פענצטער געווען זייער הויך. אַרויסקוקן דורך זיי איז געווען כמעט אוממעגלעך. אויסער דעם, האָבן די ״פּאָליטישע״, וואָס זיצן דאָ, געוויס קיין אַנונג ניט געהאַט וועגן זיי דרײַ. די מיידלעך זײַנען דאָ, אין טורמע, געווען אָפּגעשניטן פון דער וועלט און כסדר געטראַכט, ווי זיך צו פֿאַרבינדן. רבקה האָט געוווּסט ווי מע קלאַפּט זיך דורך דורך די ווענט, אָבער אין דער קאַמער לינקס האָט געלעבט אַ פעלדשערקע, און פון דער רעכטער וואַנט, ווו זיי האָבן געפּרוווט קלאַפּן, האָט קיינער ניט געענטפערט. געוואָלט קלאַפּן אין באַלקן, אָבער אומזיסט געבראָכן זיך דעם קאָפּ, מיט וואָס? קיין שטעקן איז אין קאַמער ניט געווען. איצט, בעתן שפּאַציר, האָט שוין אַסיע מער ניט געקוקט אין דער הייך, זי האָט זיך פֿאַרטיפט אין אירע אייגענע געדאַנקען און מיט אַ מאָל זיך צעלאַכט: פֿאַר איר איז געגאַנגען רבקה, און פון יעדן

פאַנטאָפל אירן האָט געסטאַרטשעט אַ גראָבער פינגער פון אַ הענטשקע. ס׳זאָל זײַן וואַרעמער, האָט רבקה די הענטשקעס אָנגעטאָן אויף די פיס. אין דרויסן איז געשטאַנען אַ קאַלטער נאָוועמבער.

דער טאָג איז אַריבער שנעל. די חברטעס האָבן זיך ווידער און אָבער אַ מאָל אומגעקערט צו די געשעענישן פון די לעצטע עטלעכע טעג און האָבן ניט באַוויזן זיך אַרומצוזען, ווי מען האָט געמאָלדן דעם נאַכט-אַלאַרעם. פאַרגעסנדיק וועגן דער פײַכטער קאַמערוואַנט און עקלדיק-שמוציקן בעטגעוואַנט, האָט אַסיע שוין געוואַרט אויף דער נאַכט, ווי זי וואָלט זיך געדאַרפט צוריקקערן צו אַן אָנגעהויבענער זאַך. זי האָט געוווסט, אַז די נאַכט וועט זיך ציִען לאַנג, די מיידלעך וועלן שלאָפן, און זי וועט קענען בלײַבן אַליין מיט אירע מחשבות. גיכער פון אַלץ וועט זיך איר ווידער ניט אײַנגעבן אַרויסצורופן באָרעס געזיכט, און קלערן וועט זי וועגן אומעטיקע זאַכן. נאָר אַלץ איינס האָט אָט די שטילקייט, ווען מען איז מיט זיך אַליין, ווען קיין זאַך, ניט קיין לעקציע, וועלכע מען האָט ניט באַוויזן צו מאַכן, ניט קיין טאָגטעגלעכע קליינע זאָרגן, שטערן ניט צו קלערן — אָט די־אָ שטילקייט האָט זי געצויגן צו זיך.

מיט אַ מאָל האָט זי פאַרשטאַנען, אַז דאָס ערשטע מאָל אין לעבן פאָדערט פון איר די צײַט גאָרניט. אפשר שפּעטער וועט זי די דאָזיקע תפיסה־איינטאָניקייט ניט קענען אַריבערטראָגן. דערווײַל אָבער האָט זי די מעגלעכקייט זיך צו פאַרטיפן אין די אייגענע געדאַנקען אָנגעפילט מיט הייסן אומגעדולד.

אין שטוב, אין פרײַע טעג און הויפּטזאַכלעך אין דער צײַט פון די קאַניקולן, זײַענדיק פון דער נאַטור ניט אָרגאַניזירט, פלעגט זי געוויינטלעך שפּירן, ווי די צײַט גייט אין ניוועץ, ווערט אַנטרונען, און זי פלעגט דערפון לײַדן.

דאָ איז די צײַט ניט געווען אָפּהענגיק פון איר. אַסיע האָט אויף איר ניט געהאַט קיין שליטה. און דערפאַר -- ווי מאָדנע דאָס זאָל ניט זײַן, האָט זי דאָ, אין טורמע, צום ערשטן מאָל אין לעבן געהאַט אַ געפיל פון פרײַער צײַט... "אַסיע, דו האָסט זיך מיט אים געקושט?" האָט זי זיך דערמאָנט רבקהס פראַגע. געקושט... ער האָט זי אפילו קיין מאָל ניט גענומען אונטערן אָרעם. נאָר זיצנדיק נעבן אים בעתן מאַכן די לעקציעס, אָדער אין אויטאָבוס,

האָט זי דורכן געוואַנט פון אַרבל געשפּירט זײַן האַנט. און בלויז פון דעם פלעגט איר פאַרכאַפּן דעם אָטעם. איין מאָל, ווען זיי זײַנען אַריבערגעגאַנגען אויף דער צווייטער זייט גאַס, און אַסיע האָט זיך, ווי געווײנטלעך, פאַרחלומט און ניט באַמערקט דעם אויטאָ, וואָס איז אַרויסגעפלויגן פון הינטערן ראָג, האָט ער זי אָנגעכאַפּט בײַם אָרעם און אָפּגעצויגן. די־אָ גליקלעכע מינוט האָט זי קיין מאָל ניט פאַרגעסן.

אמת, אַ קוש איז אויך געווען — ווען די לערערין חײַמסאָן האָט מיט זיי געשטעלט — אויף אַן אמתער טעאַטער־בינע! — "טוביה דער מילכיקער". באָרע איז געווען טוביה, אַסיע — זײַן טאָכטער האָדל. זיי האָבן זיך געדאַרפט צעקושן און ניט געקענט, און אַלעמען — סײַ די לערערין, סײַ דעם קלאַס — אַרויסגעבראַכט פון געדולד. דער קוש האָט זיך, פאַרשטייט זיך, ניט גערעכנט...

...ווי איז עס געקומען צו איר? דער אָנהייב פון דער ליבע... באָרע איז דאָך געווען ווי מיישקע, ווי דאַנילינקע, ווי אַלע חברה — אַלע מאָל דערנעבן. פאַר וואָס זשע איז מיט אים אַלץ געוואָרן אַנדערש? און ווען האָט עס פאַסירט? אפשר שוין דאַן, בעתן ליטעראַרישן מישפּט ביים לערער ראַבינאָוויטש, דעם מישפּט איבער באָנציע שוויַיג, ווען אַסיע איז געווען דער פּראָקוראָר און באָרע — באָנציעס פאַרטיידיקער? ביז היַינט קען אַסיע ניט פאַרשטיין, פאַר וואָס זי האָט געהאַלטן, אַז באָנציע איז שולדיק; אַז צוליב אַזעלכע ווי ער קומט ניט צו קיין זיג פון דער אַרבעטער־זאַך. באָרע האָט דאַן איבערגעבלעטערט בענדער ווערק, ענציקלאָפּעדיעס, גערעדט וועגן דעם צושטאַנד פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין די צײַטן, וועלכע יצחק־לייבוש פּרץ באַשרײַבט אין זײַן דערציילונג. באָרע האָט דערוויזן באָנציעס אומשולד און האָט איבערצײַגט די "געשוואָרענע ריכטער", אויסגעקליבענע פון צווישן די אַביטוריענטן פון דער שול.

אויפן ליטעראַרישן מישפּט זײַנען דאַן אומגעריכט געקומען חשובע געסט — דער באַוווסטער ייִדישיסט און רעדאַקטאָר פון "טאָג" זלמן רייזען מיטן וועלטבאַרימטן דײַטשישן אַרטיסט, דעם ייִד אלכסנדר גראַנאַך, וועלכער איז אַנטלאָפן פון היטלערן און האָט דאַן געוווינט אין ווילנע. זיי האָבן זיך געזעצט אויף דער ערשטער, צו נידעריקער באַנק, צווישן די קינדער, און באַוווּנדערט דעם גערעַנגל פון די צדדים. אַסיע האָט געהערט,

ווי גראַנאַך  האָט הויך אַ שעפּטשע געטאָן צו רייזענען: "אַ מיידעלע מיט אַזעלכע איידעלע , פּאַטריצישע הענטעלעך רעדט מיט אַזאַ פּלאַם וועגן פּראָלעטאַריאַט..."

צי האָט זיך שוין דאַן , בעת דעם הייסן וויכוח, אינעם פייער פון קעגנערשאַפט, ביי אַסיען דערוועקט דאָס געפיל צו באָרען? אָדער אפשר שפּעטער, שוין אין גימנאַזיע, ווען זיי האָבן זיך ווידער מיט אים געפונען אין צוויי "פייַנטלעכע לאַגערן"?ביידן האָט מען, ווי פאָרשטייערס פון די נייַע שילערס, וואָס זיינען אין רעאַל־גימנאַזיע געקומען פון דער סאָפּיע מאַרקאָוונע-שול, אויסגעקליבן אין דער שול-פאַרוואַלטונג. זי דערמאָנט זיך געננוי דעם טאָג. ס׳איז, פונקט ווי איצטער, געווען האַרבסט. נאָך די לעקציעס האָט מען זיך פאַרזאַמלט אין אַ פרייַען קלאַס. דער פאָרזיצער פון דער פאַרוואַלטונג פון שילערקלוב, אַ הויכער בחור מיט געדיכטע שוואַרצע ברעמען און מיט ערשטע סימנים פון וואָנצעס ביי דער אייבערשטער ליפּ — דער אָנפירער פון די "צוקונפטיסטן" (די יוגנט-אָרגאַניזאַציע פון בונד) אין שול האָט פאָרגעלייגט אָנצורופן דעם קלוב: אויפן נאָמען פון בייניש מיכאַלעוויטש.

פאַר וואָס בייניש מיכאַלעוויטש, פון די גרינדער פון בונד? פאַר וואָס, למשל, ניט מיטן נאָמען פון לענין אָדער ראָזע לוקסעמבורג? — האָט אַ קלער געטאָן אַסיע, אָבער זאָגן עס הויך האָט זי ניט געקענט.

— נו, שטימען מיר — האָט געזאָגט דער פאָרזיצער. ס׳האָבן זיך אויפגעהויבן דרייַצן הענט, באָרעס אויך.

— ווער איז קעגן?

מוראַשקעס זיינען ביי אַסיען דורכגעלאָפן דורכן רוקן.

איין שטים. ווער האָט זיך אָפּגעהאַלטן? — אויך איינע. אָנגענומען מיט דער מערהייט שטימען!

דרייַצן פּאָר אויגן קוקן אויף אַסיען מיט שפּאָט און פאַראַכטונג, וואַרפן בייזע בליקן אויך אויף  אַן עלטערער שילערין, וואָס האָט זיך אָפּגעהאַלטן פון שטימען.

דאָס ערגסטע האָט זיך אָבער אָנגעהויבן שפּעטער, אין קלאַס. אַלע ייִנגלעך, צווישן זיי אויך באָרע, זיינען אָנגעפאַלן אויף אַסיען: "מען האָט דיך אויסגעוויילט, און דו האָסט אונדז קאָמפּראָמיטירט. ס׳איז אַ שאַנדע

פאַרן גאַנצן קלאַס!" בלויז מירע האָט זי פּאַרטיידיקט איבערשרײַענדיק אַלעמען: "ניט איר האָט זי אויסגעוויילט, די גאַנצע גימנאַזיע האָט געשטימט, די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג, אײַך דאַרף זי קיין באַריכט ניט אָפּגעבן!"

צו יענער צײַט זײַנען שוין אַסיע און מירע געווען פּיאָנערקעס. בײַ מירען איז עס געווען פּשוט: אין איר משפּחה זײַנען אַלע געווען קאָמוניסטן: דער פאָטער, די ברידער, די שוועסטער. אַרבעטערס, דרוקערס פון דור דורות.

אַסיע איז געקומען דערצו בהדרגה. דער באַשלוס האָט זיך אויסגעפאָרעמט ווי אַן אויספיר פון אַלעם, וואָס זי האָט געזען און געהערט אַרום זיך. און פון דער אומבאַמערקבאַרער, אָבער כסדרדיקער ממשותדיקער השפּעה פון איר באַליבטן לערער מיכאל ראַבינאָוויטש. דער לעצטער אַקאָרד איז געווען דאָס בוך "די מוטער" פון מאַקסים גאָרקי, וועלכן ער האָט איר געגעבן צו לייענען. ווען זי האָט עס איבערגעלייענט, האָט זי דערשפּירט, אַז מען דאַרף, אַז מען איז מחויב עפּעס צו טאָן. און אַז אויך זי דאַרף זיך דערין באַטייליקן. אמת, זי האָט ניט געוווּסט, ווי מען קומט דערצו. וועגן דעם האָט ראַבינאָוויטש ניט גערעדט. ער האָט זיי געגרייט וויסנדיק, אַז דער, וואָס ס'וועט וועלן און וועט זיך אַנטשליסן, וועט געפינען דעם וועג.

און אַסיע האָט אים געפונען...

אין שכנות מיט זיי האָט געלעבט אַ פריילין צו קינדער, באַסיע קאָוואַרסקי, וואָס איז ניט לאַנג אַרויס פון תּפיסה. אַרעסטירט האָט מען זי, ווען זי האָט שטודירט אין יִדישן לערער-סעמינאַר. טאַקע פון לערן-אַנשטאַלט האָט מען זי גענומען.

ווען זי איז אַרויס פון טורמע, האָט די פאַרוואַלטונג פון סעמינאַר געמוזט באַשליסן: אויסשליסן זי פון סעמינאַר, צי ניט. דער דירעקטאָר, ישראל ביבער, אַ בונדיסט, האָט שוין געהאַט אַליין אָנגענומען אַ באַשלוס: ניט אויסשליסן. ער האָט אָבער זײַן דעציזיע ניט געמאָלדן — געשטעלט די פראַגע פאַרן לערעראַט. מען האָט לאַנג געשוויגן, ביז מען האָט באַשלאָסן: לאָזן באַסיען לערנען.

ביבער האָט געוווּסט, וואָס עס דראָט זיי. ס'איז געווען ניט דאָס ערשטע

מאָל, וואָס מען פלעגט אַרעסטירן שילערס פאַר אומלעגאַלער טעטיקייט. אָבער דער פאַל איז געווען דער לעצטער טראָפּן...

זייער גיך איז געקומען די פאַראָרדענונג פון דער מאַכט: דער לערער-סעמינאַר ווערט געשלאָסן. פון דאַן האָט ער אויפגעהערט צו עקסיסטירן.

לערנען האָט שוין באַסיע אין ערגעץ ניט געקענט. געפינען אַ באַשעפטיקונג — אויך. איז זי געווען צופרידן, וואָס ס׳האָט זיך כאָטש געמאַכט אַרבעט אין אַ פריוואַטער שטוב, ביי קינדער.

אַסיע פלעגט זי אָפט טרעפן אין סעדל הינטער זייער מויער, ווו יענע פלעגט שפּאַצירן מיטן קלענערן יינגעלע, ביז דער עלטערער קערט זיך אום פון שול. אָפט פלעגט זי זינגען אַ ליד, און די מעלאָדיע, ברייט און פאַרטראַכט, פלעגט זיך שפּרייטן איבערן שטילן אַרום. געווען איז עס אַ ליד פון אַ רוסישן פּאָליט-אַרעסטירטן, וואָס איז אַנטלאָפן פון קאַטאָרגע, פון סיביר. די מעלאָדיע פלעגט אָנפילן אַסיעס האַרץ מיט אַ ליכטיק געפיל. ס׳פלעגט זיך איר פאָרשטעלן אַ גרענעצלאָז-פריַיער סטעפּ. און די געדאַנקען אירע פלעגן זיך ציִען צו אַ העלער, נאָך אומבאַוווּסטער, אָבער וווּנדערבאַרער צוקונפט.

באַסיע פלעגט אַסיען דערציילן וועגן קאָמסאָמאָלצעס און אפילו פּיאָנערן — גאָר יונגע קינדער, אַזעלכע, ווי זי, אַסיע — וועלכע העלפן קעמפן פאַר אַ בעסערן מאָרגן.

איין מאָל האָט דאָס מיידל געזאָגט:

— זייַ מאָרגן נאָך די לעקציעס, פּונקט האַלב דריַי ביַי טאָג אויף ראָג ווינגרי-געסל און זאוואַלנע, נעבן דער פּאָסט. מען וועט קומען זיך דורכריידן מיט דיר.

— ווער? — האָט אַסיע געפרעגט.

וועסט שוין זען, ניט קיין הויכער יונגער־מאַן אָן אַ היטל. ער וועט דיך דערקענען. איך האָב דיך אויסגעמאָלט — האָט באַסיע אַ שמייכל געטאָן.

... אויף צו מאָרגנס איז אַסיע אהין אַוועק. ס׳איז צוגעגאַנגען צו איר אַ הויכער יאַט אָן אַ היטל און אָנגערופן באַסיעס נאָמען. דאָס איז געווען דער פּאַראָל. זיי זיינען געגאַנגען דורך דער באַלעבטער גאַס, צוזאַמען מיטן גאַנצן עולם, אַרויף אויפן פּישמאַרק, ווו ווייַבער און מאַנצבילן אין גרויסע

צעראַטענע פאַרטעכער האָבן, איבערשרײַענדיק אײנער דעם אַנדערן, געדופן: ״סעלעוועס, פרישע סעלעוועס, שלײַען, פלאָטקעס, שפּאָט-ביליק, קומט אַהער, מאַדאַמעטשקע, צו מיר. אַוווּ גײט איר אַוועק, אַ בראָך צו אײַך!״ קללות האָבן זיך געשאָטן ווי אַרבעס, און אַסיע האָט זיך דערמאָנט, ווי דער לערער ראַבינאָוויטש פלעגט זײ שיקן אויף די מערק זאַמלען פאָלקלאָר: קללות, ווּנטשן, גלײַכווערטלעך. מען פלעגט זיך צוהערן, פאַרשרײַבן, ברענגען עס אין קלאַס. און איבערשרײַענדיק אײנער דעם אַנדערן, אַרויספּראַלן:

— זאָלסט אײַנשלינגען אַ שירעם, און ער זאָל זיך דיר עפענען אין בויך!

— זאָלסט זײַן אַ לאָמפּ: בײַ טאָג זאָלסטו הענגען, בײַ נאַכט זאָלסטו ברענען, און דעם גאַנצן מעת-לעת זאָלן דיך פליגן באַדאָסן...

— זאָלסט דערלעבן איבער אַ יאָר, מיט אַן אײגענער קאַנטאָר, מיט אײגענע פריקאַזטשיקעס, מיט געלט אין די יאַשטשיקעס.

— ס׳זאָל דיר אַרײַן און אַרויס!

— מיט דײַנע קישקעס זאָל מען מעסטן די ווילנער גאַסן...

— דער מענטש איז געגליכן צו אַ שוסטער: הײַנט לעבט ער, און מאָרגן קושט ער...

נאָך דעם פלעגט מען שאַפן אין קלאַס קאָמיסיעס, וואָס פלעגן צונויפנעמען און סאָרטירן באַזונדער די קללות, די גלײַכווערטלעך און ווּנטשן, דאָס אַלץ פלעגט שײן איבערגעשריבן ווערן אויף גרויסע בויגנס בריסטאָל, און מען פלעגט מאַכן אַן אויסשטעלונג פון פאָלקלאָר.

... אַסיע מיטן אומבאַקאַנטן האָבן זיך אַ ביסל אַרומגעדרייט אויפן מאַרק, אַרײַן אין אַ דורכהויף און אַרויס אויף אַ קלײן שטיל געסל, ווו ס׳איז קײן לעבעדיקער נפש ניט געווען, און ווו מע האָט זיך געקענט רויִק דורכריידן. דער חבר מאָטל (אַזוי האָט ער זיך פאָרגעשטעלט) האָט ווידער אַ מאָל אַסיען קורץ דערציילט וועגן קלאַסן פון אונטערדריקערס און אונטערדריקטע, דערקלערט, וואָס דאָס איז אַזוינס קלאַסנקאַמף, וואָס פאַר אַ ראָל אין אים שפּילט די יוגנט און אַז עס נעמען אָנטייל דערין אפילו קינדער. ער האָט אויסגעפרעגט אַסיען וועגן איר לעבן, וועגן אירע חברים און וועגן דער שול. ער האָט זיך אינטערעסירט, וואָס זי לייענט. צום סוף האָט ער איר פײַערלעך געמאָלדן, אַז זי ווערט אָנגענומען אין דער

פיאָנערן-אָרגאַניזאַציע, און האָט איר געגעבן די ערשטע אויפגאַבע — צוקוקן זיך צו חברה, אַ קלער טאָן, ווען מען קען טרויען, ווען מען נאָך אַרײַנציען, כדי צו שאַפן אין קלאַס אַ קעמערל. ער האָט איר מיטגעטיילט, אַז מירע איז אויך אַ פּיאָנערקע און געזאָגט, אַז צוזאַמען וועט זיי זײַן לײַכטער זיך צו נעמען צו דער אַרבעט.

לײַכטער... אַסיע האָט זיך אויך שפּעטער ניט איין מאָל געפּילט אַזוי צעמישט און פאַרלאָרן ווי דעמאָלט, ווען זי האָט געשטימט איינע קעגן דרײַצן. ס׳האָט איר ווײ געטאָן, וואָס באָרע און די מערהײַט ייִנגלעך מיט אים אין איינעם האָבן זיך אונטערגעגעבן דער השפּעה פון די בונדיסטן. אין יעדן וויכוח איז ער געווײנטלעך געווען פיל שטאַרקער פון איר. זי איז געווען זיכער, אַז זי איז גערעכט, אָבער ניט געקענט עס דערווײַזן. מסתמא ווען מיר קיין מאָל אין אונדזערע אָנשויונגען ניט קומען צו קיין אייניקייט — האָט זי געטראַכט מיט אומעט.

יענעם ווינטער האָט זי לאַנג געקרענקט, און ווען זי האָט זיך אומגעקערט אין שול אַרײַן, האָט איר מירע אָנגעזאָגט אַ פּויידיקע בשורה: באָרקע און נאָך זעקס ייִנגלעך זײַנען שוין ״אונדזערע״. מירע האָט ניט געוווּסט, ווי דאָס איז געשען, וואָס עס האָט גורם געווען, אַז חברה האָבן זיך דאָך איבערצײַגט, אַז די אמתע רעוואָלוציאָנערן זיינען די, וואָס קעמפן אומלעגאַל, און ווי זיי האָבן זיך אַנטשלאָסן צוצושטיין צום קאַמף. דאָס איז אָבער געשען, און אַ כוואַליע פון גליק האָט אַרומגעכאַפּט אַסיען.

ס׳האָט לאַנג ניט געדויערט, און נאָך עטלעכע ייִנגלעך האָבן זיך אָנגעשלאָסן צו זיי. אַלע האָבן געוואָלט, מע זאָל זיי שוין אַרײַננעמען אין קאָמיוג, שאַפן אַ קעמערל. זיי זײַנען נאָך אָבער געווען צו יונג, האָט מען דערווײַל אָרגאַניזירט אַ זעלבסטבילדונג-קרײַזל.

... וואָס טוען זיי איצט, די חברה פון קלאַס? זיי זיצן אוודאי ביי סיאָמען אינעם קליינעם אַלקערל, הינטערן שווערן סאַמעטענעם פאָרהאַנג, און הערן מאָסקווע. ס׳איז דאָך נאָך ניט שפּעט, נאָר דאָ, אין תפיסה, איז שוין לאַנג געווען דער אָוונט-אַלאַרעם און מ׳האָט פאַרלאָשן דאָס ליכט.

אין גאַנצן קלאַס האָט נאָר סיאָמע געהאַט אַן אמתן ראַדיאָ-אַפּאַראַט. סיאָמעס פאָטער איז, דוכט זיך, אַ ראַדיאָ-אינזשעניער. מען האָט אים זעלטן

געזען אין דער היים, ער לעבט ערגעץ אין אַן אַנדער שטאָט. אָבער סיאָמע האָט אַ ראַדיאָ.

... אָט זיצן זיי, צונויפגעדריקט זײַט בײַ זײַט אויף דער קאַנאַפּע אינעם קליינעם אַלקערל, אין דער פינצטער, בײַם ראַדיאָ-אַפּאַראַט. סיאָמעס קליינטשינקע מאַמע פאַרמאַכט שטיל די טיר פונעם גרויסן צימער דערנעבן, פאַרציט דעם פאָרהאַנג אינעם אַלקערל און זעצט זיך אויך צו בײַ דער זײַט.

"...ס׳רעדט מאָסקווע. מיר גיבן איבער לידער וועגן בירגערקריג..."

אַלע האָרכן. אַסיע זינגט , קוים באַוועגנדיק מיט די ליפּן, איר באַליבט ליד "קאַכאָווקאַ". זי זינגט ניט, עס זינגט זיך אַליין, טיף אין דער נשמה:

"געדענקסט, ליבער חבר, די קאַמפן די בראַווע, צוזאַמען אין שטורעם פון שלאַכט..."

... אַסיע דערמאָנט זיך, ווי זי איז געגאַנגען מיט באָרען אין דער ענגשאַפט פון דער באַלעבטער גלעזער-גאַס. געווען איז עס דעם זעלבן טאָג, ווען מען האָט אַרעסטירט דעם ערשטן מיטגליד פון זייער אָרגאַניזאַציע, מאַריסיען פון דער פּוילישער אָזשעשקאָ-גימנאַזיע. זי איז געווען אַן אַקטיוויסטקע, אַ מיידל אַ פלאַם, געהאַט פאַרבינדונגען מיט אַנדערע שולן.

— מאַריסקע וועט ניט אויסגעבן — האָט געזאָגט באָרע.

— פאַרשטייט זיך אַז ניט — האָט געענטפערט אַסיע.

— כ׳וואָלט וועלן וויסן, ווער ס׳האָט זי פאַרשאָטן...

זיי זײַנען לאַנג געגאַנגען שווײַגנדיק.

— וועגן וואָס קלערסטו? — האָט אַסיע געפרעגט.

— וועגן דעם זעלבן וואָס דו.

פון וואַנען האָט באָרע געוווּסט, אַז אַסיע האָט אין דעם מאָמענט געקלערט וועגן יענער שלימזלדיקער לעקציע פון לאַטײַן און וועגן דעם אַלעם, וואָס ראַבינאָוויטש האָט זיי נאָך דעם געזאָגט?

... ס׳האָט זיך געמאַכט אַזוי, אַז דעם לעצטן לערניאָר אין באָרעס לעבן פלעגן זייביידע אָפט זײַן צוזאַמען. ס׳איז געווען דאָס לעצטע יאָר אין גימנאַזיע, פאַרן ליציי (לויט דער שול-רעפאָרם האָט מען די לעצטע צוויי גימנאַזיע-קלאַסן פאַרוואַנדלט אין ליצייען — הומאַניסטישע, מאַטעמאַטישע, נאַטורוויסנשאַפטלעכע; ביי זיי אין שול האָט זיך געשאַפן אַ הומאַניסטישער ליציי).

מען האָט זיך געדאַרפט גרייטן צו די עקזאַמענס. צו יענער צײַט פלעגט מען אין קלאַס אַלץ באַשליסן צוזאַמען. אויך, ווי אַזוי מען זאָל אָרגאַניזירן הילף אין לערנען.

— זאָל יעדער פעיִקער זיך אונטערנעמען צו העלפן אַ שוואַכערן שילער

— האָט עמעץ פאָרגעשלאָגן.

— אַזוי טויג ניט. איינזײַטיקע הילף איז דערנידעריקנדיק. עס דאַרף זײַן געמיינזאַמע הילף.

— אָבער ווי אַזוי?

— אָט אַזוי: איינעם פאַלט שווער מאַטעמאַטיק, פיזיק; דעם אַנדערן, לאָמיר זאָגן, שפּראַכן, איבערהויפּט לאַטײַן. מאַכן זיי די לעקציעס צוזאַמען.

— און די, וועמען אַלץ פאַלט שווער?

— ווערט ער צוגעטיילט ווי אַ דריטער צו יענע צוויי.

האָט מען טאַקע אַזוי באַשלאָסן.

"... ווי האָט זיך עס באַקומען, דערמאָנט זיך איצט אַסיע, אַז מיר זײַנען מיט באָרען אַרײַנגעפאַלן אין איין גרופּע? אפשר האָב איך אַליין באַוויזן צו דער צײַט פאָרצולייגן איר צוזאַמענשטעל? אָדער אפשר האָט ער פאָרגעלייגט?

באָרע איז געווען פעיִק צו מאַטעמאַטיק, אַסיע — צו שפּראַכן, און דער דריטער, סאָניען איז אַלץ געווען שווער, אויסער מוזיק — זי האָט שיין געשפּילט פּיאַנע. סאָניע איז געווען אַ מויד אַ צימעס, מיט אַ גראָבן קאַשטאַנעוון צאָפּ אַרום קאָפּ, מיט פולע ליפּן, העל-בלויע אויגן און ראָזע באַקן, וואָס זײַנען גרייט געווען צוליב יעדער קלייניקייט אויפצופלאַמען פּורפּור-רויט. קוקנדיק אויף איר, פלעגט זיך אַסיע יעדעס מאָל דערמאָנען אַ יאַט, וואָס האָט סאָניען ליב געהאַט, און וועלכן אַסיע האָט גוט געקענט. זי פלעגט זיך מיט אים טרעפן אין אַ קרײַזל פון גאָר יונגע יידישע פּאָעטן, צו וועלכן זי האָט געהערט. זיי פלעגן דאָרט לייענען איינער דעם אַנדערן זייערע לידער, און אַן עלטערער חבר פון "יונג-ווילנע" פלעגט אָפּשאַצן זייערע ליטעראַרישע פרווון. אין דעם דאָזיקן קרייז, וואָס האָט געהייסן "יונגוואַלד", פלעגן צוזאַמען מיט אַסיען, טאַקע בײַ איר אין דער היים, זיך טרעפן הירש גליק, משה גורין, משה ראַבינאָוויטש...

דאָס בחורל, וואָס פלעגט חלומען וועגן סאָניען, האָט געהאַט אַ פּאָר

גרויסע סאַמעטענע אויגן, וועלכע פלעגן פון זײַן בלאַסן פּנים, פון אונטער די פעך-שוואַרצע ברעמען טונקל און מילד אַרויסקוקן אויף דער וועלט.

סאָניען פלעגט דער בחור ווידמען אַלע זײַנע צאַרטע לידער. לערנען האָט ער ניט געקענט, ניט געהאַט אויף שכר-לימוד, געווען אַ שיקיינגל אין אַ געשעפט, פלעגט שלעפּן קונים פאַר די פּאַלעס אין קראָם אַרײַן, אײַנריידן זיי קעצעלעך אין בוזעם, לויבן יעטוועדע סחורה. ער האָט שווײַגנדיק געליטן פון זײַן דערנידעריקנדיקער אַרבעט, געקוקט אויף סאָניען, ווי אויף אַ פּרינצעסין, ווי אויף גאָטס וווּנדער. און סאָניע, הערנדיק זײַנע לידער, פלעגט גאָר גרויס ווערן בײַ זיך, טאַקע גלויבן, אַז דאָס איז זי, און קוקן אויף אים, איר פאַרערער, פון אויבן אַראָפּ.

איצט האָבן זיי — באָרע, אַסיע און סאָניע — געלערנט זאַלבע דריט, אין איינעם געמאַכט די לעקציעס. באָרע פלעגט ענדיקן דער ערשטער און כאַפּן אַ בליק אין צײַטונג. ווען אַסיע פלעגט פאַרענדיקן, און סאָניע פלעגט זיך נאָך אַלץ ניט קענען קיין עצה געבן, פלעגט זיך אַסיע נעמען איר דערקלערן. ס׳פלעגט אָבער דעם מיידל ניט קריכן אין קאָפּ אַרײַן — ״באָרקע, דערקלער דו, ביי מיר באַקומט זיך ניט!״ — פלעגט אַסיע זאָגן, און באָרע פלעגט אָנהייבן אַלץ פון דאָס נײַ. אָבער אויך אים פלעגט זיך זעלטן אײַנגעבן. געוויינטלעך פלעגט סאָניע זיצן צעמישט, דאָס ערגערניש און דער כעס פלעגן זיך רויט צעגיסן איבער אירע באַקן, איבערן האַלדז, ביז צום סאַמע קראַגעלע. זי פלעגט זיצן אַ צעקלעמטע דערפון, וואָס ס׳איז איר אַזוי שווער צו פאַרשטיין.

אין גיכן האָט זי אויפגעהערט צו מאַכן מיט זיי די לעקציעס. די עלטערן האָבן איר גענומען אַ לערער. איצט האָבן זיי ביידע — אַסיע און באָרע — געלערנט זאַלבע צווייט, איין טאָג בײַ איר, דעם צווייטן — בײַ אים.

אַסיע פלעגט יעדעס מאָל מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ אַרויפלויפן אויף די שמאָלע טרעפּ און אָפּשטעלן זיך אַ ווײַלע אויפן צווייטן גאָרן, קוקנדיק דורכן פענצטער אויפן הויף, דאָרט ווו הינטער אַ געמויערטער וואַנט איז געווען אַ משוגעים-הויז. זי פלעגט זען אויף אַ קליינעם פלעצל, הינטערן מויער, מענטשן, וואָס פּאָכן מאָדנע מיט די הענט, מאַכן העוויות. איין מאָל האָט זי דערזען, ווי אַ מאַנצביל שטייט און שלאָגט זיך רעגלמעסיק דעם קאָפּ אין וואַנט. ס׳איז איר געוואָרן אומהיימלעך, זי האָט באַשלאָסן מער אַהין ניט

צו קוקן אָבער אַלץ איינס פלעגט זי יעדעס מאָל, פאַרבײַגייענדיק, וואַרפן אַ בליק אַהין. און דאַן לאָזן זיך לויפן ווײַטער, אַריבערשפּרינגענדיק טרעפּלעך, ביזן דריטן גאָרן און, קוים אָפּכאַפּנדיק דעם אָטעם, קלאַפּן אין באָרעס פאַרגלעזערטער קיכטיר מיטן ווײַסן אויסגענייטן פאָרהענגל. אָפּט מאָל פלעגט זי באָרע, מיט אַ שײַטל האָלץ אויף די הענט, דעריאָגן אויף די טרעפּ, אַרײַנלאָזן אין צימער און בעטן וואַרטן אַ ווײַלע, ביז ער וועט איינהײַצן די פּליטע. אַסיע פלעגט גערן וואַרטן, זי האָט ליב געהאַט באָרעס אָרעמע היים. זי פלעגט זיך צוזעצן און קוקן אויף זײַן אויסגעטריקנטער, דאַרינקער באָבע מיט די ווײַסע זײַדענע האָר, וואָס פלעגט אַלע מאָל שווײַגנדיק שטריקן; אויפן זיידן מיטן היטל אויפן קאָפּ, מיט די ברילן אויפן שטערן און מיט דער צײַטונג בײַ דער סאַמע נאָז; אויף באָרעס קלענערן ברודערל, לייבעלע, וועלכער פלעגט מאַכן די לעקציעס דאָ דערבײַ, לעבן דער אַלטיטשקער, בײַם קײַלעכדיקן עסטיש, ווהין אויך זי, באָרע מיט אַסיען, וועלן זיך באַלד צוזעצן לערנען. אַסיע פלעגט אויך קוקן אויף דער זאַטער, רחבותדיק-פּוכיקער קאַץ, וואָס פלעגט געשמאַק זיך אויסציִען, וואַרעמענדיק בײַם אויוון. מיט אַ יאָר צוריק האָט באָרע געפונען אין גאַס אַ קליין, האַלב פאַרפרוירן אָפּגעקראָכן קעצל, געבראַכט עס אַהיים, אָפּגעמינטערט.

אָבער מער פון אַלץ האָט אַסיע ליב געהאַט צו קוקן אויף באָרעס מאַמען, אויף אירע איידעלע הענט מיט די דינע פינגער, פאַרגרעבטע פון האָרעוואַניע, אויף די שוואַרץ-זילבערדיקע האָר, פאַרצויגן אין אַ קנופּ אויפן נאַקן, אויף די קליינינקע קנייטשעלעך ביי די שלייפן און אויף די אומדערוואַרט שטראַלנדיקע, אינעם שפּינוועבס פון די קנייטשעלעך, גליקלעכע בלאָע אויגן. טייל מאָל פלעגט זיך אַסיען דאַכטן, אַז באָרעס פאָטער — אַזאַ פּשוטער, היימישער און גוטמוטיקער — זעט אויס מאַט נעבן זײַן ווײַב, וואָס פילט אָן די גאַנצע שטוב מיטן שײַן פון אירע אויגן, און אַז זײַן גליקלעכער גורל איז — ליב צו האָבן אַזאַ פרוי...

# חלומות

די קראַטעס זײַנען בלאַסער געוואָרן אויפן באַלקן פון דער קאַמער. אין דרויסן האָט מען, ווײַזט אויס, פאַרלאָשן די לאַמטערנס. באַלד הייבט אָן צו טאָגן. ביז מאָרגן, באָרע...

— מיידלעך, וואָס האָט זיך אײַך היַינט געחלומט?

רבקה שטעלט די פראַגע, וועלכע חברה פלעגן געוויינטלעך שטעלן איינער דעם אַנדערן, זינט מען האָט זיך אין שול דערוווּסט וועגן זיגמונט פרויד און אָנגעהויבן צו ריידן וועגן זײַנע טעאָריעס. ניט רבקה, ניט אַסיע, ניט לוסיע האָבן געלייענט זײַנע ווערק. דער איינציקער פון קלאַס, וועלכער האָט אים שטודירט, איז געווען דאַנילינקע. אַלע האָבן אָבער שוין מער ווייניקער געוווּסט , וואָס ס׳דאַרף זיך חלומען לויט פרוידס טעאָריע פון אונטערבאַוווּסטזיין, וואָרעם אין דער קליינבירגערלעכער וועלט פון פאַרבאָט ווערן אין דעם אונטערבאַוווּסטזײַן פאַריאָגט דעם מענטשנס פאַרבאָרגענע סעקסועלע פאַרלאַנגען. די מיידלעך האָבן איצט, דאָ אין תפיסה, קאָנטראָלירט לויט זיך די ריכטיקייט פון פרוידס טעאָריעס.

ביַי אַסיען האָט קיין זאַך ניט געשטימט. זי האָט אומזיסט געזוכט אין אירע חלומות די סימבאָלן, וועגן וועלכע פרויד האָט געשריבן. ניט געווען אין אירע חלומות קיין לייטערס, קיין מעסערס, קיין שיפלעך, קיין טײַכן און ימען. אין דער היים און אין שול פלעגט מען זאָגן, אַז אַסיע שוועבט אין די הימלען. אין די חלומות אירע איז אָבער ניט געווען קיין שום אויסטערלישס און כישופדיקס. דאָס פלעגן זיין דאָס רוב וואָכעדיקע חלומות פון דער רעאַלער ווירקלעכקייט, פול מיט זאָרג, מיספאַרשטענדעניש, פאַרדראָס און קלעמעניש. הבל הבלים.

היַינט האָט זיך איר געחלומט אַן ענגער, פינצטערער אַלקער אין אַ קעלערשטוב, און אַ ברייטע בעט מיט בעבעכעס אַנשטאָט בעטגעוואַנט. מער זײַנען דאָרט קיין מעבל ניט געווען, ווײַל דאָס בעט, ווי אַ ברייטע נאַרע, האָט פאַרנומען באַלד דעם גאַנצן שטח. פון איין זײַט האָט זיך אַ קראַנק קינד געוואָרפן אין היץ, און פון דער אַנדערער האָט זיך צוגעזעצט אַ מאַנצביל, פונאַנדערגעוויקלט אויף די קני אַ פּעקעלע, אַרויסגענומען אַן אָקרײַטשיק ברויט און אַ גרויסע ציבעלע. געטונקט דאָס ברויט אין זאַלץ פון זעלבן פּעקל און געגעסן. ער האָט געגעסן אַזוי גיריק, אַז די אויגן זײַנען אים באַלד אַרויסגעקראָכן פון די אויגנלעכער. זי האָט זיך אויפגעכאַפּט אין קאַלטן שווייס און דאָס ערשטע, וואָס זי האָט דערשפּירט, איז געווען אַ שאַרף געפיל פון הונגער. ערשט אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי זיך דערמאָנט, אַז איין

מאָל, מיט אַ צײַט צוריק, האָט דער פֿאָטער איר־ער אויסגעמאָלט אַן ענלעך בילד, ווען ער האָט זיך, אַ דערשיטערטער פֿון דער מענטשלעכער נויט, אומגעקערט אַהיים פֿון אַ קראַנק קינד.

ניט איין מאָל האָט זיך אַסיען שוין דאָ, אין תּפֿיסה, געחלומט עסנוואַרג. אַנומלט איז עס געווען אַ פֿריילעכער, אַ קאָלירטער חלום: אין שולזאַל איז טומלדיק, ס׳איז די גרויסע הפּסקה, און דער גאַנצער קלאַס גייט צום לאַנגן טיש, וואָס שטייט בײַ דער וואַנט. אַלע טראָגן די פֿרישטיקן, אײַנגעוויקלט בײַ וועמען אין פּוטער־פּאַפּיר, בײַ וועמען אין אַ סערוועטקע, אין פּאַקפּאַפּיר אָדער גאָר אין אַ שטיקל צײַטונג, און לייגן עס אויס אויפֿן טיש. אָט האָבן זיך שוין אַלע אויסגעזעצט אויף די לאַנגע בענק און וואַרטן אומגעדולדיק, ווען די צוויי דיזשורנע וועלן ענדיקן פֿונאַנדערוויקלען די פּעקלעך. ס׳דויערט צו לאַנג, ס׳ווילט זיך שוין וויסן: וואָס, דהײַנו, האָבן מיר הײַנט אויף פֿרישטיק? שוין, ס׳איז גרייט, און יעדערער כאַפּט, וואָס אים געפֿעלט מער. נאָך דעם וועט מען צו רעכט מאַכן דאָס איבעריקע. מען עסט טומלדיק און פֿריילעך.

שוין עטלעכע יאָר, ווי דער קלאַס האָט געשאַפֿן די „פֿרישטיק־קאָמונע", דעם קאָלעקטיוו. אַנומלט, ווען אַסיע האָט עס דערזען אין חלום, האָט זי ממש דערשפּירט דעם טעם פֿון דאַנילינקעס געוויאָנדזלטע הערינג, פֿון די ברוסניצעס, מיט וועלכע באַרעס מאַמע פֿלעגט באַשמירן זײַן פּוטערברויט, פֿון טאַלעקינסקיס געגנדזנווורשט, וואָס סאָניע פֿלעגט אָפֿט ברענגען... ווען אַסיע האָט זיך יענעם פֿרימאָרגן אויפֿגעכאַפּט, שלינגענדיק דאָס שפּײַעכץ, האָט זי די מיידלעך וועגן חלום ניט דערציילט, ניט געוואָלט רייצן זייער אַפּעטיט. און הײַנט וועגן דעם מענטשן מיט דער ציבעלע אויך ניט — דאָס בילד איז געווען צו טרויעריק. זי האָט זיי אָבער דערציילט אַן אַנדער חלום, וועלכן זי האָט געזען אָקאָרשט, שוין באַלד פֿאַרטאָג — אַ קורצער חלום, וועלכער האָט אָבער איבערגעלאָזן אין איר אַ נאָגנדיק, קלעמענדיק געפֿיל.

— ס׳האָט זיך מיר געחלומט — האָט זי געענטפֿערט אויף רבקהס פֿראַגע, — אַז איך קריג זיך מיט לאהקען און מיר קוקן איינע אויף דער אַנדערער מיט כּעס, כּמעט מיט שׂינאה.

— לאה איז דאָך, דאַכט זיך, געווען דײַן בעסטע חבֿרטע.

— געווען... איז טאַקע שווער.

ווי לאַנג אַסיע געדענקט זיך, איז איר שטענדיק נייטיק געווען אַ נאָענטער מענטש, אַ פֿרײַנד, וועלכען זי וואָלט געקענט אַלץ דערציילן, טיילן זיך מיט די טיפֿסטע סודות, און אָן וועלכן זי וואָלט זיך שוין ניט געקענט באַגיין. אַ מאָל , אין דער פֿריער קינדהייט, איז עס געווען די מאַמע. אַסיע האָט זי ליב געהאַט משוגענערווײַז און געבענקט נאָך איר יעדע מינוט, וואָס זי פֿלעגט זי ניט זען. ס׳האָט פּאַסירט, אַז איין מאָל, אַ זומערדיקן אָוונט, ווען אַסיע האָט זײַענדיק קליין זיך אויפֿגעכאַפּט און דערזען, אַז די מאַמע איז ניטאָ, האָט זי אַרויסגעיאָגט פֿון שטוב די עלטערע שוועסטער רוטען, זי זאָל זוכן די מאַמען. אַסיע האָט אַזוי געוויינט, אַז רוטע איז דעם גאַנצן אָוונט אין איין העמד געשטאַנען לעבן שטוב, וואַרטנדיק ביז די מאַמע וועט זיך אומקערן פֿון טעאַטער.

ווען אין דער משפּחה איז אָבער צוגעקומען נאָך אַ קינד, די קליינע לילקע, האָט שוין קיינער ניט געהאַט קיין צײַט פֿאַר אַסיען. זי פֿלעגט זיך קוים אײַנבעטן, מען זאָל אויסהערן אַ נײַ ליד, וואָס זי האָט פֿאַרפֿאַסט, און בײַם טיש, ווו ס׳איז אַלע מאָל געווען טומלדיק, און ווו זי איז געווען די ייִנגסטע צווישן די דערוואַקסענע, פֿלעגט זיך איר שוין ניט אײַנגעבן קומען צום וואָרט.

האָט אַסיע גענומען זוכן זיך אַ פֿרײַנד.

באָרע? יאָ, באָרע... ער איז געווען דער נאָענטסטער און גלײַכצײַטיק ווײַטער פֿון אַלעמען. ער האָט דאָך קיין אַנונג ניט געהאַט וועגן אירע געפֿילן און איבערלעבונגען. קיין מאָל וועט זי זיך שוין ניט דערוויסן, וואָס פֿאַר אַן אָרט זי האָט פֿאַרנומען אין זײַן לעבן...

ער איז געווען אַ שווײַגער, און אַסיע האָט אָפּט מאָל געוואָלט און ניט געקענט זיך פֿאָרשטעלן, וועגן וואָס ער טראַכט שעהען לאַנג, ווען זיי פֿלעגן זײַן צוזאַמען, לערנען, אָדער נאָכן לערנען סתם זיצן אַ היפּשע ווײַלע. זי פֿלעגט עס ניט וויסן. זײַענדיק פֿון דער נאַטור לעבעדיק און באַריידעוודיק, פֿלעגט זי דאָך גרייט זיין צו זיצן אָט אַזוי, אין דער שטיל, מיט אַ פֿאַרכאַפּטן אָטעם, דאָס שווײַגן זאָל נאָר דויערן וואָס לענגער...

און מיט לאהען האָט זי זיך צונויפֿגעחברט נאָך אַ צײַט פֿריער, איידער ס׳האָט זיך אין איר דערוועקט דאָס געפֿיל צו באָרען, און איידער זי אַליין האָט עס פֿאַרשטאַנען. אַסיע האָט לאהען תיכף באַמערקט, ווי נאָר זי איז

אָנגעקומען אין גימנאַזיע. ס'איז רעכט, אַז אַסיע האָט זי אַזוי ליב באַקומען דערפאַר, וואָס לאה האָט מיט איר גאַנצן וועזן באַשטעטיקט אַסיעס טעאָריע וועגן דעם ווערט פון די באַשיידענע. דאָס מיידעלע מיטן ברייטן פּנים, מיט די געקרײַזלטע דינע צעפּלעך, פאַרפלאָכטן לענג-אויס די באַקן, מיט די זומער-שפּרענקעלעך אויף דער נאָז, דאָס מיידל, וואָס האָט זיך ניט געוואָרפן אין די אויגן און ניט געהאַט קיין דערפאָלג בײַ ייִנגלעך, האָט איר אויסגעזען צו זײַן אַ מענטש מיט אַ שטאַרקן ווילן און אײַזערנעם געדולד, וואָס איז פעיִק צו דערגרייכן יעדן ציל. לאה פלעגט טאַקע שטרעבן צו אירע צילן מיט אַן אויסדויער פון אַ דערוואַקסענעם, טאָן אַלץ גענוי און גרינטלעך. און כאָטש אין קלאַס זײַנען געווען חברה פעיִקערע פון איר, איז זי געווען די בעסטע שילערין. ליב באַקומענדיק לאהען, פלעגט אַסיע אויסגעפינען אין איר אַלץ נײַע מעלות — חן אין איר שמייכל, מילדקייט אין איר רויִקער געלאַסנקייט. אַסיע מיט איר נייגונג צו גוזמאַדיקן התפעלות און אָפּטימיזם, האָט גאָר ניט געצווייפלט, אַז די פרײַנדשאַפט איז קעגנזײַטיק, אַז אויך לאה האָט זי אַזוי ליב. זי האָט ניט באַמערקט, פון ווען אָן לאה האָט זיך צו איר אָפּגעקילט, געוואָרן אָפּגעפרעמדט, און וואָס ווײַטער — אַלץ מערער. ערשט שפּעטער האָט זיך אַסיע געכאַפּט, וואָס איז די סיבה . זי האָט באַמערקט, אַז אויך לאהען געפעלט באָרע און אַז זי זוכט אַ געלעגנהייט מיט אים אַ שמועס צו טאָן.

איצט איז שוין באָרע ניטאָ. מיט לאהען האָבן זיי זיך שוין מער ניט דערנענטערט, אָבער זיך אויך ניט געקריגט -- געחברט ווי מיט אַלעמען. איז פאַר וואָס עפּעס הײַנט אַזאַ חלום?...

## אַ באַגעגעניש

... — אַרעסטירטע ווײַסבערג, אַדעלסקע, פלאַקס! איר האָט באַקומען בריוו.

— הוראַ! — ענדלעך!

אַהיים האָבן זיי געהאַט אַוועקגעשיקט קאַרטלעך, ווי נאָר מען האָט עס

זיי דערלויבט. מען האָט זיי געוואָרנט, אַז אויב זיי ווילן, די קאַרטלעך זאָלן דערגיין, זאָלן זיי ניט שרײַבן קיין איבעריקס. די מיידלעך האָבן זיך געבראָכן דעם קאָפּ, ווי מיטצוטיילן די נאָענטע זייערע נײַעס. ווער ווייסט, צום בײַשפּיל, צי מען מעג שרײַבן, אַז מע האָט זיי אַרײַנגעזעצט אַלע צוזאַמען? אויף יעדן פֿאַל האָט אַסיע געשריבן: "מיר טיילן אונדזערע פֿליכטן: איך פֿאַרנעם זיך מיטן עסן, רבקה ראַמט, לוסיע שוועקט אָפּ דאָס געפֿעס". אויסער דעם האָט זי געבעטן צושיקן שוואַרצע און ברוינע שוואַקס, ווײַל בײַ לוסיען זײַנען שוואַרצע טופֿל, און בײַ איר מיט רבקהן — ברוינע.

און אָט שרײַבט איצט די מאַמע: "ווען מיר האָבן איבערגעלייענט וועגן דעם שוואַקס, איז אונדז לײַכטער געוואָרן אויפֿן האַרצן, און דער פּאַפּע איז מסתמא צום ערשטן מאָל, זינט דער גאַנצער צײַט, רויִק אײַנגעשלאָפֿן. ביז דעם מאָמענט פֿלעגט ער אײַנדרעמלענדיק זיך אויפֿרײַסן פֿון שלאָף, אָדער שלאָפֿנדיק שווער זיפֿצן און שעפּטשען: "אולינקע, אולינקע..."

דער צערטלעכער נאָמען, מיט וועלכן דער טאַטע פֿלעגט זי רופֿן... מיט אַ מאָל האָט אַסיען פֿאַרדריקט בײַם האַרצן. זי האָט זיך דערמאָנט וועגן טאַטנס שווערן לעבן: כמעט קיין איין רויִקע נאַכט.. קיין איין נאַכט, מע זאָל אים ניט אַרויסשלעפּן פֿון בעט צו אַ קראַנקן קינד. און איצט — דערצו נאָך די צרות, דער שאַרפֿער אומרו וועגן איר, אַסיען...

נאָך די בריוו האָט מען געבראַכט שפּײַזפּעקלעך.

די אויגן האָבן בײַ די מיידלעך געגלאַנצט, ווען זיי האָבן עס פֿונאַנדערגעוויקלט: ווײַס ברויט, געגנדזענע שמאַלץ מיט גריבענעס, עפּל. ערשט איצט האָבן זיי פֿאַרטרויט איינע דער אַנדערער, ווי עס הונגערט זיי.

בײַ טאָג איז פֿאָרגעקומען נאָך אַן אומדערוואַרטע געשעעניש. מען האָט זיי פֿון אין דער פֿרי אָן ניט אַרויסגעפֿירט אויפֿן תּפֿיסה-הויף און זיי האָבן געמיינט, אַז הײַנט וועט מען זיי שוין ניט פֿירן אויפֿן שפּאַציר. די סיבה איז געווען, וואָס די נײַע תּפֿיסה-וועכטערין האָט ניט באַרעכנט די צײַט און פֿאַרלעצט דעם טאָג-רעזשים. ווען זי האָט, ענדלעך, אַרויסגעפֿירט די מיידלעך, האָבן זיי זיך אויף די טרעפּ געטראָפֿן מיט אַ גרויסער גרופּע פֿרויען, פּאָליט-אַרעסטירטע. ס'האָבן זיך אַ שאָט געטאָן פֿראַגעס: ווער? פֿאַר וואָס? אויף וויפֿל צײַט? ס'האָט זיך אָבער כמעט גאָרניט אײַנגעגעבן צו דערוויסן: די וועכטערין האָט געלאָזן אין גאַנג דאָס בינטל שליסלען. די

קלעפּ, וואָס זײַנען געפאַלן , דאָס רוב אויף יענע, אויף די עלטערע, האָבן שנעל פונאַנדערגעטײלט יעדע גרופּעס. און דאָך האָט די פריידיקע אויפרעגונג, וואָס האָט באהערשט אַסיען, לוסיען און רבקהן, זיי באַפליגלט און דערמונטערט, זיי האָבן שוין מער וועגן גאָרניט געקענט קלערן. זיי האָבן געוווּסט, אַז ערגעץ דאָ דערבײַ, אין אַ גרויסער קאַמער, זיצן קאַמפּס-חברים און אַז זיי , די עלטערע חברטעס, האָבן זיך איצט דערוווּסט וועגן זייי דרײַ, און דאָס הייסט — ס׳וועט זײַן אַ קאָנטאַקט.

נאָכן אומדערוואַרטן צוזאַמענטרעף מיט אמתע רעוואָלוציאָנערן, האָבן זיך זייערע געדאַנקען אָפּגעריסן פון דער ענגער וועלט, פון די אייגענע געפילן און איבערלעבונגען. אומקערנדיק זיך פון שפּאַציר, האָבן זיי שוין וועגן קיין אַנדער זאַך ניט געקענט ריידן, אויסער פּאָליטיק, קאַמף און זייער אייגענעם אָנטייל דערין.

איצט, דאָ אין תפיסה, האָט זיך אַסיע ווידער דערמאָנט וועגן זייער אַלגעמיינעם שטורמישן פאַרלאַנג שוין איצט, צו די פופצן יאָר זייערע, טאָן מערער, ווי מען האָט געטאָן, מען זאָל אַליין פילן, אַז מען האָט אויפגעטאָן לטובת דער אַרבעטער־זאַך עפּעס וויכטיקס.

אַסיען האָט זיך דאַן געדאַכט, אַז מער פון אַלעמען וויל עס באָרע. יעדעס מאָל, ווען מע פלעגט ברענגען אַ פרישע צײַטונג מיט גרויסע קעפּלעך וועגן פּראָצעסן פון קאָמוניסטן אין פּוילן, אָדער וועגן אַ נײַעם שטרײַק, פלעגט ער עס זשעדנע לייענען, שנעל איבערקערנדיק די זײַטן. באָרע האָט שווײַגנדיק געליטן פון אומגעדולד און געטורעמט וועגן דער צײַט, ווען ער וועט ענדיקן די שול און גיין אַרבעטן אין אַ פאַבריק, ווו ער וועט קענען קעמפן צוזאַמען מיט די אַרבעטער. ער איז געווען איבערצײַגט, אַז אין יעדן גימנאַזיסט שטעקט אַ "צעפוילט אינטעליגענטל" ("איך פיל דאָס לויט זיך" — פלעגט ער זאָגן), און אַז פטור ווערן דערפון קען מען נאָר, שיידנדיק זיך איין מאָל פאַר אַלע מאָל מיט דער אינטעליגענטישער סביבה.

אַסיע פלעגט אים כמעט ניט דערווידערן. זײַן פאַרלאַנג זיך אײַנצוגלידערן אין די רייען פון פּראָלעטאַריאַט איז געווען צו גרויס. ס׳איז איר אָבער געווען אַ שאָד, וואָס ער, אַזאַ פעיִקער, וועט ניט גיין לערנען. אויסער דעם האָט זי געצווייפלט, צי וועט ער געפינען אַרבעט, און אויך — צי מען מעג פאַרנעמען עמעצנס אַן אָרט, ביז ס׳איז ניטאָ אין דעם

קיין באַזונדערע נויטווענדיקייט. אַרום זײַנען דאָך געווען אַזוי פיל אַרבעטסלאָזע! יעדעס מאָל, ווען זי פלעגט קלערן וועגן זיי, פלעגט איר ווידער אויפשטיין פאַר די אויגן דער שכן פון קעלער — וולאַדעק, וועלכער גייט שוין טאָג-אײַן טאָג-אויס, דעם פערטן יאָר, אויף דער אַרבעטס-בערזע אויף סובאָטש-גאַס. זעלטן ווען קריגט ער טאָגאַרבעט בײַם ברוקירן אַ גאַס. דאָס רוב איז עס אַן אומזיסטער גאַנג, ער קומט אַהיים מיט ליידיקע הענט. און הענט האָט ער גאָלדענע!

ערב נײַ־יאָר 1937 האָט באָרע מיט אַ מאָל אויפגעלעבט, געוואָרן פריילעכער. נאָך אומגעדולדיקער ווי פריער פלעגט ער בלעטערן די צײַטונגען. ס'איז קלאָר געווען, אַז ער האָט עפּעס אין זינען. וואָס אַ שטייגער — האָט אַסיע ניט געוווּסט. מיט איר האָט ער וועגן דעם ניט גערעדט. אָבער דאַנילינקע און די יינגלעך האָבן געוויס געמוזט וויסן. זיי פלעגן זיך אָפט צונויפקלײַבן און וועגן עפּעס זיך באַראַטן. צונויפקומען פלעגן זיי זיך ביי דאַנילינקען, אין דעם צימער מיט די צוויי אײַזערנע בעטן — דאַנקעס און זײַן ברודערס אימקעס — מיטן פשוטן, בלויז אָפּגעהובלטן און ניט באַפּאָרבענעם טיש און מיטן אַלטן אַלמער, וואָס איז געשטאַנען ניט גלײַך, נאָר אוקאָסנע צו דער וואַנט, אַזוי אַז הינטער אים איז געבליבן אַ פרײַ ווינקל. אין ווינקל איז געווען פול אָנגעוואָרפן ביכער, און דער טיש — פאַרשריבן מיט ציפער און פאַרגאָסן מיט טינט. אין דעם צימער האָט מען געקענט טומלען, גריבלען זיך אין ביכער, לייזן מאַטעמאַטישע אויפגאַבעס, שרײַבנדיק גלײַך אויפן טיש, אויב אונטער דער האַנט איז ניט געווען קיין העפט; טאָן אַלץ, וואָס דאָס האַרץ גלוסט. האָבן זיך טאַקע די יינגלעך אין ערגעץ ניט געשפּירט אַזוי פרײַ ווי דאָ.

דאָ, בײַ דאַנילינקען, האָבן זיי געהאַט אַ מאַפּע פון שפּאַניע, אויף וועלכער זיי פלעגן אָפּמערקן מיט פענדלעך יעדן שריט פון דער רעפּובליקאַנישער אַרמיי. לויט דעם אָנגעשטרענגטן אומגעדולד, אין וועלכן באָרע האָט די לעצטע צײַט געלעבט, האָט אַסיע זיך אָנגעשטויסן וועגן וואָס ער קלערט, צו וואָס ער שטרעבט אַזוי לײַדנשאַפטלעך. יעדע ידיעה וועגן פאַרלוסטן פון די רעפּובליקאַנער, וועגן אַ נײַער מפּלה אין זייער קאַמף, פלעגט וואַרפן אַ שאָטן אויף זײַן פּנים. אַלע פלעגן עס שווער איבערלעבן, אָבער ער פלעגט זײַן ממש פאַרצווייפלט. ער האָט

אומגעדולדיק געוואַרט אויף דער מינוט, ווען ער וועט ווערן אַ ביסל עלטער. ער האָט דערויף אויסגעקוקט פון זעלבן טאָג, ווען ער האָט זיך דערוווּסט וועגן די ערשטע פּריווילעגיעס, וואָס זײַנען פון זייער שטאָט געפאָרן קעמפן אין שפּאַניע.

ער האָט זיך אָבער ניט דערוואַרט. און ניט דערפאַר, וואָס די לאַגע אין שפּאַניע איז געוואָרן אַלץ ערגער, און די מלחמה האָט זיך סוף־כל־סוף געענדיקט טרויעריק פאַרן שפּאַנישן פאָלק...

— אַסיע, ווי איז עס פאָרגעקומען מיט באָרען?

אַ מאָדנע זאַך, אַז לוסיע האָט געשטעלט די פראַגע דווקא אין דער זעלבער מינוט, ווען אַסיע האָט וועגן דעם געקלערט. צי אפשר האָט זי געטראַכט אויף אַ קול...

— ער איז דאָך געווען אַזאַ פעסטער. זומער האָט ער נאָך פאַרנומען דאָס ערשטע אָרט אינעם שווימפאַרמעסט... — האָט זיך רבקה דערמאָנט.

... יאָ, זומער האָט ער נאָך אויסגעזען געזונט...

געווען איז עס יענער זומער, ווען דער קלאַס איז נאָכן לעצטן גלעקל אַוועק אויף אַ דרײַטאָגיקן שוללאַגער. זי, אַסיען, האָט מען באַשטימט אַלס הויפּטקעכין און געגעבן פינף מאַן צו הילף, צווישן זיי אויך באָרען. די איבעריקע זײַנען אַוועק זיך באָדן. מען האָט געקאָכט יונגע בוריקלעך, און ס׳האָט עפּעס ניט געהאַט קיין ייִדישן טעם, כאָטש אַסיע האָט אַרײַנגעלייגט זויערזאַלץ, און אַרײַנגעקוועטשט אַ גאַנצן ציטרין, און אויך אַרײַנגעגאָסן אַ העלפט פון דער סמעטענע, וואָס זי האָט אין דער פרי געקויפט אינעם שטעטל אויפן מאַרק, פאַר אַלעמען אויף אָוונטברויט. אַלע זעקס — זי און די פינף באַהעלפערס — האָבן איינער נאָכן אַנדערן געקוועטשט מיט די פּלייצעס... נאָך דעם, בײַם טיש, האָבן זיך חברה אויפגעפירט מאָדנע איידל, זיך ניט געזידלט, ניט קריטיקירט. אפשר דערפאַר, האָט אַסיע געטראַכט, ווײַל מיר האָבן געקאָכט, און זיי האָבן זיך געבאָדן? אָבער די בוריקלעך האָט מען קוים געגעסן און העפלעך אָפּגעזאָגט זיך פון אַ צוגאָב. אַלע האָבן בלויז ענערגיש געכאַפּט מיט די גאָפּלען די שטיקלעך קאַרטאָפל פונעם טאָפּ, פון וועלכן אַסיע האָט פאַרגעסן אָפּצוגיסן דאָס וואַסער. בלויז צוויי האָבן געגעסן ענערגיש, מיט אַפּעטיט: דאַניע דער גרויסער (געווען נאָך אַ דאַניע דאָ, אין רעאַל־גימנאַזיע, אין זייער קלאַס), און די לערערין, וואָס איז געווען

מיט זיי אויף דער עקסקורסיע. דאָס איז גראָד געווען די לאַטיניסטקע „בערטע די שלאַנג״, וועלכע האָט נאָך דעמאָלט אין פּאָלקסשול זיי געגרייט צום עקזאַמען און מיט וועלכער ס׳איז דאַן פּאָרגעקומען דער שלימזלדיקער קאָנפליקט. ערשט איצט, בעת דער עקסקורסיע, האָבן זיי דערשפּירט, ווי וויל זי איז, ווען זי מוז אויף זיי ניט שרײַען צוליבן לימוד, וואָס איז זיי נמאס און מיאוס געוואָרן.

אַסיע האָט געקוקט אויף איר און אויף דאַניען מיט דאַנקבאַרע אויגן. זי איז גרייט געווען זיי צעקושן, און בלויז דאַן, ווען דאַניע דער גרויסער האָט ענדיקנדיק דעם באַרשטש, געזאָגט „ס׳איז גוט, ס׳איז אָבער, דוכט זיך, וויניקלעך זאַלץ״ האָט אַסיע פאַרשטאַנען, וואָס איז דאָ די מעשה — זי האָט פּשוט פאַרגעסן די זופּ צו באַזאַלצן.

...—זומער איז נאָך באָרע געווען מיט אונדז אינעם לאַגער — האָט זי דערציילט די מיידלעך. — אין האַרבסט האָבן מיר אָנגעהויבן צו רעפּעטירן „טוביה דער מילכיקער״. באָרע האָט געזאָלט שפּילן טוביהן. איין מאָל, ווינטער, דאָס איז געווען אַ פרײַער טאָג, האָט מען אומדערוואַרט באַשטימט אַ רעפּעטיציע — איינע פון די לעצטע פאַר דער פאָרשטעלונג. מיר זײַנען אַוועק נאָך באָרען צו אים אַהיים. ער האָט זיך געקליבן גיין אויף נאַרטעס. יעדן שבת פלעגן זיי גיין זאַלבע דריט — דער טאַטע און ער מיטן ברודערל — און באָרע האָט זיך אָפּגעזאָגט מיטצוגיין מיט אונדז אויף דער רעפּעטיציע. מיר האָבן זיך געוווּנדערט, וואָס ער דערלויבט זיך אַזוינס, גענומען אים אײַנריידן, אין כעס געוואָרן. עמעצער איז אַרויס, אַ קלאַפּ געבנדיק מיט דער טיר. באָרע האָט זיך אײַנגעעקשנט, און זײַן פאָטער האָט אויף אים אַ געשריי געטאָן — אַ זאַך, וואָס קיינער האָט קיין מאָל ניט געהערט. איך געדענק, אַז איך האָב זיך דאַן אויפגערעגט, אָבער גלײַכצײַטיק — איר וועט מיר גלייבן, מיידלעך? — האָט מיך אַרומגעכאַפּט אַ מאָדנער געפיל, עפּעס אַ מין שאָדנפרייד, וואָס באָרע טוט עפּעס ניט אַזוי ווי ס׳באַדאַרף צו זײַן. ער איז געווען צו אידעאַל, צו גראָדליניק...

דערנאָך איז פּאָרגעקומען די פּרעמיערע אין אַן אמתן טעאַטער-זאַל מיט אמתע קאָסטיומען. איר געדענקט דאָך, ווי ער האָט געשפּילט! אָבער דאַן איז ער שוין געווען קראַנק... דערפאַר איז זײַן פּנים געווען מאָגער, ווי פאַרעלטערט, פון די אויגן האָט אַרויסגעקוקט טוביהס מילדע,

אויסגעמאַטערטע נשמה... איר געדענקט באָרקעס אויגן בעת דער פאָרשטעלונג?

אַסיע האָט זיך פאַרטראַכט. זי האָט זיך דערמאָנט, אַז נאָך פאַר דער פאָרשטעלונג האָט ער אָנגעהויבן אָפט קרענקען. אפשר איז דערמיט געווען פאַרבונדן יענעם טאָג פון דער רעפּעטיציע זײַן פאַרלאַנג ארויסצורײַסן זיך אויף דער פרײַער נאַטור, אויפן שניי מיט די נאַרטעס, אויף וועלכע ער פלעגט אַזוי געניט אַראָפּפאָרן פון די העכסטע בערג? אפשר האָט ער געפילט אַ שאַרפע נויטוועגדיקייט זיך צו דערשפּירן פרישער, שטאַרקער, געזינטער?

די לעצטע חדשים פון זײַן לעבן איז באָרע געוואָרן נאָך שווײַגעוודיקער ווי געוויינטלעך. איין מאָל, ווען זיי — ער מיט אַסיען — האָבן שוין אָפּגעמאַכט די לעקציעס און זײַנען נאָך אַ ווײַלע געזעסן צוזאַמען, האָט אַסיע אָנגעהויבן עפּעס דערציילן. זי האָט ניט גלײַך באַמערקט, אַז ער זיצט און קוקט אין פענצטער. ס'איז איר געוואָרן אומהיימלעך, זי האָט אַ קלער געטאָן, אַז אים איז מיט איר ניט אינטערעסאַנט און האָט עס אים געזאָגט.

— קלער ניט קיין מאָל וועגן דעם, צי יענעם אינטערעסירט דאָס וואָס דו רעדסט — האָט ער געענטפערט. — רייד וועגן דעם, וואָס דיך גייט אָן, וועט דעם אַנדערן אויך זיין אינטערעסאַנט. און דאָס, וואָס איך שווײַג...ווייסט דאָך, ס'איז בײַ מיר אַזאַ טבע.

אַ טבע... און אפשר האָט אים שטאַרק וויי געטאָן, און ער האָט עס געוואָלט פאַרבאָרגן פאַר מענטשן?

... ס'איז געווען אָנהייב פרילינג. אויף די גאַסן איז נאָך געווען פול שניי, אָבער די זון האָט שוין באַשטראַלט דעם גאַנצן אַרום, און דער שניי האָט געפינקלט מיט טויזנטער בריליאַנטן, וואָס האָבן געבלענדט די אויגן. די לופט האָט ווונדערלעך געשמעקט. דער פרילינג האָט געררייצט און פאַרשיכורט, אין אַסיעס מוח האָבן זיך אויפגעוועקט באַפליגלטע ווערטער, וועלכע האָבן זיך פאַראייניקט אין שורות און סטראָפעס. זי האָט ניט באַמערקט, ווי זי איז געקומען אַהיים. שנעל איז זי אַרויפגעלאָפן אויף די טרעפ, אַראָפּגעוואָרפן דעם מאַנטל, געכאַפּט אַ בלײַער און פאַפּיר, אַרויפגעשפּרונגען מיט די פיס אויף דער קאַנאַפּע און גיך אויף די קני פאַרשריבן דאָס ליד. עס איז געבוירן געוואָרן גלײַך — אַ לײַכטס, אַ

פינקלדיקס, אַ פּרילינגדיקס. ס׳האָט זיך איר פאַרוואָלט גלײַך, מאָמענטאַל עס עמעצן איבערלייענען. אין שטוב איז אָבער קיינער ניט געווען און זי איז אַוועקגעלאָפן צו באָרען.

ער האָט עס אויסגעהערט און געזאָגט:

— ס׳האָט זיך גוט באַקומען. אין דעם ליד ביסטו אויסן אויג.

אויסער זיך פון פרייד האָט זי אַ קוק געטאָן אויף באָרען מיט גליקלעכע אויגן, אויפגעכאַפּט זײַן בליק, אַ קלער געטאָן, אַז ער איז קראַנק און פאַרביסן אַ ליפּ.

אין גיכן פלעגט ער שוין כמעט ניט אויפשטיין פון בעט און חברה פלעגן אַלע צוזאַמען גיין צו אים, ציילן זײַן פּולס (מען האָט גראָד געלערנט אַנאַטאָמיע), פלעגן זיך באַמיען צו פאַרווײַלן אים מיט קאָמישע שול-געשיכטעס. אָבער באָרע פלעגט זעלטן שמייכלען און די חברים פלעגן אומרויִק קוקן אויף זיין אויסגעדאַרט פנים, אויף די פאַרזאָרגטע פנימער פון די שטוביקע.

אַלע האָבן געגלויבט און געהאָפט, אַז ער וועט זיך פאַרריכטן. אָבער ס׳איז אים געוואָרן אַלץ ערגער און ערגער, און מען האָט אים אָפּגעלייגט אין שפּיטאָל. דאַן פלעגט דער קלאַס אין אַן אָפּגערעדטער צײַט קומען אויפן שמאָלן אָרט פון זאַוואַלנע-גאַס, וווּ פון איין זײַט איז געשטאַנען די כאָרשול, און פון דער אַנדערער — דער נידעריקער בנין פונעם יידישן שפּיטאָל. מען פלעגט זיך אַוועקשטעלן קעגן איבער באָרעס פענצטער און וואַרטן אויף אים. ער פלעגט אויפשטיין פון בעט, עפענען די פאָרטקע און ריידן מיט די חברה אַזוי לאַנג, כל זמן ער פלעגט זיך קענען האַלטן אויף די פיס.

— שפּעטער האָט ער שוין ניט געקענט אויפשטיין, און מיר פלעגן אומזיסט וואַרטן אַנטקעגן די פענצטער פון זיין פּאַלאַטע — האָט אַסיע דערציילט די מיידלעך. — נאָר איין מאָל האָט מען מיך אַרײַנגעלאָזט צו אים אין שפּיטאָל. באָרע איז געלעגן אַ בלייכער, מיט אײַנגעפאַלענע באַקן. די אויגן זײַנען געווען נאָך גרעסער און נאָך העלער. און געקוקט האָט ער מיט עפּעס אַן אומדערטרעגלעכער מידער קלוגשאַפט, כמעט ווי אַן אַלטער מענטש.

— דיר טוט זייער וויי? — האָט דאַן געפרעגט אַסיע.

ער האָט געענטפערט שטיל:

— ניין, ס׳איז צו דערלײַדן... זאָג דער מאַמען, אַז איך שפּיר זיך גאָר נישקשה...

באָרע האָט קיין זאַך ניט געקענט עסן. מען פלעגט אים נאָר געבן טרינקען. אַסיע האָט געבראַכט פּאָמעראַנצן, אויסגעקוועטשט דעם זאַפט און געגעבן אים מיט אַ לעפעלע. באָרע האָט געהאָרכזאַם געטרונקען און אַסיען האָט באַהערשט אַ מאָדנער צאַרטער געפיל דערפון, וואָס זי קען אים קאָרמענען ווי אַ קינד.

— ס׳איז אמת, אַז די דאָקטוירי׳ם האָבן ניט געקענט פעסטשטעלן, וואָס אים איז? — האָט געפרעגט רבקה.

— יאָ. אָבער ווען ער האָט שוין אַזוי לאַנג ני׳ט געקענט עסן, האָט מען באַשלאָסן אים דרינגענדיק צו אָפּערירן און אַריבערגעפירט אים אין אַן אַנדער שפּיטאָל, אין משמרת־חולים. מיר זײַנען אַלע געשטאַנען צונויפגעדריקט אין אַ ווײַטן ווינקל פון אַרײַנגאַנג, אונטן, נעבן די טרעפּ, און געזען, ווי ס׳איז געקומען און אַרויף אויף זיי דער באַרימטער כירורג זאַרצין, אַ פעסטער מאַנצביל מיט אַ רויטן פּנים און וואָנצעס; ס׳זיינען אים נאָכגעגאַנגען אַנדערע דאָקטוירים און קראַנקן־שוועסטער. מײַן טאַטע איז דאָרט אויך געווען. מיר זײַנען שטיל געשטאַנען אין אַ זײַט, מען זאָל אונדז ניט אַרויסיאָגן. באָרעס עלטערן זײַנען געזעסן אוי׳ף אַ באַנק בײַ די סאַמע טרעפּ און די מאַמע זײַנע פלעגט יעדעס מאָל, ווען עמעצער פלעגט אַרונטערגיין, אויפשפּרינגען פון אָרט. מײַן טאַטע איז אַראָפּ, בעת דער כירורג איז שוין געווען אונטן און גערעדט מיט באָרעס טאַטן.

— איך שטעל זיך פאָר, וואָס דאָס הייסט — מיטטיילן אַזוינס אַ פאָטער...

— ווען איך בין צוגעלאָפן צו מײַן טאַטן, איז אין זײַן בליק געווען אַזוי פיל טרויער, אַז איך האָב שוין גאָרניט געדאַרפט פרעגן. ער האָט מיט די אייגענע אויגן געזען דעם אָנוווקס, די סאַרקאָמע, וואָס האָט אומגעבראַכט דעם ייִנגל...

נאָך דער אָפּעראַציע האָט אַסיע נאָך איין מאָל געזען באָרען. ער איז געלעגן אין אַ באַזונדערער קליינער פּאַלאַטע. ביז דער טיר האָט זי באַגלייט זײַן מאַמע. ״האַלט זיך!״ — האָט זי געזאָגט — ״ווײַז ניט אַרויס, אַז דו האָסט זיך דערשראָקן!״ זי, באָרעס מאַמע, האָט עס געזאָגט...

ער איז געלעגן גאָר אַ דורכזיכטיקער און געקוקט מיט ברייט-צעעפנטע, כמעט ווײַס-געוואָרענע אויגן; געקוקט אין דער ווײַט, און זײַן אויסגעטריקנטע דאַרע האַנט איז הילפלאָז אַראָפּגעהאַנגען פון בעט.

צי האָט ער דאַן געזען אַסיען? צי אפשר שוין קיין זאַך ניט געזען? און צי האָט ער נאָך וועגן עפּעס געקלערט? זי איז געשטאַנען, צונויפגעדריקט די ציינער, געזוכט וואָס אים צו זאָגן, און ענדלעך געפונען: נעמענדיק זײַן לעבנסלאָזע האַנט אין אירער, האָט זי אַ זאָג געטאָן: "אונדזערע האָבן אַרויסגעשטויסן די פאַשיסטן פון מאַדריד". דאָס איז געווען ניט אמת, זי האָט עס אין דער מינוט אויסגעקלערט, ווײַל זי האָט אים געוואָלט מיט עפּעס דערפרייען. איר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז זײַן האַנט האָט קוים באַמערקבאַר אַ דריק געטאָן אירע; הייסט עס, אַז ער האָט אפשר געהערט און פאַרשטאַנען... ניט זײַענדיק בכוח מער צו קוקן אויף באָרען און פאַרבאָרגן איר צער, איז אַסיע אַרויס פון דער פּאַלאַטע.

— אויף צו מאָרגנס נאָך יענעם טאָג איז ער געשטאָרבן. איר געדענקט דאָך... מיר זײַנען געווען אין שול, געזעסן אין לאַבאָראַטאָריע, ס׳איז געווען כעמיע. מיט אַ מאָל האָט זיך געעפנט די טיר, ס׳איז אַרײַן אַן אַנדער לערער, אָנגעהויבן ריידן מיט אַ פאַרדעמפטער שטים... מיר האָבן אַלץ פאַרשטאַנען. אָבער מיידלעך, איר וועט ניט גלייבן, איך האָב אין דעם מאָמענט גאָרניט געשפּירט. דאָס איז געווען שרעקלעך... איך האָב זיך אפילו ניט געקענט פונאַנדערוויינען...

קיין מאָל וועט אַסיע ניט פאַרגעסן די פאַרגליווערטקייט, וואָס האָט זי דאַן באַהערשט. זי איז געזעסן אין אַ ווײַטן ווינקל, לעבן אַ שאַפע מיט קאָלבעס. זי האָט געוואָלט זיך באַהאַלטן נאָך ווײַטער, הינטער דער שאַפע, קיינער זאָל זי ניט זען און זי קיינעם. זי האָט געוואָלט, ס׳זאָל איר ווי טאָן, זי האָט פאַרקוועטשט די האָר אין אַ פויסט, גענומען ציִען — גאָרניט. ס׳איז אפילו ניט געווען דער דורכדרינגלעכער גרויל, וועלכער האָט זי אַרומגעכאַפּט נעכטן אין שפּיטאָל. אַ טעמפּע געליימטקייט...

דערנאָך איז געווען די לוויה. מאַסן מענטשן האָבן פאַרפלייצט די גאַסן ס׳האָט אויסגעזען, ווי די גאַנצע יידישע ווילנע וואָלט באַגלייט באָרען. און ווידער האָט אַסיע קיין זאַך ניט געפילט, ווי זי וואָלט פאַרגליווערט געוואָרן און וואָלט שוין בכלל ניט אימשטאַנד געווען צו שפּירן קיין ווייטיק. מענטשן

האָבן געטרויערט און געוויינט, און זי האָט ניט געקענט וויינען, נאָר אינעווייניק האָט זיך בײַ איר אַלץ אײַנגעשרומפּן.

ניט דאָס מאָל און ניט שפּעטער, ווען זי פלעגט קומען אויפן בית-עולם, האָט זי ניט געפילט קיין פאַרבינדונג צווישן באָרען און דעם בערגל, ווו ער איז געווען באַערדיקט. און ס'פלעגט זי ווידער באַהערשן דאָס מאָדנע געפיל פון פאַרגליווערטקייט. ווערנדיק גלײַכגילטיק צו קברים, האָט זי אויפגעהערט אַהין צו גיין, און געלאָזט לעבן איר חבר אין איר האַרצן, אין אירע מחשבות. אַלץ, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט אים, האָט זיך אַזוי טיף אײַנגעוואָרצלט אין איר נשמה, אַז צײַטנווײַז פלעגט עס בולט אויפלעבן און אויסדוכטן זיך צו זײַן ביז גאָר רעאַל.

...נאָך אַסיעס דערציילונג האָבן די מיידלעך אַ צײַט געשוויגן. דערנאָך האָט רבקה אַ זיפץ געטאָן:

— כאָטש באָרע איז שוין ניטאָ, דאַכט זיך מיר, אַז איך האָב זיך אויך פאַרליבט אין אים. ביז אַהער האָב איך ניט געוווּסט, ווי דאָס איז, ווען מע האָט ליב. איצט ווייס איך שוין...

## אויף דער פרײַ

אין דרויסן איז געשטאַנען אַ קאַלטער דעצעמבער. די טעג פלעגן זײַן אַלץ קירצער, אָבער די מיידלעך האָבן זיי זיך אויסגעדאַכט צו זײַן לאַנג אָן אַ סוף. אַסיע, רבקה און לוסיע האָבן קיין אַנונג ניט געהאַט, וויפל זיי וועלן אַזוי זיצן אין טורמע און וואָס ד'ערוואַרט זיי אין דער צוקונפט. מיט די פּאָליט-אַרעסטירטע האָט זיך זיי נאָך אַלץ ניט אײַנגעגעבן צו פאַרבינדן. מען האָט דערויף שטרענג אַכטונג געגעבן.

... אַסיען האָט איצט כסדר געמאַטערט די שלאָפלאָזיקייט. קיין שום זאַך — ניט די בלאַסע לבנה-שײַן, ניט דאָס ציילן ביז הונדערט, ביז טויזנט, ביז צען טויזנט — האָט ניט געקענט אײַנמידן איר מוח און אים אײַנשלעפערן. אין דער טיפער שטילקייט פלעגט נאָך בולטער אַרויסטרעטן די קלאָרקייט פון באַוווּסטזײַן, וועלכע איז שוין איצט געוואָרן אַזוי איבעריק און

אומדערטערגלעך אין די לאַנגע נאַכט-שעהען. אַסיע פלעגט אומגעדולדיק וואַרטן אויפן פרימאָרגן, ווײַל ס׳האָבן שוין ניט געקלעקט ניט קיין דערינערונגען, ניט קיין מחשבות אויסצופילן די נאַכט. די צוקונפט האָט צוליב דער אומקלאָרקייט פון זייער לאַגע אויסגעזען, ווי אַ פינצטערער תהום. אַ מאָל פלעגט אַסיע זיך דערמאָנען, אַז זיי זיצן קוים אַ חודש. און זי פלעגט זיך אַליין ביטער מוסרן, אַז ניט אויף לאַנג האָט איר געקלעקט אויסדויער און אָפּטימיזם. אָבער ס׳פלעגט קומען דער פרימאָרגן, און אויפן האַרצן פלעגט ווערן לײַכטער.

די מיידלעך זײַנען מקנא געווען זייערע חברים, די יאַטן, וואָס זיצן, ווײַזט אויס, אַלע צוזאַמען און וואָס האָבן שוין געוויס אײַנגעשטעלט אַ פאַרבינדונג מיט אַנדערע פּאָליט-אַרעסטירטע.

— מיידלעך, שטעלט זיך פאָר, אַז מען פירט אונדז אַריבער אויף לוקישקעס. אוי, וואָלט דאָס געווען אַ פרייד! — האָט געטרוימט אַסיע.

זיי האָבן ניט געצווייפלט, אַז דאָרט וואָלטן זיי געפונען אַ פאַרבינדונג מיט די ייִנגלעך און מיט דער גאַנצער תפיסה-קאָמונע, ווײַל דאָרט, אויף לוקישקעס, זיצן דאָס רוב פּאָליטישע.

זיי האָבן ניט באַמערקט, ווי ס׳האָט זיך געעפנט די טיר און מען האָט אויסגערופן:

— פלאַקס, אַדעלסקע, ווײַסבערג! קלײַבט צונויף די זאַכן!

— מיידלעך, צי דען פירט מען אונדז טאַקע אַריבער אַהין?!

— אַסקע, דו ביסט אַ נביאה, האָסט ניט באַוויזן אַרויסצוריידן...

— וואַרט צו, פריי זיך ניט, אפשר פירט מען אונדז גאָר אַריבער אין אַן אַנדער קאַמער.

— אפשר אין אַן אַלגעמיינער, צו די פּאָליטישע?

— איר זײַט פּאַרטיק? גייט אַרויס!

די אויפזעערין האָט זיך אַרומגעקוקט, געוואָרפן אַ בייזן בליק אויף די מיידלעך, ווײַזט אויס געווען אומצופרידן מיט דעם, ווי ס׳איז אויפגעראַמט, און איז אַרויס גלײַך נאָך זיי.

מען האָט זיי געפירט דורך ענדלאָזע קאָרידאָרן, ביז מען איז אַרײַן אין אַ גרויסן ליכטיקן צימער — אין דער תפיסה-קאַנצעלאַריע. דאָ האָט מען לאַנג, ניט געאײַלט, געשריבן פּאָרמולאַרן. וויפל קען מען עס שרײַבן?!

ענדלעך האָט אַ באַאַמטער געגעבן יעדער פֿון זיי אַ צעטל אין האַנט און געזאָגט:

— מער זאָלט איר ניט אַרײַנפֿאַלן. — און צוגעגעבן, ווענדנדיק זיך צו דער אויפֿזעערין — פֿירט זיי אָפּ ביז צום טויער.

הינטערן טויער האָבן שוין אויף זיי געוואַרט זייערע נאָענטע. אַסיע, פֿאַרבלענדט פֿונעם ליכטיקן שניי, פֿון די זונשטראַלן, פֿאַרשיכורט פֿון דער פֿרישער ווינטערדיקער לופֿט, האָט שוין ווענן קיין זאַך ניט געקענט קלערן, זי איז אַרײַנגעפֿאַלן אין דער מוטערס אָרעמס:

— מאַמע, מאַמינקע מײַנע!

וואָס פֿליסן אַזוי די טרערן? דעם גאַנצן חודש האָט זי דאָך קיין מאָל ניט געוויינט, און איצט קען זי זיך ניט באַהערשן. עפּעס אויסטערלישס קומט מיט איר פֿאָר, דאָס איז אפֿילו ניט קיין פֿרייד. דאָס איז אַ בענקשאַפֿט נאָך דער מאַמעס פֿאַרמאַטערטע אויגן. אָט איז זי דאָך, די מאַמע, זי האַלדזט און קושט זי, און אַסיע שפּירט ערשט איצט אַזוי שאַרף די בענקשאַפֿט נאָך איר. די מאַמע קוקט אויף דער טאָכטער ווייך און הילפֿסלאָז. זי קוקט אַזוי, ווי זי פֿלעגט תמיד קוקן נאָר אויף קליינינקע קינדער אָדער אויף נאָענטע מענטשן, בעת זיי פֿלעגן זײַן אומגליקלעך. שטענדיק האָט זי צום מערסטן ליב געהאַט די, ווען ס׳איז שלעכט, ווען זי פֿילט מיט, און אַסיען ווילט זיך זאָגן: ״מאַמעניו, האָב אויף מיר ניט קיין רחמנות, ס׳איז גאָרניט שרעקלעך דאָס וואָס האָט פּאַסירט״. אָבער זי שווײַגט, און טרערן קײַקלען זיך אַליין פֿון די אויגן.

— נו, איז וווהין? אויף לוקישקעס, אָדער אפֿשר אַהיים?

דאָס חכמעט זיך רבקה. זי שטייט נעבן איר מאַמען, ביידע זעען אויס ווי צוויי שוועסטער, מיט ענלעכע געטאָקטע נעזלעך, גריבעלעך אין די באַקן, ציינדלעך ווי פּערל און עטוואָס אויסגעפּוקלטע אויגן, אָנגעפֿילטע מיט פֿרייד.

— צום ווידערזען, מיידלעך!

ערשט איצט, אויפֿן וועג אַהיים, האָט אַסיע געשטעלט די פֿראַגע, וועלכע זי האָט געוואָלט פֿרעגן אין דער ערשטער מינוט פֿון זייער באַגעגעניש:

— ווי אַזוי האָט מען אונדז מיט אַ מאָל אַרויסגעלאָזט? מיר וועלן קענען גיין אין שול?

— ניין, מײַן קינד. די אויספאָרשונג דויערט נאָך. מען האָט דערווײַל אַרויסגעלאָזט נאָר די, וואָס זײַנען נאָך ניט אַלט קיין זעכצן. אויף אחריות פון די עלטערן. אַ מין שטובאַרעסט. וועסט דאַרפן זײַן אין דער היים, אין גאַס גיין נאָר מיט אונדז.

אַסיע האָט מער ניט געפרעגט. די געדאַנקען זײַנען זיך צעפלויגן פון דער פינקלדיקער זונשײַן, אַזאַ אומגעריכטע אין דעם דעצעמבער-טאָג; פון דער לעבעדיקער באַוועגונג אין גאַס; פון די פערד איינגעשפּאַנטע אין שליטנס, אָנגעלאָדענע מיט בינטלעך צעזעגטע און צעהאַקטע האָלץ, און פון די פויערים אין פּעלצן, וואָס שפּרינגען אונטער אויפן פראָסט נעבן די שליטנס. זי האָט זיך צום ערשטן מאָל אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז דאָ, נעבן דער תפיסה, געפינט זיך אָט דאָס בונטע מערקל מיט האָלץ, עפּל, קאַרטאָפל און מערן, און זיך געחידושט: דאָרט, אין טורמע, האָט זי גאָר פאַרגעסן וועגן זײַן עקסיסטענץ. איצט האָט זי אַ טראַכט געטאָן, אַז זי האָט, קען זײַן, פריִער בכלל ניט געלייגט אויף אים, אויף דעם מערקל, קיין אַכט, ניט באַמערקט אים, ווי זי פלעגט ניט באַמערקן אַ סך זאַכן אַרום זיך, ווען זי פלעגט גיין פון שול אַהיים, שטענדיק פאַרטיפט אין די אייגענע מחשבות. איצט איז זי ניט געגאַנגען, זי איז געפלויגן ווי אויף פליגלען. די מאַמע האָט זי קוים דעריאָגט, און דאָך האָט אַסיע באַוויזן זשעדנע זיך אײַנצוקוקן אין יעדן הויז, אין יעדן טויער.

— אַסקע!

ביידע שוועסטער, וועלכע האָבן זי דערזען און אַ רוף געטאָן פון באַלקאָן, האָבן זיך דערלאַנגט אַ לאָז אַראָפּ פון די טרעפּ. רוטע האָט געכאַפּט אַסיען אין די אָרעמס, לילקע האָט זיך געשטעלט אויף די שפּיץ פינגער, באַמיִענדיק זיך ארומצונעמען זי בײַם האַלדז. אַסיע האָט, קוים וואָס, דערזען הינטער רוטעס פּלייצע אויף דער וואַנט, נעבן די טרעפּ, אַן אַלטע אויפשריפט: "מאַדאַם באַראַן, די גיכע הילף זאָל צו אײַך קומען". און נידעריקער, נאָך אַ זאָרגזאַם אָפּגעריבענעם פאַמיליע-נאָמען, דאָס באַקאַנטע: "איר זאָלט אײַנשלינגען אַ שירעם און ער זאָל זיך אײַך עפענען אין בויך". אין דעם מאָמענט האָט אַסיע דערפילט, אַז זי איז טאַקע אין דער היים, אַז אַלץ איז דאָ אַזוי ווי געווען, ווי ס'וואָלט ניט זײַן ניט קיין אַרעסט, ניט קיין טורמע; אָט איז דאָך אפילו די אויפשריפט, וועלכע ס'האָט דאָ געוויס

געמאַכט די פאַרביסנסטע בעטלערקע פון שטאָט, די סאַנעלעוויטשיכע, ווען אַ שכנה פון אויבן האָט איר ניט געגעבן קיין נדבה.

אין דער היים!

דער פּאָפּע איז געקומען צו לויפן פון אַ קראַנקן — "ווּ איז זי? נו, נו, אַ סוף, גאָט צו דאַנקען. איין מאָמענט, איך טו זיך נאָר אויס און וואַש אָפּ די הענט". ער האָט זיך איבערגעטאָן, אַרײַן אין צימער, אַרויפגערוקט די ברילן אויפן שטערן, אָנגענומען די טאָכטער בײַ די אַקסלען, לאַנג געקוקט אויף איר.

— נו, דערצייל — און ער האָט זי יעדע מינוט איבערגעשלאָגן, וועלנדיק וויסן אַלע איינצלהייטן: וואָס מען האָט געגעסן, צו וועלכער צייט, ווּ מען האָט זיך געוואַשן...

ס׳ווילט זיך שוין מער ניט דערציילן. אַסיע קען זיך צו זאַט ניט אָנפרייען, וואָס זי איז שוין אין דער היים, וואָס אַרום זײַנען די טייערע פּנימער פול מיט ליבשאַפט; וואָס מען דערלאַנגט אַ געשמאַקן מיטיק; און וואָס באַלד וועט זי זיך אַרײַנלייגן אין איר בעט מיטן פרישן בעטגעוואַנט. וויפל גוטע היימישע זאַכן, וואָס זי פלעגט פריִער גאָר ניט באַמערקן!

לילקע... איר דוכט זיך, אַז דאָס שוועסטערל איז אין משך פון דעם חודש שטאַרק אונטערגעוואַקסן. אַסיע נעמט זי אויף די קני און דערמאָנט זיך, וואָס עס איז פאָרגעקומען יענע נאַכט, בעת דער רעוויזיע. ווען דעם שמעקער האָט זיך ניט אײַנגעגעבן צו דערוויסן בײַ די שטוביקע, ווער ס׳קומט אַרײַן צו אַסיען, האָט ער געוואָרפן אַ בליק אויף לילקעס בעטל און שוין געוואָלט וועקן דאָס קינד. רוטען איז אָבער דאַן געלונגען אים צו פאַררײדן די ציינער, און דער מאַמעס אַן אַלטע מומע, וואָס האָט געלעבט בײַ זיי, האָט זיך דערווײַל אומבאַמערקט אַרויסגעשלײַכט אין קיך און אַרײַנגעוואָרפן אין פײַער פון דער פליטע אַ העפט מיט אַסיעס לידער. זיי וואָלטן געווען אַ זאַכלעכער באַווײַז פאַר איר אומלעגאַלער טעטיקייט... די לידער האָבן זיך שוין צו אַסיען קיין מאָל ניט אומגעקערט, זיי זײַנען אַוועק מיטן פײַער, און אויך ניט געבליבן אין איר זכרון. אָבער דאַן איז ניט געווען קיין צײַט צו קלערן.

— וואָס וואָלט געווען, לילקעלע, ווען מען וועקט דיך דאַן אויף?

... זיי לעבן אויף אַ הויכן גאָרן, און פון פענצטער פונעם עסצימער זעט

זיך ווײַט די שטאָט. אָט איז דער אַלטער שלאָס פֿון רויטע ציגל אויפֿן שפּיץ שלאָסבאַרג. ער קוקט באַלעבאַטיש, פֿון אויבן אַראָפּ, אויף דער שטאָט. און נעבן אים, אויף אַ צווייטן באַרג, פֿינקלען, ווי פֿון מירמלשטיין, דרײַ גרויסע ווײַסע צלמים. אַהער, אויף דעם באַרג, פֿלעגט מען יעדעס יאָר, דעם 22סטן מאַרץ, פֿינף אַ זייגער פֿאַרטאָג, גיין צוזאַמען מיט ראַבינאָוויטשן באַגעגענען דעם פֿרילינג. פֿון דער נאָענט זעט מען, אַז די דרײַ קרייצן און זייער ברייטער פֿונדאַמענט זײַנען פּשוט אָפּגעקאַלכט, און אָפּגעריבן. כּמעט יעדער וואָס קומט אַהין שרײַבט אָן אָדער קריצט אויס אויף אים זײַן פֿאַמיליע-נאָמען. אָבער פֿון ווײַטן זעען די צלמים אויס קרישטאָל-ריין, ווי מען וואָלט זיי נאָר וואָס אײַנגעטוויכט אין שניי און זונשײַן.

דאָס געוויינטלעכע היימישע לעבן דאַכט זיך אויס אַסיען ווי אַ כּישוף-מעשׂהלע. שפּעטער, ווען זיי זיצן שוין בײַם אָוונטברויט, קלינגט עמעצער אין טיר. די מאַמע עפֿנט. ס׳גייט אַרײַן אַ הויכער, ברייטביינער בחור און זאָגט, אַז ער וויל זען דעם דאָקטער. דער טאַטע גייט אַרויס, הייבט אויף די ברילן, קוקט זיך צו נעענטער: אַזוי יונג, און ער זאָל שוין זײַן אַ פֿאָטער פֿון אַ קינד?

— וואָס פֿאַרלאַנגט איר? — פֿרעגט ער.

— הער דאָקטער, איך האָב אײַך געבראַכט האָלץ.

— וואָס פֿאַר אַ האָלץ?

— גוטע, טרוקענע, בעריאָזעווע.

— איך האָב ניט באַשטעלט קיין האָלץ — וווּנדערט זיך דער טאַטע.

— איך האָב עס אײַך אַליין געבראַכט, איך בין אַ פֿורמאַן. די מאַמע האָט מיר געזאָגט, אַז ווען איך בין געווען אַ קליינער, האָט איר מיך געהיילט. אָן אַ גראָשן געלט, זאָגט זי. איר זײַט געווען, זאָגט זי, אין אונדזער מויער אויפֿן צווייטן גאָרן ביים סוחר פֿייגין, ביי זײַנס אַ קינד. און איך בין, זאָגט זי, געלעגן טויט קראַנק. האָט זי זיך אָנגענומען מיט מוט, אָפּגעוואַרט אײַך בײַ דער טיר... זיי האָבן, מײַנע טאַטע-מאַמע, צונויפֿגענומען דאָס ביסל אָפּגעשפּאָרטע געלט און געוואָלט באַצאָלן, האָט איר אָבער, זאָגט זי, קיין גראָשן ניט גענומען און דערקלערט, אַז מען וועט עס דאַרפֿן אויף די רפֿואות און אויף שפּײַז פֿאַר מיר. און נאָך דעם , זאָגט זי, האָט איר מיך אַ צײַט אַזוי

געהײלט און אױסגעהײלט, געראַטעװעט דאָס לעבן. נעם, זאָגט זי, דאָס בעסטע האָלץ און פיר אַװעק צום דאָקטער.

— װאַרט אױס, יונגערמאַן, לאָז מיר אױף דיר אַ קוק טאָן. אױף װעלכער גאַס איז עס געװען, ניט אױף ליפּװוקע?

— אוודאי, אױף ליפּװוקע, אַ קעלערשטוב, פינף טרעפּלעך אַראָפּ. ראָדזעװיטש בין איך. אַנדזשײ ראָדזעװיטש.

— אַ לונגען-אָנצינדונג. אַ שװערע צװײזײַטיקע לונגען-אָנצינדונג איז עס געװען. יאָ, אוודאי געדענק איך. דאַרפסט דאַנקען גאָט, בחור, אַז דו האָסט זיך אַרױסגעקאַראַבקעט. ליובע, קום אַהער, געדענקסט יענעם פאַל פון ליפּװוקע. קוק זיך נאָר אײַן, װי דער בחור איז אױסגעװאַקסן!

מיט יעדער מינוט האָט אַסיע אַלץ בולטער געשפּירט, אַז זי איז בײַ זיך אין דער הײם. ס'איז דאָ אַזױ גוט געװען צװישן די אײגענע. גלײַכצײַטיק האָט אָבער געצױגן אין שטאָט, אין גאַס אַרײַן, אין דער פרײַער װעלט.

אױף צו מאָרגנס איז די מאַמע מיט איר אַרױס זיך דורכשפּאַצירן, און אַסיע האָט גיריק אײַנגעאָטעמט די לופט פון דער הײמשטאָט: די פרישע, כמעט דאָרפישע לופט פון דער קורצער און ברײטער, װי אַ פעלד, מאַקאָװע-גאַס, װוּהין זי פלעגט קלײנערהײט, אונטערשפּרינגענדיק, לױפן אין שול אַרײן.

אַסיע האָט דערזען דעם שול-בנין און זיך דערמאָנט די פּורים-שפּיל, דעם שימערירנדיקן פײַערװערק, װאָס ראַבינאָװיטש -- דאַן נאָך אַ נײַער, נאָר װאָס אָנגעקומענער פון זשעטל לערער האָט אױפגעפירט אין גימנאַזיע: ס'עפנט זיך דער פאָרהאַנג. אױף דער בינע לױפט אַרױס אַן אױסגעפּוצטער קאָנפעראַנסיע און מעלדעט: זײַט אַ ביסל שטילער, מאַכט זשע צו די מינד, יעקב אבינו גײט אַרײַן אַצינד!

און ס'הײבט זיך אָן די פּורים-שפּיל מיט יעקב אבינו און מיט זײַנע זין, װאָס גײען פּיטערן די שאָף, מיט יוסםן, װאָס ברענגט אַ גרוס פונעם פאָטער:

„דער טאַטע האָט אײַך געשיקט אַ שײנעם גוטמאָרגן",

און מיט זײער ענטפער:

„װער דערשטיקט און װער דערװאָרגן".

אָט קײַקלט דער פּאַיאַץ אַ פאַס מיט דער אױפשריפט „שלאַנגענגרוב".

די ברידער וואַרפן אַהין אַרײַן יוספן און ער ווענדט זיך, שטייענדיק אין פּאַס, צו די שלאַנגען:

״שלאַנגען און עקדישן, פאַרמאַכט אײַער מינד, איך — אברהם אבינוס אַן אייניקל און יעקבס אַ קינד...

עס ״גייט אַרײַן״ רחלס קבר (אַ קאַרטאָנענער קאַסטן, אָנגעטאָן אויף עמעצנס קאָפּ). יוסף בעט הילף ביי דער מאַמען:

״מיטער, מיין ליבע מיטער, עס איז מיר פינצטער און עס איז מיר ביטער!״

דער זאַל קײַקלט זיך פון געלעכטער.

אָ, ווי אַסיען ווילט זיך איצט אַרײַנגיין אין שול! זי קוקט אויף דער מאַמען, די מאַמע ווענדט אָפּ איר בליק, דריקט צו צו זיך אַסיעס אָרעם:

מען טאָר ניט, מיין קינד, דער הויזאַרעסט...

די לופט פונעם פישמאַרק דערנעבן איז אָנגעפילט מיט ריחות פון פיש און גרינס און מיט פריילעכן טומל; באַלד וועלן זיי אַריבערגיין די גאַס. פון ווײַטן הערט זיך שוין דער געפילדער פון צענדליקער שטימען, וואָס שרײַען איבער איינע די אַנדערע: ״באָבעס, הייסע באָבעס, זודיקע באָבעס! געפּרווירענע עפּל — פלעשער ווײַן!״ אָט זיצן זיי, די הענדלערקעס אויף יאַטקעווער-גאַס . זיי זיצן אויף נידעריקע בענקלעך, אָנגעפּעלצט אין כל-ערליי בגדים. זיי וואַרעמען די הענט ביי די פּײַערטעפּ, יעדע נעמט אַרויס די באָבעס פון אַ גרויסן טשוהון, אַן אָנגעפּעלצטן, ווי זי אַליין, אין שמאַטעס, לייגט עס אַריבער אין שקאָרמוץ. פון די באָבעס שפּאַרט אַ געדיכטע פּאַרע. מע פּאַרקויפט עס, אָפּמעסטנדיק דעם קונה זײַן מעסטל, און ניט אויפהערנדיק דערבײַ צו שרײַען: ״זודיקע באָבעס, הייסע באָבעס. קום אַהער, מאַדאַמעטשקע!״ מיט אַ מאָל רײַסט זיך אַרײַן אין דעם ווײַבערישן געפילדער אַ מאַנצבילשע שטים: ״הייסע אַרבעס! בורטשאַק!״ אַ נײַער הענדלער האָט זיך באַוויזן, אַ מאַנספּאַרשוין אין מיטן דערינען צווישן די ווײַבער, מיט זײַן נײַעם מין סחורה.

— וואָס הייסט בורטשאַק? — פרעגט אַסיע.

— מיר דוכט זיך, שוואַרצע אַרבעס.

דער רעש רײַסט זיך ניט איבער אויף קיין מינוט.

אויף דער פרײַ!

אָט איז דאָס ביכער-געשעפט פונעם קליינעם פונקעלע. אַ קליין קרעמל, אָבער וואָס איז דאָרט אַלץ ניטאָ? אַהער פלעגט מען גיין זיך גריבלען אין ספרים, קויפן געניצטע לערנביכער. אַסיען ווילט זיך אַרײַנקוקן צום אַלטן קליינוווקסיקן בוקיניסט מיט דער גרויסער באָרד. שוין געוויס איבער די אַכציקער, און נאָך אַלץ אויף די פיס. די מאַמע נעמט זי אָבער אָן בײַם אָרעם: ״קום, טאָכטער מײַנע, קום!״

די קרומע טומלדיקע געסלעך ציען זיך ווײַטער. אַסיע קוקט אויף די שמאָלע, צונויפגעפרעסטע מײַערלעך, ווי זיי וואָלטן אין איינעם זיך שפּירן זיכערער; אויף די רינשטאָקן, בײַ וועלכע עס שפּילן זיך קינדער, ס׳ווילט זיך איר דורכגיין אויף דײַטשע גאַס דורכן דורכהויף. זי בעט עס בײַ דער מאַמען. די סודותפולע ווילנער דורכהויפן, וועלכע קענען אײַך אַרויספירן אַווו אײַך גלוסט זיך...

דער קאָפּ דרייט זיך אַסיען פון פרייד, פונעם געררודער אויף די גאַסן, פון דער פרישער לופט. אָט זײַנען זיי שוין אויף ראָג ברייטע און רודניצקער. אַסיע דערזעט פון ווײַטן זינען, אַ מיידל פון זייער קלאַס, לויפט איר אַנטקעגן, אָבער זינע קערט אָפּ דעם קאָפּ און קוקט אויפמערקזאַם אין אַ שויפענצטער. צי האָט זי ניט באַמערקט אַסיען? זי האָט זי זיכער באַמערקט. בעסער וואָלט זי ניט אָפּגעקערט דעם קאָפּ, ניט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זי זעט ניט. בעסער וואָלט זי שוין פּשוט פאַרבײַגעגאַנגען, ניט גריסנדיק זיך...

אין דעם מאָמענט האָט אַסיע אַ טראַכט געטאָן וועגן וויטען. געוויס גייען איצט אירע עלטערן זי נאָך פוסטריט. זינט זיי האָבן זיך דערוווּסט, וואָס ס׳איז געשען מיט מיר, טראַכט אַסיע, לאָזן זיי פון איר געוויס ניט אַראָפּ קיין אויג.

אַסיע האָט זיך מיט וויטען באַקענט מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, זומער, אויף דאַטשע. דאָס מיידעלע האָט געקוקט אויף איר מיט אַ פּאָר העלע, פאָרשערישע קאָלטלעכע אויגן — אויגן, וואָס פינטלען ניט. ״אַ פאָרזיכטיקע, אַזאַ, וואָס קוקט זיך צו ערשט צו, אָן התפעלות״ — האָט דאַן אַסיע אַ קלער געטאָן.

וויטעס טונקעלע געקרײַזלטע האָר, פאַרצויגן אויפן קאָפּ און פאַרפעסטיקט מיט קלעמערלעך, האָבן אַלץ איינס ניט געפאָלגט און זיך געקרײַזלט, אויסגעלייגט אין דראָבנינקע כוואַליעס, אָדער זיך גאָר

אַרויסגעריסן אויף דער פּרײַ פון די קלאַמערן. דער הויכער שטערן איז געווען אָפן, אָן אַ קלענסטער גריווקעלע אָדער לאָקנדל — ״ווײַזט אויס אַ שטרענגע.״ דאָס קראַגעלע איז געווען ווײַס ווי שניי: ״מסתמא אַ צוכט.״

— דו האָסט האָלט צו קלײַבן שוועמלעך? — האָט וויטע מיט אַ מאָל געפרעגט, בעת זיי האָבן ביידע אָנגעקוקט איינע די אַנדערע.

— אַ פראַגע צי איך האָב האָלט!

— נו, איז קום קלײַבן צוזאַמען.

ערשט שפּעטער, ווען זיי האָבן זיך נעענטער באַקענט און פונאַנדערגערעדט, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי האָבן די זעלבע אָנשויונגען און אַז זיי זײַנען מיטגלידער פון איין אָרגאַניזאַציע, אָבער אין פאַרשיידענע שולן. און ס'איז זיי געווען גוט צוזאַמען.

וויטע איז שטענדיק געווען דערנעבן, ווען ס'פלעגט נייטיק זײַן אַ נאָענטער מענטש. זי פלעגט צוטרעפן צום מאָמענט. זי האָט ניט געהאַט קיין טבע אויסצופרעגן און פלעגט אַלץ פאַרשטיין אָן אַן איבעריק וואָרט.

״ווען וועל איך זי זען?״

זי איז געקומען. אַנטרונען געוואָרן פון אונטער איר מאַמעס אויפמערקזאַמע אויגן, געקומען צו לויפן פון אַנדערן עק שטאָט, אַ קלונג געטאָן אין טיר. אַסיע איז אויפגעשפרונגען פון אָרט: ״דאָס איז וויטע, איך דערקען איר קלונג״.

זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט צוזאַמען אויף דער קאַנאַפּע. וויטע האָט גענומען אַסיעס האַנט און צאַרט זי געגלעט, הערנדיק געדוליק דער חברטעס לאַנגע דערציילונג.

אויסהערן יענעם דאַרף מען אויך קענען! וויטע האָט עס געקענט. זי פלעגט קענען אָפּזיצן שעהען לאַנג און שטיל האָרכן, ווען אַסיע פלעגט דערציילן. און די אויגן אירע פלעגן ווערן דערבײַ מילד און פאַרטראַכט. עפּטער פון אַלץ פלעגט אַסיע ריידן, און וויטע פלעגט הערן. אַ מאָל פלעגט זיך אַסיע כאַפּן: ״ס'איז ניט גוט, ס'איז עגאָיִסטיש. וויטע מוז מיינען, אַז איך קלער נאָר וועגן זיך״. אין דער אמתן פלעגט זי יאָ קלערן וועגן דער נײַער חברטע, וועגן איר שטייגער-לעבן, וועגן איר עלנטקייט אין שטוב און אין שול; זי פלעגט זיך ברעכן דעם קאָפּ, ווי עס צו ענדערן, ווי דער חברטע צו העלפן, און פלעגט גאָרניט קענען אויסקלערן.

אַסיען האָט וויטעס לעבן אויסגעוויזן קאַלט און אומהיימלעך. אין דער וווינונג זייערער מיט די שווערע רײַכע מעבל איז געווען צו שטיל. וויטעס בלאַנק־ריינער צימער, העל באַפּאָרבן, ווי אַ קלויסטערצעל, האָט געאָטעמט מיט שטרענגקייט. אויפן פּאָלירטן שרײַבטישל האָט שטיל געמורמלט אַ ים־מושל. אַלץ האָט דאָ, אין דעם צימער, געדאַרפט שטיין און ליגן אויף זײַן אָרט, ווי עס וואָלט אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף אייביק, ניט צו רירן.

און געלערנט האָט וויטע אין אַ פּוילישער מלוכישער פּרויען־גימנאַזיע צווישן העפלעכע פּרײַלינס, וואָס זײַנען מיט דער גאַנצער פּירונג זייערער, מיטן צוגאַנג צום לעבן און געדאַנקען־גאַנג געווען איר כמעט פרעמד. אַסיע פלעגט רופן וויטען צו זיך אין שול אַרײַן, אויף זייערע פּריילעכע אָוונטן, ווו אַלע פלעגן זינגען, שטרײַטן און ריידן וועגן פּאָליטיק. אָבער וויטע פלעגט זיך אָפּזאָגן: ווער דאַרף מיך דאָרט...

זי פלעגט קומען צו אַסיען אין איר בערעטל, אָנגעצויגן אויפן שטערן, קיין האָר זאָל זיך חלילה ניט אַרויסרײַסן אויף דער פרײַ, און ווען אַסיע פלעגט איר וועלן אָנטאָן דעם בערעט אַנדערש, אַ ביסל עלעגאַנטער, פלעגט אים וויטע, רויט ווערנדיק, אַראָפּרײַסן פון קאָפּ: "מען דאַרף ניט, אַלץ איינס וועט קיין זאַך ניט העלפן".

וויטע פלעגט גערן זײַן אַליין. זי האָט האָלט געהאַט צו גיין דורכן וואַלד, זיך צוהערן צו דעם גערויש פון בלעטער, צום מורמל פון אַ ריטשקעלע און צום געזאַנג פון די פייגל. זי פלעגט אַ פאַרכישופטע זיך אָפּשטעלן, ווען פאַר אירע אויגן פלעגט זיך אַנטפּלעקן אַ שטיל און צאַרט בילד פון דער נאַטור. זי פלעגט שעהען־לאַנג קענען הערן מוזיק און פלעגט זיך קענען באַגיין אָן מענטשן.

אַסיע איז איר נאָענט געוואָרן. קיין סך אַזעלכע פרײַנד האָט זי ניט געהאַט, און טאָמער זי האָט עמעצן ליב געהאַט, איז זי אים געווען איבערגעגעבן מיטן גאַנצן האַרצן און פלעגט אין אַ שווערער מינוט שטענדיק זײַן דערנעבן.

— קלעם זיך ניט, אַסיע, האָט זי איר איצט געזאָגט. אַלץ וועט זײַן גוט, וועסט זיך אומקערן אין שול אַרײַן.

— ווער ווייסט? — אַסיע האָט זיך פאַרטראַכט. — אויב ס'וועט לאַנג דויערן, וועל איך בעטן דער מאַמען, זי זאָל מיך אָפּגעבן צו אַ מאָדיסטקע,

מאַכן היט... ס'איז אַ פֿײַנער פּאַק. אָבער דערװײַל... כ'האָב געזען זינען אין גאַס, זי האָט מיך באַמערקט און אָפּגעקערט דעם קאָפּ. איך האָב איצט מורא צו עמעצן אַרײַנצוגיין. איך ווייס ניט, צי איך מעג. אָבער אויב מען גריסט זיך מיט מיר ניט אפֿילו אין גאַס...

— נו, קלעם זיך ניט. איך וועל צו דיר קומען.

— דו יאָ, איך ווייס. ס'ווערט מיר אלע מאָל בעסער אויפֿן האַרצן, ווען איך דערמאָן זיך אַז דו ביסט דאָ אויף דער וועלט.

— נו, נו, גענוג צו לויבן — האָט וויטע זיך פֿאַררויטלט און געוואָרפֿן אַ בליק אויפֿן זייגער. — איך לויף אַהיים. דער מאַמען האָב איך געזאָגט, אַז איך גיי אין קינאָ; דער סעאַנס האָט זיך שוין פֿאַרענדיקט!...

# דער פּרילינג

נאָך די ערשטע פֿריידיקע טעג האָט זיך די צײַט ווידער גענומען ציען ווי פּעך. אַסיע האָט דאָ, אויף דער פֿרײַ, באַזונדערס שווער איבערגעטראָגן איר אָפּגעזונדערטקייט. שווערער פֿון אַלץ איז געווען אין די נעכט, ווען די פֿאַרשאָלטענע קלאָרקייט אין מוח האָט ניט געלאָזט שלאָפֿן, כאָטש דער שאָטן פֿון די קראַטעס האָט זיך שוין ניט געהוידעט פֿאַר די אויגן.

איין מאָל, ווען אַסיע איז פֿאַרטאָג אײַנגעשלאָפֿן, האָט זיך איר געחלומט, אַז זי לויפֿט אַרויס פֿון שטוב, גייט צו צום ווינקל פֿון קליין סטעפּן-גאַס, גייט אַרײַן אין דעם טומלדיקן הויף, ווו זי פֿלעגט מיטן טאַטן אין אַ קליינעם כאַלווע-פֿאַבריקל קויפֿן אַ האַלבן קילאָ פֿרישע כאַלווע, און קוקט אַרײַן אין דער דרוקערײַ דערנעבן, ווו מירעס פֿאָטער, דער דרוקער, מיט די געדיכטע געל-ברוינלעכע וואָנצעס אַרבעט בײַם פֿענצטער — שטעלט צונויף פֿון אותיות אַ קעפּל פֿון אַ בוך, אַרײַנאָטעמענדיק די געדיכטע לופֿט, אָנגעזאַפּט מיט בלײַ. זי גייט אַריין צו מירעס פֿאָטער, גיט אַ פֿרעג: ״מירע איז אין שטוב?״ און לויפֿט אַרויף אויף די טרעפּ צו זיי אַהיים. מירע עפֿנט די טיר, און אַסיע דערזעט דער חברטעס מוטער — איר אויסגעצויגענע ווי אַ סטרונע הויכע פֿיגור, דעם לענגלעכן פֿאַרטראַכטן פּנים פֿון אונטער די

קורץ-אָפּגעשאָרענע האָר. די מאַמע זיצט בײַם קאַכל-אויוון, זי האָט ליב אַזוי זיך אָפּצורוען אַ װײַלע נאָך שעהען האָרעװאַניע. דערזעענדיק אַסיען, גייט זי שװײַגנדיק אין קיך, זי רעדט בכלל זעלטן; באַלד װעט זי איר טאָכטערס חברטע מכבד זײַן מיט אַ שטיקל רעטשישניק, דעם באַליבטן מאכל אין דער דאָזיקער אָרעמער שטוב, װאָס באַקומט זיך בײַ מירעס מוטער אַזוי מחיהדיק געשמאַק.

אַסיע האָט, אױפֿכאַפּנדיק זיך, נאָך געשפּירט אין מויל דעם טעם פונעם רעטשישניק...

ניין, זי װעט ניט אַרײַנגיין צו מירען אין דער דאָזיקער היים, װוּ איינער פון די זין, אָדער די עלטערע טאָכטער זיצן נאָך אין טורמע פאַר קאָמוניזם. און מירע װעט ניט קומען צו איר, צו אַסיען, דאָס איז שטרענג פאַרבאָטן, ס׳איז פאַר זייביידע סכנות נפשות...

אוי, װי ס׳װילט זיך צו די חברה!

מען דאַרף זיך אָננעמען מיט געדולד און װאַרטן. אַרויסגיין טאָר מען נאָר מיט די עלטערן. אַ מאָל נעמט דער טאַטע מיט אַסיען, װען ער פאָרט צו קראַנקע. אָפט פלעגט ער, נעמענדיק אַ דראָזשקע, רופן די טעכטער — פאַרן זעלבן געלט — זיך אַדורכפאָרן אין שטאָט. אַסיע פלעגט ניט װעלן: זי פלעגט זיך שעמען צו זיצן, װי אַ גבירטע, אין דראָזשקע. טאָמער פלעגט זי װער פון די חברה דערזען, פלעגט זי פאַרברענט װערן פאַר בושה.

איצט, אַ פאַרשפּאַרטע אין הויזאַרעסט, פאָרט זי מיט מיטן פאָטער, װען נאָר עס לאָזט זיך.

דער טאַטע קוקט דורך זײַנע ״אָזע״-צעטלעך, זײַן רשימה פון די אַדרעסן; הײַנט פאָרן זיי צו ערשט צום בעקער דאָן אויף גלעזער-גאַס.

דער טאַטע קען שוין לאַנג די משפּחה, די נײַן קינדערלעך, קליין װי באָב, װאָס יאָגן זיך אַרום אין דרויסן; די דירהטשקע אויפן פערטן גאָרן, אויף דער סאַלקע, און די בעקערײַ אין קעלער, װוּ ער, דער באַלעבאָס — ״שמיר מיר אַ דאגה״ — מיט זײַן װײַב און אַ פּאָר עלטערע קינדער, רוקן אין אויוון דאָס טײַג, שלעפּן אַרויס לעבלעך הייסן, שמעקעדיקן ברויט, באַשמירן מיט געלכלעך די בולקעס, באַקן די שװאַרצע קיכעלעך, שטעלן אויף שבת טשאָלנט. טאָג און נאַכט זײַנען זיי דאָרט אין קעלער, קליינװאַרג פלאָנטערן

זיך אונטער די פיס אָדער יאָגן זיך אַרום, נאַקעטע און באָרוועסע, איבער די גאַסן.

יענעם טאָג, געווען איז עס בעת אַ שלאַקסרעגן, איז דאָס קלענסטע מיידעלע אַרויפגעקראָכן פון דער סאַלקע אויפן דאַך, זיך אויסגעגליטשט, דערלאַנגט אַ פאַל אַראָפּ, און וואָלט געווען זיך צעממיתט אויף טויט, ווען ס׳גייט גראָד ניט פאַרבײַ אַ גוי מיט אַן אָפענעם שירעם. דאָס קינד איז מיטן גאַנצן אימפעט געפאַלן אויפן שירעם, אים צעבראָכן, אַליין זיך צעדראַפּעט, אָבער לעבן געבליבן.

— איר דאַרפט בענטשן גומל, רב דאָן — האָט אַסיעס פאָטער געזאָגט, באַטראַכטנדיק דאָס קינד — זי האָט נאָך גוט אָפּגעשניטן.

אין דעם מאָמענט האָט עמעץ דעם בעקער אַרויסגערופן. פון קאָרידאָר האָט זיך באַלד געלאָזט הערן אַ הו-האַ — צוויי מענערשע שטימעס, אַ באַס און אַ קוויטשעדיק קול — האָבן איינע די אַנדערע איבערגעשריען: דער געדיכטער באַס האָט געשריען אויף פּויליש: ״דו וועסט מיר יאָ אָפּקויפן דעם שירעם״, און דאָס קוויטשעדיק קול האָט כסדר דערווידערט: — ״ניע מאַם! איך האָב ניט! כ׳האָב ניט קיין געלט אויף קיין שירעם״ און צוגעגעבן אויף מאַמע-לשון זײַן שטענדיקן זאָג: ״שמיר מיר אַ דאגה!״

זיי האָבן זיך לאַנג געאַמפּערט, ביז דאָנס יידענע האָט ניט צוגעטראָגן דעם גוי אַ גלעזל משקה, געבראַכט אַ זאַק מיט פרישע בולקעלעך, פאַררעדט אים די ציינער און אַרויסבאַגלייט פון שטוב.

די טעג ווערן לענגער, און וויטען גיט זיך איצט עפּטער אײַן אַרויסצושמוגלען פון שטוב און קומען צו אַסיען.

— וויטע, ווי פאַרבינדט מען זיך מיט דאַנילינקען? איך האָב געזען, אַז ער איז געווען זייער נידערגעשלאָגן נאָך דאַן, ווען מיר האָבן זיך געטראָפן אין דער פּרעווענטיווער טורמע. די מיידלעך האָבן געזאָגט, אַז ער האָט פון אָנהייב זיך פעסט געהאַלטן, אַריבערגעטראָגן שווערע קלעפּ. אָבער ווען מען האָט אים געדראָט מיט אַ שווידערלעכער פּײַניקונג, ווען דער פּאָליציאַנט האָט אַ זאָג געטאָן צום אויספאָרשער בעתן פאַרהער אין דעפענסיווע ״באַלד וועלן מיר אים קאַסטרירן, דער מעסער איז פאַרנומען ביי קאַרפּאָוויטשן״ — האָט ער פאַרלאָרן די זעלבסטבאַהערשונג און עפּעס איבעריקס זיי געזאָגט, אָדער אונטערגעשריבן. געווי וואָס — האָט ניט רבקה, ניט לוסיע געוווּסט.

מיר דוכט זיך, אַז ער מיידט איצט אַלעמען אויס. אַזוי האָב איך געהערט.

דערצו היט מען אים מסתמא מער פון אַנדערע. אָבער אפשר האָט אים כאָטש ווער עס איז געזען? אפשר דאַניע דער גרויסער? זיי חברן זיך דאָך נעענטער די לעצטע צייט.

ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאַניע האָט אים טאַקע יאָ געזען, געקומען צו אים אַהיים. דאַנילינקע האָט זיך אָבער אפילו ניט דערפרייט, וועגן קיין זאַך ניט געוואָלט ריידן און נאָר אַ זאָג געטאָן: ״איכ׳ל אַלץ פאַרריכטן!״ און אפשר האָט ער דאַניען געזאָגט מערער, אָבער דאָס איז געווען ביי זיי אַ שמועס אונטער פיר אויגן, וועגן וועלכן אַנדערע דאַרפן ניט וויסן? שווער צו זאָגן, יעדנפאַלס האָט זיך וויטען איינגעגעבן צו דערוויסן פון דאַניען בלויז דאָס, וואָס וויטע האָט איצט איבערגעגעבן אַטיען.

פון די אַרעסטירטע האָט אַסיע געמעגט זען נאָר לוסיען און רבקהן, ווייל זיי זיינען געזעסן צוזאַמען. ווען זיי האָבן זיך דעם ערשטן מאָל געטראָפן, האָבן זיי זיך גענומען דערמאָנען די תפיסה, באַזונדערס דאָס קאָמישע אין זייער דעמאָלטיקן לעבן. אָבער בעת דער צווייטער באַגעגעניש, און דערהויפּט בעת דער דריטער, האָט זיך שוין דער שמועס ניט געקלעפּט. דאָס האָט אויסגעוויזן מאָדנע. דאָרט, אין טורמע, פלעגן זיי דאָך ריידן שעהענלאַנג. אַסיען האָט איצט אפילו פאַרדראָסן, וואָס זי האָט זיי דעמאָלט פאַרטרויט אירע סודות. זיי זיינען דאָך צופעליק געוואָרן אַזוי נאָענט און קענען זיך איצט פונאַנדערגיין פונקט אַזוי לייכט, ווי זיי זיינען זיך דאַן צונויפגעקומען. לוסיע האָט, ווייזט אויס, אויך אַ קלער געטאָן דאָס זעלבע, ווייל זי האָט געזאָגט:

— נו, מיידלעך, אַלץ, וואָס מיר האָבן דעמאָלט גערעדט, בלייבט צווישן אונדז. גוט?

— מיר האָבן דען עפּעס אַזוינס גערעדט? איך האָב שוין אַלץ פאַרגעסן — האָט צוגעשטימט רבקה.



דער פרילינג איז דאָס יאָר אָנגעקומען פאַר דער צייט. די לעצטע פעברואַר-טעג זיינען שוין געווען זוניקע. אָנהייב מאַרץ איז צעגאַנגען דער

שניי, און די רינשטאָקן האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין ברייטע, לוסטיקע ריטשקעלעך, אויף וועלכע ס'פּלעגן זיך האַסטיק יאָגן די ערשטע פּאַפּירענע שיפלעך פונעם קליינוואַרג.

אַנומלט האָט מען געראַמט די שטוב, געוואַשן די פענצטער, אָנגעריבן מיט וואַקס די פּאָדלאָגעס. העלפן ראַמען זײַנען געקומען צוויי חלוצקעס פון סובאָטש-גאַס, פון די גרויע "ביליקע הײַזער", ווו די חלוצים האַלטן זיך אויף. זיי זײַנען זיך צונויפגעפאָרן אַהער, קיין ווילנע, פון ביאַליסטאָק און וואַרשע, פון פוילישע שטעט און שטעטלעך, פאַרלאָזן טאַטע-מאַמע, געלעבט אין ענגשאַפט, געשלאָפן אויף צוויי- דרײַ-שטאָקיקע נאַרעס, געטאָן יעטווועדע אַרבעט, אַבי אויפצוזאַמלען געלט און פאָרן צוזאַמען קיין ארץ־ישראל, שאַפן קיבוצים, בויען דאָרט דאָס אייגענע לאַנד.

פארשיידענע זײַנען זיי געווען — אייניקע פון אָרעמע היימען, פון ביטערער נויט, אַנדערע — פון פאַרמעגלעכע "לײַטישע" משפחות, ווו טאַטע-מאַמע האָבן פאַרגאָסן טרערן אויפן קינדס גורל. אָבער דאָ זײַנען זיי אַלע געווען גלײַך, געמוזט זיך לערנען טאָן אַלץ און קענען לעבן אין איינעם.

נעכטן זײַנען, שוין ניט דאָס ערשטע מאָל, געקומען חיה און רחל. חיה — אַ מויד אַ ברען, פלעגט זיך ניט אַרומזען, ווי די אַרבעט פלעגט פלינק ווערן געמאַכט. און אַלץ פריילעך, מיט אַ זונג און געלעכטער:

וווּ ביסטו געווען, וווּ ביסטו געווען,
טאָכטערקע מײַנע געטרײַע?
אויף אַ קופּע היי, מיט שומרים צוויי,
מאַמע, ס'איז געווען אַ מחיה!

די איידעלע רחל מיט די גינגאָלדענע געקרײַזלטע האָר, צונויפגענומען אין אַ קנופּ, מיט די גרינע אויגן און מיט אַזאַ צאַרטער, ווײַסער הויט, אַז די אָדערלעך פלעגן זיך זען אויף די שלייפן — האָט, אויסוואַשנדיק דעם פענצטער און צוזעצנדיק זיך אַ ווײַלע, געלערנט אַסיען איר באַליבט ליד, וועלכן זי האָט שוין דאָ אַ מאָל געזונגען, און וואָס איז אַסיען אַזוי געפעלן:

דער לעצטער פויגל שוין פאַרפלויגן
אין די ווײַטע ווײַטן,
און דער טרויער מיט זײַן בויגן
קומט שוין אָן צו רײַטן...

מען האָט זיך געזעצט עסן מיטיק, די מאַמע האָט געוואָלט אַלעמען אַרײַנגיסן זופּ, אָבער די מײדלעך האָבן, ווי אַלע מאָל, זיך אָפּגעזאָגט און אַרויסגעצויגן זײערע פּײַדעס ברויט מיט ביליקן וווּרשט, אָדער מאַרמעלאַד.

אויף צו מאָרגנס איז אַסיע אויפגעשטאַנען, געעפנט דעם פענצטער, טיף אַרײַנגעאָטעמט די פרילינגלופט, אַראָפּטרײסלענדיק פון זיך די מידקייט נאָך דער כמעט שלאָפלאָזער נאַכט. זי האָט געוואָרפן אַ בליק אויפן לוח, ס׳איז געווען דער פערטער מאַרץ, און זי האָט זיך דערמאָנט, אַז הײַנט איז ״קאַזיוק״ — דער טאָג פונעם פּילפּאַרביקן באַלעבטן יאַריד, וועלכער פלעגט זיך יאָר־יערלעך אין טאָג פון הײליקן קאַזימיר עפענען אויף לוקישקער פּלאַץ.

מאַמע, לאָמיר גײן אויפן יאַריד!

דער פאַרבלאָטיקטער לוקישקער פּלאַץ האָט געשוויבלט און געגריבלט מיט מענטשן, געפינקלט מיט אַלע קאָלירן פון רעגן־בויגן, פול געווען מיט פרײלעכן גערודער. שוין אונטערוועגס פלעגן די הענדלערס איבערכאַפּן אײנער בײַם אַנדערן דעם קונה. פאַרקויפערס זײַנען געווען באַהאָנגען מיט שנירלעך בײגל און בײגעלעך, מיט אַלערלײ פאַרביקע צאַצקעלעך, מיט קינסטלעכע פאַווע־פעדערן און פאַפּירענע בלומען, מיט פּליושענע מאַלפּקעלעך, וואָס פלעגן זיך הוידען אויף גומקעס אונטערן טאַקט פונעם אַלטן ״קאַזיוק״־פיזמון:

ניט עס עסט, ניט עס טרינקט,

אָבער סע לעבט און סע שפּרינגט!

— צעבערס, צעבערס, הילצערנע עמערס!

— פעסלעך, דעמבענע פעסלעך, פּרימאַ צו זאַלצן קרויט!

— לעפל, הילצערנע לעפל!

— קאָשיקעס, אַלערלײ קוישן!

אין דער טיף פון יאַריד, אין אַ בונט־אויסגעפּאָרבענעם באַלאַגאַן, איז אויפגעטראָטן אַ קונצן־מאַכער. דערנעבן האָט מען אויף סטראַגאַנעס פאַרקויפט קיכעלעך אין געשטאַלט פון הערצער, שעפּעלעך און שוועמעלעך, באַגאָסענע מיט קאָלירטן לאַקריץ. די זון האָט געפינקלט אויפן אויבערפלאַך פון די קאַלוזשעס, און אויף דער גלאַטער גלאַזור פון די שפּאָגל־נײַע, נאָר וואָס פון אויוון אַרויס לײמענע טעפּ און שיסלען. אַלץ

האָט דאָ געשפּרודלט מיט לעבן, און אַסיען איז מיט אַ מאָל געוואָרן אומהיימלעך פון געדאַנק, אַז דאָ, דערנעבן מיט דער מענגע פרייד — איז אויך אַזוי פיל טרויער: פון איין זײַט לוקישקער פּלאַץ, הינטער אַ געמויערטן ווײַסן פּלויט, האָבן זיך געצויגן צום הימל די טורעמס פונעם קלויסטער פון הייליקן יאַקוב, ווי ער וואָלט טאָג און נאַכט שטום געוואַכט בײַם שפּיטאָל, וואָס איז געשטאַנען צו פוסנס פון אים; פון דער אַנדערער זײַט פּלאַץ האָט מרה-שחורהדיק אַראָפּגעקוקט אויפן בונטן יאַריד דער שווערער, פאַרשמידטער אין טונקל-גרויען גראַניט בנין פון קרײַזגעריכט. און עטוואָס אין אַ זײַט האָט זיך אויסבאהאַלטן הינטער אַ שטיל געסל די לוקישקער טורמע — די גרעסטע תפיסה פון שטאָט.

ווען וועט זײַן דער מישפּט? ווען וועט מען מישפּטן און וועמען ניט? ס'איז אַוועק אַ קלאַנג, אַז לגבי דעם רוב אַרעסטירטע ווערט דער ענין געשלאָסן צוליבן מאַנגל אין באַווײַזן. איבערהויפּט איז עס נוגע די מינדעריעריקע; אין שול אָבער וועלן זיי מעגן אָנהייבן גיין נאָר נאָכן מישפּט.

אַסיען האָט זיך שוין מער ניט געוואָלט זײַן אויפן יאַריד. זיי האָבן מיט דער מאַמען געקויפט שפּילצײַג פאַר לילקען און זײַנען אַוועק אַהיים.

... די שווערע, איינטאָניקע טעג פון דער שטוביקער איזאָלאַציע האָבן זיך פאַרענדיקט ערשט אין אַפּריל. אין איינעם אַ פרימאָרגן האָט דער טאַטע געבראַכט די צײַטונג און, דערלאַנגענדיק זי אַסיען, אויפגערעגט אַ זאָג געטאָן:

— מאָרגן! מאָרגן איז דער מישפּט.

איצט איז שוין געוואָרן אומדערטרעגלעך צו זיצן אָפּגעזונדערט אין דער היים, קיינעם ניט זען. אַסיע האָט זיך קוים דערוואַרט צו כאַפּן די צײַטונג מיטן באַריכט פון דעם מישפּט. דאָרט איז צווישן אַנדערן געשטאַנען:

... בעתן מישפּט האָבן די אָנגעקלאָגטע זיך ניט מודה געווען אין דער שולד און האָבן פולשטענדיק געביטן זייערע פריִערדיקע באַווײַזן. מאַזור האָט געזאָגט, אַז אַלץ, וואָס ער האָט גערעדט בעת דעם ערשטן פאַרהער אין דער פּאָליציי, איז ניט אמת; אַז קיין שום פלוגבלעטלעך מיט רעוואָלוציאָנערע אויפרופן האָט אים זשוק ניט געגעבן, און די, וועלכע מען האָט בײַ אים יאָ געפונען, האָט ער, צו זײַן גרעסטער שטוינונג, אַנטפּלעקט אין אַ בוך, וועלכן ער האָט גענומען אין ביבליאָטעק. זײַנע

פריִערדיקע עדות־דערקלערונגען האָט אויך פולשטענדיק אָפּגעלייקנט דער עדות לובאָצקי..."

... אָט וואָס דאַנילינקע האָט געהאַט אין זינען, ווען ער האָט געזאָגט "איך וועל אַלץ פאַרריכטן..." אָבער ווי אַזוי האָבן זיי געלייקנט? מיט וואָס מאָטיווירט? צי האָבן זיי געזאָגט, אויף וואָס פאַראַ אופן מען האָט ביי זיי אין דעפענסיווע אַרויסבאַקומען די באַווייזן?

"... די געריכט־פאַרהאַנדלונג האָט נעכטן געדויערט ביז שפּעט אין אָוונט. זי איז געפירט געוואָרן אונטערן פאָרזיץ פונעם ריכטער גרינעוויטש: דער באַשולדיקער איז געווען דער פּראָקוראָר וואָלסקי; פאַרטיידיקט האָבן די אַדוואָקאַטן יאַסינסקאַ, סוקיענִיצקאַ, פּעטרוסעוויטש, אָרנשטיין, סמילגאַ, כיל און טשערניכאָוו. שפּעט אין אָוונט האָט דאָס געריכט געמאָלדן דעם אורטייל, אויפן סמך פון וועלכן דובראָוויטש באַקומט דריי יאָר תפיסה, זשאַבינסקי און שילייקיס ווערן באַשטראָפט ביז זייער פּוליערקייט מיט אויסבעסערונגס־הויז, מאַזור און זשוק — מיט אַ יאָר אויסבעסערונגס־הויז, באַדינגלעך..."

אין אַ געוויסער צייט אַרום האָט זיך אין שטאָט באַוויזן זשאַבינסקי. דאָס אַפּעלאַציע־געריכט האָט געענדערט דעם אורטייל. אים האָט מען געגעבן צוויי יאָר אויסבעסערונגס־הויז באַדינגלעך, און ער איז אַרויס אויף דער פריי.

— מיר אַלע האָבן אויפגענומען דעם אורטייל רויִק — האָט ער דערציילט, טרעפנדיק זיך מיט די חברה — קיין בעסערס האָט קיינער פון אונדז ניט דערוואַרט. די עלטערן האָבן זיך אָבער שרעקלעך געקלעמט, די מאַמעס האָבן געוויינט. און מער פון אַלץ, וועל איך אייך זאָגן, האָבן זיך דערשראָקן די לערערס. זיי זיינען געזעסן בלאַסע, צעספּוזשעטע, ס׳איז געווען אַ רחמנות אויף זיי צו קוקן. איר וואָלט זיי געדאַרפט זען אין מאָמענט, ווען מען האָט אונדז אַריינגעפירט אין געריכטזאַל, אַוועקגעזעצט אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק, און הינטער אונדזערע פּלייצעס האָבן זיך אויסגעשטעלט פּאָליציאַנטן. און ווי זיי האָבן זיך עס באַמיט, די לערערס אונדזערע, אַרויסטרעטנדיק אַלס עדות, פאָרשטעלן אונדז ווי נאַיִווע אומשולדיקע קינדער!

... דעם טאָג, ווען אַסיע האָט זיך צוריקגעקערט ווידער אין שול, האָבן

אויפן הויף געזונגען פייגל און פריש גראָז האָט זיך שוין אַדורכגעריסן אויף דער פריַי פון צווישן די ברוקשטיינער צום בלויען הימל.

ניט דאָס איבערגעלעבטע, ניט די דערינערונג וועגן דעם, ווי אייניקע חברה פלעגן אויסמיַידן זיך מיט איר צו טרעפן, האָבן ניט געקענט צוימען אַסיעס פרייד. זי האָט אַ שטופּ געטאָן די אַריַינגאַנגסטיר און גליַיך פון דער שוועל, ביַי די ברייטע טרעפּ, דערזען דעם, וועלכער פלעגט זיי שטענדיק טרעפן דער ערשטער — דעם קליינוווּקסיקן פריילעכן שענקמאַנען מיטן גלעקל, דעם שולדינער, וואָס האָט יעדערן פון זיי געקענט, געזאָרגט זיך פאַר זיי ווי אַ טאַטע, און פלעגט, חכמענדיק זיך טרייסטן דעם וועמען מען פלעגט יענעם טאָג פון קאַנצעלאַריע שיקן אַהיים פאַר ניט באַצאָלן שכר־לימוד.

„גאָט צו דאַנקען, דו ביסט דאָ!" — האָט שענקמאַן אַסיען געכאַפּט אין די אָרעמס; זי האָט באַוויזן צו באַמערקן אַ טרער אין זיַין אויג, אַ זאָג געטאָן: „אַלץ אין אָרדענונג", הענדום־פּענדום זיך אַ לאָז געטאָן אויף די טרעפּ, און, ניט אָפּכאַפּנדיק דעם אָטעם, זיך אַריַינגעריסן אין קלאַס אַריין.

— אַסקע!

אינעם רעש, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן, אין דער האַלדזעניש און קושעניש, האָט מען קוים באַמערקט, ווי אויך דאַנקע איז אַריַין.

— דאַנילינקע!

ס'האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אויסגעבענקטע שוללעבן. צוערשט זיַינען די חברה, ווי אַסיען האָט אויסגעוויזן, געווען צו זיי צו מילד, צו גוטהאַרציק, און די לערערס האָבן זיי באַהאַנדלט צו זאָרגעוודיק, ווי קראַנקע קינדער. אַלע האָבן געהאָלפן אַסיען און דאַניען אין די לימודים, דעריאָגן דעם קלאַס.

לוסיע און רבקה האָבן זיך אויך צוריקגעקערט אין שול. לוסיע איז געווען מיט אַ קלאַס העכער פון אַסיען, רבקה — מיט אַ קלאַס נידעריקער. זיי פלעגן זיך טרעפן אויף די הפסקות, פריילעך מאַכן מיט דער האַנט און פלעגן זיך שוין זעלטן דערמאָנען אין דעם חודש אין תפיסה, וועלכער האָט זיך דאַן אַזוי לאַנג געצויגן און איצט זיך אויסגעדוכט צו זיַין אַ קורצער אויסטערלישער עפּיזאָד פון זייער לעבן, וואָס האָט פּאַסירט אין דער גאָר וויַיטער פאַרגאַנגענהייט.

אַסיע האָט זיך אַריַינגעוואָרפן אין געווירבל פונעם שוללעבן. „אירע חברה", די קליינוואַרג פון קריַיזל, מיט וועלכן זי האָט אָנגעפירט פאַרן

אַרעסט, האָבן געקוקט אויף איר מיט התפּעלות. זיי האָבן ניט געוווּסט וואָס צו זאָגן, ביז ענדלעך האָט זיך איינער פון זיי אַנטשלאָסן און געפרעגט:

— ווּעסט איצט ווידער צו אונדז קומען?

אָט טרעפט זי אין זאַל דעם דירעקטאָר טורבאָוויטש. זײַן האַנט, מיט וועלכער ער דריקט אירע, איז שוואַך, אין די אויגן — מילדקייט און הילפסלאָזיקייט. ער קוקט זי אָן אַ לענגערע ווײַלע, רעדט ניט די שטענדיקע האַרבע און נודנע ווערטער, מיט וועלכע ער מוסרט געוויינטלעך די שילערס, קען ניט באַהערשן זײַן וואַרעם געפיל און אײַלט זיך גיין ווײַטער זאָגנדיק: ״נו, לערן, לערן, דערציאָג דעם קלאַס!״

״יעיזשע״, ״די גומענע הענטל״ פלעגן אים אין שול רופן קונדסים, אַנטלויפנדיק פון אים, ווען ער פלעגט זיי וועלן אָפּשטעלן, כדי נאָך אַ מאָל מיט זײַן אייגנאַרטיקן אַקצענט צו זאָגן: ״דיו ביסט אַ שיליער״, און טרייסלענדיק מיט דער האַנט, זיי דערקלערן, אַז זיי פירן זיך אויף ניט אַזוי, ווי פּאַר אַ שילער פּאַסט.

אַסיע קוקט איצט אויף טורבאָוויטשן מיט האַרציקער געריירטקייט, זי ווייסט, אַז ער פלעגט גיין אין דער פּאָליציי-פּאַרוואַלטונג זיך משתדל זײַן פּאַר יעדן פון זיי, די אַרעסטירטע, אַז ער האָט אפילו געטראָגן צום אויספאָרשער איר, אַסיעס, איבערזעצונג פון אָווידיוסעס פּאָעמע ״ניאָבע״ און עקשנותדיק באַמיט זיך אים דערווײַזן: ״זי האָט עס געמאַכט אין העקסאַמעטער-פערזן, אין ייִדיש פונקט ווי אין לאַטײַן! נאַט, איבערצײַגט זיך! און איר זאָגט — פּאָליטיק. ווי קומט זי צו פּאָליטיק...״

טײַערע, ליבע פּנימער...

אָט גייט דורכן קאָרידאָר דער לערער גערשטיין, דער הויכער קראַסאַוועץ מיטן קאָפּ גרויע האָר און מיט די געדיכטע שוואַרצע וואָנצעס, ער דערמאָנט איר יצחק-לייבוש פּרצן, אפשר איז ער נאָך שענער... ער גייט שלאַנק ווי אַ סטרונע, מיטן הויך אויפגעהויבענעם קאָפּ, ווי ער וואָלט קיינעם ניט זען אַרום, נאָר פּלוצעם, פאַרבײַגייענדיק אַ שטיפער, שטעלט ער אים ״אַ בערנע״ — גיט אים אַ קוועטש מיטן גראָבן פינגער אין שפּיץ קאָפּ און גייט ווײַטער, ווי קיין מאָל גאָרניט, ווי ער וואָלט זאָגן: איז וועד איז אַ גרעסערער שטיפער — איך צי דו?

די קונדסים אין שול האָט גערשטיין באַזונדערס ליב. אָט גיט ער אַ זאָג

צו איינעם: „כאַצקעלע, מיין צאַצקעלע, עפּעס האָב איך דיך היינט אויף דער לעקציע ניט געזען!" און צו די חברה אַרום: „טאָמער גייט איר פאַרביי רודניצקע 6 און איר זעט, אַז ס'גייט אַ רויך, זאָלט איר ניט מיינען, אַז די שול ברענט. דאָס שמייס איך כאַצקלען!

גערשטיין, דער לערער פון ייִדיש און געזאַנג, דער באַרימטער אָנפירער פונעם כאָר אין ווילנע, איז אַ געשוווירענער אַלטער קאַוואַלער. אַלע ווייסן אָבער וועגן זיין ליבע צו דער שענסטער יידישער אַקטריסע דינה האַלפּערן. נעכטן, ווען ער האָט אויסגעשטעלט דעם כאָר אין שול און אָנגעהויבן רעפּעטירן דאָס ליד „די נעצן אין שיפל, דער רודער אין האַנט", גענומען דעם קאַמערטאָן און אויסגעזונגען די ערשטע טענער פון „די נעצן" פאַר יעדער שטים: „די — נע...". „די — נע...", „די — נע..." — האָט עמעץ הויך צוגעגעבן: „האַלפּערן!".

— ברומבערג, דו? — האָט גערשטיין געפרעגט.

— ניין, ניט איך.

— בעניאָמקע, אַרויס פון קלאַס!

בעניאָמקע, אַ שוואַרץ-חנעוודיק בחורל מיט צעצווייגטע, צונויפגעוואַקסענע ברעמען איז געווען איינער פון זיינע ליבלינגען, און טאַקע ער האָט, אין קאָרידאָר, געכאַפּט ביי גערשטיינען די „בערנע".

## ערב דער רייזע אַרום דער וועלט...

סוף פרילינג 1939 האָבן אַסיע און אירע חברים געזאָלט האַלטן „מאַטורע" — דעם אַרויסלאָז-עקזאַמען פונעם ליציי, פון די לעצטע צוויי לערניאָר אין דער גימנאַזיע. דרייצן עקזאַמענס האָבן געדאַרפט האַלטן די שילער פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייט-שולן, בעת אין די פּוילישע מלוכה-גימנאַזיעס האָט מען געהאַלטן בלויז פינף. דאָרט האָבן די שילער עקזאַמענירט די אייגענע לערערס, און דאָ, אין די נאַציאָנאַלע שולן, איז געווען אַ קאָמיסיע פון דער שטאָטישער בילדונגס-פאַרוואַלטונג, פון

קוראַטאָריום. יעדער שילער פלעגט זיך מוזן שטעלן ענטפערן פאַר ווילד־פרעמדע מענטשן.

דער ערשטער עקזאַמען איז געווען — אַ שריפטלעכע אַרבעט פון פויליש. דער עקזאַמענאַטאָר האָט פאַמעלעך און דײַטלעך געשריבן אויפן טאָוול די טעמעס. אין דער פײַערלעכער שטילקייט פון זאַל האָט אַסיען צוערשט באַגאָסן אַ קאַלטער שווייס. זי האָט זיך אָבער גענומען אין די הענט, אַרײַנגעטראַכט אין דער טעמע, צונויפגעשטעלט אַ פּלאַן — און ס'איז אַוועק אַ גאַנג. זי האָט שוין ניט געקלערט, ווו זי איז און וואָס עס טוט זיך אַרום איר. די געדאַנקען האָבן זיך אַליין געוועבט, אויסשטעלנדיק זיך אין שורות און זײַטן; די גרויסע בלעטלעך, יעדע מיט אַ מלוכישן הערבשטעמפּל, האָבן זיך אָנגעפילט מיט אינהאַלט. אָט איז שוין די זיבעטע זײַט, די צענטע, די עלפטע... זי האָט ניט באַוויזן איבערצושרײַבן ביזן סוף אויף ריין. דאָס געשריבענע אויף שוואַרץ איז אָבער פאַראַן, און זי גיט עס אָפּ צוזאַמען. פון זאַל גייט זי אַרויס מיט אַ לײַכט געפיל פון מידקייט און באַפרידיקונג...

מאָרגן פרי איז געווען דער מינדלעכער עקזאַמען. אַסיען האָט ווידער אָפּגעגליקט, אַ גוטער בילעט — "ראָמאַנטיזם", איר באַליבטע טעמע.

צום סוף פון טאָג האָט מען געמאָלדן די אָפּשאַצונגען פאַרן שריפטלעכן און מינדלעכן עקזאַמען אינעם גאַנצן קלאַס. קיין איין פינף, נאָר צוויי פירן. אַדעלסקע — אַ דרײַ...

אַסיע האָט ניט געגלויבט אירע אויערן.

אַלע זײַנען אַרויס אין קאָרידאָר, ערשט דאָ איז מען געקומען צו זיך. זיך געוווּנדערט אויף דעם וואָס איז געשען, געקוועטשט מיט די פּלייצעס. עמעצער האָט זיך צעוויינט. אַ צווייטער האָט אַ זאָג געטאָן: שוין, אויס שטודירן — מיט אַ דרײַ פון פויליש וועט מען ניט אָננעמען אין קיין הויכשול!

צו זיי איז מיט אַ פּאַרשפּעטיקונג אַרויס פון זאַל "זוזיע" — זייער קלאַסן־דערציִער און לערער פון פויליש. ווײַזט אויס זיך געשפּאַרט און געדונגען מיט דער עקזאַמעניר־קאָמיסיע. דער לערער — אַ הויכער, אַ שוואַרצער, אַן עלעגאַנטער, מיט אַ סאַמעטענעם אומעט אין די טונקעלע אויגן, וואָס האָבן דורך די ברילן אויסגעזען גאָר גרויס, ווי דורך אַ

פאַרגרעסער-גלאָז. ער איז געווען קאַסאָקע אויף איין אויג. "ער קוקט קרום אויף דער מלוכה" — פלעגט זיך וויצלען זשאַבינסקי. און אפילו איצט האָט דעם לערערס רעכט אויג, ווי געווײנטלעך, געשמייכלט צום לינקן, כאָטש דער שמייכל איז געווען אַן אומעטיקער. דאָס לינקע אויג האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַסיען מיט מיטגעפיל, ווי עס וואָלט וועלן זאָגן: "דאָס לעבן, קינד מײַנס, איז ניט קיין שפּיל, געוווין זיך צו".

אַסיעס שריפטלעכע אַרבעטן פלעגט ער אָפט פאָרלייענען אין קלאַס; איצט לאָזט זי אַראָפּ דעם קאָפּ, זי פילט זיך שולדיק. אָבער זי ווייסט ניט פאַר וואָס זי האָט באַקומען בלויז אַ דרײַ...

— צו וואָס האָסטו אַזוי פיל אָנגעשריבן? ס'זײַנען דאָרט בײַ דיר געווען איבעריקע קאָמעס און טירעען — מוסרט ער זי מילד און לייגט אַרויף זײַן גרויסע האַנט אויף איר אַקסל. און אַסיען כאַפּט מיט אַ מאָל אַרום אַ רחמנות ניט אַזוי אויף זיך, ווי אויף זייער גלענצנדיקן לערער, וועלכער האָט גוט געוווּסט,וואָס פאַר אַ מיינונג יעדער פון זיי פאַרדינט, און געוווּסט האָט ער, אַז מען האָט די ידיעות זייערע צו נידעריק אָפּגעשאַצט. ער האָט עס געוווּסט און קיין זאַך ניט געקענט אויפטאָן.

דעם זעלבן טאָג, שוין אָוונט צו, האָט אַסיע ווידער באַגעגנט דעם לערער קלאַוזנער, "זוזיען", אין גאַס. זיי זײַנען געגאַנגען אין איין ריכטונג, אַוועק צוזאַמען, אָבער דער שמועס האָט זיך ניט געקלעפּט. דער לערער האָט זיך אַ מינוט אָפּגעשטעלט בײַ אַ סטראַגאַן מיט בלומען, געקויפט דרײַ שיינע נעלקן, דערלאַנגט זיי אַסיען.

— דאָס איז פאַר מיר? — האָט זי דערשראָקן געפרעגט. איר האָט נאָך קיין מאָל קיינער ניט געשענקט קיין בלומען.

— פאַר דיר — האָט ער געענטפערט ערנסט, און זיין רעכט אויג האָט, דאַכט זיך, צום ערשטן מאָל ניט אָפּגעלאַכט פונעם לינקן.

זי איז געוואָרן צעמישט. דעם לערערס טרייסט האָט איר אויסגעוויזן צו זײַן מאָדנע, און דאָך איז איר לײַכטער געוואָרן אויפן האַרצן.

אויף צו מאָרגנס, נאָך איר שווערער אַנטוישונג מיטן עקזאַמען פון פּויליש, האָט אויף אַסיען געוואַרט אַ פריידיקע נײַעס: די גימנאַזיע, וועלכע פלעגט יעדעס יאָר שיקן נאָך דער מאַטורע צוויי אַביטוריענטן אין דער פּראָ־אַספּיראַנטור פונעם בכבודיקסטן יידישן וויסנשאַפט־צענטער — דעם ייִוואָ,

האָט דאָס מאָל באַשטימט זי, אַסיען און דאַניִלינקען. אַסיע האָט אַ קלער געטאָן: דווקא זיי ביידן, די געוועזענע אַרעסטירטע... אָנערקענט זייערע פעיִקייטן און הצלחות אינעם יִידיש-לימוד?.

...פאַרטיק געוואָרן מיט די עקזאַמענס, האָט מען זיך גענומען פאַרטראַכטן, וואָס ווייַטער? מען דאַרף שוין ערנסט אַ קלער טאָן וועגן א תכלית. אָן ענטפער פאַר יעדן האָט שוין דאַנילינקע. מאָרגן איז אין שול דער אַרויסלאָז־אָוונט. "אַז איר וועט ווערן מיט אַ טאָג עלטער, וועט איר זיך דערוויסן, וואָס מיט אײַך וועט זײַן אין אַ צענדליק יאָר אַרום, און אפשר זיך אַליין טאַקע דערקענען."

"אַ רײַזע אַרום דער וועלט" — אַזוי האָט דאַנקע אָנגערופן די "לעבעדיקע צײַטונג", וועלכע ער האָט פאַרפאַסט צום אָוונט. "... דער פּראָפעסאָר דאַניעליוס האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין דער ווײַטער וועלט" — לייענט ער — "דאָס נייטיקסטע האָט ער צונויפגעלייגט אין אַ קליינעם טשעמאָדאַנטשיק, נאָך אַ מאָל זיך אײַנגעקוקט אויף דער מאַפּע, אויף וועלכער ער האָט מיט רויטן טינט אָפּגעמערקט די ליניעס פון זײַן מאַרשרוט. צונויפגעלייגט די מאַפּע, און אַוועק אין דער ריכטונג פון וואָקזאַל, כדי זיך אַרײַנצוזעצן אין דעם שנעלצוג וואַרשע — פּאַריז..."

חברה האַלטן זיך קוים אײַן פון געלעכטער, ס'איז פאַרשטענדלעך, ווער ס'איז דער פּראָפעסאָר. ס'ווילט זיך אָבער וויסן וועגן זיך אין דער צוקונפט.

"...אָט איז ער שוין אינעם הערלעכן פּאַריז... נאָך און נאָך אַ מאָל קאָנטראָלירט ער אין זײַן נאָטיץ־ביכל דעם אַדרעס — צי דען זאָל עס טאַקע זײַן דאָ? יאָ, סע שטימט. דער באַרימטער אַרכיטעקט, דער שטאָלץ פון פּראָנצויזישן בויוועזן דאַרף לעבן אָטאָ־דאָ. טאַפּנדיק אין דער פינצטער, לאָזט דער פּראָפעסאָר זיך אַרונטער אין אַ קעלערשטוב, געפינט ניט קיין גלעקל און קלאַפּט אָן. עמעצער עפנט אים. דאָס איז אַ קליינטשינקע פרויען־פיגור. ער דערלאַנגט איר זײַן וויזיט־קאַרטע: "דאַניעליוס ליובאָצקוס, פּראָפעסאָר פון פילאָסאָפיע".

די קליינינקע פרוי רופט אים פאַרשעמט אין שטוב אַרײַן. ער דערקענט איר שטימע. דאָס איז דאָך סיאָמקעס מאַמע. זי קוקט אויף אים מיט אירע וואַרעמע און נייגעריקע אויגן, נאָר דאָס פּנים אירס איז פאַרעלטערט און זי זעט אויס פאַרמאַטערט. און אָט שלײַכט זיך אַרויס פון אַ פינצטערן ווינקל

זײַן חבר, סיאָמע אַליין. ער האָט זיך גאָר ווייניק געענדערט, הויך און דיק ווי געווען. ער שטייט אין אַ קאָמבינעזאָן און קײַט אַ בולקע. דערזעענדיק דאַניעליוסן, ווערט ער צעמישט, דער ביסן בלײַבט אים שטעקן אין האַלדז. אויך דער פּראָפעסאָר שווײַגט. ס׳וואָלט מסתמא געדויערט לענגער, ווען פון הויף וואָלט זיך ניט דערהערט אַ געשריי: ״סימעאָן, אַוווּ ביסטו אַהינגעקומען, דו גייסט פאַרמישן די ליים?״

דער עולם קײַקלט זיך פון געלעכטער, פּאַטשט בראַוואָ: ס׳ט געטראָפן אין פּינטל! ס׳איז סיאָמקע דער פאַנטאַזיאָר אויסן אויג!..

...דער פּראָפעסאָר פאַרלאָזט אין פאַרלעגנהייט פּאַריז און פאָרט קיין וואַשינגטאָן, האָפנדיק דאָרט צו באַגעגענען זײַן אַמאָליקן חבר, דעם בעסטן שילער פון פיזיק, בנימין וואָלאָשין. ער האָט שוין לאַנג פון אים ניט געהערט. ער האָט געוווּסט, אַז ער לעבט אין דער שטאָט און איצט געפּרוּווט טרעפן, מיט וואָס, דהײַנו, ער באַשעפטיקט זיך. ס׳האָט זיך געוואָלט גלויבן, אַז ער איז אַ געלערנטער, אַ פיזיקער...

דער פּראָפעסאָר האָט, וואָס אַן אמת, ניט געהאַט דעם אַדרעס, געוואָלט זיך שוין ווענדן אין אַדרעסן־ביוראָ, ווען זײַן בליק איז געפאַלן אויף אַ נאָטיץ אין צײַטונג, וועלכע ער האָט געלייענט, עסנדיק פרישטיק אין זײַן האָטעל־נומער: ״נעכטן אָוונט איז אַ מאָטאָציקל אויף דער הונדערט־ איין־ און־צוואַנציקסטער אַוועניו אַרויפגעפאָרן אויף בנימין וואָלאָשין — אַ פאַרקויפער פון אַ דערנעבנדיקער באַקאַליי־ קראָם... דער פאַרוווּנדעטער געפינט זיך אין שפּיטאָל״.

בענקע וואָלאָזשינסקי לאַכט, כאָטש זײַן קאַריערע האָט זיך פאַרענדיקט אַזוי טרויעריק. צופרידן איז יעדער, צו וועלכן דער מחבר שמידט צו אויף אַ ווײַלע אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט. אַלע לאַכן און קיינער קלערט ניט אין דעם מאָמענט, וויפל אמת ס׳איז פאַראַן אין די געשיכטעס פון דאַנקעס ״לעבעדיקער צײַטונג״. וויפל צײַט און כוח ס׳וועט זיי קאָסטן דער אומזיסטער געיעג נאָך גליק, און פון וויפל אילוזיעס אין זייער לעבן וועט גאָרניט ווערן.

וואָס וואַרט אויף זיי מאָרגן? דער אוניווערסיטעט? פּרוּוו טרעפן אַהין, וווּהין דו ווילסט. און מיט וואָס זאָל מען צאָלן, ווו נעמט מען אַזוי פיל געלט

אויף שכר־לימוד? אַרבעטן? פּרוביר קריגן אַרבעט. און אפשר בכלל... אַ מלחמה?

— ס׳שמעקט מיט מלחמה — זאָגט אָפּט צו אַסיען וויטע. — דו פּילסט דען ניט? בעסער שוין ניט פּלאַנירן. יעדנפאַלס, ניט מאַכן זיך קיין אילוזיעס.

אַסיע האָט אָבער ניט געקענט אַזוי. זי האָט געבויט אירע פּלענער, געשטרעבט צו איר ציל. שוין פון לאַנג האָט זי געטרוימט צו זײַן אַ לערערין אין אַ פאָלקסשול, אַרבעטן ערגעץ אין אַ קליין שטעטל, לערנען קינדער דענקען און זוכן דעם אמת, אַזוי ווי דער לערער ראַבינאָוויטש. זי האָט געהאַט די פעיִקייט זיך אָפּצוגרענעצן פון די אומרוען און סכנות, זיך פאַרטיפן אין דער אינערלעכער וועלט פון אירע טרוימען און שטרעבונגען. זי פלעגט קלערן וועגן ציל, וועלכן זי האָט זיך געשטעלט, און דאָס פלעגט זי אָפּרײַסן פון דער ווירקלעכקייט און באַפליגלען. זי איז שוין געווען טעטיק: זומער, גלײַך נאָך די עקזאַמענס, איז זי אַוועקגעפאָרן אויף אַ חודש אַרבעטן אין דער ״טאָז״־קאָלאָניע פאַר קינדער, אין וועלכער ראַבינאָוויטש איז געווען דער פאַרוואַלטער. אַוועקגעפאָרן, כדי אויסצופּרוּוון די אייגענע כוחות און נעענטער זיך באַקענען מיטן קינד. טאַקע דאָ האָט זי געזען, מיט וואָס פאַר אַ הונגעריקע אויגן קינדער וואַרפן זיך אַרויף אויפן מיטיק־עסן און באַמערקט, ווי אייניקע, אַוועקגייענדיק פון טיש, באַהאַלטן בגנבה אין בוזעם אַ פּײַדקע ברויט.

ווען זי האָט זיך אומגעקערט אין שטאָט, איז זי אַוועק אין אוניווערסיטעט זיך דערוויסן, צי אויפן הומאַניסטישן פאַקולטעט איז פאַראַן אַן אָפּטיילונג פון פּסיכאָלאָגיע און פּעדאַגאָגיק, און ווי מע קומט אָן אַהין.

...די געלבלעכע, גראָבע, אוראַלטע מויערן פון דער ווילנער ״אַלמאַ מאַטער״ האָבן איר דערמאָנט אין דעם מויער פון דער פּרעווענטיווער תפיסה, וואָס איז אגב געווען ניט ווײַט, דערנעבן. די געשמידטע שווערע טיר פונעם אוניווערסיטעט-בנין האָט זיך קוים אויפגעעפנט. פײַערלעך און פרעמד האָבן געקלונגען די גלאָקן אין אוניווערסיטעט-קלויסטער, און אַסיען איז געוואָרן אומהיימלעך. ס׳זײַנען פאַרבײַגעלאָפן אויסגעפוצטע פּרײַלינס, צוויטשערנדיק שנעל אויף פּויליש, און אפילו ניט געוואָרפן קיין בליק אין איר זײַט. ״ווו בין איך דאָס?״ — האָט אַסיע אַ קלער געטאָן און מיט

אומעט זיך דערמאָנט אין דער יִדישער שול, אין איר וואַרעמער היימישקייט. אַ שאָד, וואָס עס האָט זיך אַלץ געענדיקט... נאָר גאָרניט, האָט זי זיך געזאָגט. כ'וועל זיך נעמען אין די הענט און לערנען. אַן אָפּטיילונג פון פּסיכאָלאָגיע און פּעדאַגאָגיק איז פאַראַן. קאַנדידאַטן דאָרט צו לערנען איז דערוויַיל ווייניק. מסתמא וועט געלינגען אָנצוקומען. עטלעכע יאָר אוניווערסיטעט, און נאָך דעם — ווידער אַ שול. און זי וועט דאָרט זיַין די לערערין.

דאָס איז געווען אין אויגוסט 1939. און דעם ערשטן סעפּטעמבער איז אויסגעבראָכן די מלחמה.



היינט איז די נאַכט פונעם זעכצנטן אויפן זיבעצנטן. ווי לאַנג וועט זי דויערן, די נאַכט? ס'איז נאָך פינצטער. מינוטן ציִען זיך יאָרנלאַנג... ווער איז אַריַין אין שטאָט? די געדאַנקען, וואָס האָבן זיך געהאַט אָפּגעריסן פון דער ווירקלעכקייט, קערן זיך אום צו דעם, וואָס עס קומט פאָר דאָרט, אין דרויסן.

— מענטשן, שיסט ניט! מיר ווילן ניט קיין בלוט־פאַרגיסונג!

די הילכיקע ווערטער אין רוסיש דורכן רופאָר אין גאַס האָבן צעריסן די שטילקייט, זיַינען אַריַינגעדרונגען דורכן פאַרמאַכטן פענצטער. די נאַכט האָט זיך מיט אַ מאָל פאַרענדיקט, כאָטש ס'האָט נאָך ניט געטאָגט. אַסיעס שוועסטער רוטע האָט אַ ריס געטאָן די טיר פון באַלקאָן. גליַיך נאָך איר איז, אַרויפוואַרפנדיק אויף זיך דעם כאַלאַט, אַרויסגעלאָפן אַסיע, און אין בלייכן ליכט פון דעם איינזאַמען גאַס־לאַמטערן האָבן זיי דערזען אויף דעם פאַמעלעך פויזענדיקן טאַנק אַ סילועט פון אַ מענטש אין אַ העלם.

אין דער פרי האָבן זיך די גאַסן מיט אַ מאָל אָנגעפילט מיט מענטשן. דער לעבעדיקער שטראָם איז געפלאָסן פאָרויס איבער די טראָטואַרן, נאָכפאָלגנדיק די טאַנקען און לאַסט־אויטאָס. מיט אַ מאָל האָט זיך אין דעם המון אויפן ראָג סטעפּן־גאַס אַריַינגעגאָסן אַ פריידיקע, זינגענדיקע מענגע מענטשן. דאָס זיַינען געווען פרויען. האַלטנדיק זיך ביַי די הענט, זיַינען זיי געלאָפן פון דער זיַיט, וווּ ס'איז געווען די תפיסה; זיי האָבן פאַרנומען גאַנץ סטעפּן־גאַס, און אַסיע האָט ניט באַוויזן זיך אַרומצוקוקן, ווי זי האָט זיך

געפונען אין עמעצנס אָרעמס. געוויס זײַנען עס געווען פּאָליט־אַרעסטירטע, באַפרײַטע פון דער תפיסה. אפשר אויך די זעלבע, וועלכע אַסיע, רבקה און לוסיע האָבן דאַן, אין טורמע, באַגעגנט אויף די״ טרעפּ. איצט האָט עס ניט געהאַט קיין באַטײַטונג, קיינער האָט ניט געקוקט — באַקאַנט צי אומבאַקאַנט. מען האָט זיך אַרומגענומען, געהאַלדזט און געקושט אין דער אַלגעמיינער, פאַרשיכורנדיקער פרייד.

די שטראָמען מענטשן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אויף זאַוואַלנע. דאָ, פון ביידע זײַטן גאַס, איז דער עולם געשטאַנען צונויפגעפרעסט, אין פײַערלעכן שטילשווײַגן; מיט רויִקן כוח האָבן אינעם בין־השמשות געאָטעמט די טונקל־גראָע געשטאַלטן פון די טאַנקיסטן. גערעדט האָבן נאָר די אויפגעהויבענע פויסטן פון פיל מענטשן דאָ, אונטן אויף דער גאַס און פון די רויטאַרמייערס אין די טאַנקען און לאַסטאויטאָס, וואָס האָבן באַגריסט איינע די אַנדערע מיט דער רעוואָלוציאָנערן־באַגריסונג ״ראָט־פראָנט״.

קיינער האָט ניט באַמערקט, ווי ס׳האָט גענומען שאַריען, ווי ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער נײַער טאָג, דער אומדערוואַרטער און אויסטערלישער טאָג אין זייער לעבן...

# נייע ווינטן

יענעם ערשטן טאָג, ווען די טאַנקען האָבן זיך גערוקט דורכן צענטער שטאָט, און אויף די טראָטואַרן זײַנען געשטאַנען מאַסן מענטשן, האָט דאָס פּנים פון יעדן טאַנקיסט אויסגעוויזן צו זײַן שטרענג און פאַרשלאָסן.

דערנאָך זײַנען געגאַנגען די פוסגייער-איינהייטן, דאָס האָט שוין גאָרניט אויסגעזען אַזוי אימפּאָזאַנט. די זעלנערס זײַנען געווען פאַרשטויבט און מיד. עמעץ פון די רויטאַרמייערס איז געלאָפן, דעריאָגנדיק זײַן קאָלאָנע. אויף די טראָטואַרן האָט זיך בולט געלאָזט הערן די זינגעוודיקע רוסישע שפּראַך. שפּעטער האָט אַ קלונג געטאָן אַ ליד, די רויטאַרמייערס האָבן געזונגען ניט הילכיק און ניט ריטמיש, ווי ס׳פלעגן מאַרשירנדיק זינגען פּוילישע אולאַנען. דאָס געזאַנג פון די רויטאַרמייערס איז געווען היימיש, האַרציק, אפילו אַ ביסל פאַרדעמפּט, ווי דער שטויב פון די דורכגעמאַכטע וועגן וואָלט זיך אָפּגעזעצט ניט נאָר אויף זייערע פּנימער און שינעלן, נאָר אויך אויף זייערע שטימען. זיי האָבן געזונגען דאָס באַקאַנטע ליד וועגן קאַטיושען. אומבאַמערקט האָט די גאַס גענומען מיטזינגען — פון אָנהייב שטיל, שפּעטער אַלץ העכער.

אַסיע האָט ניט געוווסט, ווער ס׳זינגט מיט מיט די רויטאַרמייערס, און ווער ניט; ווער ס׳הייבט אויף די פויסטן, באַגריסנדיק זיי "ראָט-פראָנט", וויפל סימפּאַטיקערס פון דער רויטער אַרמיי ס׳זײַנען דאָ צווישן דעם עולם, וויפל שונאים, און וויפל סתּם מענטשן, וואָס האָבן זיך פאַרפּלאָנטערט אינעם לויף פון די געשעענישן; מענטשן, וואָס ווייסן אַליין ניט, מיט וועמען צו האַלטן. איר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז די גאַנצע גאַס זינגט. אַסיע איז געווען גליקלעך און געמיינט, אַז אַלע זײַנען אַזוי גליקלעך ווי זי: בײַ זייער שוועל איז שוין געווען דער דייטש, און אַרײַן איז די רויטע אַרמיי.

אָבער פאַרבײַגייערס האָבן פּשוט מיט נײַגער זיך צוגעקוקט, וואָס עס קומט פאָר, גענוי אָפּמערקנדיק יעדע קלייניקייט און פאַרגלײַכנדיק דאָס וואָס

זיי זעען מיט דער אייגענער פּאָרשטעלונג וועגן די סאָוועטן און מיט דעם, וואָס מען האָט דאָ אין פּוילן געהערט וועגן זיי. און געהערט האָט מען, אַז דאָרט, בײַ די סאָוועטן, גייט מען נאַקעט און באָרוועס. אייניקע האָבן אפילו פאַרזיכערט, אַז זיי עסן דאָרט איינער דעם אַנדערן פון הונגער; אַז בײַ זיי אין די קאָמונעס איז אַלץ געמיינזאַם, אפילו די קליידער און העמדער, און אַז לעבן לעבן זיי ניט אין דירות, נאָר אין באַראַקן, אין אַ מין קאַזאַרמעס.

איצט האָט די גאַס קאָמענטירט:

— מיר האָבן ניט געהאַט אַזעלכע טאַנקען, כאָטש דאָס מיליטער איז געגאַנגען אין מונדירלעך שפּאָגל-נײַ...

— אַזעלכע טאַנקען, און מע זאָגט נאָך — זיי הונגערן.

— דערפאַר טאַקע הונגערן זיי.

— זיי הונגערן דערפאַר, וואָס מען האָט אַלעמען געמאַכט פאַר אויס בעלי־בתים, און ניטאָ ווער ס'זאָל באַלעבאַטעווען.

— קוקט זיך אײַן, זיי זעען דען אויס אָפּגעצערט?

— אָבער ניטאָ קיין גלאַנץ, קיין פעסטער טראָט, ווי בײַ אונדזערע...

— בײַ אונדזערע... וווּ זײַנען זיי, אונדזערע, מיט זייער גלאַנץ?

אין שטאָט איז געוואָרן טומלדיק, דער עולם האָט זיך אַרויסגעשאָטן אויף די גאַסן. אַרום יעדן קאָמאַנדיר און רויטאַרמייער פלעגט זיך אויפקלײַבן אַ מענגע מענטשן.

— זאָגט, זײַט אַזוי פרײַנדלעך, הער קאָמאַנדיר, ווי איז עס דאָרט בײַ אײַך אין די... ווי הייסן זיי... יאָ, אין די קאָלכאָזן — אַלץ בשותפות, די ווײַבער אויך?

— כאַ — כאַ, אויב יאָ, פאַרשרײַב איך זיך אין קאָלכאָז. מײַנע איז שוין צו אַלט... — לאַכט עמעץ פון די פאַרזאַמלטע.

— געמיינזאַם איז די ערד, די מיטלען פון דער פּראָדוקציע.

— און אַ שטוב מעג מען האָבן אַן אייגענע?

— אוודאי.

— און אַ קו?

— אַ קו און חזירים, און אַ שטיקל ערד בײַ דער ווירטשאַפט.

— איז עס דאָך פּריוואַט־אייגנטום.

— דאָס איז פּערזענלעך אייגנטום. דאָס, וואָס דער מענטש באַדאַרף צו זײַן אייגענעם געברויך און באַאַרבעט אַליין.

— און אויב איך וויל האָבן, לאָמיר זאָגן... אַן אייגענעם אויטאָ?

— מעגט איר.

— און אַ קראָם?

— אַ קראָם איז שוין פּריוואַט־אייגנטום, אַ קוואַל פון הכנסה.

אַ גרײַז־גרויער פּאָליאַק מיט וואָנצעס פון אַן אַדלמאַן, אין אַן אויסגעריבענעם, וואָרשײַנלעך זײַנער צײַט עלעגאַנטן מאַנטל, און מיט גלאַנצנדיקע פון לאַנגן געברויך העלע זאַמשענע הענטשקעס, דערלאַנגט דעם "פּאַן קאָמאַנדיר" אַן עפּל. דער קאָמאַנדיר דאַנקט, נעמט אַרויס פון קעשענע אַ ריין, צונויפגעלייגט נאָזטיכל, און נישט איבעררײַסנדיק דעם שמועס, ווישט ער ציכטיק אַרום דאָס עפּעלע. מענטשן קוקן זיך צו צו יעטוועדער באַוועגונג פון זײַנע הענט. דער אַלטער אין זאַמשענע הענטשקעס גיט פּילדײַטיק אַ קוק אויף זײַן שכן.

די גאַסן רודערן און רוישן, און די פּנימער פון די רויטאַרמייערס, פון וועלכע דער ערשטער אָפּרוטאָג האָט אַראָפּגעווישט די גאַנצע מידקייט, זײַנען אַזוי געלאַסן, פריילעך און גוטהאַרציק, אַז דאָס טראָגט אַרײַן, ווי אַסיען דאַכט זיך, רו אין דער שטימונג פון מענטשן.

אַסיע האָט זיך געפרייט מיט יעדער קלייניקייט, פּונקט ווי די באַדערפעניש זיך צו פרייען, וואָס האָט אין איר געלעבט, וואָלט זיך אַרויסגעריסן אויף דער פרײַ. קיין זאַך האָט ניט געקענט שטערן איר פרילינגדיקער שטימונג אין די־אָ סעפּטעמבער־טעג — ניט די רייען נאָך ברויט, וועלכע זײַנען, אייגנטלעך, אַנטשטאַנען גלײַך פון אָנהייב זינט היטלער איז אָנגעפאַלן אויף פּוילן; ניט די ליידיק־געוואָרענע פּאָליצעס אין די קראָמען; זי האָט ניט באַמערקט, וואָס זי עסט און ניט געפרעגט, ווי אַזוי די מאַמע שאַפט אײַן דאָס לעבנס־מיטל.

יענעם פרימאָרגן, ווען אַסיע האָט דערזען די ערשטע רויטאַרמייערס אין די גאַסן, האָט זי געקלערט וועגן באָרען, וועגן דעם, אַז ער האָט ניט דערלעבט ביז דער גליקלעכער מינוט. דער געדאַנק וועגן באָרען פלעגט זי קיין מאָל ניט פאַרלאָזן, אָבער ער פלעגט שוין ניט פאַראומערן איר נשמה.

ס׳פלעגט זײַן אַזוי, ווי באָרע וואָלט געווען מיט איר, מיט אַלעמען צוזאַמען, און מיטגעמאַכט אַלץ מיט זיי.

אַסיע פלעגט איצט גיריק אײַנזאַפּן דאָס נײַע. ס׳האָט זיך געוואָלט מערער וויסן, פאַרשטיין און עפּעס טאָן, מיט עפּעס העלפן דער מיליטערישער מאַכט. אַלע חבֿרה האָבן עס געוואָלט. זשאַבינסקי האָט זיך אָנגענומען מיט מוט, אַוועק צום קאָמיסאַר קלימאָוו, דעם מיליטערישן פאַרשטייער, וואָס האָט רעפּרעזענטירט די סאָוועטן־מאַכט. צו אים פלעגן די גאַנצע צײַט, פון אין דער פרי ביז בײַ נאַכט שטראָמען מענטשן, און ער פלעגט אַלעמען אויפנעמען. זשאַבינסקי האָט פאָרגעלייגט, אַז זיי, די מיטגלידער פון אומלעגאַלן קאָמיוג פון מערבֿ־ווײַסרוסלאַנד, דאָס הייסט פונעם געוועזענעם קאָמיוג, וועלן העלפן מיט וואָס נאָר מען קען... דער קאָמיסאַר האָט פאַרשעריש געקוקט אויף אים און העפלעך געענטפערט, אַז דערווײַל פאָדערט זיך ניט קיין הילף. זאָל יעדערער טאָן זײַן זאַך, און מיט דער צײַט וועט מען זען.

געזאָגט עס העפלעך, אָבער ווי אָפּגעשניטן. קלאָר: מיט אַ יאָר צוריק האָט מען ליקווידירט די אומלעגאַלע קאָמפּאַרטיי פון פוילן, מערבֿ־אוקראַינע און מערבֿ־ ווײַסרוסלאַנד. ווער האָט ליקווידירט? פאַר וואָס? קיינער פון זיי האָט עס ניט געקענט פאַרשטיין. אָבער אָט טרויט מען זיי שוין ניט... זיי האָט עס שטאַרק פאַרדראָסן.

אַסיע איז אַזוי אויסגעבענקט נאָך פרייד, אַז זי האָט גיך אָפּגעטרייסלט פון זיך דעם פאַרדראָס, אָנגעכאַפּט זיך אין די ווערטער „זאָל יעדערער טאָן זײַן זאַך", און גענומען טראַכטן וועגן דער פּראָ־אַספּיראַנטור פון ייִוואָ און וועגן אוניווערסיטעט, אין וועלכן ס׳האָבן זיך אָט־אָט געדאַרפט אָנהייבן די לעקציעס.

צום ערשטן מאָל זינט די לעצטע חדשים, און אפשר אפילו זינט יאָרן, האָט איר לעבן זיך אָנגעפילט מיט דײַטלעכער צוועקמעסיקייט, מיט דעם קאָנקרעטן זין, בײַ וועלכן ס׳שטילן זיך אײַן די ספיקות און דער אומרו, און מען הייבט אָן צו לעבן מיטן הײַנטיקן טאָג. אַ חידוש, וואָס ס׳האָט אַזוינס געקענט פּאַסירן אין אַ צײַט, ווען די מלחמה איז נאָך אָקערשט געווען אויף דער שוועל און האָט נאָך איצט געגליט ניט ווײַט, אויף מערבֿ פון די גרענעצן פון דער שטאָט.

... — וויטקע, ביי אונדז איז סאָוועטן־מאַכט! דו גיסט זיך אָפּ אַ דין וחשבון?!

וויטעס אויגן לײַכטן גאָר העל, ס'לײַכטן אויך די צוויי פּאָדערשטע גרעסערע און זייער ווײַסע ציין. זיי, אַסיע מיט וויטען, גייען צוזאַמען אין גאַס. אין אַ סקווער שפּילט אַ רויטאַרמייער אויף אַ האַרמאָשקע. ער זינגט דערבײַ דונאַיעווסקיס ליד "דאָס האַרץ" פון פילם "די פריילעכע יאַטן". עמעץ זינגט מיט, אַסיע מיט וויטען שטעלן זיך אָפּ און זינגען אויך.

— גוט, אַ?

— גוט!

יאָ, ס'איז געווען אַ וווּנדער, וואָס די זעלבע לידער, וועלכע זיי האָבן געהיים געהערט, ענג צונויפגעפּרעסטע אינעם הינטערשטן טונקעלן אַלקערל ביי סיאָמקעס ראַדיאָ־אַפּאַראַט, און האָבן זיי געזונגען שטילערהייט, פאַר זיך, זינגט מען איצט אויפן קול אין די גאַסן.



...אויסטערליש, פאַר וואָס דער וועלטצענטער פון ייִדיש־פאָרשונג ייִוואָ האָט זיך געפונען אין דעם דאָזיקן שטילן ווינקל פון שטאָט, ווײַט פון די ענגע, טומלדיקע ייִדישע געסלעך, הינטער אַ פּאַרקאַן אין אַ גרויסן גאָרטן אויף דער ברייטער, ניט באַלעבטער פּוילישער וויוווּלסקי־גאַס. דער מויער מיט נײַע געפּאַנצערטע קעלער־אַרכיוון, מיט די אוניקאַלע אַלטע ביכער און זעלטענע כּתבֿ־ידן, דער מויער מיט די שטודירקלאַסן און מוזיי־צימערן; מיט די בונטע עקספּאָנאַטן פונעם אסתּר־רחל קאַמינסקי־מוזיי, וואָס האָט זיך פריילעך אַרויסגעריסן פון דער שטרענגער וויסנשאַפט־אַטמאָספער, צוצײַענדיק פילצאָליקע באַזוכער — דער דאָזיקער מויער איז געשטאַנען אָפּגעזונדערט, ניט אָנגעלענט אָן קיין אַנדערע שטיבער, אינעם רחבֿות פון ביימער און בלומען, ווי גלײַך דאָ, אויף אַ מהלך פון ייִדישן רעש און געווירבל, וואָלט לײַכטער געווען זיך צו פאַרטיפן אין די פאָרשונגען און מסקנות.

אין דער פּראָ־אַספּיראַנטור פלעגט מען טאָג־טעגלעך לאַנג שטודירן די געשיכטע פון ייִדיש. פון ביכער און דאָקומענטן האָבן זיך די פּראָ־אַספּיראַנטן ענדגילטיק איבערצײַגט, אַז ייִדיש איז ניט קיין זשאַרגאָן פון

דײַטש, ווי די עם־הארצישע „אַלצווייסערס", די קליינבירגערלעכע סנאָבן פלעגן מיט ביטול און פאַראַכטונג זאָגן; נאָר אַז ייִדיש, וואָס שטאַמט מיט דײַטש פון איין מקור, פון „מיטלהאָכדויטש", איז (ווי נאָך אייניקע גערמאַנישע שפּראַכן) אפילו עלטער פונעם הײַנטיקן דײַטש. ווײַל ווען יידן האָבן בעת די רדיפות פון די קרייצטרעגער זיך אַ לאָז געטאָן אויף מיזרח, האָבן זיי מיטגענומען די דאָזיקע מיטלאַלטערלעכע שפּראַך. אַ באַרײַכערטע מיט עלעמענטן פון העברעיִש און פון סלאַווישע שפּראַכן איז ייִדיש געוואָרן אַן אויסדרוקספולע שפּראַך מיט איר זעלטענעם חן און פאָלקס־חכמה...

פאַר די יונגע חברה, די פּראָ־אַספּיראַנטן, איז עס געווען אַ פריידיקע אַנטפּלעקונג, איצט האָבן זיי טעאָרעטיש געקענט יעדערן דערווײַזן דאָס, וואָס זיי האָבן ביז איצט בלויז געשפּירט.

און דאָך פלעגט אַסיע קוים אויסהאַלטן דאָס שעהען־לאַנגע זיצן און נישטערן אַלטע שריפטן און צײַטונגס־קאָמפּלעטן. ס'האָט זי געצויגן די גאַס מיט איר נײַעם לעבן און דער אוניווערסיטעט מיט די לעבעדיקע לימודים וועגן מענטשנס נשמה — פּסיכאָלאָגיע און פּעדאַגאָגיק, וואָס האָבן זי געדאַרפט אַרויספירן אויף איר אויסגעטרוימטן לעבנסוועג: זײַן אַ לערערין.

# די ווילנער „אַלמאַ מאַטער"

...די קליינע צווישטאָקיקע לאַבאָראַטאָריע פון פּראָפעסאָר זאַוואַדסקי, געדיכט באַוואַקסן מיט ווילדע ווײַנטרויבן, איז געשטאַנען אין ווינקל פון דורכגאַנגסהויף פון דער אוניווערסיטעט־גאַס אויף זאַמקאָווע און האָט אויסגעזען ווי אַ געמיטלעך ווינהויז צווישן די גרויסע בנינים מיט זייערע לאַבירינטן פון אומענדלעכע קאָרידאָרן. דער טומל פון הונדערטער יונגע שטימען פלעגט זיך טראָגן פאַרבײַ איר. אַהער, אין דער לאַבאָראַטאָריע, פלעגן קומען ווייניק מענטשן, שטענדיק די זעלבע, אָבער אַזעלכע פאַרשיידענע...

דרײַ יונגע פאָלאַקן, וואָס פלעגן תמיד זיך לעבהאַפט אַמפּערן איבער פּאָליטיק, פלעגן זיך אַנידערזעצן אין דער ערשטער ריי, נעבן אַסיען און

אָשרן, אַ חבר פון זייער שול, פון אַן עלטערן קלאַס, וועלכער איז אויך אָנגעקומען אין דער אָפּטיילונג פון פּסיכאָלאָגיע און פּעדאַגאָגיק.

די דריַי האָבן זיך זיי פאָרגעשטעלט גליַיך דעם ערשטן טאָג:

— קריסטינע.

— סטאַך.

— מאָניקאַ.

אומבאַמערקט פלעגן זיך פאַרפילן די איבעריקע רייען פון דער קליינער אודיטאָריע. דאָרט פלעגט זיך זעצן עפּעס אַ "זקן" — "מסתמא שוין אַ יאָר דריַיסיק אַלט, אָדער אפילו מער", אַן "אייביקער סטודענט", צי אפשר אַ לערער, וואָס קומט דאָ הערן לעקציעס? אַ פּאָר ערטער אין דער דריטער ריי, נעענטער צו דער טיר, פלעגן פאַרנעמען צוויי יונגע נאָנעס, וועלכע פלעגן אויסהערנדיק די לעקציע, גליַיך פאַרשווינדן. צווישן אַנדערע סטודענטן, וואָס פלעגן זיך באַזונדערס ניט אויסטיילן, איז אויך געווען אַ מאָנאַך, אַ פראַנצישקאַנער, איַינגעהילט אין אַ ברוינעם מאַנטל מיט אַ קאַפּיושאָן, ווי ער וואָלט אַראָפּ פון אַ מיטלאַלטערלעך בילד.

די גאַנצע אויסטערלישע, כאָטש ניט צאָלרייַכע אודיטאָריע פלעגט פאַרשטומט ווערן, ווען אויף דער שוועל פלעגט זיך באַוויַיזן דער פּראָפעסאָר און, צוגייענדיק צום טישל, אָנהייבן ריידן.

פּאַר אַסיען האָט זיך איר "רייַזע אַרום דער וועלט" אָנגעהויבן פון אָט דער לאַבאָראַטאָריע.

דאַנילינקע איז אָנגעקומען אויף כעמיע. אַזוי האָבן באַשלאָסן די עלטערן. כעמיע איז אַ קאָנקרעטע זאַך, אַ זיכער שטיקל ברויט.

כעמיע? זאָל זיַין כעמיע. דאַנקע ווייסט, אַז דאָס איז ניט זיַין ענדציל. ער ווייסט אַזוינס, וואָס קיינער אַנט ניט אפילו, וויַיל אויב אַנדערע וואָלטן געוווּסט... אויב, למשל, חנה וואָלט געוווּסט... חנה, אין וועלכער ער איז געווען פאַרליבט.

עס האָט אים ניט געגליקט אין לעבן: ער איז אַלע מאָל געווען קליינוווּקסיק. און ניט נאָר אַ וווּקס האָט ער געהאַט אַ קליינעם — ער איז דערצו געווען קליינביינדלדיק, מיט דראָבנינקע שטריכן פון פּנים, דעריבער האָט ער שטענדיק אויסגעזען ייִנגער פון זיַינע יאָרן. ווען ער איז נאָך געווען אין דריטן קלאַס פאָלקסשול, און דער לערער ראַבינאָוויטש, וואָס איז נאָר

וואָס צו זיי געקומען, האָט זיי געגעבן אַ קלאַסן־אַרבעט: "איך און מײַנע חברים. קורצע כאַראַקטעריסטיקעס", האָט דאַנקע געשריבן:

"באָרע: אַ הויכער. רעדט וויִיניק. לויפט שנעל, לייענט גוט.

אַסיע: קליינוווּקסיק. די שטימע — אַ פּיִשטשעדיקע, לויפט ניט זייער גיך. זי גייט ניט, נאָר שפּרינגט אונטער.

מירע: דער וווּקס אַ מיטעלער. לויפט שנעל. רעדט מיט אַ וויינענדיק קול. שרײַבט ריין.

איך: לויף גיך. כ'האָב פאַרנומען דאָס ערשטע אָרט. איך שרײַב מיאוס. די קליאַקסעס זעצן זיך אַליין אויף די זײַטלען..."

...אַלע קלאַסן־אַרבעטן ליגן בײַ ראַבינאָוויטשן אין אַ ווײַסער שאַפע. יאָר־יערלעך, דעם ערשטן מאַרץ, קומען זײַנע אַמאָליקע שילער אין זייער אַלטער שול, ברענגען בלומען, צווײַגעלעך מיט גרינע בלעטלעך, אויפגעהאָדעוועטע אין דער היים, זעצן זיך אויף די קליינע בענק. ווי אַ פאַרכישופט קעסטל, אַ סעזאַם, ווערט אויפגעעפנט די שמאָלע ווײַסע שאַפע, און יעדער קען נעמען איבערלייענען זײַנע קינדערשע קלאַסן־אַרבעטן. דאַנקע לייענט די כאַראַקטעריסטיקעס און שמייכלט אומעטיק: קליינוווּקסיק; פון גרויסן וווּקס; דער וווּקס — אַ מיטלמעסיקער... שוין דאַן האָט זײַן וווּקס אַרויסגערופן בײַ אים אַ מינדערווערט־געפיל.

אין גימנאַזיע פלעגט ער שוין לייענען מאַרקסן און ענגעלסן; אויך ספּינאָזען, העגעלן, קאַנטן, פרוידן. עס האָבן געריזלט אין אים אומגעזעענע כוחות און מעגלעכקייטן, גאָר אין היפוך צו זײַן אויסערלעכן אויסזען.

כעמיע? זאָל זײַן כעמיע. פאַרן טאַטן מיט דער מאַמען. פאַר זיך, פאַרשטייט זיך, פילאָסאָפיע.

— אַסיע, ווען זײַנען בײַ איך טשעזשאָווסקיס לעקציעס?

אונטערן געוועלב פון דער גרויסער אודיטאָריע אינעם אַלטן אוניווערסיטעט־בנין קלינגט דעם פּראָפעסאָר'ס קול מיט איינטאָניקער וויכטיקייט. טאַדעוש טשעזשאָווסקי אונטעררייכט דעם אַרײַנפיר־קורס פון פילאָסאָפיע. ער שילדערט די געשיכטע פון פילאָסאָפישע ריכטונגען. "וועלכע פון זיי האַלט ער פאַר ריכטיק?" — קלערט אַסיע, ווײַל מאַכן אַן אויספיר וועגן דעם פון זײַנע לעקציעס איז שווער. ער רעדט רויִק, אָן עמאָציע, אָן לײַדנשאַפט.

ענדלעך נעמט זי זיך אָן מיט מוט און שטעלט אים די פראַגע. שמייכלענדיק קוים באַמערקבאַר, ענטפערט טשעזשאָווסקי, אַז די וויסנשאַפט בכלל און פילאָסאָפיע בפרט אַנטוויקלט זיך אויף אַזאַ קאָמפּליצירטן אופן, אַז ס׳וואָלט געווען אומפאַרנונפטיק פעסטצושטעלן מיט פולער זיכערקייט די אייגענע צוגעהעריקייט צו דער אָדער יענער ריכטונג...

דאַקעגן פּראָפעסאָר כמאַי, וואָס האָט געלייענט אַ קורס ״סאָציאָלאָגיע פון דערציִונג״ — דער האָט גוט געוווּסט, ווו עס שטעקט דער וואָרצל פונעם בייז אין דער וועלט און ווי דערמיט צו קעמפן. אויפגערעגט, אַזוי אַז ער פלעגט אַריבערגיין אויף אַ פאַלצעט־שטימע, האָט ער געשריען פון זײַן טריבונע וועגן דער סכנה פון איבערפּראָדוקציע פון דער מענטשהייט און וועגן דער נייטיקייט פון מלחמות. ער האָט דערציילט וועגן דעם, אויף וואָס פאַראַ אופן פלעגן מענטשן אין פאַרשיידענע צײַטן קעמפן קעגן דעם איבעריקן באַפעלקערונגס־צוווּקס. רײַבנדיק די הענט, האָט ער גערעדט וועגן דער וויכטיקייט פון ״נאַטירלעכן אויסוואַל״ און געלויבט די טעאָריע פון מאַלטוס.

אַסיע האָט זיך ניט גלײַך געכאַפּט, וואָס ער רעדט דאָ. אָבער גיך זיך אָריענטירט, אַז כמאַי פּריידיקט דאָך אייגנטלעך ראַסיזם און פאַשיזם — אויסראָטן די שוואַכערע... ווי קומט עס? זי האָט געוואָלט אויפשטיין און דערווידערן דעם פּראָפעסאָר, אָבער פון די הויכע מרה־שחורהדיקע ווענט האָט געווייט מיט פרעמדקייט און קעלט. דאָס געוועלב האָט געדריקט מיט זײַן מאַיעסטעטישקייט, די אודיטאָריע — מיט איר שטילקייט. דאָ האָט געהערשט דעם פּראָפעסאָרס קול און קיינער האָט ניט געטאָרט אַרײַנוואַרפן קיין וואָרט...

אָבער נאָך די לעקציעס, ווען דאָס אומדערוואַרטע, וואָס זי האָט געהערט, און איר אייגענע פאַרלאָרנקייט, האָט איר צום ערשטן מאָל פאַר דער גאַנצער צײַט קאַליע געמאַכט די שטימונג, האָט אַסיע אַ קלער געטאָן וועגן די פײַנטלעכע כוחות, וואָס זײַנען, פאַרשטייט זיך, דאָ, ווײַל זיי זײַנען דאָך אין ערגעץ ניט אַהינגעקומען. זיי וועלן געוויס אַזוי לײַכט ניט אויפגעבן זייערע פּאָזיציעס...

זי האָט זיך דערמאָנט, ווי איר שוועסטער רוטע, וואָס האָט שטודירט

דאָ, אינעם פוילישן אוניווערסיטעט, מעדיצין, פלעגט יאַרנלאַנג הערן לעקציעס שטייענדיק: די ייִדישע סטודענטן האָבן אויף אַזאַ אופן פּראָטעסטירט קעגן דעם באַשלוס פון די אָרטיקע פאַשיסטן — "ענדעקעס" פון דער "נאַראָדאָוואַ דעמאָקראַציאַ" צו מאַכן אַ געטאָ אין אוניווערסיטעט: יענע פלעגן צווינגען די יידן זיך זעצן לינקס, אַראָפּשטופּן זיי, שלאָגנדיק און שטעכנדיק, פון די בענק אויף דער רעכטער זײַט. די יידן האָבן זיך אָבער ניט אונטערגעגעבן און פלעגן אויף די לעקציעס שטיין. אַסיע געדענקט נאָך, ווי מען האָט איין מאָל איר פעסטע, געזונטע שוועסטער געבראַכט אַהיים אַ פאַרחלשטע...

איז וואָס, ווידער פאַשיזם אין די ווענט פון אוניווערסיטעט? אַזעלכע ווי כמאַי דערציִען דערצו פּעדאַגאָגן! וואָס זאָל מען טאָן? אפשר דאַרף מען זיך ווענדן צום קאָמיסאַר? נו, יאָ, אוודאי! דאָ האָט זיך אָבער אַסיע דערמאָנט וועגן שמועס, וואָס זשאַבינסקי האָט געהאַט מיט אים. שווערער פון אַלץ וואָלט פאַר איר געווען אָנצושטויסן זיך אויף אַ העפלעכער צוריקגעהאַלטקייט... מען דאַרף אַ קלער טאָן. מען דאַרף זיך פאַרטראַכטן...

אין פּראָפעסאָר זאַוואַדסקיס קליינער לאַבאָראַטאָריע איז פרײַ און געמיטלעך. דאָ דריקט ניט די מורה־שחורהדיקע מאַיעסטעטישקייט פון די גרויסע אודיטאָריע־זאַלן, ווו ווערטער, אַרויסגעזאָגטע פון דער קאַטעדרע, הילכן פרעמד און אומצווייפלבאַר. זאַוואַדסקי רעדט שטיל און פשוט. זײַן ווייכער אַרט ריידן לאָזט זיך הערן אָן אָנשטרענג. די טעמע פון זײַן קורס איז — די פּסיכאָלאָגיע פון קינד. הײַנט דערציילט ער וועגן דער ווירקונג פון מאַטעריעלע באַדינגונגען אויף דער גײַסטיקער אַנטוויקלונג פון קינדער. ער ברענגט אַ פּאַראַדאָקסאַלן בײַשפּיל: לויט די אָנגאַבן פון דער פוילישער סטאַטיסטיק האָבן זיך אין די שולן פון די אָרעמע וואָלינער דערפער, נאָך דער גרינדונג פון קאָאָפּעראַטיוון, די קינדער אָנגעהויבן ערגער לערנען...

אין דער ערשטער ריי הייבט זיך אויף אַ שטילער גערודער. אין די הינטערשטע רייען שעפּטשעט מען זיך איבער. נאָר די נאָענס שווײַגן געדולדיק.

— די זאַך איז דערין, — ציט ווײַטער דער פּראָפעסאָר — וואָס דער קאָאָפּעראַטיוו האָט אָנגעהויבן אויסקויפן בײַ די פויערים שמאַנט אויף פּוטער. פון יענער צײַט אָן באַקומען דאָרט קינדער אָפּגעצערטע מילך. אין די

באַדינגונגען פון אונדזער דאָרף, זאָגט ער, ווען צוקער איז כמעט אומצוטריטלעך און פלייש עסט מען נאָר אין די גרויסע יום־טובים, איז מילך דאָס וויכטיקסטע אַרטיקל אין דער דערנערונג פון דער באַפעלקערונג. זעט איר, וואָס פאַר אַ ראָל עס קען שפּילן די קאָאָפּעראַציע — אַ דערשײַנונג, וואָס איז אַליין פאַר זיך פּראָגרעסיוו — אין די ראַמען פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג...

אַ הייס געפיל פון אויפרעגונג און פרייד שטערט אַסיען צו הערן. איר דוכט זיך איצט, אַז פון סאַמע אָנהייב האָט זי געוואָרט צו הערן פון זאַוואַדסקין עפּעס פּראָגרעסיווס. ס'איז געווען איר אינטויִציע? ניין, אַנדערע האָבן אויך געהאַט אַזאַ געפיל.

נאָך דער לעקציע לויפן די, פון דער ערשטער ריי, און נאָך אַ פּאָר סטודענטן פון די ווײַטערדיקע רייען, צום אויוון אין פּאָרהויז. זיי אַלע ווייסן שוין איינע וועגן די אַנדערע, אַז מען איז לינק געשטימט. מען האָט זיך שוין וועגן דעם איבערצײַגט אין שמועסן און דיסקוסיעס, וועלכע מען פירט אויף די הפסקות און יעדע פרײַע מינוט. הײַנט האָט אַסיע געוואָלט זיך דורכריידן מיט די חברים וועגן פּראָפעסאָר כמאַיס ראַסיסטישע טעאָריעס, אָבער איצט זײַנען אַלע אונטערן אײַנדרוק פון זאַוואַדסקיס לעקציע.

— איצט איז קלאָר, פאַר וואָס מען האָט אין פּוילישן אוניווערסיטעט אַזאַ באַרימטן וויסנשאַפטלער ווי זאַוואַדסקי ניט פאַרטרויט קיין קאַטעדרע; פאַר וואָס מען האָט אים בלויז באַשטעטיקט ווי אַ פּראָפעסאָר ליבערום קאַוזאַ.

— וואָס מיינט עס?

— אַן ערך — "פּרײַבאַשעפטיקטער", אַ צײַטווײַליקער.

— וואָס איז ער — אַ קאָמוניסט?

— בכלל ניט, פּשוט — אַ ליבעראַלער געלערנטער.

— איך האָב געהערט, אַז ער האָט שטודירט אין די פאַראייניקטע שטאַטן. אגב, די הערשנדיקע ריכטונג אין פּסיכאָלאָגיע דאָרטן איז ביהעוויאָריזם, וואָס נעגירט, דאַכט זיך, די ראָל פון באַוווסטזײַן. אין מענטשנס אָרגאַניזם, מיינט די ריכטונג, רופט אַרויס איין פיזיאָלאָגישער פּראָצעס אַ צווייטן, און אַזוי גייט עס דורך אינעווייניקסטע סיגנאַלן.

— ס׳כאַפּט צו זײַן ענלעך אויף ווולגאַרן מאַטעריאַליזם. און זאַוואַדסקי האַלט דערפון?

— איך ווייס ניט.

אין צווישן גייט אַרויס פון דער אודיטאָריע דער פּראָפעסאָר אין זײַן שוואַרצן מאַנטל און אין אַ הוט מיט אָפּגעריבענע ראַנדן. ניט באַמערקנדיק, אַז דאָ איז נאָך עמעץ פאַראַן, גייט ער פאַרבײַ, פאַרלעשט אויטאָמאַטיש דאָס ליכט און גייט אַרויס אין דרויסן. דאָס געלעכטער ברעכט אויס, בעת זײַנע טריט דערווײַטערן זיך שוין.

— אָט, וואָס עס קומט פאַר אָן דעם אָנטייל פון באַוווּסטזיין, ביהעוויאָריסטיש — וויצלט זיך עמעץ.

— פשוט צעפלויגן. ער איז דאָך אַ פּראָפעסאָר...



— חברה, איר וואָלט נאָר געהערט, וואָס זאַוואַדסקי האָט הײַנט גערעדט!

יעדער טאָג פלעגט איצט ברענגען עפּעס נײַעס, אומדערוואַרטס, און שטענדיק פלעגט זיך ווען די חברים פון קלאַס, וויטקען, ס׳פלעגט זיך וועלן מיט זיי טרעפן. ס׳פלעגט ציִען, ווי עס ציט אַהיים, ווען ס׳ווילט זיך גיכער דערציילן די נײַעס פון טאָג און אַראָפּוואַרפן פון זיך די מידקייט פון נײַע איינדרוקן, פון נײַע פאַרכאַפּנדיקע געשעענישן, וואָס זײַנען אַזוי אינטערעסאַנט, אָבער צו וועלכע מען האָט זיך נאָך ניט צוגעוווינט.

מען פלעגט זיך טרעפן בײַ דאַנילינקען, אָדער בײַ אַסיען, אָדער אונטער די אַלטע קאַשטאַן־ביימער פון "טעליאַטניק" — דער קליינער גרינער פּאַרק צופוסנס פונעם שלאָסבאַרג. מען פלעגט זיך נעמען פאַר די הענט און גיין אין די אָוונטן, אין דער קווער פון ברוק פון אַ שטילער גאַס, זאַלבע פינפט, זאַלבע זעקסט שפּאַצירן; מען פלעגט שמועסן, אַמפּערן זיך, זינגען אָדער סתם שווײַגן, אַרײַנאָטעמענדיק די פײַכטע שטילקייט פון אַן אָקטאָבער־אָוונט.

אַסיע פלעגט יעדן טאָג געפינען מיט וואָס זיך צו פרייען. נעכטן האָט זי זיך געאײַלט צו דערציילן די חבֿרה, וואָס ס׳האָט געזאָגט זאַוואַדסקי, און הײַנט איז זי געקומען צולויפן מיט אַ נײַעס:

— איר האָט געזען די נײַע מעלדונגען אין שטאָט? ״ס׳פּאָדערן זיך אַרבעטערס...״ קיין מאָל האָבן זיך ניט געפּאָדערט, און הײַנט דאַרף מען אַלערליי פאַכמענער! איר פאַרשטייט, וואָס דאָס איז? איר פאַרשטייט, אַז דאָס הייסט טאַקע סאָציאַליזם?!

— יאָ, ס׳פּאָדערט זיך... אָבער צוים אַ ביסל דײַן ענטוזיאַזם! אונדז איז דאָ גוט זיך צו פרייען. און וועגן דעם, וואָס ס׳קומט פאָר אין וואַרשע, האָסטו אַ קלער געטאָן? בײַ אונדז איז די רויטע אַרמיי, און אַ ביסל מערבדיקער איז דער דײַטש... ס׳איז באַקוועמער וועגן דעם ניט צו קלערן, אַזוי איז רויִקער...

מען איז געגאַנגען שווײַגנדיק. אַסיען איז שווער געווען צו דערווידערן די סקעפּטיקער. צי מעג מען טאַקע זיך אַזוי לײַכט פרייען, ווען ניט ווײַט, כמעט דערנעבן, קומט פאָר דאָס שרעקלעכסטע...

— חברה, געגוג מרה־שחורה! דאַניע, מאַך נאָך אונדזערע לערערס!

דער גרויסער דאַניע לאָזט זיך לאַנג ניט בעטן. אָט קײַקלט זיך אַרײַן אין קלאַס, מיט אירע דראָבנינקע טריטלעך, די קליינינקע לערערין פון ייִדישער געשיכטע — נאָטיק. איר קאָמישע פיגור מאַכט אַלעמען פריילעך. אָבער באַלד וועט זי עפענען דאָס מויל און אַלע וועלן פאַרגאַפט האָרכן... אָט הערט מען שוין פון דער ווײַטן גערשטיינס באַס, און אָט באַווײַזט זיך ער אַליין, דער הויכער קראַסאַווען, מיט זײַן אָפּגעריבענעם, געשוואָלענעם פּאָרטפעל. ער עפנט אים און נעמט אַרויס מיט התלהבות פעק מיט דינע זשורנאַלן — ״גרינינקע ביימעלעך״ און ״חבר״, וועלכע ער וועט באַלד פאַרשפּרייטן אין קלאַס.

— ביסט אַ זשעני, דאַניע!

— איך ווייס דאָס שוין פון לאַנג! — ענטפערט דאַניע און קוקט עטוואָס צו לאַנג אַסיען אין די אויגן.

אַלץ האָט זיך אָנגעהויבן דאַן, ווען די לערערין חיימסאָן האָט אַ געווידן טאָג, גרייטנדיק מיט זיי די שול־פאָרשטעלונג, געצוווּנגען זיי לערנען זיך טאַנצן. סאַלאָנטענץ האָט מען געדאַרפט צו דער אויפפירונג, און בכלל האָט זי געהאַלטן, אַז ס׳איז שוין די העכסטע צײַט, זיי זאָלן זיך עס אויסלערנען. פון אָנהייב האָבן זיי זיך אָפּגעזאָגט. נאָך אַ נײַעס, מיר וועלן גיין טאַנצן באַלטענץ! וואָס זײַנען מיר עפּעס, גאָלדענע יוגנט, בורזשואַזע זינדלעך און

טעכטערלעך?! אָבער די לערערין איז אין כעס געוואָרן, געדראָט, אַז זי וועט אַלץ אַוועקוואַרפֿן, און מען האָט זיך געמוזט אונטערגעבן.

פֿון יענער צײַט אָן האָט דער קלאַס געטאַנצט. מען פֿלעגט ניט גיין אין קיין טאַנץ־לאָקאַלן, מען פֿלעגט טאַנצן אויף די אייגענע אָוונטן. שפּעטער, פֿאַר די עקזאַמענס, פֿלעגט מען אַפֿילו זיך וועטן, ווער ס'וועט לענגער זיך דרייען אין אַ וואַלס.

אַסיע האָט האָלט געהאַט צו טאַנצן. צו ערשט האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז ס'איז פּשוט אַ מחיה זיך אַזוי צו דרייען אין טאַקט פֿון דער מוזיק. שפּעטער אָבער האָט זי באַמערקט, אַז ס'איז איר אָנגענעם, ווען שטאַרקע יינגלשע הענט האַלטן זי בײַ דער טאַליע. דעם ערשטן מאָל, ווען אַסיע האָט זיך אָפּגעגעבן וועגן דעם אַ חשבון, האָט זי אָנגעכאַפּט אַ שוידער; זי האָט זיך אַרויסגעריסן פֿון דעם פּאַרטנערס אָרעמס, געזאָגט "גענוג, ס'גלוסט זיך מיר מער ניט צו טאַנצן", און, אַרויסלויפֿנדיק אין קאָרידאָר, צוגעשפּאַרט דעם קאָפּ צום פֿענצטער. זי האָט געקלערט וועגן באָרען.

אָבער איצט האָט מען אָנגעהייבן טאַנצן אַלץ עפּטער, און ס'איז איר שווערער געוואָרן זיך אַרויסצודרייען. און אפֿשר האָט זיך איר צו שטאַרק געוואָלט טאַנצן, זי זאָל קענען גובר זײַן דעם יצר־הרע? און זי האָט ווידער געטאַנצט...

— דו פֿאַרשטייסט — האָט זי זיך איין מאָל פֿאַרטרויט וויטען — ס'איז מיר אַ שאַנדע, אַז איך האָב הנאה, ווען אַ שטאַרקער יאַט נעמט מיך אַרום אין טאַנץ: אָבער אַלץ איינס, איך האָב הנאה.

זי האָט עס געזאָגט וויטען און אומרויִק געוואַרט אויף איר פֿאַראורטיילונג.

וויטע האָט זי ניט געמוסרט, נאָר מיט פֿאַרשטענדעניש אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי איינער זאָגט: "מען קען עס פֿאַרשטיין", אָדער "ס'איז ניט צו מאַכן, אַזוי איז שוין דעם מענטשנס נאַטור..." אַסיען האָט זיך דעמאָלט פֿאַרוואָלט דערוויסן, צי וויטע האָט אויך עפּעס ענלעכט דערפֿאַרן. זי האָט עס אָבער בײַ דער חברטע ניט געפֿרעגט, צווייפֿלענדיק, צי יאָ, און וויסנדיק, אַז אויב אַפֿילו יאָ, וועט זי עס אַלץ איינס ניט אויסזאָגן, ווײַל זי וועט זיך אַליין אין דעם ניט וועלן מודה זײַן.

בעת די אָוונטן פלעגט אַסיען אָפט אײַנלאַדן צום טאַנץ דער גרויסער דאַניע. צו ערשט איז איר געווען אָנגענעם, וואָס עמעץ טיילט זי אויס פון די איבעריקע מיידלעך. דערצו האָבן דאַניען אַלע חברה האָלט געהאַט פאַר זיין פריילעכקייט. געטאַנצט האָט ער פלינק, מיט אַן איראָנישער, איבערגעטריבענער העפלעכקייט, און פלעגט, אַוועקזעצנדיק זײַן "דאַמע" אויף אַן אָרט, זיך טיף פאַרנייגן, צולייגנדיק די האַנט צום האַרצן און גלעטנדיק מיט ווערדע זײַן אויבערליפּ, ווו ס׳וואָלטן געקענט זײַן אַ פּאָר לאַנגע וואָנצעס.

אָבער איין מאָל, פאַרן אָנהייב פון דער מלחמה, ווען זיי זײַנען זאַלבע צווייט אַוועק אין קינאָ און אין זאַל איז פאַרלאָשן געוואָרן דאָס ליכט, האָט ער זי צו ערשט אומזיכער אַרומגענומען בײַ דער פּלייצע און דערנאָך מיט אַ מאָל, אָטעמענדיק שווער, אַ קוש געטאָן זי נעבן אויער. אַסיען איז דאָס בלוט צוגעפלאָסן צום פּנים. דאָס האַרץ האָט זיך צעטריפּגעדריקט, אפשר דערפאַר, וואָס זי האָט גלײַך אַ קלער געטאָן וועגן באָרען און דערפילט זיך שולדיק, ווי זי וואָלט אים פאַרראַטן, און אפשר — ווײַל אַ מאָל האָט זי געטרוימט, באָרע זאָל זי אַ קוש טאָן, און דער־אָ דאַניעס קוש איז איר געווען אַזוי אומאָנגענעם...

דאָס שווערע געפיל האָט זי נאָך לאַנג געמאַטערט. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז זי דאַרף זיך מער ניט טרעפן מיט דאַניען אונטער פיר אויגן, כאָטש ס׳איז איר אַ שאָד געווען צו פאַרלירן די פרײַנדשאַפט, וואָס האָט זיך צווישן זיי פאַרבונדן, און אויך, אַ קליין ביסל, אָפּצוזאָגן זיך פון דעם געדאַנק, אַז ער האָט דווקא זי אויסגעקליבן פון אַלע מיידלעך.

אויך איצט, אין סעדל, צווישן די חברה, ווען דאַניע האָט אַזוי ווויל נאָכגעמאַכט די לערערס, און אַסיע, אַ זאָג טוענדיק "ביסט אַ זשעני", האָט אויפגעכאַפּט זײַן בליק, האָט איר ווידער אַ נאָג געטאָן בײַם האַרצן. דורך די שפּעלטעלעך פון זײַנע טונקעלע שטיפערישע אויגן, פון אונטער די געדיכטע ווייעס, האָט זיך דורכגעריסן אַ קליין ביסל אומעט און פאַרלעגנהייט.

געדויערט האָט עס אָבער אַ קורצע ווײַלע. עמעץ האָט אָנגעהויבן זינגען "פּאָליושקאַ" און אַלע, נעמענדיק זיך פאַר די הענט, זײַנען אַוועק אין דער גאַנצער ברייט פון דער שטילער, כמעט פּוסטער אין די אָוונט־שעהען גאַס, וואָס האָט זיך געצויגן לענג־אויס דעם טײַך. אויף יענעם ברעג ווילִיע, לינקס,

האָט זיך קוים געזען אין דער פינצטער דער גראָער הילצערנער דענקמאָל פון מיצקעוויטשן, ענלעך צו אַ ספינקס, אָדער צו אַן אַלטן בלינדן לייב, און פון דער רעכטער זייט אויפן פּאָן פונעם טונקל־בלויען נאַכטיקן הימל, האָט זיך אויסגעטיילט דער שוואַרצער סילועט פונעם שלאָס, וואָס האָט אייביק געוואַכט איבער דער שטאָט.

# דאָס צעבראָכענע שפּיגעלע

אַלץ האָט זיך געענדיקט פּונקט אַזוי אומדערוואַרט, ווי ס׳האָט זיך אָנגעהויבן.

אין הויפּטזאַל פונעם אוניווערסיטעט האָט געדויערט אַ מיטינג פון סטודענטן — איינער פון די אָפטע מיטינגען מיט הילכיקע רעדעס און שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן, וואָס זײַנען פאָרגעקומען אין יענער צײַט. אויף דער טריבונע האָט זיך אויפגעהויבן אַ יונג מיט אַן אַרומגעבונדענעם קאָפּ, אַ פאַרווונדעטער, וואָס האָט איבערגעלעבט דעם אָנגריף פון די דײַטשן אויף וואַרשע. ס׳האָבן גערעדט פאָרשטייער פון די סטודענטן. צו לעצט איז אַרויסגעטראָטן דער קאָמיסאַר קלימאָוו.

אַלץ איז געווען ווי געוויינטלעך אין יענער צײַט, און דאָך — ניט ווי געוויינטלעך. יענעם טאָג איז אין שטאָט אַוועק אַ קלאַנג, אַז די רויטע אַרמיי וועט כלומרשט זיך צוריקציִען. פון דער טריבונע האָט קיינער וועגן דעם ניט געזאָגט קיין האַלב וואָרט. דער קאָמיסאַר האָט גערעדט וועגן די אויפגאַבן פון דער סטודענטישער יוגנט, וועגן קאַמף קעגן דער פאַשיסטישער אידעאָלאָגיע. אַסיען האָט זיך אפילו אויסגעראַכט, אַז דער קאָמיסאַר רעדט צו רויִק — אפשר כדי ניט אַרויסצורופן קיין חשד? ענדלעך האָט עמעץ פון זאַל אַ פרעג געטאָן, צי ס׳איז טאַקע אמת, אַז די רויטע אַרמיי וועט פאַרלאָזן די שטאָט.

דער קאָמיסאַר האָט אַ ווײַלע געשוויגן, אַרומנעמענדיק מיט זײַן בליק דעם זאַל. און געזאָגט שטיל, אָבער דײַטלעך:

— חברים, אויב איר ווילט, בײַ אײַך זאָל זײַן סאָוועטן־מאַכט, וועט זי בײַ אײַך זײַן.

אַ טייל פֿונעם עולם האָט זיך געגעבן אַ הייב אויף פֿון די ערטער און לאַנג געפּאַטשט בראַוואָ.

אַסיע האָט, אויפֿשטייענדיק, אַ וואָרף געטאָן איר בײַטל אויפֿן שטול, און דערנאָך, פֿאַרגעסנדיק, זיך שנעל אַוועקגעזעצט אויף אים. אין בײַטל האָט עפּעס אַ קנאַק געטאָן.

דאָס שפּיגעלע האָט זיך צעבראָכן אויף שפּליטערס.

...אין עטלעכע שעה אַרום איז באַוווּסט געוואָרן, אַז די רויטע אַרמיי פֿאַרלאָזט ווילנע, און ס׳בלײַבט נאָר אַ קליינע מיליטער־איינהייט הינטער דער שטאָט. דער ראַטן-פֿאַרבאַנד האָט געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט ליטע, אויפֿן סמך פֿון וועלכן איר אוראַלטע הויפּטשטאָט, ווילנע, וואָס איז אין יאָר 1920 אָקופּירט געוואָרן דורך פּוילן, ווערט צוריקגעקערט אין איר שויס.

...די רויטע אַרמיי פֿאַרלאָזט די שטאָט. די קלאַנגען האָבן זיך באַשטעטיקט... אַסיע האָט ניט געקענט קומען צו זיך, ניט געקענט צונויפֿקלײַבן די געדאַנקען, קאָנצענטרירן זיך אויף דער פֿראַגע, צי איז די לייזונג פֿונעם פּראָבלעם ריכטיק, צי ניט. די רויטע אַרמיי גייט אַוועק...

דער שטרײַט, צו וועמען דאַרף געהערן ווילנע, האָט געדויערט יאָרנלאַנג. אַסיע האָט זיך דערמאָנט, ווי איין מאָל, פֿרילינג 1938, ווען איר קלאַס האָט זיך פֿאַרזאַמלט אויף סיאָמעס געבורטסטאָג, און דורכן אָרטיקן ראַדיאָ האָט מען איבערגעגעבן מוזיק, האָט מען מיט אַ מאָל די מוזיק איבערגעריסן און דער ספּיקער האָט פֿאָרגעלייענט דעם דראָענדיקן אולטימאַטום פֿון דער פּוילישער סאַנאַציע־רעגירונג צו דער רעגירונג פֿון ליטע: אויב ליטע וועט זיך ניט אָפּזאָגן פֿון אירע פּרעטענזיעס אויף ווילנע, וועט פּוילן אָננעמען די שטרענגסטע מאָסמיטלען...

ס׳איז דאַן ניט אַריבער קיין האַלבע שעה, און דורך די אָפֿענע פֿענצטער האָבן זיך געלאָזט הערן הילכיקע אויסרופֿן: ״רידז סמיגלי, פּיר אונדז אויף קאָוונע!״ (רידז סמיגלי — דער אָנפֿירער פֿון פּוילישן מיליטער). דאָס האָבן זיך דערלאַנגט אַ שאָט אַרויס אויף די גאַסן פּוילישע פֿאַשיסטישע חברה־לײַט און זיי האָבן עס געשריִען.

איצט האָט די פֿראַגע וועגן דער היסטאָרישער ליטווישער הויפּטשטאָט

געלייזט די סאָוועטישע רעגירונג. געלייזט, אין גרונט גענומען, ווײַזט אויס גערעכטיק. אָבער אַסיע האָט אין דעם מאָמענט ניט געקענט אַפּשאַצן דעם שריט אָביעקטיוו. זי האָט געוווּסט איין זאַך: די רויטע אַרמיי איז אַוועק און ס'וועט שוין ניט זײַן קיין סאָוועטן־מאַכט. איצט וועט ווידער זײַן אַ בורזשואַזע אָרדענונג. זי האָט מיט שרעק געקלערט וועגן דער צוקונפט.

וואָס זאָל מען איצט טאָן? בלײַבן, אָדער אַוועקגיין צוזאַמען מיט די רויטאַרמייערס?

די מיליטער־איינהײַטן האָבן זיך געגרייט צום צוריקצוג. באַלד וועט אין שטאָט אַרײַן די פּאָליציי און דאָס מיליטער פון סמעטאָנע, דעם פֿאַשיסטישן רעגירער פון ליטע. אַ סוף צו אַלעם. די צײַט שטייט ניט, מען דאַרף די מינוט באַשליסן וואָס צו טאָן.

אַסיע איז אַוועקגעלאָפן צו וויטען.

— ווי מיינסטו, וואָס טוט מען?

— קום, מיר וועלן פרעגן...

בײַם קאָמיסאַר האָבן זיי באַגעגנט אַ סך באַקאַנטע חברה, אַליין איז ער אין דעם מאָמענט ניט געווען. געענטפערט האָט אַן אומבאַקאַנטער קאָמאַנדיר.

— איר קענט אויסקלײַבן צווישן דער סאָציאַליסטישער אָרדענונג און דער בורזשואַזער. ווער ס'וויל מיטפאָרן מיט אונדז, פּאַקט אײַן די זאַכן. אָנלאָדן זיי וועלן מיר העלפן. אָרט אין די לאַסטאויטאָס וועט זיך געפינען.

טאקע אַזאַ ענטפער האָט זיך אַסיען געוואָלט באַקומען, כאָטש זי איז ניט געווען זיכער, צי ער איז ריכטיק. דער קאָמיסאַר האָט דאָך אַנומלט געזאָגט: "אויב איר ווילט, בײַ אײַך זאָל זײַן ויאַטנמאַכט, וועט זי בײַ אײַך זײַן". הייסט עס, אַז דערצו דאַרף מען עפּעס טאָן דאָ, אויפן אָרט. אויסקעמפן אַזאַ מאַכט. ווי זשע דאַרף מען האַנדלען?

וויטע האָט זיך ניט געקווענקלט. דעם גאַנצן וועג אַהיים האָט איר געקלונגען אין די אויערן: "קלײַבט אַליין אויס צווישן דער סאָציאַליסטישער אָרדענונג און דער בורזשואַזער, קלײַבט אויס, קלײַבט אויס..."

איר איז קלאָר געווען, אַז מע דאַרף פאָרן. זי איז אַרײַן אין שטוב, אַוועק צו זיך אין צימער. אַרומגעקוקט זיך, ווי זי וואָלט אים דערזען צום ערשטן מאָל: די העלע, איידעלע קאָלירן... די שטילקייט, די זויבערקייט. יעדע זאַך

אויף איר אָרט. די קליינע קאָמישע פּאָרצעלײַענע פיגורקעס פון צוויי ברוגזע ייִנגעלעך זיצן, ווי שטענדיק, אָפּגעקערטע איינער פון אַנדערן מיט די פּלייצעס... דער גרויסער ים־מושל, וועלכן די מאַמע האָט איר געבראַכט פון אַ ים־רײַזע, רוישט... דער לאָמפּ אונטערן העלן אַבאַזשור, דאָס ליכט זאָל ניט רייצן די אויגן. ווי שטיל, ווי גוט דאָ פלעגט זיך טרוימען...

וויטע פאַרגעסט, ווי זי פלעגט זיך פריער קלאָגן אויף איר היים... זי פאַלט אויפן בעט און וויינט. מיט אַ מאָל ווערט איר אומגעהויער שווער אַוועקצוּוואַרפן אָט דאָס אַלץ און פאָרן אַליין אינעם אומבאַוווּסטן. פאַרלאָזן די עלטערן, אַוועקגיין פון שטוב... זי פילט, אַז זי איז ניט בכוח זיך צו צווינגען עס צו טאָן. ״איך בין אַ גאָרנישט! אַ גאָרנישט...״

אַסיע, ווי נאָר זי איז אַרײַן אין שטוב, האָט שוין גלײַך פון דער שוועל אַלעמען אויפגערודערט מיט דער ידיעה:

— מאַמע, טאַטע, איך פאָר אַוועק.

דער טאַטע האָט אויף איר אַ קוק געטאָן אַזוי, ווי ער וואָלט ניט דערהערט אָדער נאָך ניט פאַרשטאַנען, וואָס זי מיינט צו זאָגן.

— וואַרט אויס, וואָס רעדסטו, לאָז זיך באַטראַכטן. אפשר וועלן מיר אַלע פאָרן...

אַסיעס פאָטער קוקט צעטומלט אויף דער טאָכטער, אויפן ווײַב, ווידער אויף דער טאָכטער. און ווּ איז רוטע? רוטע איז דאָך נאָך ניטאָ. וואַרט צו, אײַל זיך ניט, רוטע וועט קומען. מירן זען.

דאָ איז אָנגעקומען רוטע. זי איז אויך געווען אין שטאָט און האָט אַלץ געוווּסט.

— מאַמע, מען דאַרף זיך פּאַקן!

רוטע האָט גענומען צונויפקלײַבן די זאַכן, נאָר מיט אַ מאָל זיך אָפּגעשטעלט, צוגעזעצט אויף אַ שטול דערנעבן.

— איך וועל זיך צולייגן אַ ווײַלע... — האָט זי שטיל געזאָגט.

— וואָס איז מיט דיר, טאָכטערקע?!

— כ׳האָב זיך מסתמא פאַרמאַטערט, ס׳וועט באַלד איבערגיין...

— דו ביסט רויט ווי אַ בוריק!

ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז רוטע האָט היץ. כמעט פערציק גראַד. זיי זײַנען אַלע געבליבן אין שטאָט.

...ברייטע טרעפּ פירן פון וואָקזאַל אין טונעל, דאָ הייבט זיך אָן אַ וועג, אַן ענדלאָזער וועג. דער וועג פירט ווײַטער, ווײַטער. און זיי, אַסיע מיט וויטען, גייען און גייען, און ס׳נעמט ניט קיין סוף. זיי גייען אין דער פינצטער, שטויסן זיך אָן אין עפּעס, אפשר איז עס גאָר ניט קיין טונעל, נאָר איינער פון די סודותפולע דורכגענג אין דעם אונטערערד פון שטאָט?... מיט אַ מאָל פאַלט פון ערגעץ אַ סנאָפּ ליכט, פון עפּעס אַ קליין פענצטערל אין דער הייך. איצט זעט זיך, אַז זיי זײַנען אין זעלבן טונעל, און די ווענט זײַנען, ווי בײַם אַרײַנגאַנג, אויסגעלייגט מיט קאַפל. צי דען אָבער קען אַזאַ לאַנגער טונעל, דער גאַנצער, זײַן אויסגעלייגט מיט קאַפל?

אַסיע כאַפּט זיך אויף פון ווייטיק אין די פּיס, אַזוי לאַנג זײַנען זיי געגאַנגען...

ס׳איז ניטאָ קיין שום טונעל און קיין שום וועג. און אין שטאָט איז שוין ניטאָ קיין ראַטנמאַכט. און זי מיט וויטען זײַנען ביידע געבליבן.

אפשר וועט זי הײַנט קומען. נעכטן איז זי ניט געווען. אַסיע האָט גענומען דאָס טרײַבל, אָנגעקלונגען, און וויטעס מוטער האָט אומצופרידן געענטפערט: זי פילט זיך ניט גוט, זי ליגט.

אַסיע קלינגט הײַנט ווידער צו איר. — וויטקע, איך וועל באַלד צו דיר קומען!

— מען דאַרף ניט, גיי ניט צו מיר.

וואָס איז מיט איר? פאַר וואָס זאָל איך ניט קומען? אפשר איז זי גאָר ניט קראַנק? גיכער פון אַלץ, האָט מען זיך אין שטוב געקריגט. אפשר האָט דער טאַטע איר ווידער צוגעשטעקט, אַז ער האָרעוועט דאָס גאַנצע לעבן, זי עסט זײַן ברויט, און קיין האָר דאַנקבאַרקייט זעט ער ניט.

אַ קלונג אין טיר. דאָס איז געווען וויטעס קלונג, אַסיע האָט אים דערקענט. וויטע איז געקומען אַ מרה־שחורהדיקע, מיט רויטע אויגן.

— וואָס איז געשען? ווידער אַ סקאַנדאַל?

— צו סקאַנדאַלן בין איך געוווינט. ניט אין דעם האַנדלט זיך. ס׳איז פּשוט... פאַסקודנע אויפן האַרצן. ס׳ווילט זיך ניט לעבן.

— רייד ניט קיין נאַרישקייטן! וואָס איז?

— דו פרעגסט נאָך! איך בין ניט אָוועקגעפּאָרן.

— צוליב די עלטערן? זיי האָבן ניט געלאָזט?

— איך האָב מיט זיי אפילו ניט גערעדט וועגן דעם. ס׳האָט ניט קיין זין. איך אַליין... איך האָב זיך אַליין ניט געקענט אַנטשליסן.

— באַרויִק זיך. אָט בין איך דאָך אויך ניט אַוועקגעפאָרן.

— פון דעם איז מיר ניט לײַכטער. מיר זײַנען פאַררעטער. אָט וואָס מיר זײַנען.

— וויטקע, ביסט משוגע. פאַררעטער! בײַ אונדז האָבן מיר אַלע געוואָלט פאָרן, די גאַנצע משפּחה, אָבער רוטע איז קראַנק געוואָרן.

— דו האָסט אַ גליקלעכן כאַראַקטער. דו טרייסט זיך לײַכט.

איך טרייסט זיך... דו ווייסט דאָך, ווי מיר האָט זיך געוואָלט פאָרן. אָבער דו רעדסט דער טײַוול ווייסט וואָס. מענטשן פאַרלאָזן אַ היים, אַ משפּחה, עלטערן, ווען ס׳האַנדלט זיך וועגן קאַמף פאַר אַן אידעע. אָבער אין דעם פאַל...

— דאָס איז אויך אַ קאַמף פאַר דער אידעע.

— איך ווייס ניט. אפשר איז פונקט פאַרקערט. יעדנפאַלס האָב איך, ווען איך פאָרן, וועגן דער אידעע ניט געטראַכט. כ׳האָב געטראַכט נאָר וועגן זיך.

— אָבער ס׳איז דאָך דײַטלעך געזאָגט געוואָרן: קלײַבט אויס צווישן דער סאָציאַליסטישער אָרדענונג און דער בורזשואַזער. מיר האָבן אויסגעקליבן די בורזשואַזע. אַ קלאָרער אויסוואַל. שוין צײַט אָנצורופן זאַכן מיט זייער ריכטיקן נאָמען.

אַסיע איז פאַרציטערט געוואָרן פון דער אכזריותדיקער קלאָרקייט פון וויטעס רייד. אויפן האַרצן איז געוואָרן נאָך שווערער ווי פריִער.

אין שטאָט זײַנען אָבער געבליבן ניט נאָר זיי אַליין. ס׳זײַנען געבליבן זשאַבינסקי, מירע, דאַנילינקע, פיל חברה פון שול. יעדער צוליב זײַן סיבה. דער רוב האָט פשוט ניט באַוויזן צו אַנטשליסן זיך און צונויפנעמען די זאַכן. אַלץ איז פאָרגעקומען צו שנעל און אומדערוואַרט. אָבער כמעט קיינער האָט עס ניט קריטיקירט אַזוי שאַרף ווי וויטע. ווײַל מען האָט ניט געוווּסט וואָס פאַר אַ באַשלוס איז ריכטיקער. צווישן די איבערגעבליבענע געוועזענע קאָמיוגיסטן איז געווען נאָר איינער, וועלכער איז פאַרבליבן מיטן פולן באַוווּסטזײַן, אַז ער טוט ריכטיק, מיטן איינציקן ציל — צו קעמפן ווײַטער און אויסקעמפן דאָ אויפן אָרט אַ סאָציאַליסטישע אָרדענונג. דאָס איז געווען

מיכקע ווײַנער, אַ יונגער אַרבעטער, וועלכן זיי האָבן נאָך דאַן ניט געקענט, אָבער מיט וועלכן זיי איז פאָרגעשטאַנען אין גיכן זיך נעענטער צו באַקענען אין אונטערגרונט.

חנה איז אַוועקגעפאָרן... אַ גליקלעכער מענטש! די אַרבעטער פון דער גרעסטער פאַבריק אין שטאָט "עלעקטריט", ווו איר פאָטער האָט געאַרבעט, האָבן אָנגענומען אַ בליץ־שנעלן באַשלוס אַוועקצופאָרן אינעם גאַנצן צוזאַמענשטעל, צוזאַמען מיט דער רויטער אַרמיי, קיין ראַטן־פאַרבאַנד און עוואַקוירן די פאַבריק. אַזוי האָט מען געמאָלדן און אַסיע האָט געגלויבט, אַז אַרויספירן די פאַבריק האָבן באַשלאָסן די אַרבעטערס אַליין. ס'איז איר ניט געקומען אין זינען, אַז מאָסקווע האָט עס פאַראָרדנט....

מען האָט שנעל אָנגעלאָדן די אויטאָס און געקליבן זיך אין וועג אַרײַן צוזאַמען מיט די משפּחות.

אַסיע איז געגאַנגען זיך געזעגענען מיט חנהן. ווער ווייסט, צי זיי וועלן זיך נאָך וועלן עס איז זען... זי האָט זיך דערמאָנט, ווי זי האָט זיך מיט חנהן באַקענט, ווי צו ערשט זײַנען זיי איינע דער אַנדערער ניט געפעלן געוואָרן. און דערנאָך, מיט דער צײַט, האָבן זיי זיך צונויפגעחברט. געווען איז עס, ווען אַסיעס כמעט גאַנצער קלאַס איז אַריבער פון דער פאָלקסשול אין גימנאַזיע. "דאָס איז איינע פון די, וואָס פאַרבלענדן אַלע אַנדערע מיט זייער שיינקייט און זעלבסטצופרידנקייט" — האָט דאַן וועגן חנהן אַ טראַכט געטאָן אַסיע און באַשלאָסן זיך צו האַלטן וואָס ווײַטער פון איר, ניט אַרויסווײַזן אין איר אָנוועזנהייט די אייגענע אומזיכערקייט, אויפפירן זיך, ווי ווײַט מעגלעך, אומאָפּהענגיק, מיט ווערדע. "אַ באַגײַסטערטע ציג" — האָט חנה אָפּגעשאַצט אַסיען און פלעגט אויף איר זעלטן לייגן אַכט. קיינע פון זיי האָט זיך דאַן ניט פאָרגעשטעלט, אַז זיי וועלן ווען ניט איז זיך באַפרײַנדן.

אַסיען האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז חנהן קומט אַלץ אָן לײַכט אין לעבן. געלערנט האָט זי זיך אָן אָנשטרענגונג. זי איז געווען פעיִק צו אַלע לימודים. ס'פלעגט איר ניט אויסקומען, ווי אַסיען, אָפּצוזיצן שעהען נאָך אַנאַנד איבער אַן אויפגאַבע פון אַלגעברע, לייגן זיך שלאָפן מיט ניט קיין אָפּגעמאַכטער לעקציע און די גאַנצע נאַכט זיך דעריבער וואַרפן אין שלאָף. חנה פלעגט ניט

אַוועקפּטרן די גאַנצע צײַט אויף לערנען. זי פלעגט זיך לערנען אָרגאַניזירט און פלינק, און ס׳פלעגט ביי איר באַלד אַלץ זײַן פּאַרטיק.

ס׳איז רעכט, אַז זי האָט ניט געהאַט קיין איבעריקע מינוט — זי האָט געדאַרפט צוזען די קראַנקע מאַמע, אַרומטאָן זיך אין דער היים, אַליין זיך אײַנקויפן שיך און זײַן אַליין פאַר אַלץ פאַראַנטוואָרטלעך. אפשר האָט זי זיך טאָקע דערפאַר אויסגעלערנט אַרבעטן שנעל? דאָס איז אַסיען ניט אײַנגעפאַלן. זי האָט נאָר געוווּסט: בײַ חנהן באַקומט זיך יעדע זאַך לײַכט, אַלץ גייט בײַ איר גלאַטיק.

אַלע מאָל, ווען מען פלעגט אין קלאַס שפּילן אין ״שטעט״, אָדער אין ״באַרימטע מענטשן״, אָדער אין ״ווערטער״, פלעגט זי געווינען. איין מאָל האָט מען געדאַרפט געפינען אַלע ווערטער, וואָס שטאַמען פונעם וואָרצל ״טעזע״.

— אַנטיטעזע.

— סינטעז.

— היפּאָטעזע.

— אַסקע, דיין ריי.

אַסיע האָט ניט געקענט געפינען קיין וואָרט.

— נו?

— איך ווייס ניט.

— צום בײַשפּיל — ״קאָרטעזן״.

אַסיע האָט געשוויגן. זי האָט זיך געשעמט צו ווײַזן, אַז זי ווייסט בכלל ניט וואָס דאָס איז.

חנה האָט באַמערקט דער חברטעס פאַרלעגנהייט.

— דו ווייסט ניט וואָס הייסט קאָרטעזן? הער זיך אײַן, צײַטונגען לייענסטו?

אַסיע איז רויט געוואָרן און האָט ווײַטער געשוויגן.

— זע, ווײַן זיך נאָר ניט פונאַנדער!

אַסיע האָט פּיבערהאַפּט געזוכט אַ סיבה אַרויסצוגיין פון שפּיל, כדי זיך טאַקע ניט פונאַנדערווײנען. קיינער האָט זיך פאַר איר ניט אָנגענומען און ניט געזאָגט, אַז ס׳דאַרף זײַן ניט ״קאָרטעזן״, נאָר ״קאָרטעסן״, און אַז דאָס וואָרט, וואָס באַצייכנט דעם שפּאַנישן פּאַרלאַמענט, האָט קיין שום שײַכות

ניט צום וואָרצל "טעזע". חברה האָט געשוויגן, ווײַל זיי האָבן עס פּשוט ניט געוווּסט. און טאָמער האָט די זאַך יאָ בײַ עמעצן אַרויסגערופן אַ ספק, האָט ער חנהן אויך ניט דערווידערט, מורא האָבנדיק בלײַבן צו נאַר. חנה האָט אַלץ אין דער וועלט געוווּסט, דער פֿאָטער פֿלעגט זי שטענדיק בילדן, דערוועקן איר אינטערעס צו פֿאַרשיידענע געביטן, זי האָט אויך אַליין אַ סך געלייענט און איז געווען פֿולשטענדיק זיכער אין זיך.

...אויך אויפֿן גליטש פֿלעגט זיך חנה גליטשן בעסער פֿון אַלע מיידלעך. אַסיע איז שוין דאַן דרײַ יאָר נאָך אַנאַנד געגאַנגען זיך גליטשן, אָבער נאָך קיין מאָל ניט געהאַט דערפֿון קיין הנאה: די פּיס פֿלעגן זיך בײַ איר אונטערבייגן, ס'איז איר שווער געווען אײַנצוהאַלטן דאָס גלײַכגעוויכט. זי פֿלעגט זיך קוים האַלטן אויף די גליטשערס. באָרען פֿלעגט זי אויפֿן גליטש אויסמײַדן — ער האָט זיך דאָך געגליטשט אויסגעצייכנט. אַסיע פֿלעגט אים אָפּט זען אין אַ פּאָר מיט חנהן, זיי פֿלעגן זיך באַוועגן לײַכט, ריטמיש, פֿעסט און ברייט. אַסיע פֿלעגט אויסגיין פֿון קינאה און פֿאַרדראָס: פֿאַרוואָס קען זי זיך ניט אויסלערנען גליטשן אַזוי ווי זיי? און וואָס איז זי בכלל ווערט אין פֿאַרגלײַך מיט אַזאַ חנה?

חנהס קעגנוואַרט פֿלעגט געוויינטלעך שטאַרקן ביי איר דאָס מינדערווערטיקייט־געפֿיל. אַסיען וואָלט קיין מאָל ניט אײַנגעפֿאַלן, אַז זיי קענען ווערן נאָענטע חברטעס. אָבער איין מאָל האָט חנה אַ זאָג געטאָן: — אַסקע, ווי שיין דו ביסט הײַנט! דער יאַקל קליידט דיר וווּנדערבאַר.

זי האָט עס אַ זאָג געטאָן פּשוט, פֿאַר אַלעמען אין די אויגן. באָרע איז אויך געווען דערבײַ.

פֿאַר אַסיען איז עס געווען אומדערוואַרט, זי איז געוואָרן צעמישט.

מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער, ווען אַסיע האָט זיך נאָך דער תּפֿיסה צוריקגעקערט אין שול, האָט חנה איר אַ לענגערע צײַט געהאָלפֿן אין מאַטעמאַטיק־לימוד. אַ הייב געטאָן זי ביז אַ פֿינף, און טאַקע דערפֿאַר אַליין זי ליב באַקומען.

...ניט לאַנג, אָנהייב סעפּטעמבער, האָט מען אין שטאָט באַוויזן אַ פֿראַנצויזישן פֿילם "מענטשן אין נעפּל". אַסיע איז געגאַנגען אין קינאָ מיט חנהן. זיי זײַנען אַרויס פֿון דאָרטן דערשיטערטע, ס'האָט זיי באַהערשט אַ טיפֿער אומרו. דאָס אומבאַוווּסטע און אימהדיקע, וואָס האָט געדראָט דער

מענטשהייט און איז געהאַנגען אין דער לופטן, האָט דורכגעדרונגען דעם פילם, און זײַן אַטמאָספער האָט זיך שווער געלייגט אויפן האַרצן. אַסיע מיט חנהן האָבן אַרומגעבלאָנקעט איבער די גאַסן און געקלערט וועגן דעם, אַז הינטער דער שוועל פון זייער היים בושעוועט די מלחמה, און אַז אָט־אָט דערקײַקלט זי זיך צו זיי. דער סטאָיִשער כוח פון זשאַן גאַבען, וועלכער האָט געשפילט די הויפּטראָל, האָט בלויז אונטערגעשטראָכן די אויסזיכטלאָזיקייט פון דעם מענטשנס גורל אין דער ווילדער וועלט פון שינאה און אומגערעכטיקייט.

נעבן אַסיען און חנהן איז דאַן פאַרבײַגעגאַנגען אַ באַקאַנטער יינגל.

— קוק זיך איין, ווי זיאַמקע איז ענלעך צו זשאַן גאַבענען — האָט אַסיע באַמערקט.

— טאַקע ענלעך — האָט חנה געענטפערט פאַרטראַכט.

חנה איז געפעלן געווען דעם יינגל. פונקט ווי דאַנילינקען, ווי אַוורעמקען, ווי דאָדקען, ווי פיל אַנדערע יינגלעך פון קלאַס און פון שול. אַסיע איז איר ניט מקנא געווען, זי האָט אויף דער חברטעס דערפאָלג און אויף די ליבעס־לײַדן פון די יינגלעך געקוקט מיט אַ מילדן פון אויבן אַראָפּ פון אַ דערוואַקסענעם מענטשן: "נאָך דעם, וואָס איך האָב איבערגעלעבט..."

חנה פלעגט זיך פאָרשעריש צוקוקן צו איר.

— אַסקע, דו ווייסט, ועמען דו געפעלסט?

— איַי, גיי אַוועק!

— ניין, כ׳מיין עס ערנסט, בערנאַרדן. ער האָט עס מיר אַליין געזאָגט.

בערנאַרד איז געווען אַ סטודענט, אַ מעדיקער. ווען זיי האָבן געלערנט אין מיטלשול, האָט ער זיי ביידע געגרייט צום אַרויסלאָז־עקזאַמען פון לאַטײַן. צעשפּאַרנדיק זיך ברייט אויפן לענשטול, פלעגט ער נעמען דעקלאַמירן אויף אויסווייניק גאַנצע זײַטלעך פון ווערגיליוס, באַגײַסטערנדיק זיך סײַ מיט דער קלינגענדיקער פּאָעזיע, סײַ מיט דער אייגענער דיקציע, סײַ מיט זײַן אייגענעם אויסזען — מיטן טונקעלן שמאָלן פּנים, מיט די פלאַמענדיקע שוואַרצע אויגן, מיט די ווייכע בלישטשענדיקע געקרייזלטע האָר.

חנה האָט ווײַטער גערעדט מיט אַ שטיפערישן שמייכל:

— בערנאַרד ווייסט ניט, ווי מען קומט צו צו דיר, צו אַזאַ מין ״ריר מיך ניט אָן״.

— גייט ער פּײַפן. איך דאַרף קיינעם ניט.

— דו דאַרפסט, טײַערע מײַנע. ווער, ווער, אָבער דו קענסט ניט לעבן אָן ליבע...

איין מאָל, ווען אַסיע האָט מיט התפעלות דערציילט וועגן פּראָפעסאָר זאַוואַדסקי, איז איר חנה אַרײַנגעפאַלן אין די רייד:

— הער זיך אײַן, אפשר האָסטו זיך גאָר אין אים פאַרליבט?

— דו ביסט אומאויסהיילבאַר, חנקע — האָט אַסיע פאַררויטלענדיק זיך אַ זאָג געטאָן.

איצט, ווען אַסיע האָט זיך דערוווּסט, אַז חנה פאָרט אַוועק, איז זי געגאַנגען זיך געזעגענען מיט איר. זיי זײַנען געשטאַנען ביים טויער און געקוקט איינע אויף דער אַנדערער. דערנאָך האָט זי חנה אַ כאַפּ געטאָן אין די אָרעמס, צעקושט זיך מיט איר און אַרויפגעקלעטערט אויפן לאַסטאויטאָ.

— פאַרגעס מיך ניט, אַסיע!

— דו אויך, שרײַב, שרײַב מיר בריוו, חנהלע!

# דאָס לעבן אין געפּל

די גאַסן זײַנען פּוסט געוואָרן, ס'זײַנען פאַרשטומט געוואָרן די לידער. מענטשן האָבן ווידער געוואַרט, וואָס וועט זײַן ווײַטער. געוואַרט, פאַרבאָרגן אין זייערע היימען. ס'האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז די שטאָט שלאָפט ניט אין די נעכט, אַז זי האָט בלויז אײַנגעהאַלטן דעם אָטעם. ס'האָט שוין געדאַרפט זײַן די נײַע מאַכט, אָבער סמעטאָנעס ליטוויש מיליטער איז נאָך אַלץ ניט אַרײַן אין שטאָט. עמעץ האָט מרה־שחורהדיק געחוזקט:

— דער טאַנקיסט איז קראַנק געוואָרן...

— זיי פאָרן, ווײַזט אויס, אויף ניימאַשינען...

...און ווידער דער ענדלאָזער טונעל. אַסיע גייט מיט וויטען, זיי גייען, און ס'נעמט קיין סוף ניט. די פערטע נאַכט נאָך אַנאַנד חלומט זיך אַסיען דער

זעלבער פּײַנלעכער חלום. אָבער אָט גייען זיי שוין ענדלעך אַרויס פון טונעל. דאָ איז אַ וואָקזאַל מיט אַ גרויסער אויפשריפט — "מינסק". עס באַגעגנט זיי חנה. זי לעבט דאָ שוין לאַנג, ווער ווייסט וויפל יאָר, זי איז שוין אַ היגע און פירט זיי איצט צו זיך אַהיים זיך אָפּרוען...

אַסיע וועקט זיך איבער. וויפל שווערע, מאַטערנדיקע חלומות וועגן דעם זעלבן טונעל וועט זי נאָך זען? זי איז איבערגעבליבן אין שטאָט, איבערגעבליבן...

בײַ טאָג גייט זי אין גאַס, פאַרקערעוועט אין אַ קינאָ. דאָ ווײַזט מען נאָך אַלץ דעם סאָוועטישן פילם "צירק". אויפן עקראַן וויינט אַן אומגליקלעכע, דערנידעריקטע פרוי. מיט איר איז איר קינד, אַ נעגערל. דער פרוי דוכט זיך — איר לעבן איז אויסזיכטלאָז. זי ווערט אָבער ניט פאַרפאַלן, ווײַל זי לעבט אינעם לאַנד פון סאָציאַליזם. און פונעם נעגערל וועט אויסוואַקסן אַ פרײַער, גלײַכבאַרעכטיקטער מענטש. מיט וואָס פאַר אַ ליבשאַפט עס האַלטן אים אויף די הענט און גיבן איבער איינער דעם אַנדערן מענטשן אויפן עקראַן... די מענטשן זינגען אים אַ וויגליד אין פאַרשיידענע שפּראַכן. אָט נעמט אים אויף די הענט מיכאָעלס און זינגט אויף יידיש:

"ס'שלאָפט דאָס צינגעלע אין גלעקל, ס'שלאָפן אַלע קינדער, טאַטע שלאָפט, מאַמע שלאָפט, שלאָף־זשע אויך, מײַן ברעקל..."

אַסיע לויפט אַרויס פון קינאָ. זי האַלט קוים אײַן די טרערן. דאָס ערשטע, וואָס זי דערזעט, זײַנען די פאָנען פון דער בורזשואַזער ליטע. איצט קען זי זיך שוין מער ניט באַהערשן. זי לויפט אַרײַן אין אַ טויער און ברעכט אויס אין אַ געוויין. זי נעמט זיך קוים אין די הענט, ווישט אָפּ די טרערן און לויפט אַהיים, אויסבאַהאַלטנדיק די אויגן פון די פאַרבײַגייערס.

אין צוויי טעג אַרום איז זי געגאַנגען באַרג אַרויף אויף פּאָהוליאַנקע־גאַס צו אַ חברטע. מיט אַ מאָל האָט זיך פון דאָרטן געגעבן אַ לאָז אַראָפּ אַ המון, אַ לאַווינע מענטשן. וואָס איז געשען? מען איז עמעצן איבערגעפאָרן? אַסיע האָט זיך ארומגעקוקט — ניין. מען שטייט אין ערגעץ ניט, מענטשן לויפן מיט אַ געשריי און געפילדער.

אַסיע האָט זיך מיט אַ מאָל געכאַפּט: מען לויפט אין דער ריכטונג פון די יידישע געסלעך. זי האָט זיך אויך געלאָזט לויפן: אַהיים, גיכער אַהיים!
אויף קליין סטעפן־גאַס האָט עמעצנס געשריי צעריסן די לופט און איז

גלײַך אַנטשוויגן געוואָרן. אויף ראָג שאָפּען-גאַס, אין קעלערל, ווו ס׳איז געווען גאָרדאָנס קרעמל מיט די שרײַב־אַרטיקלען, האָט זי דערזען אַ חורבן — די פענצטער אויסגעבראָכן, די טיר — אַראָפּגעריסן, העפטן, בלאָקן, כלערליי פּאַפּיר — צעפליקט, צעריסן, צעטראָטן. נעבן קאָמס פּריזירערײַ — צעבראָכענע שפּיגלען און שׂיסלען. גאַנץ שאָפּען־גאַס געדיכט באַדעקט, ווי מיט שניי, מיט פעדערן. דאָס הייסט, אַז עמעץ האָט צעטרענט קישנס און פערינעס, מען האָט זיך אַרײַנגעריסן אין וווינונגען. אַהיים, גיכער אַהיים!

— אוי, טאָכטערקע, גאָט צו דאַנקען, ביסט דאָ!

— זי איז דאָך ניט ענלעך אויף קיין ייִדישקע, ווער וועט זי טשעפּען. כ׳האָב דאָך אײַך געזאָגט — דערוווײַזט לילקע, אַז זי ווייסט בעסער.

די שטוב איז געווען פול מיט מענטשן. בײַם פענצטער זיינען געשטאַנען די נײַע קוואַרטיראַנטן — דער טאַטע האָט אַרײַנגענומען אין שטוב אַ פּאָרפאָלק, פּליטים פון וואַרשע. די שכנים פון די אונטערשטע גאָרנס זײַנען אויך אַרויפגעגאַנגען אַהער, אויפן דריטן שטאָק, וואָס ווײַטער פון דעם צעווילדעוועטן המון.

עמעץ איז אַרײַנגעלאָפן: -- פאַרבאַריקאַדירט די טיר! אויף קאָנסקע־גאַס האָט מען אַראָפּגעוואָרפן אַ יידישע פרוי פון באַלקאָן, פון דריטן גאָרן.

מיט אַ מאָל איז שטיל געוואָרן. דער טאַטע האָט עטוואָס אויפגעעפנט די טיר פון באַלקאָן, אַרויסגעקוקט אין דרויסן. קיין לעבעדיקער מענטש זעט זיך ניט, אַן אויסגעשטאָרבענע גאַס, נאָר פעדערן פליען אַרום אויפן ווינט.

וואָס איז געשען? ווי אַזוי האָט זיך עס אָנגעהויבן און געענדיקט? קיינער האָט גענוי ניט געוווסט. בהדרגה, לויט איינצלנע ידיעות, האָט זיך אײַנגעגעבן אויפצושטעלן דאָס בילד.

אַ טאָג פריער האָט מען אין שטאָט געהעכערט דעם פּרײַז אויף ברויט. דערנאָך זאָל מען האָבן אַנטזאַגט פון די שטעלעס אַרבעטער־פּאָליאַקן אויף דער אײַזנבאַן. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ קריגערײַ צווישן די פּאָליאַקן און ליטווינער. ס׳איז דערגאַנגען צו אַ געשלעג. פּאָליציי האָט זיך אַרײַנגעמישט. עמעץ האָט אַ געשריי געטאָן: ״שלאָג דעם זשיד!״ ווער האָט עס געשריִען דער ערשטער? ס׳איז רעכט, אַז די פּאָליציי אַליין...

דערנאָך, ווען די אומרוען האָבן זיך שוין צעפלאַקערט, האָט זיך, זאָגט מען, אין גאַס אומגעריכט באַוויזן אַ סאָוועטישער טאַנק. ער איז נאָר

אַרויסגעפּאָרן, און ס'האָט זיך אַלץ גלײַך אײַנגעשטילט. ווי לויט אַ קאָמאַנדע.

— זיי האָבן דאָך קיין רעכט ניט זיך אַרײַנצומישן.

— זיי האָבן זיך ניט געמישט. קיין איין שאָס האָט זיך דאָך ניט געלאָזט הערן. זיי זײַנען פּשוט אַרויסגעפּאָרן.

..אויף מאָרגן אין דער פרי האָט זיך אַסיע, ווי געוויינטלעך, געגרייט צו גיין אין אוניווערסיטעט.

— אפשר גיי בעסער ניט? — האָט די מאַמע געפּרוּווט זי אָפּהאַלטן.

— זיי רויִק, ס'ט גאָרניט פּאַסירן — האָט אַסיע געענטפערט, קושנדיק זי בײַ דער טיר.

הײַנט האָבן זיי בײַ זאַוואַדסקין פּראַקטישע איבונגען, מען וועט אויף אַן עקספּערימענטאַלן אופן דערווײַזן די אילוזאָרישקייט פון שפּירונגען. דאָס איז אַזוי אינטערעסאַנט!

שוין בײַ דער סאַמע שוועל פון פּאָדערצימער צו דעם פּראָפעסאָרס לאַבאָראַטאָריע האָט אַסיע דערהערט אויפגערעגטע שטימעס. קריסטינע, מאָניקאַ און סטאַך האָבן הייס וועגן עפּעס גערעדט. דערזעענדיק אַסיען, האָבן זיי איבערגעריסן אין מיטן די רייד, באַגריסט זי, געקוקט אויף איר מיט צו פיל מיטלײַד, סטאַך האָט אפילו אָפּגעווענדט די אויגן. אַסיען איז געוואָרן אומהיימלעך. זי האָט אַ קלער געטאָן: "וואָס האָט דאָס צו זיי, דער פּאָגראָם? זיי זײַנען דאָך ניט שולדיק..."

אַסיע זעצט זיך אויף איר אָרט. איר דוכט זיך, אַז אַלע קוקן אויף איר. צום גליק הייבט זיך שוין אָן די לערן־שעה.

וויטע איז אין דעם טאָג אין ערגעץ ניט געגאַנגען. זי גייט ניט לערנען, זי זיצט אַליין בײַ זיך אין צימער. ס'ווילט זיך איר קיין זאַך ניט טאָן און קיינעם ניט זען. און ס'ווילט זיך ניט קלערן וועגן קיין שום זאַך.

בעסער ניט קלערן!

ביז איצט גייט אַלץ מיט אַ פּײַנלעכער קאָנסעקווענטקייט. זי האָט עס פאָרגעפילט פון די ערשטע טעג, זינט די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן. טיף אין האַרצן האָט דער אומרו געגנאָגט אפילו יענע פּאָר וואָכן, וואָס די רויטע אַרמיי איז געווען אין שטאָט. איצט איז אינעווייניק אַלץ ווי פאַרגליווערט

געוואָרן. ס'איז געבליבן אַ קאַלטע פאַרדעמפּטע שאָדנפרייד: אַלץ גייט אַזוי, ווי זי האָט פאָרויסגעזען.

"ווי קען זי, אַסיע, צווישן דעם אַלעם, זיך נאָך פאַרנעמען מיט אירע פסיכאָלאָגיע־שטודיעס? — האָט וויטע געקלערט. — אַ מאָדנע פעיִקייט ניט צו קוקן פאָרויס".

וויטע האָט זיך געקליבן אָנצוקומען אין אוניווערסיטעט אויף ביאָלאָגיע, אָבער דעם ערשטן סעפּטעמבער האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה און וויטע האָט שוין ניט געוואָלט שטודירן. צו וואָס דאַרף מען גיין לערנען, אַז די וועלט גייט אונטער?

זי האָט דאַן געלעבט ביי דער באָבען. די עלטערן זײַנען געווען אַוועקגעפאָרן אין אויסלאַנד און האָבן זיך קוים דורכגעריסן אַהיים, שוין בעת דער מלחמה. אין שטאָט האָט מען גענומען גראָבן טראַנשייען. אָט גראָבט מען שוין נעבן דער באָבעס שטוב. באַלד וועט צו אַלעם נעמען אַ סוף.

וויטע איז ניט אַוועק שטודירן אויך דאַן, ווען אין שטאָט איז אַרײַן די רויטע אַרמיי. זי איז געגאַנגען אַרבעטן צום טאַטן, דעם דאָקטער־רענטגענאָלאָג. מען דאַרף גיכער זיך אויסלערנען אַ פאַך. דאָס איז רעאַלער, איידער הערן לעקציעס אין אוניווערסיטעט. אין גיכן וועט זי ווערן אַ רענטגען־טעכניקער.

אָבער הײַנט איז זי ניט אַוועק אויך אין שפּיטאָל. זי גייט אַהין ניט, זינט די רויטע אַרמיי איז אַרויס פון שטאָט. אַלץ קומט פאָר לויט אַן אומברחמנותדיקער סכעמע... זי האָט עס פאָרגעפילט.

...און אַסיע פאָרשט די גײַסטיקע אַנטוויקלונג פון קינדער. זי טוט עס אויפן סמך פון אַ ווערק פון אַ שווייצאַרישן פּעדאַגאָג "דאָס קינד און די אַרומיקע וועלט". דער געלערנטער שילדערט די עטאַפּן, וועלכע דאָס קינד מאַכט דורך, דערקענענדיק דעם אַרום.

אַסיע אָבסערווירט קינדער. זי פרעגט ביי דער שכנטעס קליינעם מיידעלע:

— וואָס איז אַזוינס אַ הונט?

— דאָס איז רעקסיק. (אַזוי הייסט זייער הינטל).

ריכטיק, דאָס קינד באַגרײַפט אַלץ דורכויז קאָנקרעט.

דערנאָך שטעלט אַסיע די זעלבע פראַגע איר שוועסטערל, מיט אַ יאָר צוויי עלטער.

— דאָס איז אַ שטוביקע חיה.

— וואָס פאַראַ ?

— אַ נידעריקע, מיט אַ שוואַרצן גלאַנציקן פוטערל און מיט אַ געלן בייכל!

— און מיט וואָס פאַר אַ פיסלעך?

— קורצינקע, קרומע.

עס שטימט ווידער. עטוואָס אַבסטראַקטער, אָבער דאָס קינד האַלט זיך נאָך אויך ביים קאָנקרעטן ביישפיל, וועלכער איז איר באַקאַנט.

דערנאָך נאָך אַ פראַגע דער קלענערער:

— וואָס טוט די לבנה?

— זי קוקט אויף מיר.

— און וואָס נאָך?

— נעכטן איז זי מיר נאָכגעגאַנגען ביזן שטוב.

ריכטיק, דאָס קינד איז נאָך אין דער עלטער, ווען דער "איך" איז דער צענטער פון דער וועלט.

אַסיע פאַרשרייבט אַלץ געטרי. מאָרגן וועט זי ווייזן די נאָטיצן זאַוואַדסקין.

...אַלע זיינען שוין אויפן אָרט, אָט איז דער פּראָפעסאָר. אַ הויכער, אַ דאַרער, אין דעם זעלבן ווי אַלע מאָל שוואַרצן ראָק און אין דעם שניי־ווייסן אָנגעקראָכמלטן העמד. ער גייט, ווי שטענדיק, ניט געאײַלט, פאַרטיפט אין זיך. אויף די שלייפן זילבערן זיך די גראָע האָר. די טונקעלע אויגן שטייען נאָענט איינס צום אַנדערן. כמעט ביי דער סאַמע נאָז. ער שטעלט זיך אָפּ ביים טישל. אַסיען זעט ער אויס ווי אַ דיריגענט, וואָס וועט באַלד נעמען אין האַנט זיין שטעקעלע. ער ווייזט אין גאַנג פון אונטעררייכטן די דיאַגראַמעס, וואָס הענגען אויפן טאָוול.

אַסיע וואַרט אומגעדולדיק אויפן סוף פון דער לעקציע. זי וויל ווייזן דעם פּראָפעסאָר אירע נאָטיצן. אָבער ווען אַלע קלייבן זיך שוין אויפצושטיין, שטעלט דער פּראָפעסאָר אָפּ די צונויפגעזאַמלטע:

— איין מאָמענט... מיינע דאַמען און הערן, דערלויבט אײַך צו מעלדן,

אַז דערמיט רײַסן מיר איבער אונדזער קורס... מאָרגן וועלן שוין קיין לעקציעס ניט זײַן.

דער פּראָפעסאָר איז אַרויס, און ס'האָט זיך אויפגעהויבן אַ געפּילדער.

וואָס האָט געקענט פּאַסירן? עמעצער האָט דערמאָנט די איבעריקע: "רעדט שטילער, פֿאַרגעסט ניט, ווו איר געפֿינט זיך."

— צי דען האָט מען אים אָפּגעזאָגט...

— אַזאַ געלערנטן...

— ס'איז דאָך געווען אַ קלאַנג, אַז מען שליסט דעם אוניווערסיטעט, אָדער — אַז די ליטווינער וועלן אָפּזאָגן די פּוילישע פּראָפעסאָרן...

— לאָמיר פּרובירן זיך דורכריידן מיט אים אַליין, כל־זמן ער איז נאָך ניט אַוועק...

זאַוואַדסקי אינעם שוואַרצן מאַנטל און אינעם הוט מיט די אָפּגעריבענע ראַנדן, איז פּאַמעלעך געגאַנגען צו דער טיר. קריסטינע האָט זיך אַנטשידן:

— פּאַניע פּראָפעסאָזשע...

— אָ, גוט מאָרגן, פֿרײַלן קרוליקאָווסקאַ — זאַוואַדסקי דריקט איר די האַנט. אַסיע האַלט קוים אײַן דעם שמייכל — ער האָט דאָך זיי שוין אַלעמען היינט געזען.

— הער פּראָפעסאָר... ווען איר וואָלט געהאַלטן פֿאַר מעגלעך ווײַטער צו פֿירן מיט אונדז דעם קורס... פֿאַרשטייט זיך, ניט דאָ... וואָלטן מיר אײַך געווען זייער, זייער...

— אַ דאַנק, ליבער פֿרײַנד. אַ דאַנק.



זאַוואַדסקי האָט געוווינט אין דער פֿאָרשטאָט, אויף אַנטאָקאָל, אין אַ מאַנסאַרדע פֿון אַן אַלטן מויער, אויסגעבויט אין סטיל פֿון באַראָקאָ.

אַסיע רירט אומזיכער אָן דאָס גלעקל. הינטער דער טיר הערט זיך לאַנג ניט קיין שום קלאַנג. ענדלעך — עמעצנס שטילע טריט.

— ווער איז דאָרט?

ווי גוט, אַז מאָניקאַ איז גראָד אונטערגעקומען!

— דאָס זײַנען מיר, סטודענטן.

— זײַט מיר מוחל, איך בין אַ ביסל ניט געזונט. איך וועל עפּענען, און איר וואַרט צו אַ ווײַלע. איכ׳ל זיך אַוועקלייגן, און דאַן וועט איר אַרײַנגיין.

די טריט דערווײַטערן זיך, און ס׳לאָזט זיך הערן אַ שווערער הוסט. הייסט עס, ס׳איז אמת דאָס, וואָס מען האָט געזאָגט, אַז בײַ אים איז עפּעס מיט די לונגען...

מאָניקאַ און אַסיע גייען אַרײַן אין פינצטערן קאָרידאָר.

— ביטע, ביטע!

די האַלב־קײַלעכדיקע פענצטער פון צימער זײַנען צעטיילט מיט געדיכטע, ווי קראַטעס, ראַמען. אַנשטאָט אַ באַלקן איז דאָ אַ געוועלב, פון וואָס אין צימער איז אומהיימלעך, ווי אין אַ קלויסטער. צו דעם בעט, אויף וועלכן דער פּראָפעסאָר ליגט, דערגייט קוים דאָס ליכט פון פענצטער.

— איר זעט, ווי איך האָב אײַך פאַרפירט. איר מוזט מיר מוחל זײַן, זײַט דערווײַל מײַנע געסט. צום באַדויערן, איז מײַן פרוי בײַ דער אַרבעט און איך קען אײַך אפילו ניט מכבד זײַן מיט טיי...

באַלד זײַנען אַרײַן די איבעריקע. ס׳האָבן זיך פאַרזאַמלט סך־הכל זיבן מאַן — די פּראָגרעסיווע סטודענטן, אָן די נאָנעס און אָן די פאַשיסטן.

עמעץ האָט געפרעגט וועגן דער ריכטונג ביהעוויאָריזם אין פּסיכאָלאָגיע.

— איך וועל אײַך פּרווון דערקלערן מיט אַ בײַשפּיל — האָט דער פּראָפעסאָר געזאָגט האַלב ערנסט. — איר וויינט. דאָס איז אַ פיזיאָלאָגישער פּראָצעס. וואָס שטאַרקער איר צעוויינט זיך, אַלץ שטאַרקער קלעמט איר זיך. דער פיזיאָלאָגישער פּראָצעס באַווירקט דעם באַוווסטזיין...

פון יענער צײַט אָן פלעגן די באַגעגענישן מיט זאַוואַדסקין פּאָרקומען רעגולער — אָדער בײַם פּראָפעסאָר, אָדער בײַ עמעצן פון די סטודענטן. און געווען זיינען דאָס ניט בלויז לעקציעס פון פּסיכאָלאָגיע, אויך הייסע פּאָליטישע וויכוחים.

...טאַדעוש טשעזשאָווסקי, בײַ וועלכן די זעלבע גרופּע האָט אויך שטודירט, פלעגט ניט אָפּווײַכן פון זײַן טעמע און קיין מאָל ניט ענדערן זײַן אָפיציעלן, פּראָפעסאָרישן טאָן. די לעקציעס פלעגן פּאָרקומען בײַ אים אין דער היים: בײַ זײַן שרײַבטיש איז ער געווען פונקט אַזוי פרעמד און אומצוטריטלעך, ווי אויף דער קאַטעדרע אין דער אוניווערסיטעט־אודיטאָריע.

בעת אַסיע איז צום ערשטן מאָל אַריבערגעטראָטן די שוועל פון דעם פּראָפעסאָרס וווינונג אויף קליין־פּאָהוליאַנקע, האָט אויף איר פון די שווערע מאַסיווע מעבל, פון די בערנפעלן אויפן גלאַנציקן פּאַרקעט, פון די געקרייצטע שווערדן און פּאָרטרעטן פון דעם פּראָפעסאָרס אורעלטערן אויף די ווענט — אַ ווי געטאָן מיט קאַלטער און שטאָלצער מאַיעסטעט. פון דאַן אָן, קומענדיק אין דער דאָזיקער שטוב, פלעגט זי לאַנג ווישן אין פּאָרהויז די פיס, אומבאַמערקט זיך אַריַינשלייַכן אין פּראָפעסאָרס קאַבינעט, זעצן זיך אויפן ברעג פון שטול, און מיט אַ געמישט געפיל פון דרך־ארץ און אָפּגעפרעמדקייט הערכן טשעזשאָווסקיס לעקציע. און ווען די לעקציע פלעגט זיך שוין ענדיקן, פלעגט זי לייַכטער אָפּאָטעמען און שנעל אַראָפּלויפן פון די טרעפּ.

די דאָזיקע וווינונג וואָלט מסתמא פאַרבליבן אין איר זכרון, ווי אַ פרעמדע און אויסטערלישע וועלט, ווען איין מאָל, אין אַ יאָר זעקס אַרום, וואָלט זי ווידער וועגן איר ניט געהערט. מען האָט דערציילט, אַז בעת דער מלחמה, אין די אָקופּאַציע־יאָרן, האָבן זיך ביי טשעזשאָווסקין אויסבאַהאַלטן יידן, און ניט איינער, ניט צוויי, נאָר אַ סך. הערנדיק דאָס, האָט אַסיע ווידער דערזען פאַר זיך די אַריסטאָקראַטישע שטוב און דעם רויִקן פּנים פונעם פּראָפעסאָר, וועלכער דערציילט וועגן גאַנג פון דער געשיכטע פון דער מענטשהייט און זוכט אַן ענטפער אויף שווערע פּראָבלעמען פון לעבן.

# קאָוונע

רעגלמעסיק קלאַפּן די רעדער פון פּאַסאַזשיר־צוג. אַסיע און וויטע קוקן שווייַגנדיק איינע אויף דער צווייטער, זיי האָבן ניט קיין געדולד, ס׳ווילט זיך שוין גיכער אָנקומען. עס וואַרט אויף זיי אַ נייַע שטאָט, נייע באַקאַנטשאַפטן, מעגלעך — אַ פאַרבינדונג מיטן אונטערגרונט פון ליטע. און דאָס באַטייַט דאָך — קאַמף, אַרבעט, צוועקמעסיקייט.

אַ פאַרבינדונג האָבן זיי געזוכט גלייַך פון דער ערשטער מינוט, ווען זיי

האָבן זיך באַגעגנט מיט סטודענטן פון קאָוונע, וואָס זײַנען צוזאַמען מיט זייער פאַקולטעט אַריבערגעפאָרן קיין ווילנע שטודירן. ס׳האָט זיך אײַנגעגעבן מיט אייניקע פון זיי צו באַקענען, זיך דורכריידן. נאָך דעם האָבן זיי די קאָוונער אײַנגעלאַדן אויף אַ דיסקוסיע וועגן דער אינטערנאַציאָנאַלער לאַגע, וועלכע ס׳האָט אָרגאַניזירט זייער פּראָגרעסיווער סטודענטן־פאַרבאַנד. אין דער דיסקוסיע, וואָס האָט געדויערט ביז שפּעט אין דער נאַכט אַרײַן, זײַנען קלאָר געוואָרן די מיינונגען פון מענטשן. אַזוי האָט מען בהדרגהדיק אויסגעזוכט חברים מיט ענלעכע אָנשויונגען. נאָך דעם, ווי אַסיע האָט אויך גענומען אַ וואָרט אין דער דיסקוסיע, איז צו איר צוגעגאַנגען אַ מיידל, האָט זיך פאָרגעשטעלט — מלכה — און שטיל פאָרגעלייגט נאָכן וויכוח צו בלײַבן זיך דורכריידן.

...ס׳האָבן זיך דערנעענטערט די ווינטער־קאַניקולן. די קאָוונער זײַנען אַוועקגעפאָרן אַהיים, צווישן זיי אויך מלכה. אַסיע האָט מיט איר אָפּגערעדט, אַז זי וועט קומען צו איר קיין קאָוונע. זיי האָבן גענוי באַשטימט, ווען און ווו זיי וועלן זיך טרעפן.

די ידיעה, אַז אין גיכן וועט מען אפשר קענען געפינען אַ פאַרבינדונג מיטן אומלעגאַלן קאָמיוג פון ליטע, האָט אויפגערודערט די ווילנער קאָמיוגיסטן, וואָס זײַנען געבליבן אין שטאָט. זיי האָבן זיך גלײַך פאַרזאַמלט, גערעדט קורץ און בינדיק. די אַרבעטער־חברה האָבן די ערשטע געפונען אַ פאַרבינדונג. איצט זײַנען אַרויסגעפאָרן קיין קאָוונע אַסיע און וויטע.

...די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט. דער וועטער איז געווען אַ טריבער. ס׳איז געפאַלן אַ נאַסער, געדיכטער שניי, און דער גרויסער וואָקזאַלפּלאַץ האָט אויסגעזען גרוי און אומפרײַנדלעך.

די טרעפונג איז באַשטימט געווען אויף זעקס אָוונט. איצט איז נאָך געווען צען פרי. ס׳האָט געקלעקט צײַט צו באַזוכן די שטאָט, אַ קוק צו טאָן, ווו איז דאָס אָרט, ווו מע וועט זיך דאַרפן טרעפן.

אַסיע מיט וויטען זײַנען אַוועק אין דער אַלטשטאָט, ווו ס׳איז געווען טומלדיק און ענג. זיי זײַנען אַרויס אויפן ברעג פון ניעמאַן. דאָ האָט זיך פאַר זיי אַנטפּלעקט אַ בילד פון דער אינדוסטריעלער קאָוונע: צענדליקער גרויע פאַבריקן האָבן אָפּגערוקט ביזן סאַמע האָריזאָנט דעם וואַלד און די פעלדער;

די פאַבריק־קוימענס האָבן זיך אַרײַנגעקריצט אין פאַרוואָלקנטן הימל, און נידעריק אונטער די וואָלקנס האָט זיך געשפּרייט אַ געדיכטער שוואַרצער רויך. אַסיע האָט אַ קלער געטאָן וועגן איר היימשטאָט: ווילנע האָט אויסגעוויזן אין פאַרגלײַך מיט קאָוונע שטילער און געמיטלעכער.

אין דער ווײַט, דורך דעם גרויען נעפּל פון שניי און רויך, האָבן זיך געזען דעכער פון שטיבלעך און כאַטעס, וואָס האָבן זיך געהויבן אַלץ העכער, איינע איבער די אַנדערע. די מיידלעך זײַנען אַוועק אַהין, אין דער ריכטונג פון די אַרבעטער־קוואַרטאַלן.

— בײַ אונדז אין קאָוונע הייסט דער דאָזיקער ראַיאָן פון שטאָט ״דער גרינער באַרג״ — האָט געזאָגט מלכה. — ס׳איז שוין ניט ווײַט, דאָ דערנעבן. גייט אויף רעכטס, אין טויער אַרײַן. פאָרזיכטיק, גיט זיך ניט קיין גליטש אין דער פינצטער. דאָ איז עס, אויבן, אויפן צווייטן גאָרן.

...די ערשטע אומלעגאַלע טרעפונג, זינט די מאַכט אין ווילנע איז אַריבער צו סמעטאָנען. מיט וועמען וועלן זיי זיך באַגעגענען? זיי פרעגן ניט, זיי ווייסן, אַז אַזעלכע זאַכן פרעגט מען ניט.

די קיך איז קליין און געמיטלעך. אַ מחיהדיקער ריח פון געבראָטענעם פלייש.

— גייט, ביטע, אַרײַן ווײַטער, אין צימער — לאַדט אײַן אַן עלטערע פרוי.

— מאַמע, און אפשר בעסער דאָ אין קיך?

מלכה האָט, הייסט עס, זיי געבראַכט צו זיך אַהיים.

איצט זיצן זיי און וואַרטן. מלכהס מאַמע לייגט זיי אַרײַן אין די טעלערס שמעקעדיקע, פאַרברוינטע קאַרטאָפל מיט בעבלעך, פערלגרויפּן, פלייש און שטיקער קישקע.

— טשאָלנט! איך האָב שוין פאַרגעסן דעם טעם! — פרייט זיך אַסיע. ביידע זיינען גוט הונגעריק, און דער טשאָלנט צעגייט אין מויל.

עמעצער האָט צוויי מאָל אָנגעקלאַפּט אין טיר — אַ קורצער, ענערגישער קלאַפּ. מלכה האָט אויפגעעפנט, און אין קיך איז אַרײַן ניט קיין הויכער, אָבער קרעפּטיקער, ברייטביינערער בחור מיט קײַלעכדיקע ברילן אין דינע רעמעלעך. ער האָט, ניט געאײַלט, אויסגעטאָן זײַן גרויע לײַכטע קורטקע, אויפגעהאַנגען דאָס היטל, אַ רײַב געטאָן די ווײַס־געוואָרענע

פינגער, געוואָרפן אַ בליק אויף זיך אין שפּיגל, וואָס איז געהאַנגען איבערן וואַשטישל און אַ פּיר געטאָן מיט דער האַנט איבער די קורץ־אָפּגעשאָרענע האָר, ווי ער וואָלט וועלן צוגלעטן אַ טשופּרינע.

— נו, איז הייבן מיר אָן? — האָט ער געזאָגט נאָך אַ היפּשער ווײַלע שטילשווײַגן, בעת וועלכער ער האָט זיך צוגעקוקט צו די מיידלעך. העגנט האָט ער געהאַט ניט קיין גרויסע, אָבער מיט מאָזאָליעס. די שטריכן פון פּנים — רעגלמעסיקע, ווי אויסגעטאָקטע, צוליב וואָס דאָס פּנים האָט אויסגעוויזן צו זײַן רויִק און שטרענג. די אויגן האָבן געקוקט דורך די ברילן אויפמערקזאַם, אָן אַ שמייכל.

— זײַט באַקאַנט — האָט געזאָגט מלכה. — דאָס איז שלום, און דאָס זײַנען חברים פון ווילנע, סטודענטקעס — אַסיע און וויטע.

— מיר זײַנען אייגנטלעך ניט קיין סטודענטקעס...

שלום האָט קיין זאַך ניט געפרעגט, נאָר די ברעמען זײַנע האָבן זיך אַ הייב געטאָן, ווי ער וואָלט זיך געוווּנדערט. אַסיע האָט דערקלערט:

— איך האָב שטודירט אין פּוילישן אוניווערסיטעט, און איצט לערנען אונדז אייניקע פון אונדזערע פּראָפעסאָרן, וואָס האָבן פאַרלאָרן זייערע שטעלעס, בײַ זיך אין דער היים.

— און איך האָב אויך געהאַט בדעה אָנצוקומען אין אוניווערסיטעט, אָבער ניט געטאָן עס, ווײַל ס'איז אויסגעבראָכן די מלחמה — האָט געזאָגט וויטע.

— מען וועט יאָ דאַרפן גיין שטודירן...

אַסיע האָט פאַרביסן אַ ליפּ.

— און איצט דערציילט, ווען איר האָט אָנגעהויבן צו אַרבעטן אומלעגאַל און אַלץ וועגן אײַער אָרגאַניזאַציע.

זיי האָבן דערציילט, און שלום האָט געהאָרכט, ניט אויפהערנדיק צו באַטראַכטן זיי דורך זײַנע ברילן. נאָר זעלטן, פון צײַט צו צײַט, האָט ער אַרײַנגעוואָרפן אַ וואָרט, געשטעלט אַ פראַגע.

אַסיע האָט גערעדט וועגן די אַרעסטן צווישן די שילער, וועגן די פּײַניקונגען אין דעפענסיווע און וועגן דעם, ווי דער פּוילישער געהיים־פּאָליציי האָט זיך אײַנגעגעבן אַרויסצובאַקומען פון אייניקע חברים אַנטיסאָוועטישע דערקלערונגען.

— איר האָט זיי באַזוכט?
— ניין.
— שלעכט געטאָן.
וועגן דעם, ווי די געשעענישן האָבן זיך ווײַטער אַנטוויקלט, האָט דערציילט וויטע: וועגן אָנהייב פון דער מלחמה, וועגן דעם, ווי די אײנהייטן פון דער רויטער אַרמיי זײַנען אַרײַן אין שטאָט. און ווי זיי האָבן זי פאַרלאָזן.
ס׳וועט איר זײַן שווער צו דערציילן וועגן דעם, ווי מיר זײַנען ניט אַוועקגעפאָרן, געבליבן אין שטאָט. ס׳וועט שווער זײַן צו שלאָגן זיך על־חטא... — טראַכט אַסיע.
— און מיר זײַנען פאַרבליבן — פאַרענדיקט וויטע שטיל. — ניט אַנטשלאָסן זיך מיטצופאָרן מיט דער רויטער אַרמיי.
— אַ סך פון אײַערע זײַנען אַוועקגעפאָרן?
— די מערהייט, כמעט אַלע.
— דאָס איז דעזערטירונג!
וויטע האָט אַ קוק געטאָן אויף שלומען מיט ברייט צעעפנטע אויגן. צי האָט זי גוט געהערט? אַסיען האָט אויך אויפגערודערט שלומס שאַרפער אורטייל לגבי די, וואָס האָבן פאַרלאָזט די שטאָט. זי האָט זיך דערמאָנט אין וויטעס אומברחמנותדיקע האַרבע ווערטער: "מיר זײַנען פאַררעטער..."
אַלץ האָט זיך באַקומען פאַרקערט. געדעכט איז געווען מיכקע ווײַנער!
— נו, ווײַטער — אײַלט אונטער שלום.
די מיידלעך האָבן דערציילט, ווי אַלע איבערגעבליבענע געוועזענע קאָמיוגיסטן פלעגן זיך פאַרזאַמלען, זוכן אַ פאַרבינדונג, ווי ס׳האָט זיך אײַנגעגעבן צו טרעפן מיט די סטודענטן און הײַנט, דאָ, צו טרעפן זיך מיט אים.
— וואָס נאָך? — האָט געפרעגט שלום.
— מער גאָרניט. מיר ווילן אַרבעטן.
— נו, גוט. פאָרט אַהיים און אַרבעט. קומט אָן אין אוניווערסיטעט, זוכט אויס און גרייט צו מענטשן, וועלכע מען וועט קענען אַרײַנציִען, כדי צו שאַפן אַן אומלעגאַל קעמערל. פאַרבינדט זיך מיט פּראָגרעסיווע אָרגאַניזאַציעס, סטודענטישע פאַרבאַנדן. אַקטיוויזירט די שולן. יעדע פון אײַך ביידן וועט זיך אונטערנעמען אויפצושטעלן די אַרבעט אין צוויי

גימנאַזיעס. מיט די איבעריקע חברה פון ווילנע, מיט די אַרבעטערס, וועלן מיר ריידן באַזונדער.

שלום האָט זיך אָנגעטאָן און, האַלטנדיק זיך שוין ביי דער קליאַמקע, ווידער אַ זאָג געטאָן בייז:

און וועגן אַוועקפאָרן זאָל אפילו קיין רייד ניט זיין!

צו דער באַן האָבן אַסיען און וויטען באַגלייט די נײַע חברים — ייִדישע סטודענטן פון קאָוונע. אַסיע האָט אַ פרעג געטאָן בײַ מלכהן: און ווי איז שלומס פאַמיליען־נאָמען? מלכה האָט אַ שמייכל געטאָן: דאָס פרעגט מען ניט.

נו, וויטקע? — האָט אַסיע אָנגעקוקט איר חברטע, ווען זיי האָבן זיך אַרײַנגעזעצט אין באַן.

— ס'איז גוט!

אין די זעלטענע מינוטן אין וויטעס לעבן, ווען זי האָט זיך געפילט גליקלעך, פלעגט זי קיין מאָל מיט ווערטער ניט אויסדריקן אירע געפילן. אָבער איר פנים האָט איצט געשטראַלט. אַזאַ פלעגט זי אַסיע וועלן זען אַלע מאָל. ווי מאַכט מען, ס'זאָל איר זײַן בעסער אויפן האַרצן? — פלעגט אַסיע קלערן פון זינט זיי האָבן זיך באַפרײַנדט. אַסיען האָט זיך ניט אײַנגעגעבן אַרײַנצונעמען וויטען אין דער ייִדישער סביבה פון איר קלאַס — וויטע האָט זיך ניט געקענט צופּאַסן צו איר.

איצט איז וויטע ווי אויף ס'נײַ געבאָרן געוואָרן. אין די אויגן איז צעגאַנגען דאָס אײַז און ס'האָט אַרויסגעשײַנט פון זיי אַ ליכטיקער שמייכל.

זיי פאָרן אַהיים פאַרמאַטערטע אָבער צופרידענע און דאָך הערט ניט אויף אַסיען צו מאַטערן איין געדאַנק. ענדלעך זאָגט זי:

— וויטע, ווי וועט זײַן מיטן אוניווערסיטעט?

— מיר וועלן אָנהייבן גיין.

— דו וועסט שטודירן ביאָלאָגיע?

— ניין, איך קען דאָך ניט קיין ליטוויש. איך וועל אָנגעבן אויף ראָמאַניסטיק, לערנען פראַנצייזיש. און דו גיי אויף דײַטש. די חברה האָבן געזאָגט, אַז ערטער זײַנען פאַראַן. מען וועט אונדז זיכער אָננעמען. כאָטש דיך איז עס ניט נוגע, דו ביסט דאָך פאַררעכנט אַלס סטודענטקע.

— אָבער איך קען ניט אַריבערטרעטן די שוועל פון אוניווערסיטעט. ווי וועל איך קוקן זאַוואַדסקין אין די אויגן?

אַלע סטודענטן, וואָס האָבן זיך געלערנט בײַ די פּוילישע פּראָפעסאָרן אין דער היים, האָבן באַשלאָסן ניט צו גיין שטודירן אין סמעטאָנעס ליטווישן אוניווערסיטעט. וואָס זשע טוט מען איצט? אַרײַנטרעטן און גאָרניט זאָגן די פּראָפעסאָרן? שטודירן גלײַכצײַטיק אויך בײַ זיי? דאָס איז דאָך פאַרראַט...

— פּרוביר, רייד זיך דורך מיט זאַוואַדסקין.

— וואָס וועל איך אים זאָגן? אַז דער אומלעגאַלער קאָמסאָמאָל האָט מיר געגעבן אַן אויפגאַבע אַרײַנצוטרעטן אין דער הויכשול?

— קלער עפּעס אויס, זאָג, אַז די עלטערן צווינגען.

— ס׳איז לײַכט צו זאָגן...

ס׳איז שוין געווען האַלבע נאַכט, ווען זיי זײַנען אָנגעקומען קיין ווילנע. ביידע זײַנען אַוועק נעכטיקן צו אַסיען. זי האָט געלעבט נאָענט פון וואָקזאַל, און וויטע האָט זיך ניט געדאַרפט אײַלן אַהיים. זיי האָבן זיך שנעל אויסגעטאָן און אַוועקגעלייגט. שלאָפן האָט זיך ניט געוואָלט.

— וויטע, און ווי געפעלן דיר די קאָוונער חברה?

— גאַנץ גוט. חברישע, היימישע.

— אָבער ווייסט וואָס? זיי ריידן וועגן אַלץ צו קאַטעגאָריש, מיט אַ צו גרויסער זיכערקייט. זיי קווענקלען זיך ניט, ווי מיר.

— זיי האָבן ניט איבערגעלעבט דאָס וואָס מיר. חוץ דעם האָבן זיי אַן אַנדער גערדאַנקען־גאַנג, אַן אַנדער דערציִונג.

— און וואָס וועסטו זאָגן וועגן שלומען?

— איך האַלט, אַז ער איז קלוג. נאָר מסתמא ניט פון די צו גוטינקע. שווער אָבער צו אורטיילן, ער האָט דאָך מער געשוויגן ווי גערעדט!

— מסתמא איז ער נאָר וואָס אַרויס פון תּפיסה. אַזוי קורץ געשאָרן — האָט אַסיע געזאָגט. מיט אַ מאָל האָט זי אַן אויפגעמונטערטע אַ זאָג געטאָן: ״הער זיך אײַן, מיר דאַכט זיך, אַז דעם בחור, וואָס האָט דיר געשאָנקען אַ בוך, ביסטו געפעלן. דו וועסט אוודאי לייקענען...

— נו, לאָמיר שלאָפן — וויטע האָט זיך אויסגעדרייט צו דער וואַנט. אויף דער טעמע האָט זי ניט ליב געהאַט צו ריידן.

אין דער פרי איז אַסיע אַוועק באַגלייטן וויטען צום אויטאָבוס. ס׳איז געווען פראָסטיק און זוניק. צום ערשטן מאָל זינט לאַנגע וואָכן האָבן די מיידלעך געקוקט אויף זייער שטאָט מיט אַנדערע אויגן. זי האָט זיי שוין ניט אויסגעוויזן צו זײַן אַזוי מרה־שחורהדיק און פאַראומערט.

אומקערנדיק זיך אַהיים, האָט אַסיע זיך אַוועקגעזעצט ענטפערן חנהן אויף איר בריוו, וואָס איז אָנגעקומען נאָך יענע וואָך.

״חנהלע, טײַערע מײַנע, צי געדענקסטו דעם פילם ״מענטשן אין נעפל״, וואָס מיר האָבן מיט דיר געזען אָנהייב האַרבסט? דערמאָן זיך — אַן עלנטער הונט אויף אַ וויסטער, אויסגעשטאָרבענער גאַס; עטלעכע אַרבעטסלאָזע אין אַ קרעטשמע. אַלץ אינעם געדיכטן, גראָען נעפל... און יעדערער איז עלנט, יעדער מיט זײַנע צרות... איז אָט, ווען בײַ אונדז אין שטאָט איז אין איין מאָמענט געוואָרן אויס ראַטנמאַכט, האָט זיך פאַר אונדז דאָס לעבן ווי אָפּגעשטעלט, און אַלץ האָט אײַנגעהילט אַזאַ, ווי אין יענעם פילם, גרויער נעפל פון אויסזיכטלאָזיקייט. חנקע, דו וואָלסט ניט דערקענט אונדזער ווילנע. ס׳האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אַלץ, וואָס איז אונדז נאָענט און טײַער, איז אַוועק אויף מיזרח, און אַהער האָבן זיך אַ צי געטאָן אַנדערע, מאַסן פרעמדע מענטשן. פון ליטע איז אַראָפּגעקומען די פּאָליציי, אויסגעפּוצט ווי אויף אַ פּורים־באַל — ״פאַראַאָנען״ רופט מען זיי מיט שפּאָט, אָדער — ״אַ מעטער אַכציק״. אַ פּאָליציאַנט מוז אין ליטע זײַן ניט נידעריקער , ווי אַ מעטער אַכציק, ער טראָגט אַ הויך פאַרביק היטל מיט אַ גילדענעם בעזעמל, ווי אַ פערד אין אַ גויִישן קאַטאַפאַלק. קוקסט אויף דער שטאָט, און זי איז שוין ניט ווילנע, ניט דאָס, וואָס געווען.

די גרעסטע צרה איז אָבער וואָס אונדזערע חברה זײַנען שוין ניטאָ. ניטאָ אונדזער גאַנצע סביבה, ס׳זײַנען געבליבן יחידים, און יעדער פון די געבליבענע איז אויף זײַן שטייגער עלנט. אפילו ווען מע זאַמלט זיך צונויף אין איינעם, איז שווער פּטור צו ווערן פון דעם מאָדנעם, אומהיימלעכן געפיל — ״מענטשן אין נעפל...״ איך האָב זיך באַמיט אָפּצורײַסן דערפון, אָנהויבן שטודירן פּסיכאָלאָגיע, ס׳האָט ניט געהאָלפן. און נאָר איצט...

אַסיע האָט זיך אָפּגעשטעלט, כאַפּנדיק זיך, אַז זי האָט געוואָלט דערציילן דער חברטע אין בריוו דאָס וואָס מען טאָר ניט, פאַרגעסן וועגן דער קאָנספּיראַציע. דאַן האָט זי פאַרענדיקט:

„בלויז איצט האָבן מיר זיך באַקענט מיט חברה פון קאָוונע, וועלכע שטודירן ביי אונדז. זיי זיינען פּשוטע און האַרציקע, און ס'איז מיט זיי געמיטלעך. כמעט ווי אַ מאָל ביי אונדז אין שול. זיי האָבן אונדז שוין, דאַכט זיך, אָנגעשטעקט מיט זייער לעבנסלוסט און ענערגיע. און מיר זיינען אַ ביסל געקומען צו זיך...״

אין איר בריוו, אויף וועלכן אַסיע האָט גראָד איצט געענטפערט, האָט חנה געהאַט געפרעגט: „נו, וואָס הערט זיך ביי דיין זאַוואַדסקין?״ לייענענדיק עס נאָך אַ מאָל, האָט זיך אַסיע דערמאָנט, אַז טאַקע היינט האָט זי באַשלאָסן צו גיין צו אים. „גאָטעניו, ווי שווער דאָס איז״ — האָט זי ווידער אַ קלער געטאָן, אָבער אָפּלייגן האָט זי מער ניט געקענט.

זי האָט זיך אָנגעטאָן, פאַרקלעפּט דעם קאָנווערט, כדי אונטערוועגס אָפּצושיקן דעם בריוו צו חנהן, גענומען די נאָטיצן מיט אירע אָבסערוואַציעס וועגן דער אַנטוויקלונג פון קינד. ס'וועט זיין אַ גוטער תירוץ ניט צו קומען סתם אַזוי צום פּראָפעסאָר.

אָט האָט שוין זאַוואַדסקי דורכגעקוקט אירע נאָטיצן, געמאַכט זיינע באַמערקונגען, דערקלערט, ווי בעסער צו פאָרמולירן די פראַגעס, וועלכע זי וועט, אַרבעטנדיק ווייטער, שטעלן די קינדער. אַסיע שטייט אין פאַרלעגנהייט און ווייסט ניט, פון וואָס ווייטער אָנצוהייבן. זעענדיק, אַז זי קווענקלט זיך, איז איר דער פּראָפעסאָר געקומען צו הילף:

— איר האָט עפּעס אַ ספק, פּאַננאַ אַדעלסקאַ?

אַסיע האָט זיך אָנגעכאַפּט אין זיין פראַגע:

— הער פּראָפעסאָר, די עלטערן פאָדערן, איך זאָל גיין אין אוניווערסיטעט...

— וואָס, איר שטודירט דען איצט ניט?

— ניין, מיר האָבן באַשלאָסן אין ליטווישן אוניווערסיטעט ניט צו גיין.

— גאָט מיינער, וואָס פאַר אַ נאַרישקייט!

אַסיע האָט אַ דערשטוינטע געקוקט אויף אים. וואָס דאַרף עס זיין — פּוילישע העפלעכקייט, אָדער ער מיינט עס ערנסט?

זאַוואַדסקי האָט געלאַכט פון פולן האַרצן און דערנאָך מיט טיפער פאַרשטענדעניש אין בליק געזאָגט:

— דאָס איז געווען פיין פון אייער זייט, אָבער גלויבט מיר, ווען איך

ווייס וועגן דעם, וואָלט איך ניט מסכים געווען אויף אַזאַ קרבן. דאָס איז צוועקלאָז. איר דאַרפט שטודירן, קריגן אַ ספּעציאַליטעט, אַ דיפּלאָם.

...ווי אַלץ איז פּשוט.. און ווי שווער אויפן האַרצן פון זײַן איידלמוט און פונעם שולדגעפיל לגבי אים.

— הער פּראָפעסאָר... און... איך וועל קענען ווײַטער באַזוכן אײַערע לעקציעס?

— וואָס פאַר אַ פראַגע?

געלערנט האָבן זיי אָבער בײַ זאַוואַדסקין שוין ניט לאַנג. דער פּראָפעסאָר האָט זיי אין אַ קורצער צײַט אַרום מיטגעטיילט, אַז ער האָט באַקומען אַ מעגלעכקייט אַוועקצופאָרן קיין אַמעריקע, אַהין, ווו ער האָט שטודירט און ווו מען לייגט אים איצט פאָר אַ קאַטעדרע. אין די נאָענטסטע טעג פליט ער אַהין דורך סקאַנדינאַוויע.

# שלום

אַ געוויסן טאָג איז צו אַסיען אין אוניווערסיטעט צוגעגאַנגען מלכה און שטיל אַ זאָג געטאָן:

— שלום איז געקומען צו פאָרן.

— הייסט עס, ער וועט מסתמא אָנפירן מיט אונדז!

— מיר טרעפן זיך היינט אין אָוונט, אַכט אַ זייגער, אויף טאַטאַרסקע גאַס — זאָגט מלכה — בײַ העניען. ביסט דאָרט שוין איין מאָל געווען: אַזאַ שמוציקער הויף מיט הילצערנע באַלקאָנען לענג־אויס דעם גאַנצן מויער. וועסט זיך אויפהייבן אויף שטײַלע טרעפּ, אַרײַנגיין אין אַ פינצטערן קאָרידאָר אין דער זעקסטער דירה. זאָג אויך אָן וויטקען, יאַנקען, לאהקען.

— און דאַנילינקען.

— דאַנילינקען דערווײַל נאָך ניט.

— און זשאַבינסקין, מירען, מיכקען, סיאָמקען?

— זיי זײַנען דאָך ניט קיין סטודענטן, מיט זיי וועט מען זיך טרעפן באַזונדער.

— ווער? אויך שלום?

— איך ווייס ניט.

זי ווייסט, פאַרשטייט זיך, אָבער אַסיע האָט ווידער אַ מאָל פאַרגעסן, אַז מען דאַרף ניט שטעלן קיין איבעריקע קשיות.

— נעמט עפּעס מיט מיט זיך — לערנט מלכה — נאַשערײַען, פּיראָזשנעס, קליינע מתנות. ס׳דאַרף אויסזען, ווי בײַ העניען וואָלט געווען געבורטסטאָג. און קומען זאָלן ניט אַלע צוזאַמען.

אַסיע האָט געקענט העניען — זי איז געווען אַ סטודענטקע פון אַ הויכשול מיט אַ קאָמישן נאָמען: אינסטיטוט פאַר פילאָסאָפיע און פיזישער קולטור. קאָפּ־גימנאַסטן, הייסט עס? איצט האָט העניע פרײַנדלעך אויפגענומען די געסט. איר רונד פּנים, ווי אַ פולע לבנה, איז געווען, ווי אַלע מאָל, צעשמייכלט. געשמייכלט האָבן אויך אירע גרינלעכע פאַרוווּנדערטע אויגן, די גריבעלעך אין די באַקן. זי האָט, ווי געווײַנטלעך, געקוקט אויף אַלעמען מיט אַזאַ אויסדרוק, ווי אַלץ אין דער וועלט וואָלט געווען פאַר איר אַן אָנגענעמער סורפּריז. ס׳איז שווער זיך פאָרצושטעלן, העניע זאָל זיך בייזערן, אָדער זײַן מיט עפּעס אומצופרידן.

אין גיכן איז געקומען שלום. זײַנע האָר זײַנען אַ ביסל אונטערגעוואַקסן, און דאָס האָט אים ענלעך געמאַכט צו אַ שילער, וואָס פאַרלאָזט נאָך די זומער־פעריען אַ טשופּרינע. אָבער דער דורכדרינגלעכער בליק פון זײַנע ברוינע אויגן, די שטרענג צונויפגעפּרעסטע, כאָטש נאָך יוגנטלעך פולע ליפּן, זײַן פעסטער האַלדז, דער מאַסיווער קאַרק און די ברייטע פּלייצעס האָבן אים צוגעגעבן מענערישקייט און סאָלידקייט.

״ווי אַלט קען ער זײַן? — האָט אַסיע אַ טראַכט געטאָן — אַ יאָר צוואַנציק? ניין, גיכער פינף און צוואַנציק און אפשר אפילו די גאַנצע אַכט און צוואַנציק״.

ער באַגריסט קוים באַמערקבאַר די פאַרזאַמלטע און זעצט זיך ניט געאײַלט צום טיש.

— נו, ווי גייט עס אײַך?

אַלע שווײַגן. די אָנוועזנהייט פון דעם סודותפולן מענטשן, וואָס מען ווייסט ניט ווו ער וווינט, וואָס ער טוט און וויפל ער איז געזעסן אין טורמע,

פענטעט אַלעמען; אויסער די, וואָס קענען אים נעענטער — מלכה און העניע. סוף־כל־סוף אַנטשליסט זיך אַסיע:

— מיר האָבן אָנגעהויבן אַזוי, ווי איר האָט אונדז געזאָגט.

— ניט "איר" — נאָר "דו". אינעם אונטערגרונט דוצט מען איינער דעם אַנדערן, דו ווייסט עס ניט?

— אָבער איר... אָבער דו ביסט עלטער.

— ניט וויכטיק.

— נו, גוט. זײַ באַקאַנט — דאָס זײַנען לאה און יאַנקע, זיכערע מענטשן, וואָס מע קען זיי אָנשליסן צום סטודענטישן קעמערל. ס'זײַנען דאָ נאָך מענטשן, אויף וועלכע מען וועט קענען ווירקן דורך לעגאַלע סטודענטישע מאַסן־אָרגאַניזאַציעס. מיר קוקן זיך צו צו זיי. מיט די גימנאַזיסטן האָבן מיר זיך אויך פאַרבונדן, דורך באַקאַנטע חברה, וועלכע האָבן זיך געלערנט צוזאַמען מיט זיי.

— גוט. און וואָס נאָך?

— דערווײַל מער גאָרניט.

— ס'האַנדלט זיך, ווי איך זע, דורכויס וועגן באַקאַנטע. אָבער אַרײַנציען אין אונדזערע רייען דאַרף מען ניט נאָר חברים פון דער אייגענער סביבה, מען דאַרף זיך דערנענטערן אויך צו מענטשן פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן, און אגב אויך פון אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, ווי השומר הצעיר, בונד, פּ.פּ.ס.

— און די קאָנספּיראַציע? מאַלע אויף וועמען מען קען זיך אָנשטויסן...

— זעסטו, די בורזשואַזע מאַכט — סײַ די פּוילישע, סיי די ליטווישע — פלעגט זיך שטענדיק באַמיִען, און הײַנט אויך, אָפּזונדערן די נאַציאָנאַלע גרופּן, זייען צווישן זיי חלוקי־דעות. דאַרפן מיר, הייסט עס, זיי מיטהעלפן, יאָ? שאַפן אַן אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציע דורכויס פון "אייגענע", פון ייִדן? וואָרעם אַזוי איז לײַכטער, רויִקער, ניט אַזוי ריזיקאַליש? ריכטיק האָב איך דיך פאַרשטאַנען?

אַלע שווייגן, קלערנדיק וועגן דעם, וואָס שלום האָט געזאָגט.

— מענטשן דאַרף מען זוכן און בהדרגהדיק גרייטן. ניט פאַרגעסנדיק, פאַרשטייט זיך, אויף קיין איין מינוט, די כללים פון קאָנספּיראַציע. אַזוי אַרום נעמט זיך צו דער אַרבעט דרײַסטער און ענערגישער! — האָט ער צוגעגעבן, אויפשטייענדיק פון אָרט.

פון יענעם טאָג אָן האָבן זיי געשפּירט שלומס אָנוועזנהייט אין שטאָט.

אַ געוויסן אָוונט האָבן זיך אַסיע און וויטע אויפן אָפּגערעדטן אָרט, אויף שטיל־סאַדאָווע־גאַס, געטראָפן מיט אים. ניט אָפּשטעלנדיק זיך, האָט ער אומבאַמערקט אַרײַנגערוקט וויטען אין האַנט אַ צונויפגעלייגט בלעטל פּאַפּיר און איז אַוועק ווײַטער. אַסיע האָט באַוויזן צו באַמערקן, אַז די אויגן זײַנען בײַ אים רויט און אַ טראַכט געטאָן, אַז ער מוז מסתמא אַרבעטן אין די נעכט, בײַ אַ שוואַכן ליכט.

די מיידלעך האָבן געוווּסט, וואָס ער האָט זיי געגעבן און וואָס זיי דאַרפן דערמיט טאָן. דאָס איז געווען אַ פלוגבלעטל, וועלכן זיי האָבן געדאַרפט איבערזעצן אויף פּויליש און נאָך דעם אָפּדרוקן אויף אַ מאַטריץ. די מאַטריץ וועט וויטע צוגרייטן בײַ זיך אין דער היים. וויטנדיק, אַז דעם טאַטנס שרײַב־מאַשינדל וועט זיי צו ניץ קומען, האָט זי געזאָגט די עלטערן, אַז זי וועט זיך לערנען שרײַבן און האָט זיך יעדן טאָג צו ביסלעך געאיבט. די עלטערן האָבן זי דערפאַר אפילו געלויבט.

אויף אַזאַ אופן וועט זי מאָרגן, ווען דער טאַטע וועט אַוועקגיין צו דער אַרבעט, אומבאַמערקט מאַכן די מאַטריץ.

אַרײַנגיין נאָך דעם צו וויטען וועט שלום. איין מאָל איז ער שוין בײַ איר געווען, זי האָט אים פאַר די עלטערן פאָרגעשטעלט ווי אַ חבר פון אוניווערסיטעט. די מאַמע האָט אים אויפמערקזאַם באַטראַכט. ער איז געווען זאָרגפעליק אָנגעטאָן, אָפּגעגאָלט, די שיך אָפּגעפּוצט — און זי האָט מיט הסכמה אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. פון דאַן אָן איז פאַר אים די טיר געווען אָפן.

צײַטנווײַז פלעגט שלום פאַרשווונדן ווערן אויף לאַנג. חברה האָבן געוווּסט, אַז ער דער ווײַנט ווײַט אויסער שטאָט. זיי האָבן אָבער ניט געוווּסט ווו, און אַז ער האָט זיך דאָרט באַזעצט, ווײַל ער איז אַ פּראָפעסיאָנעלער רעוואָלוציאָנער און טאָר זיך ניט אײַנמעלדן, כדי זיך ניט צו וואַרפן אין די אויגן דער פּאָליציי.

זיי האָבן ניט געוווּסט ווי ער לעבט און וואָס ער טוט; אַז עטלעכע טעג האָט ער ברוקירט גאַסן צוזאַמען מיט סעזאָן־אַרבעטער, כדי צו האָבן אַ געלעגנהייט צו ריידן מיט זיי, איבערצייגן; אַז איין מאָל האָט ער זיך געטראָפן מיט איינעם פון די יוגנט־אָנפירער פון השומר הצעיר, וואָס איז

געקומען מיט נאָך אַ פּאָר יאַטן פון קאָוונע: זיי זײַנען צוזאַמען געפאָרן אין אַ שטעטל נעבן ווילנע, פּאָדבראָדז, און דאָרט, בעתן שפּאַציר, לאַנג גערעדט וועגן אַ געמיינזאַמער קאַמפּס־פּלאַטפאָרעם און וועגן צוזאַמענאַרבעט.

די ווילנער חברה פלעגן שלומען לאַנג ניט זען, אָבער מיט אַ מאָל פלעגט ער אומדערוואַרט פון ערגעץ ווו אַרויסטויכן, טרעפן זיך מיט זיי — עפּטער מיט יעדן באַזונדער; מען פלעגט אים אָפּגעבן אַן אויספירלעכן באַריכט פון דער אַרבעט און ער פלעגט געבן אָנווײַזונגען אויף שפּעטער. יעדערער פון זיי האָט, דערפילנדיק זײַנע פליכטן, געגרייט זיך ווידער אָנגענומען צו ווערן אין דעם אומלעגאַלן קאָמסאָמאָל פון ליטע און מיט הארץ־קלאַפּעניש געוואַרט אויף דעם גליקלעכן מאָמענט.

איין מאָל האָט מלכה, טרעפנדיק אַסיען מיט וויטען, זיי אָנגעזאָגט די בשורה: — די פראַגע וועגן אײַך איז שוין, דוכט זיך, געלייזט. אָבער מאַכט זיך ניט וויסנדיק. דערציילט ניט, אַז איך האָב אײַך עפּעס געזאָגט. מיט יעדן וועט שלום ריידן באַזונדער. אַסיע, דו וועסט זיך מיט אים טרעפן הײַנט נאָך די לעקציעס. וועסט אַרויסגיין דורכן הויפּט־אַריינגאַנג פון אוניווערסיטעט און וועסט שפּאַצירן לענג־אויס דעם קלויסטער.

אַסיע האָט אים דערזען בײַם אַרײַנגאַנג. די סטודענטן־מאַסע איז געפלאָסן דורך דער ברייטער טיר, און שלום איז אויך געווען צווישן זיי, ווי גלײַך ער וואָלט צוזאַמען מיט אַלעמען געגאַנגען פון אַ לעקציע.

זיי זײַנען אַוועק צום "טעליאַטניק", פון דאָרטן אַרײַן אין בערנאַרדינער גאָרטן, געגאַנגען לענג־אויס דעם קליינעם ווילענקע־טייכל, וואָס פליסט צופוסנס פון שלאָסבאַרג, שפּאַצירט איבער די פרײַע אַלעעס פון פּאַרק, אַריבער דאָס בריקל איבערן טײַכל, אומגעקערט זיך אין "טעליאַטניק" און פּאַמעלעך אַרויף אויפן שלאָסבאַרג.

שלום האָט לאַנג וועגן קיין זאַך ניט געפרעגט און איז געגאַנגען פּאַמעלעך, ניט געאײַלט, ווי ער וואָלט קומען אַהער ניט מיט קיין באַשטימטן ציל, נאָר סתם אַזוי, זיך דורכשפּאַצירן און זיך צו קוויקן מיט די שטראַלן פון דער אַפּריל־זון. און בײַ אַסיען האָט דאָס האַרץ פיבערהאַפט געטיאָכקעט — אפשר דערפאַר, וואָס זי האָט מיט אומגעדולד געוואַרט אויף דעם שמועס, אָדער ווײַל זי איז געגאַנגען מיט אַזאַ פּערזאָן — זי האָט דאָך שוין געוווסט, אַז ער איז אַ פּראָפעסיאָנעלער רעוואָלוציאָנער; און

אפשר אויך דערפֿאַר, וואָס זי האָט, קען זײַן, אַ קליין ביסל מורא געהאַט צו גיין אַזוי לאַנג זײַט בײַ זײַט מיט אים. זי האָט זיך געוווּנדערט, וואָס ער אײַלט זיך ניט, ווי מען פּלעגט זיך געוויינטלעך אין דעם אונטערגרונט אײַלן, און טרעט ניט צו גלײַך צו דער זאַך. און אפשר האָט דאָס האַרץ אירס אַזוי שטאַרק און אָפּט געהאַמערט פּשוט דערפֿאַר, וואָס אין דרויסן איז געווען פֿרילינג, און די פֿרילינגלופֿט פּלעגט זי תּמיד פֿאַרשיכורן און אָנפֿילן אַלע גלידער מיט הייסן אומרו.

אַסיע האָט זיך דערמאָנט אירס אַ ליד, וואָס זי האָט אָנגעשריבן מיט עטלעכע יאָר צוריק — אַ פּשוט אָבער פֿריידיק ליד, וואָס האָט זיך גלײַך געלייגט אויפֿן פּאַפּיר, ווי נאָר זי האָט אַרײַנגעאָטעמט די ערשטע ריחות פֿון דער פֿרילינגלופֿט. באָרע האָט דאַן געזאָגט: "ס'האָט זיך גוט באַקומען, דאָ ביסטו אויסן אויג". פֿאַר וואָס האָט זי זיך איצט וועגן דעם דערמאָנט? פֿון דער צײַט, זינט באָרע איז געשטאָרבן, שרײַבט זי דאָך מער ניט קיין לידער. אָבער די לופֿט איז הײַנט פּונקט אַזוי לײַכט, פֿרײַ און פֿאַרשיכורנדיק, ווי יענעם טאָג.

ווען שלום האָט סוף כּל סוף גענומען ריידן, האָט אַסיע זיך פֿאַרווּנדערט. זײַן שטים איז הײַנט געווען ווייכער און וואַרעמער. און ריידן האָט ער אָנגעהויבן ניט וועגן דער אַלגעמיינער אַרבעט, נאָר וועגן פּשוטע טאָגטעגלעכע ענינים: וועגן לעבן, וועגן די חבֿרה, וועגן פּלענער אויף דער צוקונפֿט. אַסיע האָט געהאַט דעם אײַנדרוק, אַז הײַנט וועט ער זיך צו איר נעענטער צוקוקן, מאַכן פֿאַר זיך אַן אויספֿיר, וואָס זי איז פֿאַר אַ מענטש. זי איז געווען צופֿרידן, וואָס מען האָט זיך שוין ענדלעך פֿונאַנדערגערעדט און מען גייט שוין ניט שווײַגעוודיקערהייט. זי האָט ווידער דערציילט וועגן דעם, וועגן וואָס מען האָט גערעדט דאַן, אין קאָוונע. אָבער איצט איז עס געווען אַ פֿרײַער שמועס, און אַסיע האָט זיך באַמיט בולט און אויספֿירלעך צו כאַראַקטעריזירן אַלע חבֿרים. גענויער פֿון אַלעמען האָט זי געשילדערט וויטען, געזאָגט, אַז דאָס איז אַ מיידל מיט אַ שטאַרקן ווילן, אַ מענטש, וועלכן מען קען אַלץ אָנטרויען. אַסיע פּלעגט אויסנוצן יעדע געלעגנהייט צו דערציילן עמעצן עפּעס גוטס וועגן וויטען, און הײַנט איז זי געווען באַזונדערס צופֿרידן, וואָס וועגן איר חבֿרטע, וועגן יענערס מעלות, וועט זיך דערוויסן ניט אַבי ווער, נאָר אַזאַ מענטש ווי שלום.

זיי זײַנען שוין אַוועק ווײַט, שפּאַצירט איצט הינטער דער שטאָט; אַסיע האָט זיך דערמאָנט, אַז זי האָט ניט געזאָגט דער מאַמען, אַז זי וועט הײַנט פֿאַרשפּעטיקן צום מיטיק. דאָס האָט זי באַאומרויִקט. אָבער שלום איז זיך ווײַטער געגאַנגען פּאַוואָליע, ניט געאײַלט. זיי זײַנען שוין אַזאַ לאַנגע צײַט געגאַנגען זײַט בײַ זײַט, אָבער ער האָט זי ניט גענומען אונטערן אָרעם, און דאָס האָט איר געשטערט. גייענדיק מיט עמעצן, איז זי געווינט געווען צו פֿילן אים נעבן זיך.

ווען זיי האָבן זיך צוריקגעקערט אין שטאָט, האָט שלום מיט אַ מאָל, שוין מיט גאָר אַן אַנדער קול, שטרענג, ווי ער פֿלעגט שטענדיק ריידן, אַ פֿרעג געטאָן, צי אַסיע איז גרייט אויף אַלע שוועריקייטן און סכּנות פֿונעם אומלעגאַלן קאַמף און צי זי קען פֿאַראַנטוואָרטלעך זײַן פֿאַר זיך אין יעדער לעבנס־סיטואַציע. ער האָט עס אַ פֿרעג געטאָן אומדערוואַרט. זי איז רויט געוואָרן פֿון אויפֿרעגונג. ס׳איז איר שווער געווען צו ענטפֿערן, הגם זי האָט פֿיל מאָל דאָס זעלבע זיך אַליין געפֿרעגט און געווען זיכער אין זיך. אָבער ריידן וועגן דעם אויף אַ קול, דעקלאַרירן די אייגענע איבערגעגעבנקייט דער זאַך... דאָס האָט איר אויסגעוויזן צו זײַן איבעריק. ווערטער וועלן אַלץ איינס ניט אויסדריקן דאָס, וואָס דער מענטש פֿילט. איז צו וואָס?

שלום האָט אָבער געוואַרט אויף אַן ענטפֿער, און זי האָט שטיל געזאָגט "יאָ". דאַן האָט שלום ערנסט און שטרענג אַ קוק געטאָן איר אין די אויגן, אַ דריק געטאָן איר האַנט און זי באַגריסט מיטן אַרײַנטרעטן אין קאָמוניסטישן יוגנט־פֿאַרבאַנד פֿון ליטע.

דאָס איבעריקע שטיקל וועג האָבן זיי ווידער גערעדט וועגן דאָס און יענץ. אָבער שוין כמעט בײַ אַסיעס שטוב האָט זי מיט אַ מאָל, אומדערוואַרט פֿאַר זיך אַליין, אַ פֿרעג געטאָן, צי מעג אַ קאָמיוגיסטקע אַרומגיין מיט אַ בונדיסט. שלום האָט פֿאַרשעריש אויף איר אַ קוק געטאָן, די פֿראַגע איז אים אויסגעקומען אויסטערליש. ער האָט זיך פֿאַראינטערעסירט, פֿאַר וואָס זי פֿרעגט עס, צי האָט זיך בײַ איר געשאַפֿן אַזאַ לאַגע. "ניין, ניין" — האָט זי געזאָגט צעמישט. "איך פֿרעג בכלל, טאָמער וואָלט זיך געשאַפֿן", אויף וואָס ער האָט געענטפֿערט: "וועלן מיר דאַן ריידן".

אַרויפֿלויפֿנדיק אויף די טרעפּ, האָט אַסיע זיך אַליין אין האַרצן געזידלט — צו וואָס האָט זי טאַקע געשטעלט אַזאַ פֿראַגע. אין דער אמתן האָט איר

ניט לאַנג אָנגעהויבן געפּעלן ווערן איינער אַזאַ בחור, מיט וועלכן זי האָט געאַרבעט אין ייִווֹאָ. אָבער קיין זאַך איז ניט געשען און וועט שוין ניט געשען: זי האָט זיך דערוווּסט, אַז אין וואַרשע, אינעם דײַטשן גהינום, איז בײַ אים געבליבן אַ מיידל...

דער פרילינג איז הײַיאָר געווען אַ וווּנדערבאַרער, דאָס האָט זיך אפשר באַזונדערס געפילט דערפאַר, וואָס ער איז אָנגעקומען נאָך אַ שווערן ווינטער, אָדער צוליב דעם, וואָס די מלחמה, וועלכע האָט געבושעוועט דערנעבן, האָט זיי אויסגעמיטן, און איצט איז שוין דאָס דורכגעלעבטע געבליבן אין דער פאַרגאַנגענהייט. דער אומרו און די וואַקלענישן האָבן זיך אײַנגעשטילט, און איצט האָט מען געהאַט פאַר זיך אַ דײַטלעכן ציל.

ערב דעם ערשטן מײַ האָבן זיך אין שטאָט אָנגעהויבן אַרעסטן; אין טאָג פונעם אַרבעטער־יום־טוב האָט אויף די גאַסן פּאַטרולירט פּאָליציי, און דאָך פלעגן מענטשן איבערגעבן זיך פון האַנט צו האַנט די פלוגבלעטלעך, וואָס האָבן גערופן צום קאַמף קעגן פאַשיזם. אויף די מויערן האָבן זיך באַוויזן אויפשריפטן: "נידער מיט סמעטאָנעס פאַשיסטישער רעגירונג"!



די קליינע ליטע איז טאַקע געשטאַנען פאַר וויכטיקע ענדערונגען. ס'האָט זיך געדאַרפט אַנטשיידן איר גורל.

פון די צײַטונגען האָבן אַרויסגעשריען שוידערלעכע קעפּ: "היטלער האָט אָקופּירט דענעמאַרק", "היטלערס מיליטער־איינהייטן האָבן אַרײַנמאַרשירט אין נאָרוועגיע". דערנאָך האָלאַנד, בעלגיע... "היטלערס מיליטער דערנענטערט זיך צו פּאַריז..."

די וועלט איז זיך צעפאַלן אויף שפּליטערס מיט אַן אומגעזעענער שנעלקייט: ס'איז קלאָר געווען, אַז אַ צוזאַמענשטויס פונעם פאַשיזם מיט דער רויטער אַרמיי איז אומפאַרמײַדלעך. און די קאָמפּאַרטיי האָט דערקלערט, אַז ליטע, וועלכע ליגט אויף דער גרענעץ פון די צוויי וועלטן, מוז זיך אײַנגעפינען אין איינער פון זיי. אַז ס'איז אויסגעשלאָסן, זי זאָל אין די באַדינגונגען קענען בלײַבן נייטראַל און עקסיסטירן אומאָפּהענגיק.

יעדער האָט געפילט, ווי אָנגעגליט ס׳איז דער מאָמענט. מען האָט זיך געמוזט צעזיפּזאַמלען, דורכריידן.

...אויפן טײַך האָבן שוין קורסירט די דאַמפּערס, און די סטודענטישע פאַרזאַמלונג האָט מען באַשלאָסן דורכפירן הינטער דער שטאָט. ס׳זיינען געקומען אַ מאַן דרײַסיק — דער רעזערוו פון קאָמיוג צווישן דער פּראָגרעסיוו־געשטימטער יוגנט. און, פאַרשטייט זיך, אויך אַלע מיטגלידער פון קעמערל. מ׳האָט מיטגענומען צובײַסן אויפן גאַנצן טאָג, און מיטן דאַמפּער דערשווומען ביז ווערעק, און פון דאָרט צו פוס, צו די גרינע אָזערעס.

שלום האָט זיך באַוויזן בײַם דאַמפּער אין דער לעצטער מינוט, אַרויף צוזאַמען מיטן גרויסן מענטשנשטראָם, זיך צונויפגעמישט מיט די סטודענטן.

אויף דער אָזערע האָט מען געדונגען לאָדקעס, אַוועקגעשווומען לענג־אויס די ברעגן. די מיטגלידער פון קעמערל האָבן צוזאַמען מיט שלומען פאַרנומען איין לאָדקע, כדי דאָ, אויף אַן אָרט זיך דורכצוריידן וועגן די וויכטיקסטע טאָג־ענינים, וועגן דער אינטערנאַציאָנאַלער לאַגע און די נאָענטסטע אויפגאַבעס. נאָך דעם האָט מען געפונען אַ פּאָליאַנקע אין וואַלד, אָנגעצונדן אַ שײַטער, צוזאַמען געבאַקן בולבע, געזונגען לידער, גערעדט.

...די זיצונג האָט זיך פאַרענדיקט. מען האָט זיך געלאָזט צוריק אין וועג אַרײַן, צום ברעג טײַך, ווו מען האָט קוים באַוויזן צום לעצטן דאַמפּער. ס׳איז געוואָרן קיל. אַסיע האָט געציטערט פון קעלט. שלום האָט עס באַמערקט, אויסגעטאָן זײַן רעקל, אַרויפגעלייגט עס איר אויף די פּלייצעס.

— צו וואָס, מען דאַרף ניט...

— טראָג, מיר איז ניט קאַלט.

פון האַפן גייען זיי צוזאַמען. אַסיע וויל צוריק אָפּגעבן שלומען דאָס רעקל, ער נעמט אָבער ניט. ער זאָגט: "טראָג נאָך דערווײַלע". אָבער אָט איז שוין איר אויטאָבוס... איבערבלײַבנדיק אַליין, האָט זיך ערשט אַסיע אָפּגעטשוכעט פון דער אויפרעגונג, פונעם מאָדנעם געפיל.

"וואָס טוט זיך מיט מיר?" — האָט זי געטראַכט — "וואָס איז געשען? נו וואָס, אַז ער האָט מיר געגעבן אָנטאָן זײַן רעקל?" אירע פּלייצעס האָבן נאָך געשפּירט די וואַרעמקייט פון זײַן מלבוש, און מיט אַ מאָל האָט זי פאַרשטאַנען, פאַר וואָס זי האָט דאַן, ווען זיי זיינען געגאַנגען זאַלבע צווייט,

געפרעגט שלומען, צי אַ קאָמיוגיסטקע מעג זיך חברן מיט אַ בונדיסט. זי האָט עס געפרעגט, כדי זיך אָפּצוצוימען פון עפּעס, וואָס האָט זיך אין איר אָנגעהויבן וועקן, כאָטש זי האָט זיך נאָך דערפון ניט אָפּגעגעבן קיין חשבון.

יאָ, ס׳איז געווען דאָס זעלבע, וואָס האָט זי באַהערשט מיט פיר יאָר צוריק. איצט האָט זיך אָבער אַלץ אין איר קעגן דעם געפיל געבונטעוועט. צי פאַרראַט זי ניט באָרען, זײַן אָנדענק, די ליבע צו אים? אויסער דעם האָט זי געוווּסט, אַז שלום טרעפט זיך מיט וויטען. אַסיע האָט איצט חושד געווען, אַז וויטע איז ניט גלײַכגילטיק צו זײַערע באַגעגענישן. אַסיע האָט דאָך אָבער אַליין גורם געווען זייער דערנענטערונג. ווײַזט אויס, אַז שוין דאַן האָט זי זיך דערמיט אינסטינקטיוו פאַרטיידיקט פון שלומען; פון אַ געפיל, וואָס האָט זיך אומבאַמערקט אָנגעהויבן וועקן אין איר אונטערבאַוווּסטזײַן. איצט האָט זיך אַסיע דערמאָנט, ווי חנה האָט איר איין מאָל געזאָגט: ״אַנטלויף ניט פון זיך אַליין, אַסיע. ביסט ניט דער מענטש, וואָס קען זיך באַגיין אָן ליבע...״

ווען זי איז אַראָפּ פון אויטאָבוס, האָט זי עמעץ אַ רוף געטאָן:

— אַסיע! — דאָס איז געווען זשאַבינסקי. — האָסט שוין געהערט?

— וואָס?

— אין שטאָט וועלן, ווײַזט אויס, ווידער אַרײַנגיין אײנהײטן פון דער רויטער אַרמיי. די סאָוועטישע רעגירונג האָט געשטעלט ליטע אַן אולטימאַטום.

— וואַרט, וואַרט אַ ווײַלע. איך פאַרשטיי ניט וואָס דו זאָגסט...

— מען רעדט וועגן פּראָוואָקאַציעס פון סמעטאָנעס אַגענטן.

— איך האָב געלייענט אין פלוגבלעטל, אַז מען האָט דערהרגעט אַ רויטאַרמייער.

— איינעם האָט מען דערהרגעט און צוויי זײַנען פאַרפאַלן געוואָרן און ניטאָ וועגן זיי קיין ידיעות.

— און דאָס איז פאָרגעקומען איצט, בעת ס׳איז אַזאַ געשפּאַנטע לאַגע אויף דער וועלט?!

— מסתמא... סוף כל סוף איז ניט וויכטיק, צי ס׳איז פאָרגעקומען, צי ניט... שטעל זיך נאָר פאָר, אַז היטלער גיט זיך אַ קער אויף מיזרח. אונדזער פאַשיסטישע רעגירונג וועט דאָך אים עפענען דעם וועג, און ער וועט אין איין מאָמענט אײַנשלינגען ליטע.

— דאָס איז קלאָר. ווייסט ניט, וועגן וואָס נאָך רעדט זיך אין אולטימאַטום?

דאָרט זאָל זײַן אַ רייד וועגן שאַפן אַזאַ מין רעגירונג, וואָס זאָל שטרענג אָפּהיטן די באַדינגונגען פונעם פרײַנדשאַפט־אָפּמאַך, וואָס דער ראַטן־פאַרבאַנד האָט געשלאָסן מיט ליטע.

עזקע האָט זיך געאײַלט צו די חברה, און אַסיע האָט זיך דערמאָנט, אַז פאַראַיאָרן, אין סעפּטעמבער, איז ער אויך געווען דער ערשטער, וואָס האָט געבראַכט די בשורה וועגן דעם, אַז די רויטע אַרמיי דערנענטערט זיך צו ווילנע.

זי איז אַוועק צו מלכהן. באַלד האָט זיך דאָרט פאַרזאַמלט ס׳גאַנצע קעמערל. בלויז העניע איז ניט געווען. זי איז, ווײַזט אויס, געפאָרן הינטער דער שטאָט צו שלומען זיך באַראַטן וואָס צו טאָן.

העניע האָט זיך באַוויזן אַן אויפגערודערטע און אומגעדולדיק געמאָלדן:

— איך פאָר קיין קאָוונע. מען דאַרף ברענגען אַ ראָטאַטאָר. גרייט דערווײַל צו אַ טעקסט פון אַ פלוגבלעטל.

# שטורמישע טעג

אַ זוניקער יוני־טאָג. פון סאַמע פרימאָרגן זאַמלט מען זיך אויף זאַוואַלנע. נאָר הייסן הייסט די גאַס איצט אַנדערש — פילימאָ. ביי נאַכט האָט דער רעגן ריין אויסגעשייערט דעם ברוק. קוקנדיק אַהין, פון וואַנען ס׳דאַרף אָנקומען דאָס מיליטער, צוימט אַסיע קוים איר אומרו.

צו איר איז צוגעגאַנגען מלכה. זי האָט אויסגעטאָן די ברילן, אָנגעהויבן צו ווישן מיט אַ נאָזטיכל די גלעזער, אָנגעטאָן, ווידער אויסגעטאָן און גענומען ווישן. ״אויך זי דענערווירט זיך״ — האָט אַ קלער געטאָן אַסיע.

ס׳איז געווען שטיל. דער ברוק האָט זיך געטריקנט אויף דער זון. מיט אַ מאָל האָט זיך דערהערט אַ געלאַף. מענטשן האָבן זיך געאײַלט פון אונטער דער אײַזנבאַן־בריק אויף זאַוואַלנע, אין דער ריכטונג ווו אַסיע מיט מלכהן זײַנען געשטאַנען: דאָס זײַנען געווען באַקאַנטע חברה. זיי האָבן געפּאָכט מיט די הענט און עפּעס געשריען, אָבער די שטימעס זייערע האָט פאַרהילכט דער דונערנדיקער רויש פון טאַנקען און מיליטער־אויטאָס, וואָס האָבן זיך שנעל באַוועגט פאָרויס. באַלד נאָך זיי האָט זיך באַוויזן אַ ריזיקער גרויער אויטאָ. אין הימל האָט זיך אַ הייב געטאָן אַ סטײַע טויבן מיט רויטע סטענגעס בײַ די פיסלעך; בוקעטן בלומען זײַנען געפלויגן צו די אויטאָס, טאַנקען, אויפן ברוק. עמעץ האָט אַ שפּרונג געטאָן אויף אַ פּאַנצער־אויטאָ און האָט, שטייענדיק צווישן די רויטאַרמייער, פונאַנדערגעוויקלט אַ רויטן טראַנספּאַראַנט.

״זאָל לעבן די פרײַנדשאַפט מיטן ראַטן־פאַרבאַנד!״

— דאָס איז דאָך מיכקע!

זשאַבינסקי קוקט באַגײַסטערט אויפן רויטלעך־געלן, פעסט געבויטן, כאָטש קליינוווקסיקן יאַט, וואָס איז שטיין געבליבן אויפן פּאַנצער־אויטאָ אין אַ פּײַערלעכער פאַרגליווערטקייט מיטן הויך אויפגעהויבענעם טראַנספּאַראַנט אין די הענט. מיכקעס ווײַס העמדל איז בײַם האַלדז

פונאַנדערגעשפּיליעט. זײַנע האַרטע האָר, ווי אַ גינגאָלדן בערשטל, פּינקלען אויף דער זון, ס'פּינקלען אויך זײַנע ברוינע אויגן און די געדיכטע זומער־שפּרענקעלעך, און דאָס פּנים זײַנס שײַנט אַזוי, ווי ער וואָלט דאָס גאַנצע לעבן געוואַרט, זוכה צו זײַן צו אָט דער רגע.

— מיכקע באַגעגנט די רויטע אַרמיי צום ערשטן מאָל — האָט עזקע דערמאָנט אַסיען. — געדענקסט, דאַן, אין סעפּטעמבער, איז ער דאָך ניט געווען אין שטאָט. ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, איז ער געזעסן אין אַן אויסבעסערונגס־לאַגער פאַר מינדעריעריקע פאַרברעכערס, ערגעץ אין מערב־פּוילן. ער האָט דאָרט צונויפגענומען די אַרעסטירטע, זיי האָבן זיך אַרויסגעריסן פון לאַגער און געלאָפן אַהיים; אונטערוועגס ערגעץ געפונען געווער, פאַראייניקט זיך מיט אַ פּוילישער פּוסגייער־איינהייט, צוזאַמען מיט איר אויסגעהאַלטן אַ קורצן געראַנגל מיטן דײַטש און סוף־כל־סוף, דורך געדיכטע וועלדער, זיך דערקליבן ביז ווילנע.

די מיליטערישע קאָלאָנעס האָבן זיך באַוועגט פּאָרויס. אויף די טראָטואַרן האָבן זיי באַגריסט פיל מענטשן. ס'איז, וואָס אַן אמת, ניט געווען אַזאַ עולם ווי דאַן, אין סעפּטעמבער 1939. אַסיען האָט זיך אָבער אויסגעדאַכט, אַז די גאַנצע גאַס יובלט ווידער. מיט אַ מאָל האָט זי באַמערקט אויף דער אַנדערער זײַט גאַס די "פּאַראַנאָנען", פיר הויכע ליטווישע פּאָליציאַנטן: זיי זיינען געשטאַנען אומבאַוועגלעך, ווי ליימענע גולמס, און געקוקט מיט אויסגעשטאַרטע אויגן אויף אַלץ וואָס דאָ קומט פאָר. איינער האָט, דערזעענדיק מיכקען אויפן פאַנצער־אויטאָ, געוואָלט זיך אַ ריס טאָן פאָרויס, אָבער ער האָט זיך געצוימט און געבליבן שטיין אויפן אָרט.

אַסיע האָט אַ קלער געטאָן וועגן שלומען. מען האָט אים דאָ ניט געזען. געוויס טאָר ער דאָ איצט ניט זײַן. זי האָט זיך דערמאָנט אין אים, און בײַם געדאַנק וועגן דעם, וואָס איז געווען נעכטן, האָט זי דערשפּירט אויף די אָרעמס די וואַרעמקייט פון זײַן רעקל און ס'האָט זי דורכגענומען אַ לײַכטער ציטער.

ס'מאַרשירן קאָלאָנעס פוסגייערס. מענטשן פון די לאַוועס לויפן אַראָפּ אויפן ברוק, וואַרפן בלומען. אַ מיידל האָט דערלאַנגט איר בוקעט אַ הויכן און דאַרן ברונעטן רויטאַרמייער מיט אַ יידיש פּנים. אַסיע האָט דאָס מיידל

געקענט — זי האָט געלעבט בשכנות, געלערנט אין דער העברעיִשער גימנאַזיע "תושיה" אויף זייער גאַס. ווען זי האָט זיך צוריקגעקערט אויפֿן טראָטואַר, האָט נאָך אַסיע באַוויזן מיט פֿרייד אַ קלער צו טאָן, אַז שלום איז געווען גערעכט — אויך פֿיל פֿון זיי סימפּאַטיזירן דעם ראַטן־פֿאַרבאַנד. אין דעם מאָמענט האָט שוין די קאָלאָנע רויטאַרמייערס פֿאַרבײַמאַרשירט, און אַ פּאָליציאַנט האָט, צולויפֿנדיק, אַ כאַפּ געטאָן דאָס מיידל בײַ דער האַנט.

דאָס מיליטער איז אַוועק, דער ברוק איז פּוסט געוואָרן. מענטשן האָבן דערשטוינט געקוקט אויף זיי בײדן.

— אַנו, קום! — האָט דער פּאָליציאַנט געשלעפּט דאָס מיידל.

— אין ערגעץ וועט זי ניט גיין.

דאָס האָט געזאָגט שלום. ער איז אויסגעוואַקסן ווי פֿון אונטער דער ערד. הייסט עס, ער איז דאָ געווען די גאַנצע צײַט, נאָר זיך אויסגעמישט מיטן עולם, ווי ער פֿלעגט עס אַלע מאָל טאָן, כּדי מען זאָל אים ניט באַמערקן. איצט האָט ער אַרויפֿגעלייגט דעם מיידל די האַנט אויפֿן אַקסל און האָט געזאָגט, קוקנדיק רויִק דעם "פֿאַראַאָן" אין די אויגן:

— אין ערגעץ וועט זי ניט גיין.

— דאַן וועסטו גיין!

צוויי פּאָליציאַנטן האָבן אָנגעכאַפּט שלומען בײַ די אָרעמס און אַוועקגעפֿירט. ווי אויף צו להכעיס איז אין דעם מאָמענט דערנעבן ניט געווען קיינער פֿון די ייִנגלעך.

— אין אַזאַ טאָג! אין אַזאַ טאָג אַרעסטירט מען מענטשן אין די גאַסן! — האָט עמעץ פֿונעם עולם אַ זאָג געטאָן.

ס'איז צוגעלאָפֿן אַ קאָמיוגיסטקע פֿון זייער קעמערל:

— צו וואָס האָט זיך שלום אַרײַנגעמישט? ער האָט זיך ניט געטאָרט אַנטפּלעקן.

— פֿאַר וואָס? איצט איז דאָך שוין...

— וואָס איז "שוין"? ס'איז נאָך קיין זאַך ניט... און די פּאָליציי קען נאָך גיין אויף ווער ווייסט וועלכע פּראָוואָקאַציעס.

— שלום איז גערעכט: מען טאָר ניט דערלאָזן, די פּאָליציי זאָל סתם אַזוי כאַפּן מענטשן אין די גאַסן, אַרעסטירן דערפֿאַר, וואָס אַ מענטש האָט באַגריסט די רויטע אַרמיי. דאָס איז ניט קיין קלייניקייט, ס'איז אַ

פרינציפּיעלע פּראַגע. ליטע האָט דאָך געשלאָסן אַ פרײַנדשאַפט־פּאַקט מיטן ראַטן־פאַרבאַנד.

דאָס האָט געזאָגט עזקע, וואָס איז גראָד צוגעקומען.

אַסיע האָט דערזען העניען. העניע האָט זיך פאַררויטלט פון אײַלעניש, און די גרינע אויגן אירע האָבן געקוקט פאַרוווּנדערט.

— נו, וואָס הערט זיך אין קאָוונע? העניע, רייד שוין! — האָט עמעץ געפרעגט.

— סמעטאָנע איז אַנטלאָפן!

— אָט דאָס איז אַ נײַעס!

— ווער זשע וועט איצט זײַן פּרעזידענט?

— מע ווייסט נאָך ניט. מען שאַפט אַ פאָלקס־רעגירונג.

— אַ פאָלקס־רעגירונג?!

— שלומען האָט מען אַרעסטירט! — האָט געזאָגט אַסיע. זי האָט מער וועגן קיין זאַך ניט געקענט קלערן.

— וואָס? אין קאָוונע לאָזט מען אַרויס מענטשן פון די טורמעס, און דאָ אַרעסטירט מען? קומט צו דער תּפֿיסה!

— און אפשר איז ער נאָך אינעם פּאָליציי־צירקל, אין דער "זשוואַלגיבע"? אָדער אין דער פּרעוווענטיווער טורמע?

— קומט, מען דאַרף אים זוכן — האָט צוגעאײַלט העניע.

— יאָ, אָבער ווי אַזוי? ווער ווייסט, ווי איז זײַן פאַמיליען־נאָמען?

מלכה און העניע האָבן געקענט זײַן פאַמיליען־נאָמען, אָבער ס'איז אַ ספק, צי שלום וועט אים אָנרופן אין פּאָליציי־צירקל. ס'אפילו זיכער, אַז ער וועט אים ניט אָנגעבן, ווײַל ער לעבט אומלעגאַל, איז אין ערגעץ ניט פאַרמאָלדן און טראָגט ניט מיט זיך קיין דאָקומענטן.

אין פּאָליציי האָט מען זיי געזאָגט, אַז קיין מענטש מיט אַזעלכע קענצייכנס, ווי זיי האָבן אָנגעגעבן, איז דאָרט ניטאָ. טייל חבֿרה זײַנען אַוועק צו דער פּרעוווענטיווער תּפֿיסה, טייל צו דער לוקישקער. מען האָט גראָד אַרויסגעלאָזן פּאָליט־אַרעסטירטע. אַסיע האָט אָנגעשטרענגט זיך אײַנגעקוקט אין יעדן פּנים, שלום איז צווישן זיי ניט געווען.



..שלום איז געלעגן אויפֿן בויך אויף דער פּאָדלאָגע, צוגעדריקט די באַק צום קאַלטן צעמענט. ווען ער האָט געפּרוּווט זיך עטוואָס אַ הייב טאָן, אָנשפּאַרנדיק זיך אין דער רעכטער האַנט, האָט אַ שאַרפֿער ווייטיק דורכגעדרונגען זײַן פּלייצע און אים ווידער צוגעדריקט צו דער ערד.

בעתן פֿאַרהער האָט מען אים לאַנג געשלאָגן, אָפּגעגאָסן מיט קאַלט וואַסער און ווידער געשלאָגן. זיי האָבן געוואָלט, שלום זאָל אונטערשרײַבן אַ פּראָטאָקאָל, ווו ס׳איז געזאָגט געוואָרן: "אויף די גאַסן האָט זיך צונויפֿגעזאַמלט אַ המון מענטשן, וואָס האָט געשטערט דעם אַרײַנמאַרש פֿון דער רויטער אַרמיי". "אָט, וואָס ס׳האָט זיך זיי פֿאַרוואָלט — איך זאָל זיי אונטערשרײַבן, אַז מענטשן זײַנען קעגן" — דאָס איז געווען דער איינציקער קלאָרער געדאַנק אין שלומס צעהיצטן מוח.

— שרײַב אונטער, און דו ביסט פֿרײַ!

— ניין.

— שרײַב אונטער, זאָג איך דיר!

דער פּאָליציאַנט האָט געכאַפּט אַ רעוואָלווער, אַרײַנגעשטעקט די רער שלומען אין מויל, אַרויפֿגעלייגט דעם פֿינגער אויפֿן צינגל.

— שרײַבסט אונטער, צי ניט? איך צייל ביז דרײַ. איינס... צוויי...

דער פּאָליציאַנט האָט אַראָפּגעלאָזן דאָס געווער. זײַן שטערן האָט זיך באַדעקט מיט טראָפּנס שווייס. שלום האָט זיך אַ וואַקל געטאָן, האָט זיך אָבער אײַנגעהאַלטן אויף די פֿיס. "גוט וואָס כ׳האָב כאָטש ווידער ניט פֿאַרלאָרן דעם באַוווסטזײַן — האָט ער געטראַכט און מיט אַ מאָל געזאָגט:

— ווײַזט, איך וועל אונטערשרײַבן.

דער "פֿאַראַאָן" איז דערשטוינט געוועזן, אַ קוק געטאָן מיט אומצוטרוי אויף שלומען:

— אָט אַזוי, סוף־כּל־סוף באַקומען שׂכל.

אויבן, אויפֿן ראַנד פֿונעם בלעטל, אויפֿן סאַמע טעקסט האָט שלום אָנגעשריבן: "דאָס איז אַ ליגן און אַ מיאוסע פּראָוואָקאַציע, וואָס איך באַשטעטיק מיט מײַן אונטערשריפֿט".

דעם אַרעסטירטן האָט מען אַוועקגעפֿירט.

...איצט איז שטיל. שלום לעקט אַרום די אויסגעטריקנטע ליפּן. אַ

טרונק, קיין זאַך ווילט זיך אים איצט ניט אַזוי, ווי אַ טרונק וואַסער — ער פילט נאָך אַלץ אין מויל דעם עקלדיקן טעם פון מעטאַל...



ביי טאָג איז צו אַסיען אַריינגעלאָפן מיכקע:

— ס׳איז שוין אויפגעשטעלט געוואָרן אַ נייע רעגירונג, קלייבן מיר זיך צונויף ביי דיר. צו די, וועלכע האָבן אַ טעלעפאָן, קלינג תיכף אָן, און איך לויף אָנזאָגן די איבעריקע.

אַרויסשיסנדיק דאָס אַלץ, האָט ער זיך שוין געלאָזט לויפן.

— און שלום? וואָס וועט זיין מיט שלומען?! — האָט אים אַסיע דעריאָגט.

מיכל האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף די טרעפּ און זי אָנגעקוקט, ווי ער וואָלט זיך געכאַפּט ערשט איצט וועגן וואָס זי רעדט.

— וואַרט, לאָז מיר אַ טראַכט טאָן. בראש פון דער נייער רעגירונג שטייט דאָך פּאַלעצקיס.

וועגן פּאַלעצקיסן האָבן זיי שוין לאַנג געהערט: אַ שרייבער און זשורנאַליסט, אַ פּראָגרעסיווער טוער, אַן אַנטיפאַשיסט. ווען ווילנע איז פּאַראייניקט געוואָרן מיט ליטע, איז טאַקע ער עפנטלעך אַרויסגעטראָטן און געמאָלדן, אַז דאָס איז דערגרייכט געוואָרן אַ דאַנק דעם ראַטן־פאַרבאַנד. די סמעטאָנישע מאַכט האָט אים צוליב דעם אַרעסטירט און פאַרשיקט אין קאָנצלאַגער דימיטראַווע.

— הער זיך איין, מיר דאַכט זיך, אַז פּאַלעצקיס איז געזעסן אין דימיטראַווע צוזאַמען מיט שלומען.

— מסתמא יאָ. ס׳קומט אויס, אַז זיי זיינען געזעסן אין דער זעלבער צייט...

— איך גיי באַלד צו עלטערע חברים. מיר וועלן קלינגען צום פּרעזידענט פּאַלעצקיס, און אויב ס׳וועט זיך ניט איינגעבן צו דערוויסן וועגן שלומס גורל, פאָר איך נאָך היינט קיין קאָוונע.



אויף דער פֿאַרזאַמלונג איז געקומען אַ קאָוונער קאָמוניסט, אַ ליטווינער מאַריאָנאַס. גערעדט האָט ער געלאַסן און ניט געאײַלט, מיט עפּעס אַ מין זינגעוודיקן אַקצענט, קוים צוקלײַבנדיק די נייטיקע רוסישע ווערטער:

— מיר זײַנען אַרויס פֿון אונטערגרונט און טרעטן צו צו דער אַרבעט אין לעגאַלע באַדינגונגען. אַלץ דאַרף געטאָן ווערן באַטראַכט און אָרגאַניזירט.

אין צימער איז געווען שטיל. אַלע האָבן זיך צוגעהערט און אויפמערקזאַם באַטראַכט דעם נײַעם חבר, זײַן בלאַס פּנים און זײַן געדיכטע שעוועליורע. ער איז געווען הויך און ברייטבייניק, און די באַוועגונגען זײַנע זײַנען געווען, פּונקט ווי זײַן אַרט ריידן, ניט געאײַלט און געלאַסן.

— מיר וועלן בהדרגהדיק בײַטן דעם מלוכה־אַפּאַראַט, שאַפֿן אַ פֿאָלקסמיליץ. דערצו דאַרף מען האָבן זיכערע מענטשן, אויף וועלכע מען קען זיך פֿאַרלאָזן.

— אָבער צי דען קענען מיר טויגן...— האָט עמעץ געצווייפֿלט.

— אוודאי, ווער דען? זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, ניט נאָר איר וועט זיי זוכן, אַזעלכע מענטשן. מיר דאַרפֿן אײַנשטעלן אַ פֿאָלקס־קאָנטראָל אינעם האַנדל און אין דער אינדוסטריע, כּדי די געשעפֿטס־אייגנטימער זאָלן ניט אויסבאַהאַלטן די סחורה. מ׳וועט דאַרפֿן באַזאָרגן מיט אַרבעט די אַרבעטסלאָזע און צוטרעטן צו דער ליקווידאַציע פֿון אַנאַלפֿאַבעטיזם. מען וועט זיך אפֿילו דאַרפֿן באַמיִען, אַז אין שטאָט זאָל זײַן פֿריילעך: עפֿענען קלובן, שאַפֿן זעלבסטטעטיקייט־קרײַזן, כאָרן. דאָס פֿאָלק דאַרף דערשפּירן, אַז די מאַכט געהערט אים.

דער קאָפּ האָט געשווינדלט פֿון דער וויכטיקייט און פֿאַרשיידנאַרטיקייט פֿון די אויפֿגאַבעס, וואָס קומען אויף פֿאַר זיי. דאָ, אין טאַטנס מעדיצינישן קאַבינעט, ווו חברה האָבן מיט אַ האַלבער שעה צוריק, וואַרטנדיק אויפֿן אָנהייב פֿון דער פֿאַרזאַמלונג, זיך געוויגן אויף דער וואָג און געמאָסטן דעם וווקס, ווי קליינע קינדער — דאָ שטעלט מען פֿאַר זיי ממשותדיקע מלוכה־אויפֿגאַבן, צו וועלכע מע וועט דאַרפֿן זיך תּיכף נעמען.

— ווער ווייסט, צי מיר וועלן זיך אַן עצה געבן — האָט עמעץ שטיל געזאָגט.

מאַריאָנאַס האָט זיך צעלאַכט:

— איר זײַט ניט די איינציקע. אַזעלכע זיצונגען, ווי דאָ בײַ אונדז, קומען

איצט פאָר אין פאַרטיי־קעמערל פון שטאָט, אין די פּראָפּאַראַיינען, ביי דער אַנטיפאַשיסטישער גרופּע פון דער אינטעליגענץ, נאָך אין אַנדערע קרײַזן. אומעטום באַשטימט מען מער ווייניקער, וועלכע פליכטן מען קען יעדערן אָנטרויען און פון וואָס מען דאַרף אָנהייבן.

אַסיע האָט שטענדיק געטרוימט צו זײַן אַ פּעדאַגאָג. איצט האָט זי אויך געטראַכט וועגן קינדער, וועגן ליכטיקע פּאַלאַצן, וועלכע מע דאַרף פאַר זיי בויען — אַזעלכע, ווי מען זאָגט, האָט דאָס קליינוואַרג אין ראַטן־פאַרבאַנד. די געדאַנקען האָבן זי שוין אַוועקגעטראָגן ווײַט פּאָרויס, ווען זי האָט אינעם טומל דערהערט איר נאָמען:

— אַסיע קען אַרבעטן צווישן דער שוליוגנט.

— און מיטן באַזאָרגן מיט אַרבעט קען זיך, למשל, פאַרנעמען מיכקע.

און כאָטש וועגן איר האָט מען געזאָגט טאַקע דאָס, וואָס זי האָט אַליין געהאַט אין זינען, האָט זי אָבער אַ קלער געטאָן: אַרבעט צווישן שולקינדער... צי איז עס אַזוי וויכטיק, ווי, לאָמיר זאָגן, באַזאָרגן מענטשן מיט אַרבעט אָדער קאָנטראָלירן דעם האַנדל... דאָס זײַנען מלוכה־ענינים. אָבער צוריקגערעדט, צי איז דערציִונג פון קינדער ניט קיין מלוכה־ענין?

אַלע האָבן מער גערעדט וועגן יענעם, ווי וועגן זיך, פאָרגעלייגט קאַנדידאַטורן פון חברים און אפשר טאַקע געוואַרט, וואָס אַנדערע וועלן זאָגן וועגן זיי. מאַריאָנאַס האָט שווײַגנדיק געשמייכלט.

— נו גוט, אײַלט זיך ניט, טוט בעסער אַ קלער. מאָרגן וועלן מיר זיך ווידער טרעפן. און לאַדט אײַן די סימפּאַטיקער, וועלכע מען קען אויך תיכף אַרײַנציען אין דער אַרבעט.

"מאָרגן וועלן מיר זיך ווידער טרעפן..." אַסיען האָט ווייטיקדיק אַ שטאָך געטאָן דער געדאַנק, פון וועלכן זי האָט זיך אַ וויילע, בעת דער באַראַטונג, אָפּגעריסן. מיר וועלן זיך טרעפן מיט מאַריאָנאַסן. און ווו איז שלום? וואָס איז מיט שלומען?

זי האָט ניט באַוויזן וועגן אים אַ טראַכט צו טאָן, ווי ער איז אַרײַנגעקומען. אַלע האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן צו אים, גענומען אויספרעגן: וואָס איז געשען, ווו האָט מען אים געהאַלטן, וואָס האָט מען אים אָפּגעטאָן?

— איך האָב אָקאָרשט געטראָפן מאַריאָנאַסן — האָט ער געזאָגט, ניט

ענטפערנדיק אויף די פראַגעס. — מיר טרעטן צו צו דער אַרבעט, לאָמיר זיך וויַיטער מיישב זיַין וועגן דער זעלבער פראַגע, וואָס איר האָט מיט אים אָנגעהויבן אַרומרייִדן.

שלום איז געווען בלאַס, די אויגן — איַינגעפאַלן.

אין צימער איז געווען הייס, און שלום האָט געהאַט אויסגעטאָן דאָס רעקל און איז געבליבן אַ וויַילע אין זיַין העמדל מיט די קורצע אַרבל. ער האָט אָבער גליַיך צוריק אָנגעטאָן דאָס רעקל. אַסיע האָט באַוויזן צו באַמערקן אויף זיַין רעכטער האַנט, ביז איבערן עלנבויגן, אַ רויט־בלויען שטריַיף, ווי פון אַ נאַגיַיקע. זי איז פאַרגליווערט געוואָרן פון שוידער. אַ הייסע כוואַליע פון מיטגעפיל איז איר צוגעפלאָסן צום האַלדז.

— מען האָט דיך געשלאָגן? — האָט זי שטיל געפרעגט.

ער האָט ניט געענטפערט.

— ווילסט מסתמא דערכאַפּן די נשמה, כ׳וועל גיין ברענגען אַ בוטערבראָד — האָט פאָרגעלייגט וויטע.

— ברענג!

אויף צו מאָרגנס האָט מען זיך שוין געטראָפן ביַי זשאַבינסקין. די עלטערן זיַינען, וויַיזט אויס, אַוועקגעפאָרן, אפשר אויף דאַטשע, גענוג אַז די שטוב איז געווען לײדיק, און מען האָט באַשלאָסן דערוויַיל דאָ איַינצוּאָרדענען דעם ״קאָמיוגישן שטאַב״. אַ גאַנצן טאָג פלעגט זיך דאָ ניט פאַרמאַכן די טיר. אַהער פלעגט קומען יוגנט, מען האָט פאַרנומען אַלע שטולן און טישן, דאָ פלעגט מען שריַיבן לאָזונגען און טראַנספּאַראַנטן; דערביַי איז אין אַלטן דעמבענעם בופעט געווען כלערליי עסנוואַרג, דערינען אויך אַ ים איַינגעמאַכטס נאָך פון פאַראַיאָרן. עזקע האָט געזאָגט: ״עסט, וואָס איַיך גלוסט נאָר. די מאַמע האָט עס אונדז איבערגעלאָזן״. און מען פלעגט טאַקע אומבאַמערקט, דאָ ביַי דער אַרבעט, אַלץ צו רעכט מאַכן.

איצט האָט שוין יעדערער געהאַט זיַינע פליכטן, די אַרבעט האָט זיך אויסגעברייטערט, ביַי עזקען האָט שוין אויסגעפעלט אָרט, און חברה זיַינען אַוועק מיט שלומען זוכן אַ בנין פאַרן קאָמיטעט פון קאָמיוג, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין אָרגאַניזירן.

...יענעם טאָג האָט די שטאָט, אַן אויסגעצוואָגענע פונעם ביַינאַכטיקן זומערדיקן גאָסרעגן, געשיַינט אין רעגן־בויגן פון פאַרבן: גרינס, בלומען,

רויטע פּאָנען. די זון האָט אויסגעשפּרייט אויף די גאַסן אירע גאָלדענע טעפּעכער און באַמאָלט די ווענט מיט זונשײַן.

שלום מיט עטלעכע חברה זײַנען אַוועק אין צענטער שטאָט און צוגעקוקט זיך צו יעטוועדן מויער, ווי אָפּשאַצנדיק, צי וואָלט ער טויגן פֿאַר אַ לאָקאַל. אַסיע, כאָטש זי האָט דאָ, אין שטאָט, דורכגעלעבט אירע אַכצן יאָר, האָט ערשט איצט, ווי צום ערשטן מאָל, דערזען די מויערן: פֿריִער, פֿאַרבײַגייענדיק, פֿלעגט זי זיך קיין מאָל ניט אַרומקוקן, און טאָמער פֿלעגט זי יאָ אויף עפּעס קוקן, פֿלעגט זי עס אַלץ איינס ניט באַמערקן. זי פֿלעגט שוועבן אין די הימלען, פֿאַרטיפֿט אין די אייגענע געדאַנקען. וויטע האָט גוט געקענט די שטאָט און איצט, לויפֿנדיק פֿאָרויס, האָט זי כּסדר פֿאָרגעלייגט: אפֿשר דער אָדער יענער בנין?

ענדלעך האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט נעבן אַ מויער, ראָג ווילנער גאַס און געדימינאָ, וווּ פֿריִער האָט זיך געפֿונען אַ באַנק. דער בנין איז געשטאַנען פֿאַרשלאָסן. זיי זײַנען אַוועק נאָכן וועכטער, באַקומען אַ בונט שליסלען און האָבן מיטן גרעסטן פֿון זיי אויפֿגעעפֿנט אַ שווערע, מאַסיווע אַרײַנגאַנגס־טיר. ווען זיי זײַנען אַזוי אַלע צוזאַמען מיטן וועכטער געשטאַנען בײַ דער טיר און זי געהאַלטן אין עפֿענען, האָט עס אַסיען אויסגעוויזן, ווי זיי וואָלטן עפֿענען די טויערן פֿון דער שטאָט.

זיי זײַנען אַרײַן, דורכגעלאָפֿן אַלע צימערן פֿון די פֿיר גאָרנס, אַרײַנגעקוקט אין זאַל מיט באַלקאָנען און מיט אַ געמעל אויפֿן באַלקן.

— דאָ בלײַבן מיר — האָט געזאָגט שלום. — אָרדנט זיך אײַן אין די קאַבינעטן און טרעט צו צו דער אַרבעט. איך מוז צופֿאָרן קיין קאָוונע, איך קער זיך גלײַך אום צוריק.

אויף צו מאָרגנס האָט זיך שוין אין וועסטיבול צונויפֿגעזאַמלט אַ מענגע יוגנט. אַלע האָבן באַטראַכט דעם בנין, די ווענט, דעם באַלקן, די ברייטע אינעווייניקסטע טרעפּ, אויסגעבעט מיט אַ טעפּעך. עפּעס אַ יונג מיט פֿאַרבלאָטיקטע שיך האָט געגעבן אַ שפּאַן איבערן טעפּעך. וויטע האָט געוואָרפֿן אויף אים אַ בייזן בליק און אַ געשריי געטאָן: "וווּהין גייסטו? וויש אויס די פֿיס!" און יאַנקע, די קליינוווּקסיקע, פּוכיקע ווי אַ בולקעלע יאַנקע, האָט געקוקט מיט גליקלעכע אויגן אויף די מאַרמאָרנע טרעפּ, אויפֿן טעפּעך, אויפֿן יאַט מיט די שמוציקע שיך און אויף אַלעמען אַרום.

אַסיע האָט פון לאַנג געקענט יאַנקען. באָרע האָט זי מיט איר באַקענט. זי איז געווען אינעם קאָמיוגראַט פון אַ פוילישער שול, און איצט, אַ קוק טוענדיק אויף איר, האָט זיך אַסיע ווידער דערמאָנט אין אים און ס׳האָט איר פאַרדריקט דאָס האַרץ, וואָס אין אַזאַ טאָג איז ער צווישן זיי ניטאָ.

לעצטנס פלעגט אַסיע זעלטענער קלערן וועגן באָרען און האָט שוין לאַנג ניט באַזוכט זײַן מאַמען, וואָס פלעגט ליב האָבן שעהען־לאַנג צו ריידן מיט איר וועגן פאַרשטאָרבענעם זון, צוזאַמען דורכקוקן זײַנע פאָטאָגראַפיעס, זײַנע אַלטע העפטן מיט שריפטלעכע אַרבעטן, וועלכע זי האָט אָפּגעהיט ווי עפּעס הייליקס. אַסיע פלעגט זיך איצט פאַרענטפערן פאַר זיך מיטן מאַנגל פון צײַט, אָבער פלעגט תיכף מיט פאַראיבל אויף זיך אַליין מודה זײַן, אַז דאָס איז אַ תירוץ. כמעט מיט פאַרצווייפלונג האָט זי געקלערט, אַז מער וועט זי מסתמא ניט קענען זיך אַנטשליסן אַהין צו גיין. זי האָט געקעמפט מיט דער אייגענער קליינמוטיקייט, אָבער זינט זי האָט דערשפּירט דאָס אומגעריכטע, נײַע געפיל, וואָס האָט זיך אין איר דערוועקט, האָט זי זיך ניט געקענט צווינגען צו גיין אויף יענער גאַס, עפענען די פאַרגלאָזטע טיר מיטן ווײַסן פאָרהענגל, אַרײַנקומען אין באָרעס אָרעמער, געמיטלעכער היים, וואָס איז איר געווען אַזוי טײַער. ווי וועט זי איצט קוקן זײַן מאַמען אין די אויגן?

...אינעם לאָקאַל, בײַ די ברײַטע טרעפּ, איז געשטאַנען וויטאַוטאַס, אַ שלאַנקער, העל בלאָנדער יונגער־מאַן מיט פאַמעלעכע באַוועגונגען און מיט אַזאַ טיפן ערנסט אויפן פנים, ווי ער וואָלט קיין מאָל אין לעבן ניט געשמייכלט. וויטאַוטאַס איז געווען איינער פון די סימפּאַטיקער. אים האָט אַרײַנגעצויגן אין דער אַרבעט יאַנקע, און איצט האָט שלום זיי ביידן אָנגעטרויט דעם אַרויסלאָז פון אַ שטאָטישער יוגנט־צײַטונג. ס׳קען זײַן, אַז וויטאַוטאַס איז איצט געווען אין אַזאַ פאַרלעגנהייט דערפון, וואָס ער האָט ניט געוווּסט, מיט וואָס מען עסט עס און פון וואָס מען הייבט אָן.

אַסיע האָט זיך נאָך אויך ניט געקענט אַנטשיידן פון וואָס אָנצוהייבן, צו וואָס זיך פריער נעמען. מען האָט געדאַרפט רויִק באַטראַכטן, ווי און וואָס צו טאָן. זי וואָלט זיך גערן אַן עצה געהאַלטן מיט שלומען, אָבער ער איז אַוועקגעפאָרן. וויטע? זי האָט געהאַט פיל אַרבעט: שלום, וועלכן מע האָט שוין אַוועקגעשטעלט בראש פונעם קרייז־קאָמיטעט פון קאָמיוג, האָט

וויטען גענומען צו זיך אַלס געהילף. אַסיע האָט געקלערט וועגן דעם מיט אַ קליין ביסל ערגערניש. פאַרשטייט זיך, איז זי מודה געווען, העלפן שלומען אין דער אַרבעט דאַרף טאַקע וויטע. ווער נאָך קען עס טאָן אַזוי גוט, ווי זי? זי איז פּינקטלעך, זאַכלעך, קלוג... אַסיע אַליין האָט דאָך זי שלומען אויסגעמאָלט אַזאַ...

אַסיע האָט אויך באַדאַרפט עמעצן צו הילף. ביזן אָנהייב שוליאָר איז נאָך געווען ווײַט. און מיט די אָרעמע קינדער, וואָס פאָרן ניט אויף קיין דאַטשעס און בלאָנקען זיך אַרום פּוסט און פּאַס איבער די גאַסן, האָט מען געדאַרפט אָנהייבן אַרבעטן תיכף. אַסיע האָט שוין געהאַט אַ פּאַרטיקן פּלאַן: עפענען אַ קינדערקלוב, צונויפנעמען דאָס קליינוואַרג, שפּילן מיט זיי, אָרגאַניזירן כלערליי אינטערעסאַנטע זאַכן און גלײַכצײַטיק בילדן זיי, דערציילן — לכל־הפחות וועגן ראַטן־פאַרבאַנד, וועגן לעבן פון קינדער אין דעם לאַנד.

ווען וויטאַוטאַס האָט געגרייט צום אַרויסלאָז דעם ערשטן נומער פון דער יוגנט־צײַטונג, איז אַסיע אַרײַן צו אים:

— הער זיך אײַן, אויב מען קען, וועל איך אָנשרײַבן אַן אַרטיקל וועגן קינדער, וועגן דעם, וואָס מען דאַרף פאַר זיי טאָן. איך וואָלט זיך דאָרט געווענדט צו יוגנטלעכע, וועלכע ווילן געזעלשאַפטלעך אַרבעטן צווישן קליינוואַרג, זיי זאָלן קומען צו אונדז אין קינדער־סעקטאָר. ווי מיינסטו?

— ס'איז וווּנדערבאַר — האָט וויטאַוטאַס באַגײַסטערט געענטפערט — און ווען וועט איר עס, אַסיע, מאַכן?

"איר" — האָט אַסיע אַ שמייכל געטאָן צו זיך אַליין.

— הײַנט. ס'זאָל אַרײַנגיין אין ערשטן נומער פון דער צײַטונג. און כ'וועל עס אָנרופן "פאַר קינדער — אַ גליקלעכע קינדהייט".

— אוי, דאָס איז דאָך וווּנדערבאַר! — האָט ער איבערגעחזרט, ווי זי וואָלט אים פאָרגעשטעלט אַ זעלטענעם אײַנפאַל.

אין וועסטיבול פון קרייז־קאָמיטעט האָט אַסיע אויפגעהאַנגען אַ מעלדונג:

"חברים!

יעדער, ווער ס'האָט ליב קינדער און קען זייווידמען עטלעכע שעה אין טאָג, ווערט געבעטן אַרײַנצוגיין אין צימער נומער 4".

זי האָט אומישנע פֿאַרנומען דעם גרעסטן צימער, ס'זאָל זײַן אָרט אויף ביכער, העפֿטן, שפּילצײַג, פּילקעס; אויף אַלץ, וואָס קען זײַן נייטיק פֿאַרן קומענדיקן קינדערקלוב.

יענעם טאָג האָט זי אומגעריכט, אַרויסגייענדיק פֿון קרײַז־קאָמיטעט, באַגעגנט דאַניען. ער האָט געגראָבן די ערד אויפֿן קליינעם פּלעצל בײַם בנין.

— ווּ ביסטו פֿאַרפֿאַלן געוואָרן? — האָט אַסיע אויסגערופֿן.

דאַניע האָט אויסגעווישט די הענט אין זײַנע גאַליפֿע־הויזן, איז צוגעגאַנגען צו אַסיען, פֿאָרזיכטיק אַ דריק געטאָן אירע פֿינגער מיט זײַן גרויסער, אָפּגעברענטער דלאָניע, אַ קוק געטאָן אויף איר מילד און פֿאַרשעמט, קוים צוימענדיק די פֿרייד אין די שמאָלע שפּעלטעלעך פֿון זײַנע צעשמייכלטע אויגן.

— איך האָב דיך ניט געזען, זינט די רויטע אַרמיי איז פֿאַראַיאָרן אַוועק פֿון שטאָט. איך האָב געמיינט, אַז דו ביסט אין מערבֿ־ווײַסרוסלאַנד.

— דו האָסט כמעט געטראָפֿן. דער פֿאָטער איז מסכּים געווען מיט מיר, אַז מען דאַרף פֿאָרן. מיר האָבן אָבער פֿאַרשפּעטיקט צום לעצטן צוג, געבליבן שטעקן. אײַנאָרדענען זיך אויף אַרבעט האָט זיך מיר אויך ניט אײַנגעגעבן, מען האָט מיך ניט גענומען.

— וואָס זשע ביסטו ניט אַרײַן צו מיר, צו די חבֿרה?

— ס'איז מיר געווען קאַלעמוטנע אויפֿן האַרצן. דערנאָך בין איך אַוועקגעפֿאָרן צו אַ מומע אין דאָרף.

— און איצט? וואָס גראָבסטו דאָ?

איך בין געווען אויף דער ערשטער פֿאַרזאַמלונג אין פּראָפֿפֿאַראיין, באַקומען אַן אויפֿגאַבע — מאַכן דאָ אַ גרויסע בייט. זי וועט זײַן אין דער פֿאָרעם פֿון אַ רויטן פֿינפֿעקיקן שטערן מיט אַ האַמער און סערפּ אין מיטן. איך בין דאָך אַ שטיקל ערד־אַרבעטער.

— אַן ערד־אַרבעטער און אַ קינסטלער אויך! — האָט אַסיע צוגעגעבן, און ער האָט זיך פֿאַררויטלט.

אַסיע האָט זיך דערמאָנט די ביטערע אַנטוישונג, וואָס דאַניע און זיי אַלע האָבן געהאַט מיט דער אויסשטעלונג "ייִדן אין פּוילן", וועלכע ס'האָבן געגרייט די שולן פֿון ציש"אָ, וועלכע האָט געזאָלט דערעפֿנט ווערן אין וואַרשע דעם צווייטן אַפּריל 1939, און וועלכע די פּוילישע מאַכט האָט מיט

צוויי טעג פריער פֿאַרבאָטן... דאָס איז געווען אַ גראַנדיעזע אויסשטעלונג — אַכט הונדערט יאָר געשיכטע און לעבנס־שטייגער פֿון די ייִדן אין פּוילן. 6 גרויסע זאַלן מיט טויזנטער עקספּאָנאַטן... דאָס האָט איבערגעשטיגן אַלץ, וואָס פּוילן האָט געזען אויף דעם געביט... און מיט אַ מאָל, דעם 31טן מערץ, איז אויף די טירן פֿון דער אויסשטעלונג אַרויפֿגעלייגט געוואָרן אַ שטעמפּל!

טאָמער איז ווייניק, האָבן נאָך אָפּיציעלע פּוילישע צײַטונגען אויפֿגעהויבן אַ העצע, אַז "דאָס איז פּשוט די לעבעדיקע ייִדישע סאָציאַל־קאָמונע, אַדורכגעשמוגלט אונטערן מאַנטל פֿון נעמען און אויטאָריטעטן".

אַסיע האָט, באַגעגענענדיק איצט דאַניען, זיך דערמאָנט וועגן דער סקאַנדאַליעזער געשיכטע, ווײַל זייער שול, די ווילנער רעאַל־גימנאַזיע, האָט דאַן געגרייט צו דער אויסשטעלונג אירע וויכטיקע עקספּאָנאַטן. און טאַקע ער, דאַניע, מיט נאָך אַ ייִנגל פֿון אַ ייִנגערן קלאַס האָבן גאַנצע חדשים געאַרבעט איבער אַ ריזיקער היסטאָרישער וואַנטמאַפּע, וואָס האָט געשילדערט די אײַנוואַנדערונג פֿון ייִדן אין פּוילן און די אַנטוויקלונג פֿון ייִדישער מלאכה און מסחר. דאָס אַלץ איז באַוויזן געוואָרן אין בילדער, וועלכע די צוויי ייִנגלעך האָבן אויף דער מאַפּע געמאָלט. דאַניע האָט לאַנגע וואָכן זיך געגריבלט אין ביכער אין דער סטראַשון־ביבליאָטעק, זוכנדיק מאַטעריאַל. אָנגעפֿירט מיט דער גאַנצער אַרבעט האָט דער לערער פֿון צייכענען יעקב שער און די לערערין פֿון ייִדישער געשיכטע רבקה נאָטיק.

די מאַפּע האָט זיך באַקומען גלענצנדיק, און... נאַ דיר!

— ס'גליקט אים ניט אין לעבן — האָט אַסיע אַ קלער געטאָן, קוקנדיק אויף דאַניען. — געמאַכט אַזאַ אַרבעט, האָט מען די אויסשטעלונג פֿאַרבאָטן; געוואָלט אַוועקפֿאָרן צוזאַמען מיט דער משפּחה — איז אַוועק דער לעצטער צוג...

אין דעם מאָמענט האָט אַסיע אויפֿגעכאַפּט אויף זיך זײַן מילדן, צו לאַנגן בליק, נאָך אַ געדאַנק האָט איר, שוין ניט דאָס ערשטע מאָל, אַ שטאָך געטאָן אין האַרצן: זי האָט דאָך אים פּשוט האָלט געהאַט ווי אַ חבר.

זי האָט זיך מיט אים האַסטיק געזעגנט.

# אַ זומערהיים פֿאַר קינדער

אַזעלכע, וואָס האָבן ליב קינדער, זענען געווען אַ סך — געננוג פֿאַרן אָנהייב. צוניפֿגעזאַמלט האָט מען זיך אינעם צימער נומער 4. אַסיע האָט קורץ דערקלערט, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך — אַז מע דאַרף געפֿינען אַן אופֿן, ווי צוניפֿצונעמען קינדער, וועלכע יאָגן זיך זומער אַרום אין די גאַסן אָן אַ השגחה.

— וווּהין וועלן מיר זיי צוניפֿנעמען? — האָט עמעץ אַ פֿרעג געטאָן.

— איך וואָלט פֿאָרגעלייגט צו שאַפֿן אַ קלוב. אפֿשר עטלעכע קלובן.

— און אַ בנין — ווו נעמט מען אַ בנין?

— איצט זײַנען דאָך זומער־קאַניקולן, די שולן זײַנען פֿרײַ. מיר וועלן פּרובירן בעטן אין דער שטאָט־פֿאַרוואַלטונג. שלום האָט מיר שוין אַרויסגעגעבן אַ פֿאַפּיר, אַז איך בין באַפֿולמעכטיקט דערצו. מאָרגן וועל איך צוגיין אַהין.

— און מיטלען?

— מיטלען וועל איך אפֿשר אויך פּרוּוון בעטן. און דערווײַל קלײַבן מיר צונויף בײַ אַלעמען, ווער וואָס עס האָט: שפּילצײַג, ביכער, פּילקעס. ברענגען דאַרף מען עס אַהער, אין דעם צימער.

...מאָרגן פֿרי האָט אַסיע לאַנג געקוקט אויף זיך אין שפּיגל, באַטראַכט, ווי זיך צו פֿאַרקעמען, כדי אויסצוזען סאָלידער, אָנגעטאָן אַ שטרענג טונקל קלייד און איר אייַנציקע פּאָר פֿאַנטאָפֿל אויף העכערע קנאַפּל. כדי זיך צו פֿילן זיכערער, האָט זי געבעטן נאָך אַ פּאָר חברה גיין מיט איר. זיי האָבן זיך אַלע צוגעזעצט אין וואַרטצימער, פֿון וואַנען אַ סעקרעטאַרקע פֿלעגט אַלעמען אַרײַנרופֿן. ווען ס'איז דערגאַנגען אַסיעס ריי און מען האָט איר געזאָגט "ביטע", זײַנען אויפֿגעשטאַנען אויך אירע דרײַ באַגלייטער.

— איינציקווײַז, בירגער, איינציקווײַז!

אַסיע האָט אַרײַנגייענדיק אין קאַבינעט, זיך פֿאַרטשעפּעט אין דער שוועל, קוים באַוויזן ניט צו פֿאַלן. "צו וואָס האָב איך אָנגעטאָן די

פאַנטאָפּל?״ — האָט זי אַ טראַכט געטאָן. איר איז אַנטקעגנגעגאַנגען אַן עלטערער מאַן מיט געשוואָלענע אויגן און לאַנגע געלבלעכע וואָנצעס, און אַ פרעג געטאָן:

— וואָס דאַרפסטו, מיידעלע?

אַוועקגעהרגעט אויפן אָרט!

— מיר דאַרפן אַ בנין.

— וואָס פאַר אַ בנין?

אַסיע האָט זיך דערמאָנט אין מאַנדאַט, וואָס שלום האָט איר געגעבן און האָט אים אַרויסגענומען פון בײַטל. דאָרט איז געשטאַנען: ״דערמיט ווערט באַשטעטיקט, אַז די פאַרוואַלטערין פון קינדער־סעקטאָר אינעם קרײַז־קאָמיטעט פון קאָמיוג אַסיע אַדעלסקי, ווערט באַפולמעכטיקט...״

— זעצט זיך צו, חברטע פאַרוואַלטערין פון קינדער־סעקטאָר, און דערקלערט גענוי וועגן וואָס עס האַנדלט זיך — האָט ער געזאָגט, דערלאַנגענדיק איר די האַנט.

אַסיע האָט געפילט, ווי זי פאַררויטלט זיך. ״ווען וועל איך אויפהערן כסדר רויט ווערן״ — האָט זי אַ קלער געטאָן מיט פאַרדראָס.

— מיר דאַרפן אויף זומער אַ בנין פאַר אונדזער קינדערקלוב. אפשר אַ לאָקאַל פון אַ שול?

ניט אויפהערנדיק צו שמייכלען, האָט דער בירגער־מײַסטער אַראָפּגענומען דאָס טרײַבל, אָנגעקלונגען עמעצן דורכן טעלעפאָן און נאָך אַ קורצן געשפּרעך געזאָגט:

— אָפּגערעדט. אין דער גימנאַזיע אויף גערדימינאָ־גאַס, אַנטקעגן לוקישקער פּלאַץ, וועט איר קענען פאַרנעמען קלאַסן אויפן ערשטן גאָרן. מאָרגן פרי וועט דאָרט אויף אײַך וואַרטן דער דירעקטאָר.

אין וואַרטצימער האָבן זיך צו אַסיען אַ וואָרף געטאָן די חברה:

— נו, וואָס האָט ער געזאָגט?

— אַלץ אין אָרדענונג. מאָרגן האָבן מיר אַ לאָקאַל.

— און מיטלען?

— וועגן דעם האָב איך דערווײַל ניט גערעדט. ס'האָט מיר ניט געפּאַסט וועגן אַלץ צוזאַמען.

אין קרײַז־קאָמיטעט איז זי גלײַך אַוועקגעלאָפן צו שלומען אָנזאָגן אים

די גוטע בשורה, אַז ס׳איז שוין דאָ אַ בנין. ״מיר דאַרפֿן אינוועטאַר פֿאַרן קלוב״, האָט זי צוגעגעבן. געוואָלט זיך מיישב זײַן, ווי אַזוי בעסער צו שאַפֿן דאָס געלט.

— ביסט דאָך געווען אין דער שטאָט־פֿאַרוואַלטונג — האָט ער געזאָגט. — ווען מיטלען האָסטו ניט גערעדט?

— כ׳האָב ניט געוווּסט, צי עס פּאַסט...

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף איר דערשטוינט און זי האָט ווידער דערשפּירט, אַז זי ווערט רויט.

— הער זיך אײַן, דו האָסט אַ באַפּולמעכטיקונג און דו קענסט בעטן און אפילו פֿאָדערן אַלץ, וואָס דו דאַרפֿסט פֿאַר דער אַרבעט. און איצט שטער מיר ניט, דריי ניט דעם קאָפּ צוליב יעדער קלייניקייט.

״קלייניקייטן... פֿאַר אים זײַנען עס קלייניקייטן. אויב דאָס וואָס מיר טוען איז פֿאַר אים ניט וויכטיק, איז צו וואָס האָט ער דווקא מיך באַשטימט אויף דעם אָרט?״

אַסיע האָט געמיינט, אַז שלום וועט זי לויבן פֿאַר דער אויפֿגעטאָנענער אַרבעט, פֿאַרן צונויפֿזאַמלען פֿרײַוויליקע דערציִערס און פֿאַרן באַקומען דעם בנין.

אַנשטאָט דעם...

זי איז צוגעגאַנגען צו וויטען:

— גיב אַן עצה, ווי באַקומט מען געלט אויף אינוועטאַר פֿאַרן קינדערקלוב. ווי בעט מען אַזאַ זאַך און בײַ וועמען?

— די שטאָט־פֿאַרוואַלטונג האָט מיטלען פֿאַר קולטור־צוועקן. איך ווייס עס גענוי. קענסט דרײַסט זיך ווענדן.

כאָטש דער ערשטער זיג איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן, איז שוין דער טאָג געווען איבערגעפּירט. אָבער וואָס האָט שלום אַסיען אַזוינס געזאָגט? מיט וואָס האָט ער זי אַזוי באַליידיקט?

אפשר זײַנען אַסיע און אַלע ״אַלטע חברה״ נאָך אַלץ געווען צוגעוויינט, אַז זיי זײַנען בײַ שלומען די איין־און־איינציקע, אין דער צײַט, ווען איצט פֿלעגן קומען הונדערטער, אַלע מיט זייערע ענינים. זיי פֿלעגן אָן אויפֿהער גיין צו אים, צום סעקרעטאַר פֿון קרײַז־קאָמיטעט, און ער פֿלעגט טאַקע מיט

די נײַע ריידן מער און אויספירלעכער — זיי האָט מען דאָך מער געדאַרפט דערקלערן...

און דאָך האָט אַסיע ניט געקענט זיך אָפּטשוכען פון איר הײַנטיקן קורצן שמועס מיט אים. זי האָט אַליין זיך מודה געווען, אַז זי קלערט וועגן דעם צו פיל, און אַז ווען ניט שלום, נאָר אַן אַנדערער וואָלט איר אַ זאָג געטאָן "שטער ניט, דריי ניט דעם קאָפּ", וואָלט זי שוין לאַנג געהאַט וועגן דעם פאַרגעסן. דאָס האָט אָבער געזאָגט שלום, און ס'האָט זי ווידער, ווי שוין ניט איין מאָל אין לעבן, גענומען עקבערן אַ מינדערווערטיקייט־געפיל און די פראַגע: וואָס בין איך פאַר אים?...

איצט האָט שוין אַסיע געוווּסט וועגן שלומען פיל מער, ווי דאַן, ווען זיי פלעגן זיך טרעפן אומלעגאַל. ווי נאָר זיי זײַנען אַרויס פון אונטערגרונט, האָבן אַלע ווילנער חברה אָנגעהויבן אויספרעגן די קאָוונער וועגן שלומען, מאַריאָנאַסן און וועגן יעדן נײַעם מענטש, וואָס פלעגט נאָכן אַרויסגיין פון אונטערגרונט אָנקומען אַהער אַרבעטן.

אַסיע האָט מער פון אַלץ געוואָלט זיך דערוויסן וועגן שלומען, וועגן זײַן לעבן. זי פלעגט וועגן דעם אַ פרעג טאָן אומבאַמערקט בײַ דעם און בײַ יענעם, ביז איין מאָל האָט מלכה איר אין אַ צופעליקן שמועס דערציילט:

ער האָט געהאַט אַ פרוי. ער האָט זי זייער ליב געהאַט. זי איז געשטאָרבן פאַראַיאָרן זומער, און אין אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט מען אים אַרעסטירט און אַוועקגעשיקט אין לאַגער קיין דימיטראַווע.

די ידיעה האָט אַסיען דערשטוינט. ס'האָט זי באַהערשט אַ מענגע קעגנזעצלעכע געפילן: אַ געפיל פון רחמנות; נאָך מער באַגײַסטערונג פון אים און אַן אומדערלאָזבאַר געפיל פון פריַיד, וואָס ער האָט קיינעם ניט, וואָס ער איז אַליין. שלומס לײַדן האָבן אים נאָך מער אויפגעהויבן אין אירע אויגן, דאָס ליבע־געפיל, וואָס האָט געריַיפט אין איר האַרצן און וועלכן זי פלעגט זיך מיט אַלע כוחות אַנטקעגנשטעלן, פילנדיק זיך שולדיק לגבי דעם פאַרשטאָרבענעם באָרען, האָט מיט אַ מאָל באַקומען רעכט אויף עקסיסטענץ.

דערפאַר, באַליידיקנדיק זיך הײַנט אויף שלומען, האָט זי אים דאָך פאַרענטפערט מיט דעם אַלעם, וואָס אים איז אויסגעקומען איבערצולעבן,

און אויך דערמיט, וואָס ער איז אַזוי פֿאַרנומען, וואָס ער גיט זיך פולשטענדיק אָפּ דער אַרבעט.



"אַכטונג, קינדער!

אין לאָקאַל פון דער גימנאַזיע אויף געדימינאָ־גאַס 38, אַנטקעגן לוקישקער פּלאַץ, ווערט אויפגעעפנט אַ קינדערקלוב. די דערעפענונג קומט פאָר מאָרגן, דעם 4טן יולי, 16.00 אַזייגער. שפּילן, ספּאָרט, קרײַזלעך, אַ לייענזאַל. אַרײַנגאַנג — פרײַ. אַלע אין קלוב אַרײַן!"

צען אַזעלכע מעלדונגען האָבן אַסיע מיט אירע באַהעלפערס אָנגעשריבן מיט גרויסע אותיות אויף בויגנס פּאַקפּאַפּיר און פונאַנדערגעקלעפּט אין די גאַסן. פונאַנדערגעקלעפּט און אָבסערווירט: מען לייענט עס, צי ניט?

אין דעם אָנגעוויזענעם טאָג זײַנען געקומען אַלע דערציִערס, — די וואָס האָבן ליב קינדער.

פיר אַ זייגער זײַנען אין קלוב אַרײַן עטלעכע קינדער, זיי האָבן זיך קוים אַנטשלאָסן צו באַטרעטן די שוועל. אַסיע איז געווען פאַרצווייפלט: קיינער קומט ניט! עמעץ האָט געזאָגט: "דערלאַנגט אַ קוק אין פענצטער!"

אַנטקעגן קלוב, אויפן לוקישקער פּלאַץ און אונטן נעבן דער טיר האָט זיך אַרומגעדרייט אַ מענגע קליינוואַרג, באָרוועסע, איינצלנע און צו עטלעכע צוזאַמען. אייניקע מיט נאָך קלענערע קינדער אויף די הענט.

— ווער וויל שפּילן אין צוויי פײַערן? אַהער, אין הויף אַרײַן! — האָט פאָרגעלייגט אַ דערציִער.

קליינוואַרג האָבן זיך געקווענקלט, געקוקט איינער אויפן אַנדערן. אָבער ווען עטלעכע דרײַסטערע זײַנען געקומען, האָבן זיך נאָך זיי אַ ציִ געטאָן די איבעריקע. אין גיכן האָט מען שוין געשפּילט — ווער אויפן הויף, אין פילקע, ווער אין די שולצימערן, מיט ליאַלקעס און צאַצקעס. עטלעכע מיידעלעך האָבן גענומען אויסנייען, ייִנגלעך האָבן זיך געזועצט צו דעם שאַכברעט. שפּעטער האָט זיך שוין נעבן שול־בנין קיינער ניט אַרומגעדרייט, אַלע זײַנען געווען אין קלוב.

ווען די קינדער זײַנען אַוועק, האָבן די דערציִערס צונויפגענומען דאָס שפּילצײַג און די האַנטאַרבעט, באַהאַלטן עס אין שאַפע.

אונטערוועגס אַהיים איז אַסיע אַרײַן אין קרײַז־קאָמיטעט, צו זיך אין צימער. זי האָט דאָרט געפונען דאָדקען — אַ חבר פון קלאַס, וואָס איז אַלע מאָל געווען דער סאַמע פּינקטלעכסטער, האָט ליב געהאַט אָרדענונג אין יעדער זאַך, פלעגט שטענדיק העלפן אין דער היים און פירן די ווירטשאַפט, ווען די מאַמע פלעגט גיין צו דער אַרבעט. דאָ, אין קינדער־סעקטאָר האָט אים אַסיע אויך אָנגעטרויט די "ווירטשאַפט" פון קלוב, און איצט האָט ער גראָד סאָרטירט די אויפגעזאַמלטע ביכער.

— מאָרגן גייען מיר כלאָפּאָטשען וועגן געלט — האָט צו אים געזאָגט אַסיע. — און אויב מיר וועלן באַקומען, לויפן מיר גלײַך נאָך סחורה!

— אָבער קויפן וועלן מיר נאָר בײַ די הורטאָווניקעס, וועט זײַן ביליקער, איידער בײַ די קרעמערס — האָט געוואָרנט דאָדקע.

אַרויסגייענדיק פון בנין, איז אַסיע צוגעגאַנגען צום טעלעפאָן:

— מאַמע? דאָס בין איך. איך גיי שוין אַהיים.

— אפשר שפּאַצירן מיר זיך דורך אַ ביסל? — האָט זי אומגעריכט עמעץ אָפּגעשטעלט.

דאָס איז געווען שלום. ער איז אַראָפּ פון די טרעפּ און זי דערזען בײַם טעלעפאָן. אַסיע האָט אים פאַרוווּנדערט אָנגעקוקט: צי דען האָט ער זיך דערמאָנט אין זייער לעצטן שמועס און וויל עס איצט פאַרגלעטן? נאָר מסתמא האָט ער אפילו ניט באַמערקט, אַז ער האָט זי באַעוולט.

זיי זײַנען אַרויס צוזאַמען, ווידער זײַט בײַ זײַט און ווידער ווי דאַן, ווען ער האָט זי אָנגענומען אין קאָמיוג, ניט געגאַנגען אונטערן אָרעם. אָט גייען זיי אַרויס פון צענטער שטאָט אויף די שמאָלע ייִדישע געסלעך, וווּ די מויערן שטייען ענג צונויפגעפּרעסט, ווי זיי וואָלטן מורא האָבן אָפּצולאָזן איינער דעם אַנדערן. די קינדער שפּילן זיך בײַ די רינשטאָקן, אויף די שמאָלע טראָטואַרן אָדער אויפן ברוק, ניט אומעטום איז גאָר פאַראַן אַ טראָטואַר. פון די קליינטשינקע הויפן טראָגט זיך אַ געמיש פון ריחות: דורך דעם געשמאַקן ריח פון געבראָטענעם פלייש און געפּרעגלטע ציבעלע רייסט זיך דאָ און דאָרט דורך דער עיפּוש פון אַ מיסטקאַסטן.

אַסיע וויל ווײַזן שלומען, ווי אַזוי מען קען דורך די דורכהויפן אַדורכגיין

דעם גאַנצן קוואַרטאַל. אָבער ער לאַכט זיך פונאַנדער — ער ווייסט עס בעסער פון איר, ער וועט איר אַליין וויַיזן אַזעלכע ווינקעלעך פון שטאָט, וועגן וועלכע זי האָט ניט קיין אַנונג. לעבנדיק דאָ אַ צײַט אומלעגאַל, האָט ער אין שטאָט אַדורכגענישטערט אַלע ערטער, דורך וועלכע מע קען אומבאַמערקט פאַרשווינדן און ווו ס׳איז בעסער זיך געהיים צו טרעפן מיט מענטשן.

אויף גרויס סטעפּן־גאַס איז אַסיען באַקאַנט כמעט יעדער מויער, דאָס איז דאָך בשכנות מיט איר שאָפּען־גאַס. פונעם לאַנגן באַלקאָן, פון וועלכן מען גייט אַרײַן אין דרײַ דירות, הילכט אַ פריילעך געזאַנג:

פּאַצעטן טרינקען קאַווע,

פּאַצעטן טרינקען טיי,

און שומרים טרינקען וואַסער

און לאַכן אָפּ פון זיי.

באַלד גייט דאָס געזאַנג אַריבער אין אַ האָרע, די מוזיק רײַסט זיך אַרויס דורך די אָפענע פענצטער און פילט אָן מיט יונגן ברען די גאַנצע גאַס.

— דאָ קלײַבן זיך צונויף חברה פון שומר הצעיר — דערקלערט אַסיע שלומען.

אַסיע קען די משפחה, זי איז דאָ געווען מיטן פאָטער, ווען מען האָט אים אַרויסגערופן צו אַ קראַנק קינד. ס׳וווינט דאָ פונק פון די ביכער, ער איז קליין, און זײַן ווײַב — הויך, אַן אשת חיל. די עלטסטע טאָכטער זייערע איז שוין אַוועקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל; די ייִנגערע האָבן דאָ זייערע פאַרזאַמלונגען, און יעדעס מאָל זינגט מען דאָ און מען טאַנצט.

— ס׳האָט מיך געוווּנדערט, פאַר וואָס פלעגט איר מיט זיי ניט אָנבינדן קיין קאָנטאַקט — זאָגט שלום.

— אין אונדזער גימנאַזיע זײַנען כמעט קיין ציוניסטן ניט געווען — נאָר דער ״בונד״ און מיר. און אַזוי מסתמא אין אַלע יידיש־וועלטלעכע שולן. יענע חברה פלעגן זיך לערנען אין די העברעיִשע שולן און גימנאַזיעס.

אַסיע מיט שלומען זײַנען געגאַנגען ווײַטער, אַרויף גרויס סטעפּן־גאַס. זי האָט שיִער ניט אָנגעהויבן צו דערציילן, ווי ס׳איז אַדורך בײַ איר די דערעפענונג פון קלוב. זי האָט זיך אָבער אָפּגעביסן די צונג: דאָס זײַנען דאָך קליייניקייטן...

זיי זײַנען אַרויס צום פּלאַץ, ווו בײַ טאָג איז טומלדיק אויפֿן קליינעם באַלעבטן מערקל. הינטערן פּלאַץ איז געשטאַנען דער גרויער בנין פֿון דער טורמע.

— דאָ, אין דער תּפֿיסה, בין איך געזעסן.

זיי זײַנען שוין פֿאַרבײַ אַסיעס שטוב, ס'איז שוין שפּעט און ס'ווערט קיל.

— דיר איז ניט קאַלט?

אַסיע גיט פֿאַרוואונדערט אַ קוק אויף שלומען: ער איז דאָך אָן אַ רעקל, אין איין זומערדיק העמדל. זײַן רעקל האָט ער אַוועקגעגעבן אַ חבר, וואָס איז אַרויס פֿון תּפֿיסה.

שלום האָט אַרויפֿגעלייגט זײַן האַנט אויף אַסיעס פּלייצע. איר איז געוואָרן וואַרעם, אַזש הייס. אין גאַס איז שטיל, קיין לעבעדיקער נפֿש. צווישן די שטיינער אויפֿן ברוק וואַקסט גרין, זאַפּטיק גראָז. שלום האָט זיך מיט אַ מאָל אָפּגעשטעלט בײַ אַ מויער, ווו אויפֿן צווייטן שטאָק האָט געשפּילט ראַדיאָ. ס'האָט געזונגען אַ טענאָר.

— איך האָב איין מאָל געהערט אָט אָ די אַריע. צו אונדז אין קאָווגע איז געקומען צו פֿאָרן אַן איטאַליעניִשער זינגער. אָט דאָס אָרט... אָן ווערטער, אָבער הערסט ווי די נשמה שרײַט פֿון ווייטיק? ער האָט עס דעמאָלט אַזוי געזונגען, אַז...

אַסיע שטייט פֿאַרגאַפֿט און הערט וואָס שלום רעדט. אַ גליק וואָס עס איז שוין באַלד פֿינצטער און ער, פֿאַרטיפֿט אין די אייגענע מחשבֿות, זעט ניט דעם אויסדרוק פֿון איר פּנים.

שלום איז נאָך אַ ווײַלע געשטאַנען און געהערט, און דערנאָך, ווי אויפֿוועקנדיק זיך פֿון זײַנע געדאַנקען, האָט ער, באַגלייטנדיק אַסיען אַהיים, געוואָרפֿן אַ בליק אויפֿן זייגער און זיך אָן אײַל געטאָן:

— זע, ס'איז שוין שפּעט, איך לויף. ביז מאָרגן.

און איז אַנטרונען געוואָרן אין דער נאַכט.



דעם גאַנצן יולי האָט אויף די גאַסן און פּלעצער פֿון שטאָט געווישט ווי אין אַ בינשטאָק. פֿון די טריבונעס אויף די מיטינגען האָט מען געפֿאָדערט:

„נידער מיט די באַלעבאַטים!“

„די ערד — דעם ערדאַרבעטער!“

„די אָנפירונג פון די פאַבריקן — אין די הענט פון די אַרבעטערס!“

„אַרבעט פאַר אַרבעטסלאָזע!“

„אומזיסטע מעדיצינישע הילף!“

מען האָט זיך געגרייט צו די וואַלן, און אַרויסטרעטן פלעגן אויך די, וועמען דאָס פאָלק האָט אַרויסגעשטעלט ווי קאַנדידאַטן צום סיים: אַ הויכע, שטרענג־געקליידטע פרוי מיט אַ שמאָלן, קלוגן פּנים, די פאָרשטייערין פון דער פּראָגרעסיווער פּוילישער אינטעליגענץ, אירענאַ שטאַכעלסקאַ; אַן אַרבעטער, אַ קאָמוניסט, אַ זעלנער... און אָט איז אויך צווישן זיי מאַריאָנאַס, דער זעלבער, וואָס האָט זיך געטראָפן מיט די ווילנער קאָמיוגיסטן אויף זייער ערשטער לעגאַלער פאַרזאַמלונג.

דער סיים איז נאָך ניט אויסגעוויילט, אָבער מענטשן האָבן שוין באַשײַמפּערלעך געזען, אַז עס טוט זיך אַ סך ממשותדיקס: אין די סקווערן האָקט מען אויס בײַמער, אויסגעפּראָרענע בעתן פאַראַיאָריקן קאַלטן ווינטער. דאָס האָלץ טיילט מען אומזיסט פונאַנדער אָרעמע־לייט. ס׳שאַפן זיך נײַע אַרבעטס־פּלעצער, מענטשן קריגן אַרבעט. די שטאָט־פאַרוואַלטונג אָרגאַניזירט אומזיסטע מעדיצינישע הילף. די צײַטונגען זײַנען פול מיט מעלדונגען וועגן פאַרזאַמלונגען פון אייזנבאַן־אַרבעטערס, קירזשנערס, סטאָלערס, בעקערס.



אַסיע איז געווען אַרויסגעפאָרן אַגיטירן פאַר די וואַלן אין דאָרף. די בריגאַדע האָט זיך שוין אומגעקערט אין שטאָט, און נאָך הײַנט דאַרף אַסיע באַווײַזן זיך צו זען מיט די דערציִערס — דערוויסן זיך, ווי ס׳זײַנען אַדורך די לעצטע פאָר טעג אין די קלובן. זיי האָבן שוין איצט געהאַט צוויי קינדערקלובן אין שטאָט.

— בײַ אונדז האָט זיך דאָ אַנומלט געטאָן מעשים — דערציילן איר די חברים.

— וואָס האָט פּאַסירט?

אין קלוב נומער 2, בײַם גרינעם בריק, איז אויסגעבראָכן אַ קריגערײַ. וועגן וואָס ס'האָט זיך געהאַנדלט, איז שווער געווען פעסטצושטעלן, אָבער עמעץ פון די ייִנגלעך האָט דערלאַנגט אַ קלאַפּ אַ קליינעם שוואַרץ־חנעוודיקן יאַטל און אים אָנגערופן "זשיד". יענער האָט זיך צעשריִען:

— וואַרט, וואַרט, איכ'ל דערציילן דעם ד'ערציִער, איצטער איז אונדזער מאַכט!

— וואָס? וואָס הייסט אונדזערע? אײַערע, ווילסטו זאָגן? — און ס'איז אַוועק אַ געשלעג, מען האָט זיי קוים פונאַנדערגענומען.

— וואָס זשע האָט איר געטאָן? — האָט געפרעגט אַסיע.

— מיר האָבן געהאַט בדעה גלײַך דורכצופירן אַ שמועס. זיי האָבן אָבער ניט געהערט. ס'האָט נאָך געקאָכט אין זיי די יוכע.

— און דערמיט זײַנען זיי אַוועק אַהיים?

— ניין, מיר האָבן זיי געשיקט שפּילן פוטבאָל, און זיי האָבן באַלד וועגן אַלץ פאַרגעסן. און הײַנט האָט זיי זיגמונט אומבאַמערקט אַ פרעג געטאָן, ווער פון זיי ס'האָט געזען דעם דענקמאָל פונעם ייִנגל אויף זאַרעטשע, אויפן ברעג פון דער ווילענקע. אַ סך האָבן געזען.

— אָבער וועמעס דענקמאָל דאָס איז, האָט קיינער ניט געוווסט, און ווער ס'האָט אים אַוועקגעשטעלט — אויך ניט — האָט דערציילט זיגמונט.

— האָב איך זיי דערציילט, אַז אַ פּויליש ייִנגל איז דאָ, ראַטעווענדיק אַ ייִדיש קינד, דערטרונקען געוואָרן, און ייִדן האָבן צונויפגעקליבן געלט און געשטעלט דעם ייִנגל אַ דענקמאָל.

— ווי האָבן זיי רעאַגירט? — האָט געפרעגט אַסיע.

— אַלע האָבן געשוויגן. איך האָב זיך געקליבן מיט זיי לענגער צו ריידן, זאָגן, אַז דער מענטש איז פון נאַטור גוט, אַז מענטשן דאַרפן לעבן בשלום. מיט איין וואָרט, איך האָב זיי געהאַט בדעה אַלץ צו דערקלערן, אָבער איך האָב באַשלאָסן, אַז דערווײַל איז גענוג דער פּאָזיטיווער בײַשפּיל, וועגן וועלכן איך האָב זיי דערציילט. זאָלן זיי זיך אַליין פאַרטראַכטן, און צו דער טעמע וועלן מיר זיך נאָך אומקערן.

דער דערציִער־קאָלעקטיוו האָט באַשלאָסן צו לייגן אַכט אויפן צוזאַמענשטעל פון די קלובן — סײַ פון די קינדער, סײַ פון די דערציִערס: אומעטום זאָל דער עולם זײַן געמישט, מע זאָל זיך צוגעוויינען

איינע צו די אַנדערע און ניט לעבן, ווי ביז אַהער, אָפּגעזונדערט, ווען שולן זײַנען לויט דער נאַציאָנאַליטעט געווען באַזונדערע און די סביבה געוויינטלעך אַ פֿאַרשיידענע.



אויף צו מאָרגנס, אומקערנדיק זיך פֿון די קלובן צו זיך אין דעם צימער נומער 4, האָט אַסיע קורץ אָפּגעמערקט דאָס פֿאָרגעקומענע אין זשורנאַל און האָט אַרײַנגעקוקט אין קאַבינעט דערנעבן — צו אַלמען אין דעם אָרג־אינסטרוקטאָר־אָפּטייל פֿון פּאַרטיי־ קאָמיטעט, וועלכער האָט איצט אויך פֿונקציאָנירט אין זעלבן בנין. דער צימער פֿלעגט געוויינטלעך זײַן אָנגעפּיקעוועט מיט מענטשן, דער עולם פֿלעגט צו אַלמען גיין ווי צו אַ גוטן יידן.

"אַלמע" — דאָס איז געווען איר פּאַרטיי־נאָמען, נאָך אין די אומלעגאַלע צײַטן, אָבער אויך איצט האָט ווייניק ווער געוווּסט, אַז זי הייסט דבורה בערזאַק. אַסיע האָט זיך אָנגעשטויסן, פֿון וואַנען ס'האָט זיך גענומען איר צונאָמען. "אַלמאַ־מאַטער" — וויסנשאַפֿט־מוטער — אַזוי פֿלעגט מען באַצייכענען די אוניווערסיטעטן. מען האָט דערציילט, אַז אַלמע האָט יורידישע בילדונג און איז געווען אין די תּפֿיסות די געבילדעטסטע פֿון אַלעמען. כמעט צען יאָר איז זי אָפּגעזעסן און פֿלעגט לערנען אַלע חבֿרטעס.

ווען אַסיע האָט זיך מיט איר באַקענט, האָט אַלמע אַ שמייכל געטאָן, און אירע שוואַרצע אויגן, אַזעלכע שוואַרצע, אַז די שוואַרצאַפּלען האָבן זיך ניט געזען, האָבן באַשטראַלט דאָס גאַנצע פּנים; באַשטראַלט מיט אַזוי פֿיל גוטסקייט, אַז ניט די צו גרויסע שטריכן, ניט דער אַשיק־טונקעלער קאָליר פֿון דער הויט האָבן ניט געקענט מינערן דעם אײַנדרוק, וואָס זי פֿלעגט מאַכן. "דוכט זיך ניט קיין שיינע פֿרוי — האָט אַסיע אַ קלער געטאָן, — אָבער ווי שיין זי איז!"

יעדע באַגעגעניש מיט מענטשן פֿון "טיפֿן אונטערגרונט", יעדער צוזאַמענטרעף מיט דער אינערלעכער וועלט פֿון אָט די מענטשן, פֿלעגט אָנפֿילן אַסיען מיט אַ הייסן ציטער. דאָס זײַנען געווען לעבעדיקע העלדן פֿון אירע באַליבטע ביכער. אין די אומלעגאַלע צײַטן האָט זי קיינעם פֿון זיי ניט

געקענט, ניט געטאָרט קענען אויסער שלומען. און איצט, ביי יעדער באַגעגעניש מיט זיי, פלעגט איר פאַרכאַפּן דעם אָטעם. זיי האָבן אַלע געהאַט עפּעס געמיינזאַמס, און גלייכצייטיק איז יעדער געווען אייגנאַרטיק. אין יאָרן אַרום, נאָך דער מלחמה, ווען די אַנטוישונג, אַז מע מאַכט אַ תל פון דער אידעע, וועט בויערן זייערע נשמות, אָבער זעלטן וועט עמעץ פון זיי געפינען אין זיך כוח זיך אַנטקעגנצושטעלן — וועט אַלמע זיין די, וואָס וועט שטענדיק אויפהייבן איר שטים און קעמפן פאַר יושר.

דאָס מאָל איז אַלמע געווען אַליין אין קאַבינעט.

— איך קלייב זיך אַוועקצוגיין, אַסינקע. מיר זאַמלען היינט צונויף די בעקערס. ווייסט, ווער ס׳וועט אַרויסטרעטן פאַר זיי? גענעראַל יעריאָמענקאָ, דער נאַטשאַלניק פון גאַרניזאָן. ווילסט אפשר מיטגיין?

— יאָ! — האָט זיך אַסיע דערפרייט. — פאַר וואָס אָבער טרעט יעריאָמענקאָ אַרויס דווקא ביי זיי?

— ווייל ער אַליין איז אין דער יוגנט געווען אַ בעקער.

ווען זיי זיינען צוגעקומען צום בנין פון צענטראַלראַט פון די פּראָפפאַראיינען, האָט זיך ביים אַריינגאַנג אָפּגעשטעלט אַן אָפּענער אויטאָ, פון וועלכן ס׳איז אַרויסגעקראָכן אַ פעסטער, דיקער מאַנצביל מיט גרוילעכע האָר, אין אַ זומערדיקן העלן מונדיר מיט גאָלדענע גענעראַלישע שטערנס. דעם גענעראַל זיינען נאָכגעגאַנגען זיינע צוויי אַדיוטאַנטן אין קאָזאַקישע מונדירן, ביי איינעם באַצירט מיט ווייטן, ביים אַנדערן — מיט בלאָען זייד. אַ כאָפּטע קינדער, וואָס זיינען זיך צונויפגעלאָפן, האָט געגאַפט אויף זיי מיט אָפענע מיילער.



יעדן טאָג פלעגט אַסיעס מאַמע הערן אין שטוב דאָס זעלבע:

— מאַמע, איך פאָר מיט דער אַגיט־בריגאַדע! איך קער זיך אום מאָרגן און אפשר אפילו איבערמאָרגן. דענערוויר זיך ניט!

— מאַמע, וואַרט ניט אויף מיר מיטן מיטיק. נאָכן אוניווערסיטעט גיי איך זיך איבן אין מכבי, אויף דער רודער־סטאַנציע, און נאָך דעם האָבן מיר אַ פאַרזאַמלונג אין פּראָפפאַראיין פון די מעדיקערס.

די נײַניאָריקע לילקע איז שוין אויך אַ גאַנצער מענטש:

— מאַמע, איך גיי אין קלוב אַרײַן!

און דערנאָך דער טאַטע:

— ליובאָטשקע, אין דער שטאָט־פּאַרוואַלטונג איז הײַנט אַ זיצונג בנוגע דער רעקאָנסטרוקציע פון אונדזער שפּיטאָל, אַזוי, אַז וואַרט ניט, איכ׳ל קומען שפּעטער!

— און אָן דיר וועט מען זיך דאָרט ניט באַגיין?

— כ׳האָב דאָך דיר שוין געזאָגט וואָס פאַר אַ פּראָיעקט איך האָב פאָרגעלייגט!

— דו מיטן פּראָיעקט, אַסיע מיט דער אַגיט־בריגאַדע, רוטע מיטן פּראָפּפּאַראיין, לילקע מיטן קלוב. ס׳איז בײַ מיר איצט קיין שטוב ניט, ס׳איז אַ דורכגאַנגסהויף.

אַלע כללים פון דעם משפּחה־לעבן האָבן זיך צעמישט, אַלץ איז געוואָרן קאַפּויער. די מאַמע האָט זיך געבייזערט, אָבער ניט זייער שטאַרק: זי האָט פאַרשטאַנען, אַז די צײַט פאָדערט עס און איז געווען צופרידן, וואָס איצט דאַרף זי ניט ציטערן טאָג און נאַכט וועגן די טעכטער. אַסיע האָט אָבער געזען, ווי שווער איר איז אַליין אין דער היים. איר שטוביקע ״מאַכט״ איז זיך צעפאַלן. און פונעם פאַרמאַטערטן בליק פון אירע קורצזיכטיקע אויגן האָט זיך איצט אָפּט געלאָזט אַרויסלייענען אומעט און בענקשאַפט.

דער פאָטער, וואָס האָט צום ערשטן מאָל אין לעבן באַקומען אַ מלוכה־שטעלע, (בײַ די פּאָליאַקן איז עס פאַר אַ ייִדישן דאָקטער געווען כמעט אוממעגלעך), פלעגט פאַרפאַלן ווערן אין דער קינדער־אָפּטיילונג פון שפּיטאָל, מיט וועלכער ער האָט פאַרוואַלטעט. די לעצטע טעג פאַרן רעמאָנט פלעגט ער לויפן מיטן הויפּטדאָקטער אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, קעמפנדיק פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון זײַן פּראָיעקט, וואָס איז אין יענער צײַט געווען כמעט פאַנטאַסטיש: ער האָט פאָרגעלייגט דורכצוברעכן אַ טייל ווענט צווישן די קינדער־פּאַלאַטעס און אַרײַנשטעלן שויבן — דאַן וועלן די דאָקטוירים און די קראַנקן־שוועסטער קענען אומאויפהערלעך אַכטונג געבן אויף אַלע קראַנקע קינדער. געפינענדיק זיך אין איין פּאַלאַטע, וועלן זיי אויך זען, וואָס ס׳טוט זיך אין די דערנעבנדיקע.

די מאַמע האָט געהאַט צוויי דיפּלאָמען — פון אַ לערער און פון אַ

קראַנקן־ שוועסטער, אָבער פריער פלעגט זי אין ווילנע יאָרנלאַנג אומזיסט אָפּקלאַפּן די שוועלן פון קוראַטאָריום, פון שולן און שפּיטאָלן. "אײַער משפּחה קלעקן צום לעבן אײַער מאַנס פאַרדינסטן" — פלעגט מען איר ענטפערן. איצט האָט זי געוואַרט, ביז מען וועט עפענען די מילכקיך פאַר זויגלינגען, ווו מען האָט איר פאָרגעלייגט אַ פּאָסטן פון אַ דיעט־ שוועסטער. אָבער דערווײַל האָט יעדער טאָג, וואָס זי האָט געשטעקט אין דער היים, זיך אומענדלעך געצויגן.

אַסיען איז געקומען אין קאָפּ אַרײַן אַ גליקלעכער געדאַנק:

— מאַמע, אין די צוויי קלובן אונדזערע איז אַזוי פיל קליינוואַרג, אַז מיר גיבן זיך שוין קוים אַן עצה. אַ סך קינדער קומען שמוציקע, זיי מוזן אפילו האָבן לײַז, און איך האָב מורא, זיי זאָלן דערמיט ניט אָנשטעקן די איבעריקע. וואָס טוט מען?

— מע דאַרף זיי דורכקוקן.

— דו וואָלסט עס געקענט מאַכן?

— איך קען, פאַרשטייט זיך, אָבער קאָנטראָלירן וואָלט מען געדאַרפט ניט נאָר אין קלוב גופא. מען וואָלט געדאַרפט אַרײַנקוקן צו זיי אַהיים, זען, אין וואָס פאַר אַ באַדינגונגען יעדעס קינד לעבט, זיך דורכשמועסן מיט די עלטערן.

— מאַמע, דאָס איז געניאַל! אָבער נאָך עמעץ אויסער דיר וואָלט מסכים געווען דאָס צו טאָן? מען צאָלט דערפאַר ניט, מיר טוען דאָך אַלץ פרײַוויליק.

— כ'מיין, מענטשן וועלן זיך געפינען. נעם, צום בײַשפּיל, באָרעס מוטער. זי איז דאָך אויך אַ קראַנקן־שוועסטער.

די מאַמע האָט ניט באַמערקט, אַז זי האָט די טאָכטער געבראַכט אין אַ פאַרלעגנהייט. אַסיע האָט זיך אָבער שנעל באַהערשט און דערפרייט: איצט וועט זי האָבן אַ גוטן תירוץ צו קומען נאָך אַזאַ לאַנגן איבעררײַס אין באָרעס היים... און אויב זײַן מאַמע וועט זיך אַרײַנצײַען אין דער אַרבעט, וועט עס פאַר איר אַליין אויך זײַן גוט.

קומענדיק צו זיך אין סעקטאָר, איז אַסיע אַרויפגעלאָפן אַ ווײַלע צו וויטען דערציילן איר וועגן דעם. שלום איז גראָד אַרויס פון קאַבינעט:

— אַ, אַסיע איז דאָ, אַ גוט מאָרגן, כ'האָב דיך אַ צײַט ניט געזען! —

און האָט זיך גלײַך געווענדט צו וויטען: ווו דאַרף איך זײַן אין אַ האַלבער שעה אַרום — צוויי אַ זייגער?

— אין רודאָמינע, אויף אַ פאַרזאַמלונג פון די יוגנטלעכע פון דער געגנט.

אין דעם מאָמענט זײַנען אַרײַנגעקומען צוויי יונגע חברה און ער האָט זיי אַרײַנגענומען צו זיך אין קאַבינעט.

— דײַן זכרון איז פּינקטלעכער פון אַ נאָטיץ־ביכל! — האָט אַ זאָג געטאָן אַסיע.

דורך דער האַלב־אָפענער טיר האָט זיך געלאָזט הערן אַן אויפגערעגטע שטימע:

— איך האָב זיי געזאָגט: מען דאַרף זיך סטאַרען העכערן די פּראָדוקציע, די באַפעלקערונג דאַרף מער שיך! האָבן די אַרבעטערס געמאַכט פון מיר אויסצודרייען. זיי האָבן געשריען: "צו וואָס ווען מיר קריכן פון דער העלער הויט? דער באַלעבאָס זאָל האָבן מער חיונה? וועסט אָנהייבן געבן איבער דער נאָרמע, וועט ניט זײַן קיין אַרבעט פאַר אַנדערע, און ער וועט רעדוצירן מענטשן פון פאַבריק. ביסט נאָך צו יונג אונדז צו לערנען, שנעק איינער!" כ'האָב געמיינט, זיי פּטרן מיך אַוועק. בעסער וואָלט מען שוין די פאַבריקן צוגענומען בײַ די באַלעבאַטים!

— קאָך זיך ניט — האָט אים באַרויִקט שלום — צו אַלץ דאַרף קומען אַ צײַט. ס'איז נאָך ניטאָ קיין געזעץ וועגן נאַציאָנאַליזאַציע. איר האַנדלט ריכטיק, וואָס איר שטרעבט שוין איצט צו געבן מער פּראָדוקציע...

עמעץ האָט צוגעמאַכט די טיר און מען האָט שוין ניט געהערט וואָס זיי ריידן. וויטע האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגער און געוואָרן אומרויִק:

— אויב ער וועט אין צען מינוט אַרום ניט אַרויסגיין, וועט ער פאַרשפּעטיקן.

זי איז אויפגעשטאַנען, צוגעגאַנגען צו דער טיר, און עפענענדיק זי עטוואָס, שווײַגנדיק באַוויזן שלומען אויפן זייגער.

— מאַך צו די טיר און שטער ניט! — האָט זיך דערהערט פון קאַבינעט.

וויטע האָט זיך צוריקגעקערט אויף איר אָרט מיט אַ שטיינערנעם אויסדרוק אויפן פּנים און האָט אויסגעמיטן אַסיעס בליק. זי האָט זיך געוויס שוין ניט דאָס ערשטע מאָל אָנגעשטויסן אויף שלומס גראָבקייט. אַסיען איז

געוואָרן פריקרע און זי האָט זיך גיך געזעגנט מיט דער חברטע זאָגנדיק, אַז זי דאַרף לויפן אין קלוב אַרײַן.

— אויב ס׳ט אַ מאָל האָבן אַ פרײַע מינוט, וועלן מיר זיך דורכריידן, וויטקעלע!

— יאָ, פאַרשטייט זיך...

אין עטלעכע טעג אַרום, גייענדיק אין דעם פערטן קלוב (זיי האָבן שוין אין שטאָט געהאַט פיר קלובן!), האָט אַסיע באַגעגנט מירען. ביידע האָבן זיך פאַרוווּנדערט, וואָס זיי האָבן זיך אַזוי לאַנג ניט געזען, זיי לעבן דאָך נאָענט איינע פון דער אַנדערער. אָבער אין דער היים זעט מען זיי אויך ווייניק — טאָג און נאַכט איז מען פאַרנומען.

מירע איז אַרײַן מיט אַסיען אין קלוב און אַ היפּשע ווײַלע געקוקט, ווי די קינדער שפּילן זיך אין אַ צעבראָכענעם טעלעפאָן. זי האָט שוין געהערט, ווי ברייט אַסיע האָט זיך פאַרמאָסטן מיט די קלובן און געזאָגט:

— דו טוסט אַ וויכטיקע זאַך, אַסיעלע. ווער־ווער, אָבער איך ווייס וואָס הייסט אין די לאַנגע זומערדיקע טעג, ווען אַנדערע קינדער זײַנען אויף דאַטשע, זיצן איינינקער אַליין אין שטוב, אָדער בלאָנקען זיך איבער די גאַסן...

— דו טוסט אַ וויכטיקע זאַך, אַסיע — האָט זי איצט איבערגעחזרט זייער ערנסט, און אַסיע האָט זיך דערפרייט — ״מירע האַלט עס ניט פאַר קיין קלייניקייט, כאָטש זי, מירע, האָט דאָך טאַקע געטאָן ממשותדיקע זאַכן: געהאָלפן אין די פראָפּפאַראיינען באַאָרגן מענטשן מיט אַרבעט, געווען איינע פון די, וואָס האָבן אויסגעפירט די גרויסע מלוכה־אויפגאַבע: ליקווידירן אַרבעטסלאָזיקייט...״

# אַ שטילער אָוונט

איין מאָל האָט וויטע געהאַט אַ פרײַען אָוונט. אַסיע האָט אויך געהאַט צײַט, אַרײַנגעלאָפן צו איר אין קרײַז־קאָמיטעט.

אין דרויסן איז געווען ליכטיק, די זומער־אָוונטן לאַנגע; האָבן זיי הײַנט

באַשלאָסן זיך אַרויסצורײַסן אַ ביסל אין וואַלד. ווען זיי האָבן זיך געפונען בײַם ברעג טײַך, בײַם דאַמפער, האָט ער גראָד אַ הודע געטאָן, געקליבן זיך אָפּצושווימען.

— זעסט, ווי ס׳איז אונדז געלונגען!

— וויטקע, דערצייל, ווי ס׳לעבט זיך דיר.

— לאָמיר אַ ווײַלע שווייגן, אַסיע, גוט? קוק זיך אײַן, ווי שיין די שטאָט איז אין אָוונטשײַן. איך האָב שוין אַזוי לאַנג אויף איר ניט געקוקט...

די זון האָט זיך גענייגט צו מערב, און די שטראַלן אירע זײַנען איצט געווען ראָז, פון וואָס דער גרינער שלאָסבאַרג האָט אויסגעזען ווי אײַנגעהילט אין אַ ראָזן נעפּל.

דער דאַמפער איז ניט געאײַלט פאַרבײַגעשווומען די מיליטערישע תפיסה, וואָס איז געשטאַנען אויפן ברעג טײַך. דער בנין פלעגט אַסיען אַלע מאָל אויסווײַזן בלינד, ווײַל די פענצטער, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט אויפן טײַך, זײַנען געווען ביז אויבן פאַרשטעלט מיט פאַרזשאַווערטע בלעכענע צודעקן.

— די שטאָט איז ניט גרויס, און אַזוי פיל תפיסות — האָט באַמערקט וויטע. — אַהער פלעגט מען אַרײַנזעצן באַשטראָפטע זעלנערס.

דער טײַך איז געפלאָסן רויִק, פאַרטראַכט, און נאָר דאָ און דאָרט, נעענטער צום ברעג, האָבן געברויזט קליינע וואַסער־ווירבלען.

— אַסיע, קוק זיך אײַן, דער קלויסטער איז ראָז!

ס׳האָט זיך שוין געזען קאַלוואַריע. פון דער געדיכטעניש פון וואַלד זײַנען אַרויסגעוואַקסן די טורעמס פונעם ווײַסן קלויסטער, באַגאָסן מיט ראָזן אָוונטשײַן. דער וואַלד אַרום איז געשטאַנען אַ שוואַרצער, אומהיימלעכער, אימהדיקער, ווי ער וואָלט פאַרבאָרגן סודות און כישוף. אַסיען האָט זיך איצט אויסגעדוכט, אַז זי פאַרשטייט, פאַר וואָס גלויביקע קריסטן מאַכן דורך יעדן פרילינגס־יום־טוב אַ לאַנגן וועג צום קלויסטער אויף די קניִען — דער מעכטיקער וואַלד איז דאָס פּאַסיקסטע אָרט פאַרן גלויבן אין אומנאַטירלעכע כוחות...

די מיידלעך רײַסן זיך אָפּ פונעם נאַטור־צויבער. אָט אַנקערט שוין דער דאַמפּער. זיי גייען אַראָפּ אויפן ברעג.

— דו ווייסט, וויטקע — דערציילט אַסיע — מיר עפענען שוין דעם

זיבעטן קלוב. איצט האָבן מיר שוין צונויפגעזאַמלט אין די קלובן די גאַנצע שטאָט קינדער.

— דו ביסט בײַ מיר אַ כוואַט — קוקט וויטע זי אָן מיט שײַן אין די אויגן.

— איך זע איצט זעלטן די חברה, פאַרשטייסט אַליין, זיבן קלובן. דערצייל וואָס עס הערט זיך .

— העניע איז אַוועקגעפאָרן אַהיים צו די עלטערן. זי איז איצט דאָרטן, בײַ זיך אין אַליטע, דער קאָמיוג־סעקרעטאַר. און מיכקע... מיט מיכקען איז געוועזן אַ נומער! אגב, דו ביסט געוועזן אויפן קאָנצערט פון די סאָוועטישע אַרטיסטן?

— אוי, רייד ניט, ס׳פאַרדריסט מיך אַזוי! איך בין דאָך געוועזן מיט דער אַגיט־ בריגאַדע אין דאָרף.

— וויל איך דיר דערציילן: דער טעאַטער איז דאָך פאַרמאַכט, ס׳איז זומער, קיינער איז ניטאָ. זײַנען אָבער געקומען אויף גאַסטראָלן באַרימטע אַקטיאָרן פון מאָסקווע. רופט מען אַרויס מיכקען אין פאַרטיי־קאָמיטעט און מען זאָגט: "מאָרגן ועסטו זײַן דער דירעקטאָר פון דער אָפּערע". מיכקע האָט אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגן: "איך? אַ דירעקטאָר?" און שלום, וואָס איז געשטאַנען דערבײַ, זאָגט לאַכנדיק: "אַז די רעוואָלוציע וועט פאָדערן, וועט מיכל ווערן דירעקטאָר פון טעאַטער". די אונטערשטע שורה: מיכקע האָט זיך אונטערגענומען און טאַקע געמאַכט אַלץ, ווי ס׳באַדאַרף צו זײַן; צונויפגענומען די ראַמערינס, די בילעטערן, די בינע־אַרבעטער, אָפּגעדרוקט און פונאַנדערגעקלעפּט אַפישן. די בילעטן באַשלאָסן צו פאַרקויפן שפּאָט־ביליק און אַלע פאַר איין פּרייז, ס׳זאָל זײַן דעמאָקראַטיש. מיכקע האָט זיי אַליין פאַרקויפט, קיינעם ניט אָנגעטרויט: מאַטעריעלע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן פאָלק! צונויפגענומען דאָס געלט און געבראַכט עס אין פאַרטיי־קאָמיטעט, אַוועקגעגעבן סאָניען, דעם קאַסיר.

די מיידלעך האָבן אַליין ניט באַמערקט, ווי זיי האָבן זיך געפונען אויף זייער אַמאָליקן אָרט אין וואַלד, ווו זיי פלעגן קליינערהייט קלײַבן שוועמלעך.

— קוק זיך אײַן! פוטער־שוועמלעך.

— רײַס נאָר ניט קיין קליינינקע, לאָז איבער אויף מאָרגן.

אַזוי פלעגן זיי טאָן יעדן זומער, ווען זיי האָבן זיך באַקענט און פלעגן טאָג־טעגלעך קלײַבן שווועמלעך; איצט האָבן זיי פאַרגעסן, אַז מאָרגן וועלן זיי דאָ ניט זײַן און אַז ס׳וועט זיך זיי געוויס ניט אײַנגעבן אַזוי גיך ווידער אַרויסצורײַסן אויף אַ שפּאַציר.

— נו, דערצייל נאָך נײַעס! — האָט אַסיע געבעטן.

— נעכטן איז צווישן שלומען און מיכקען געקומען צו אַ סיכסוך. איצט קלײַבט מען דאָך אויס אין די פאַבריקן און וואַרשטאַטן קאַנדידאַטן צו די אַרבעטער־קאָמיטעטן. האָט מיכקע געבראַכט זײַן רשימה. שלום האָט עס דורכגעקוקט און אַ וואָרף געטאָן אויפן טיש: ״ס׳טויג ניט!״ מיכקע האָט זיך פאַרוווּנדערט: ״דאָס זײַנען איבערגעגעבענע חברה, מויער־אײַזן. אויב ניט קיין קאָמיוגיסטן, איז שוין געוויס סימפּאַטיקער נאָך פון יענע צײַטן״. ״דאָס איז דאָך דאָס, אַז פון יענע צײַטן. אַזוי וועלן מיר די אַרבעטער־מאַסן קיין מאָל ניט צוציען. מע דאַרף נעמען נײַע״. ״אָבער אויף די קען מען זיך מער פאַרלאָזן!״

און שלום, ווי ער וואָלט שוין ניט געהערט, וואָס מיכקע רעדט, האָט קורץ רעזומירט: ״קוק זיך צו צו מענטשן און קלײַב אויס אַנדערע. אָט אַזוי. און איצט גיי און פיר אויס וואָס איך זאָג״.

מיכקע איז אַרויסגעלאָפן פון שלומס קאַבינעט רויט ווי אַ בוריק. מיט וואָס דאָס האָט זיך פאַרענדיקט, האָט נאָך וויטע ניט געוווּסט.

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן, אַסיע האָט אויך געשוויגן. ס׳האָט איר געקלעמט דאָס האַרץ פאַר מיכקען און נאָך מער — פאַר שלומען. זי וואָלט געוואָלט אים זען אַ בעסערן, זי פלעגט זשעדנע זאַמלען יעדע ידיעה וועגן אים, באַזונדערס דאָס גוטע, וואָס זי האָט וועגן אים געהערט און געוווּסט. ווען זי קען, וואָלט זי פאַרמאַכט די אויגן אויף אַלע זײַנע חסרונות.

חברים פון קאָוונע פלעגן ריידן וועגן זײַן דרײַסטקייט און גבורה, וועגן זײַן גרויסער ליבע צו דער פאַרשטאָרבענער פרוי. זיי האָבן דערציילט, אַז אין אונטערגרונט זײַנען געווען אויך אַזעלכע, וואָס פלעגן זיך אַרויסזאָגן פאַר פרײַער ליבע (הײַנט ביסטו אויף דער פרײַ און מאָרגן אין תפיסה!), אָבער שלום איז געווען פאַר ריינקייט אין די באַציִונגען צווישן מאַן און פרוי און האָט אַנטשלאָסן געקעמפט קעגן צעלאָזנקייט. אַזאַ איז ער געווען אין אַלעם — האַרט, אַנטשלאָסן, גראָדליניק. און אין דער זעלבער צײַט — פּעיִק זיך

צו ענדערן, ווי אַ וועטער: אָט קאָכט ער זיך און זאָגט אַ שאַרף וואָרט, און אָט רעדט ער שוין מיטן זעלבן מענטשן ווי קיין מאָל גאָרניט, ווי ער וואָלט אים אָקאָרשט גאָר ניט באַעוולט.

— שלום איז היציק, אימפּולסיוו, ס׳איז שוין אַזאַ כאַראַקטער... — האָט זיך אַרויסגעריסן ביַי אַסיען.

— ביַי סתם מענטשן קען זיַין אַבי וואָס פאַר אַ כאַראַקטער, אָבער אַן אָנפירער דאַרף זיך האַלטן אין די הענט, ער האָט ניט קיין רעכט צו זיַין גראָב! — האָט שאַרף געענטפערט וויטע, און נאָך אַ וויַילע שטילשוויַיגן צוגעגעבן: — יעדנפאַלס, באַליידיקן מיכקען האָט ער ניט געטאָרט.

וויטע איז, פאַרשטייט זיך, געווען גערעכט. מיכקע איז אָרנטלעך און איבערגעגעבן דער זאַך מיט דער גאַנצער נשמה. איַי, ער איז ניט געבילדעט, ער פאַרשטייט עפּעס ניט, דאַרף מען געפינען ציַיט און געדולד אים אויפצוקלערן. דריַיצן יאָר איז ער אַלט געווען, ווען ער איז צום ערשטן מאָל אַריַינגעפאַלן אין טורמע. ער איז פון דאָרטן אַרויס און ווידער זיך אַריַינגעוואָרפן אין געווירבל פון אומלעגאַלער אַרבעט. איַינגעזעצט האָט מען אים ווידער בעת אַ דעמאָנסטראַציע, מיט אַ רויטער פאָן אין דער האַנט. ווען ער איז אַרויס, האָט מען אים אַרעסטירט נאָך אַ מאָל, דאָס מאָל פאַרשיקט אין דעם אויסבעסערונגס־לאַגער פאַר מינדעריעריקע. אַסיע האָט געוווּסט, אַז פאַר אים עקסיסטירט גאָרניט אויסער דער רעוואָלוציע. ער איז אַ געבוירענער פאָנען־טרעגער. אַסיע האָט אים אַלע מאָל געהאַט פאַר די אויגן אַזאַ, ווי ער איז געווען יענעם יוני־טאָג אויף דעם סאָוועטישן פאַנצער־אויטאָ מיטן הויך אויפגעהויבענעם רויטן טראַנספּאַראַנט.

געוויס האָט מען אים געדאַרפט אַלץ אויפקלערן, כאָטש ס׳איז ניט אַזוי לייַכט, באַזונדערס אַזאַ בונטאַרישער נאַטור ווי מיכקע, צו דערקלערן, פאַר וואָס מען קען זיך ניט שטיצן הויפּטזאַכלעך אויף די געוועזענע ״פּאָדפּאָלשטשיקעס״, פאַר וואָס מען דאַרף אויך אַרויסרוקן אַנדערע, וואָס זיַינען געקומען אין קאָמיוג דאַן, ווען ס׳האָט שוין ניט געדראָט קיין סכנה.

— דעם אמת זאָגנדיק — האָט וויטע איבערגעריסן אַסיעס געדאַנקען — האָבן חברים פון צענטער, פון דער אָנפירונג, אפילו פאָרגעוואָרפן

שלומען, הלמאי ער ציט אַרײַן צו ווייניק נײַע מענטשן. דאָס שטיצן זיך אויפֿן אַלטן אַקטיוו האָט מען באַצייכנט ווי ״סעקטאַנטיזם״.

וויטע האָט עס געזאָגט און איז אַנטשוויגן געוואָרן, ווײַזט אויס זיך געכאַפּט, אַז זי האָט, ניט ווילנדיק, אויסגעזאָגט עפּעס איבעריקס. אָבער אַסיע האָט עס ניט באַמערקט.

— האָט ער דאָך עס געקענט זאָגן מיכקען.

— געקענט... דו האָסט ווען געהערט, שלום זאָל זיך פֿאַרענטפֿערן?

— טאַקע... מיר דוכט זיך טייל מאָל, אַז ער וויל אויסזען ערגער, ווי ער איז אין דער אמתן. אַזאַ מאָדנער אינעווייניקסטער קידער־ווידער.

— יעדנפֿאַלס וועט ער גיכער מסכּים זײַן, מען זאָל וועגן אים ריידן ווער ווייסט וואָס, איידער ער זאָל זיך פֿאַררופֿן אויף אַ דירעקטיוו פֿון אויבן... קיין זאַך וועט ער וועגן דעם ניט זאָגן, ניט מיכקען, ניט די אַנדערע.

— שלומען קען מען אָבער אויך ניט באַשולדיקן. זע וויפֿל ענינים ער האָט אויף זײַן קאָפּ — האָט אַסיע שטיל געזאָגט — און דערצו... אַרום איז אַזוי פֿיל פֿרייד און ער מיט זײַן עלנט...

— פֿאַרטיידיקסט שוין ווידער שלומען — האָט וויטע געזאָגט. — דו, אַסינקע, אידעאַליזירסט שטענדיק מענטשן.

צוריק איז שוין דער דאַמפֿער געשווומען שפּעט אין אָוונט. די מיידלעך זײַנען שווײַגנדיק געשטאַנען אויפֿן דעק און געקוקט אויף די קאָנטורן פֿון די ברעגן. ריידן האָט זיך שוין ניט געוואָלט.

# פֿרייד און טרערן

די שטאָט האָט דעם גאַנצן חודש געלעבט אין רוישנדיקן, פֿריידיקן געאײַל. די גאַסן האָבן געשוויבלט און געגריבלט פֿון מענטשן. אַלע זײַנען געווען פֿאַרטאָן. ס׳האָט אויסגעזען אַזוי, ווי פֿאַר יעדן ווילנער וואָלטן זיך געפֿונען וויכטיקע, אומאָפּלייגבאַרע ענינים.

דעם 21טן יולי, ווען דער נײַ־אויסגעקליבענער ליטווישער סיים האָט

פּראָקלאַמירט אין רעפּובליק די ראַטנמאַכט, האָבן די גאַסן פון שטאָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ געדיכטן שטראָם פון מענטשן. אָט פליסט ער, דער מענטשנשטראָם, איבער די גאַסן, און אַסיען דאַכט זיך, אַז די גאַנצע שטאָט יובלט.

ווי לאַנג זײַנען זיי שוין אַזוי געגאַנגען? קיינער האָט עס ניט באַמערקט, מען האָט שוין אויסגעזונגען אַזוי פיל לידער, און קיינער איז ניט מיד געוואָרן צו זינגען, קיינער האָט ניט געפילט די וואָג פון אייגענעם קערפּער. אָט איז מען שוין אַדורך אַלע צענטראַלע גאַסן און מען קערט זיך אום צום קרײַז־קאָמיטעט. בלויז מיט עטלעכע וואָכן צוריק האָבן זיי אויפגעעפנט די טיר פון דאָזיקן בנין מיטן גרויסן שליסל, אָבער אַסיען דאַכט זיך, אַז ס׳איז שוין אַריבער אַן אייביקייט. אויפן באַלקאָן פונעם בנין שטייען מענטשן מיט טרערן פון פרייד אין די אויגן. פיל פון זיי זײַנען נאָך ביז ניט לאַנג געזעסן אין סמעטאָנישע תפיסות, און איצט... עמעץ נעמט זינגען דעם "אינטערנאַציאָנאַל". אַלע כאַפּן אונטער, און ווען מען ענדיקט, בלײַבט די גאַס אַ ווײַלע פאַרגליווערט אין אַ ריזיקער, פײַערלעכער שטילקייט...

די דעמאָנסטראַציע האָט זיך שוין געענדיקט, אָבער די שמחה אויף די גאַסן דויערט ווייטער. רויטאַרמייערס פירן אויף זייערע אויטאָס קינדער דורך די גאַסן. און דערנאָך, ווען דער קינדער־המון צעפליסט זיך, קלעטערן אַרויף אויף די לאַסט־אויטאָס אויך יוגנטלעכע, כדי זיך אַרײַנצורײַסן מיט זייערע לידער אין די פאָרשטעטע, וווּ ס׳איז איצט כמעט שטיל, ווײַל דער עולם האָט זיך מערסטנס פאַרזאַמלט אין צענטער שטאָט. זיי — מיכקע, שלום, אַסיע, וויטע, מלכה, דאַניע, מירע און נאָך, און נאָך זײַנען אַרומגעפאָרן און געזונגען, געזונגען, פאַרקלינגענדיק די גאַנצע געגנט אַרום.

צום קרייז־קאָמיטעט האָבן זיי זיך אומגעקערט אין אָוונט. די לאַסטאויטאָס האָבן זיך אָפּגעשטעלט, און שלום האָט מיט אַ מאָל אַ כאַפּ געטאָן מיכקען אין זײַנע פעסטע אָרעמס. דאָס איז געווען אַזוי אומדערוואַרט, אַז אַלע האָבן זיך אָפּגעשטעלט קוקנדיק פאַרגאַפט. דערנאָך איז מען אַראָפּגעשפּרונגען אויף דער ערד, זיך געזעגנט, און יעדער איז אַוועק אַהיים. נאָר אַסיע האָט זיך ניט געקענט רירן פון אָרט, זי האָט געקוקט אויף שלומען און אויפגעכאַפּט זײַן בליק; ס׳איז אין אים געווען אַ ים אומעט און בענקשאַפט. שלום האָט געקוקט אויפן ליכט אין

אַלע פענצטער פונעם פערטן גאָרן — דאָרט האָבן צײַטווײַליק געלעבט די מיטאַרבעטערס פון קרײַז־קאָמיטעט, וואָס זײַנען געקומען פון קאָוונע: מענער מיט פרויען פון אונטערגרונט, פון תפיסות, וועלכע האָבן זיך געטראָפן און ווידער פאַרבונדן נאָך לאַנגע יאָרן צעשיידונג. נאָר אין אײַן פענצטער איז ניט געווען קיין ליכט — אין שלומס. אַסיע האָט ווידער אַ קוק געטאָן אויף אים און אַרויסגעלייענט פון זײַן בליק: "איך האָב עס דערלעבט, און זי ניט". ער האָט אָבער קיין זאַך ניט געזאָגט און אַסיע האָט אויך געשוויגן. זי האָט שוין געוואָלט פאָרלייגן "לאָמיר זיך דורכגיין אַ ביסל", אָבער זיך ניט אַנטשלאָסן, אַ קלער טוענדיק: ווי שווער אים זאָל ניט זײַן זיך אומצוקערן איצט אין זײַן איינזאַמען צימער, מוז ער אפשר אין דעם מאָמענט גיין צו זיך און בלײַבן אַ ביסל אַליין מיט זײַנע מחשבות וועגן איר...

אַסיע האָט אים שטאַרק אַ דריק געטאָן די האַנט און איז אַוועקגעלאָפן אַהיים.

די געדאַנקען וועגן שלומען האָבן זי ווידער אַ מאָל צוריקגעקערט צו איר אייגענער פאַרגאַנגענהייט, צו די מחשבות וועגן באָרען. שלום טראַכט איצט געוויס וועגן זײַן פאַרשטאָרבענער פרוי סאַרע, און אַסיע האָט געפילט, אַז דאָס דערנענטערט זי, אַסיען, צו אים. קיין איין פרעמדער מענטש וואָלט, פאַרשטייט זיך, ניט געקענט נעמען ערנסט דעם פאַרגלײַך: שלום האָט פאַרלאָרן אַ ווײַב און זי, אַסיע — אַ חבר, און אַלט איז זי דאַן געווען קאַרגע פופצן יאָר. קיינער וואָלט זיך אפשר ניט געקענט פאָרשטעלן, אַז דאָס איז געווען אמתע ליבע. זי, אַסיע, האָט עס געוווּסט. און פאַרשטאַנען האָט עס אויך בלויז איר מאַמע, וועלכע האָט די אַלע יאָרן קיין זאַך ניט געפרעגט בײַ איר, אָבער אומרויִק געקוקט אויף דער טאָכטער, וואָס פלעגט זיך אַזוי פאַרטיפן אין איר קורצער, נאָר טרויעריקער פאַרגאַנגענהייט.

אַסיע אַליין האָט דווקא איצט, ווען זי האָט קלאָר זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון וואָס מיט איר קומט פאָר, נאָך בעסער פאַרשטאַנען, ווי ערנסט און ווײַט ניט קינדעריש ס'איז געווען איר געפיל צו באָרען. דעם אָוונט איז זי אַנטשלאָפן געוואָרן מיטן געדאַנק וועגן אים, און ער האָט זיך איר ווידער, ווי שוין ניט איין מאָל די לעצטע צײַט, געחלומט. אין חלום איז ער ניט געווען טויט, אָבער האָט לאַנג, לאַנג שווער געקרענקט; נאָר אָט איז די קראַנקייט אַריבער. אַסיע האָט איצט דײַטלעך געזען זײַן אויסגעמאַטערט פנים, פון

וואָס דאָס פּנים איז געוואָרן נאָך ליכטיקער. און זי האָט זיך געדאַרפט אַנטשיידן, ווער: באָרע, צי שלום? זיי קענען נישט איינער דעם אַנדערן, יעדער עקסיסטירט אַליין פאַר זיך, אָבער זי דאַרף אויסקלײַבן. און זי בלײַבט מיט באָרען.

...זי האָט זיך אויפגעכאַפּט, ווי ס'פלעגט שוין ניט איין מאָל פּאַסירן, מיט אַ ביטער געפיל, ווי זי וואָלט באָרען נאַר וואָס פאַרלאָרן. וועגן שלומען האָט זי אין דעם מאָמענט פאַרגעסן, זי האָט זיך אויפגעוועקט פון צער, אַז באָרע איז ניטאָ. אַסיע האָט נאָך ניט געוווּסט, אַז ער וועט זיך איר חלומען זייער לאַנג, אפילו דאַן, ווען זי וועט שוין זײַן אַ מאַמע פון קינדער...

אָפּטרייסלענדיק פון זיך דעם שלאָף, האָט זי אָבער אַ קלער געטאָן וועגן שלומען, און צוזאַמען מיטן געדאַנק וועגן אים איז אומגעריכט אויפגעשווומען אַן אַנדער געדאַנק — וועגן וויטען.

בעת שלום האָט, אַרבעטנדיק אין אונטערגרונט, געלעבט אומלעגאַל ערגעץ הינטער דער שטאָט, פלעגן זיי זיך ביידע פון צײַט צו צײַט טרעפן און צוזאַמען שפּאַצירן אין דער אומגעגנט. וויטע פלעגט פירן שלומען אין שיינע נאַטור־ווינקעלעך. ביידע פלעגן קלײַבן נחת פון דער פּראַכט אַרום, און פאַר שלומען פלעגן עס זײַן שטילע שעהען פון רו אין זײַן שווערן אומלעגאַלן לעבן.

פריִער, ווען וויטע פלעגט מיט כלומרשטן גלײַכגילט דערציילן וועגן זייערע שפּאַצירן, פלעגט אַסיען זיך אויסדאַכטן, אַז זי אַליין איז צופרידן דערפון: זי האָט דאָך געוואָלט אונטערהאַלטן די פרײַנדשאַפט צווישן שלומען און וויטען. אָבער ווען אַסיע האָט נאָך דער מײַאָווקע אויף די גרינע אָזערעס דערשפּירט, אַז מיט איר אַליין קומט פאָר עפּעס אויסטערלישס, האָט איר אַרומגעכאַפּט אַ היפּש ביסל אומרו און פאַרלעגנהייט. און ווען איר איז שוין קלאָר געוואָרן, אַז זי האָט ליב שלומען, האָט זי באַשלאָסן צו לעשן אין זיך דאָס געפיל, אויב וויטע האָט אים אויך ליב. און אויסגעדאַכט האָט זיך איר, אַז אַזוי איז עס טאַקע. זי האָט געגלויבט, אַז זי קען גוט איר פרײַנדין. לעצטנס האָט אָבער אַסיע אָנגעהויבן באַמערקן, ווי וויטע, אַרבעטנדיק מיט שלומען, דערווײַטערט זיך בהדרגהדיק פון אים. וויטע פלעגט זיך פון יעדן שאַרפן וואָרט זײַנעם אײַנשרומפּן, ווי פון אַ קלאַפּ, און

גלײַך נאָך דעם פּלעגט זיך אויף איר פּנים אויסמאָלן דער אויסדרוק פון קאַלטן גלײַכגילט.

אַסיע, פאַרשטייענדיק, אַז דער גלײַכגילט איז בלויז אַ מאַסקע, האָט זיך נאָך אַ לענגערער קווענקלעניש אַנטשידן צו פרעגן:

— דו האָסט ליב שלומען?

וויטעס פּנים האָט זיך פאַרוואָלקנט, און זי האָט געענטפערט: — ניין.

אַסיע האָט איר געגלויבט. אפשר דערפאַר, וואָס קענענדיק דער חברטעס אומאָפּהענגיקן כאַראַקטער, האָט זי געטראַכט, אַז וויטע, אויב ס׳וואָלט זיך אפילו בײַ איר דערוועקט אַזאַ געפיל, וואָלט זיך באַמיט אים צו דערשטיקן, אַרויסרײַסן מיטן וואָרצל. און אפשר טאַקע דערפאַר, וואָס איר, אַסיען, האָט זיך געוואָלט גלויבן, אַז אַזוי איז עס. אויסער דעם האָט זיך איצט אין וויטעס לעבן אַלץ געענדערט, זי האָט געהאַט אַ סך חברים, און איינער, דער זעלבער קאָוונער סטודענט, וואָס האָט איר בעת דער ערשטער באַקאַנטשאַפט געשאָנקען אַ בוך, איז צו איר געוויס ניט געווען גלײַכגילטיק.

דערפאַר האָט שוין אַסיען איצט ניט געמאַטערט דאָס געוויסן. אַן אַנדער געדאַנק איז איר געקומען אין זינען: וואָס זײַנען זיי ביידע, סײַ זי, סײַ וויטע ווערט פאַר שלומען? און אויך אַלע אַנדערע מיידלעך, וואָס זײַנען פאַרליבט אין אים, ווײַל אַזעלכע זײַנען געווען אַ סך. ער לעבט מיט זײַן אייגענעם עלנטן לעבן, אויסגעפילט ביז די ברעגן מיט אַרבעט און זאָרג, קיינער פון די מיידלעך גייט אים ניט אָן. אויב ער שפּאַצירט אַ מאָל אַ ביסל מיט עמעצן, איז עס פּשוט אַ מינוט רו...

אַסיע האָט זיך ווידער אַ מאָל דערמאָנט וועגן זײַן אַרט לעבן אין אונטערגרונט. ווי גערן זי פלעגט זיך גריבלען אין די אייגענע געפילן און איבערלעבענישן. און צי האָט זי אַ מאָל אַ קלער געטאָן וועגן דעם, ווי ער לעבט, וואָס ער עסט, צי ער איז זאַט? נאָר שפּעטער, צופעליק, בעת אַ שמועס מיט די חברה, האָט זי זיך דערוווּסט, אַז ער פלעגט עסן מיטיק אין דער ביליקער קיך פאַר אָרעמע־לײַט, און דאָס פלעגט זײַן זײַן שפּײַז אויפן גאַנצן טאָג. "וועגן וועמען קלערן מיר מערער, ווען מיר האָבן ליב אַ מענטשן — האָט זי אַ טראַכט געטאָן — וועגן זיך, צי וועגן אים? איך קלער, דוכט זיך, מער וועגן זיך..."

...אין שטאָט זײַנען נאָך ווײַטער אָנגעגאַנגען די פּײַערונגען, אומעטום

האָבן געשפּילט אָרקעסטערס, די יוגנט האָט געטאַנצט, מאַסן מענטשן האָבן געקוקט פילמען, וועלכע מע פלעגט באַווײַזן, ווען ס׳פלעגט צופאַלן דער אָוונט, אויף די פּלעצער. פאַרבײַגייערס פלעגן זען די פילמען פון די טראָטואַרן, פון באַלקאָנען, פון פענצטער, און קליינוואַרג פלעגט זיך אפילו אײַנאָרדענען אויף דעכער פון קלענערע הייזער. די קאָמיוגיסטן פלעגן לויפן פון אײן טאַנצפּלאַץ צום אַנדערן, ווי באַלעבאַטים, וועלכע דאַרפן אַכטונג געבן, אומעטום זאָל זײַן לעבעדיק און פריילעך, ס׳זאָל זײַן גענוג מוזיק, און דערבײַ טאַקע אַליין כאַפּן אַ טענצל, אַ זונג טאָן אַ ליד.

איינעם אַן אָוונט איז אַסיע, אַ פריילעכע און אַ צעהיצטע, אַרײַנגעלאָפן אַהיים און שוין געוואָלט דערציילן וועגן פילם, וועלכן זי האָט נאָר וואָס געזען. זי האָט זיך אָבער אָפּגעשטעלט, דערזעענדיק, אַז דער טאַטע זיצט אַ צעקלעמטער, דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף דער האַנט, און פּויקט מיט די פינגער פון דער אַנדערער האַנט אין טיש. די מאַמע קעגנאיבער האָט, צירעווענדיק אַ זאָק, געשוויגן און נאָר געוואָרפן אויף אים אומרויִקע בליקן.

— וואָס איז געשען?!

ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער פאָטער איז נאָר וואָס געקומען פון דעם זייגער־מאַכער פון גרויס סטעפּן־גאַס; דער קליינער ייִנגל זײַנער, דער זיבניאָריקער, איז קראַנק געוואָרן. אין שטוב איז געווען נאָר די עלטערע, עטעלע.

— ווו איז די מאַמע? — האָט דער דאָקטער געפרעגט.

— מען האָט זי צוגענומען און אײַנגעזעצט אין טורמע — האָט זיך עטעלע צעוויינט.

זי האָט אַ רוף געטאָן פון קראָם איר פאָטער און ער האָט דערציילט דעם דאָקטער, ווי דאָס איז געשען. — ווען די סאָוועטן זײַנען נאָר אַרײַן, האָט ער געזאָגט , האָבן זיי אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, מען זאָל אָפּגעבן די נײַע סחורה, וואָס מען האָט. איך האָב גראָד געהאַט אַ פּאָר קעסטלעך מיט שווייצאַרישע זייגערס. ווו באַהאַלט מען דאָס? איז סאָניע, די ווײַב מײַנע, אַוועק צו איינער אַ פרוי, מיט וועלכער זי האָט זיך אַ מאָל געלערנט אין שול. יענע האָט געהאַלטן אַ קליינע אכסניה אויף קליין סטעפּן־גאַס. סאָניע האָט זי אַנומלט געהאַט באגעגנט אין גאַס און געפרעגט, צי ס׳פאָרן איצט אַרײַן צו איר אורחים. — ניין, קיינער פאָרט ניט אַרײַן, זיי קומען ניט פון די שטעטלעך

— האָט יענע געענטפערט. האָט מײַן ווייב געפרעגט, צי זי קען בײַ איר איבערלאָזן די פּאָר קעסטלעך זייגערלעך. — קענסט ברענגען — האָט יענע געזאָגט. האָט זיך גערדאַרפט מאַכן, אַז אין דער צײַט, ווען דאָס איז דאָרט געלעגן, האָט אין דער אכסניה זיך אָפּגעשטעלט אַ הענדלער מיט זאַקן. ער איז געגאַנגען האַנדלען מיט זיי אויפן מאַרק, און מען האָט אים געכאַפּט. מען האָט געפרעגט, ווו ער שטייט אײַן, געקומען מיט אים אין דער אכסניה, געמאַכט אַ רעוויזיע, געפונען די זייגערס. "פון וואַנען האָסטו דאָס?" — האָבן זיי געפרעגט בײַ דער באַלעבאָסטע. — ס'איז מײַנס — האָט זי געזאָגט, ניט אַרויסגעגעבן סאָניען. און מען האָט זי אַרײַנגעזעצט. אין שטוב איז געבליבן אַ מאַן מיט צוויי פּיצלעך קינדער. האָט סאָניע געזאָגט צו דער חברטעס מאַן: "זאָג זיי, אַז די זייגערס זײַנען מײַנע, איך וועל דאָס נעמען אויף זיך". זעט איר, הער דאָקטער, יענע איז געווען אַ מענטש, און מײַן סאָניע האָט אויך ניט געוואָלט זײַן ערגער. יענע האָט מען אַרויסגעלאָזט, און מײַנע אַרײַנגעזעצט..."

אַסיעס טאַטע איז אַנטשוויגן געוואָרן. ניט אויפגעהויבן די אויגן פון טיש, מסתמא ניט געוואָלט, אַסיע זאָל אין זיי דערזען זײַן טרויעריקן פּאַראיבל, און נאָר געזאָגט: — טאָכטער מײַנע, איר מאַכט דאָך פּאָליטיק. צי וואָלט ניט געקלעקט קיין געלטשטראָף? איר בייגט איבער דעם שטעקן...

אַסיען האָט ווייטיקדיק אַ שטאָך געטאָן דעם פֿאָטערס פּאָרוווּרף, וועלכן ער האָט אַרויסגעזאָגט שטיל, אויף זײַן דעליקאַטן אופן. "פּאַר וואָס עפּעס מיר?" — האָט אַסיע שיִער ניט געענטפערט, אָבער אַ קלער געטאָן: "ווי דען, אוודאי מיר..."

אַ וויכער פון געדאַנקען האָט זיך אַ הייב געטאָן אין איר קאָפּ: "ספּעקולאַציע דאַרף מען באַקעמפן"... און נאָך עפּעס ערגערס, וואָס זי פלעגט שוין הערן זאָגן: "אַז מען האַקט האָלץ, פליען שפּענער". זי האָט אַוועקגעיאָגט דעם געדאַנק, אָבער, ווער ווייסט פאַר וואָס, האָט זי זיך אין דעם מאָמענט דערמאָנט די ווערטער פון זייער שכן, אַ סוחר, אַ הורטאָווניק, צו וועלכן זיי פלעגן שטענדיק גיין פסח צום סדר. זי, אַסיע, איז נאָך געווען די קלענסטע פוןביידע משפחות, זי פלעגט פרעגן די פיר קשיות און גנבענען דעם אפיקומן. איז אַט, ווען זי איז אַלט געווען אַ יאָר צוועלף און איז שוין געווען אין אונטערגרונט אַ פּיאָנערקע, האָט דער שכן, דער אַלטער

קליאַטשקין איר געשטעלט אַ קשיה: ״אַסינקע, אַז איר וועט קומען צו דער מאַכט, וועסטו מיך, דעם בורזשויִ אַרעסטירן? זי איז צעמישט געוואָרן, אָבער ליגן זאָגן האָט זי ניט געקענט און געענטפערט: ״יאָ!״ אַלע זײַנען אויסגעבראָכן אין אַ געלעכטער.

הײַנטיקן אָוונט האָט אַסיע לאַנג ניט געקענט אײַנשלאָפן, פאַר די אויגן האָבן זיך געפלאָנטערט באַקאַנטע פּנימער — די שיינע פרוי סאָניע אין קראָם, איר בלאָנד טעכטערל עטעלע מיט די גראָבע צעפּ, וועלכע אַסיע פלעגט אָפט זען אין שול; דער טאַטע, אַ פּאַראומערטער, בײַם טיש... זי האָט שוין ניט געוווּסט, צי זי זעט עס אויף דער וואָר, צי אין חלום, ווײַל מיט אַ מאָל האָט זיך אַרײַנגעריסן די שטראָמענדיקע, ברויזנדיקע פון פרייד, צעזונגענע גאַס...

# אונטער פּיר אויגן

אויף צו מאָרגנס האָבן נאָך געדויערט די מאַסן־פּאַרווײַלונגען, און אַסיע האָט באַגעגנט שלומען בײַם אַלטן ראָטהויז. מענטשן האָבן זיך דאָ אויסגעשטעלט אין אַ קרײַז און געפּאַטשט בראַוואָ אַ רויטאַרמייער, וועלכער האָט געטאַנצט אַ קאָזאַטשאָק, מאַכנדיק פלינק ״פּריסיאַדקעס״ און נייגנדיק זיך דערבײַ גאַלאַנט צו אַ שלאַנק מיידל. שלום איז געשטאַנען צווישן דעם עולם און האָט באַגײַסטערט געקוקט אויף די טאַנצנדיקע. די אויגן זײַנע האָבן געשײַנט, און אַסיען האָט ער אויסגעוויזן ווי אַ ייִנגל, וועלכן מען האָט צום ערשטן מאָל אין לעבן געבראַכט צו פירן אין טעאַטער. ער האָט זי באַמערקט נאָר דאַן, ווען זי האָט אים אָנגערירט בײַם אָרעם.

— פאַר וואָס טאַנצסטו ניט? — האָט ער געפרעגט.

— איך האָב זיך שוין אָנגעטאַנצט. און דו?

— איך קען ניט טאַנצן.

ער איז נאָך אַ ווײַלע געשטאַנען, ניט בכוח געווען זיך אָפּצורייסן פונעם פריידיקן בילד, און נאָך דעם פאָרגעשלאָגן:

— קום זיך דורכשפּאַצירן.

אַסיע האָט בגניבה אַ קוק געטאָן אויף שלומען — ער איז נאָך אַלץ געווען אויפגערודערט, ווי ער וואָלט אַליין נאָר וואָס געטאַנצט. אָנגעטאָן איז ער געווען אין זײַן געוויינלעכן גרויען העמדל פון זײַדענעם טריקאָטאַזש מיט אַן אָפּגעלייגטן קראַגן; דאָס העמדל האָט אים זייער געקלײדט, באַזונדערס איצט, ווען ער איז געווען אָפּגעברענט און האָט אויסגעזען ווי אויסגעגאָסן פון איין שטיק בראָנדז.

זיי האָבן לאַנג שפּאַצירט איבער די גאַסן, דערנאָך אַרײַן אין קרײַז־קאָמיטעט — אַסיע האָט געדאַרפט עפּעס נעמען בײַ זיך אינעם קינדער־סעקטאָר. זי האָט געעפנט דעם צימער און זיך אַ ווײַלע צוגעזעצט אָפּרוען. שלום האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף איינעם פון די לאַנגע טישן און שפּעטער זיך אויסגעצויגן אויפן רוקן, אונטערלייגנדיק די הענט אונטערן קאָפּ און האַלב צומאַכנדיק די אויגן־לעפּלעך. נאָך אַ מינוט שווײַגן האָט ער אָנגעהויבן ריידן אַזוי, ווי ער וואָלט ווײַטער פאָרגעזעצט אַן אָנגעהויבענעם שמועס.

...— יענעם טאָג האָבן מיר באַגלייט אויפן לעצטן וועג דעם אַרבעטער קראַנאַוסקאַס, וועלכער האָט, אַ דערפירטער ביז צו פאַרצווייפלונג, דערשאָסן דעם פאַבריקאַנט, און גלײַך זיך אַליין גענומען דאָס לעבן. קראַנאַוסקאַסעס לוויה האָט זיך פאַרוואַנדלט אין דער גרעסטער דעמאָנסטראַציע, וואָס קאָוונע האָט ווען עס איז געזען. סאַרע איז געגאַנגען אין די ערשטע רייען, זי האָט גענומען זינגען אַ רעוואָלוציאָנער ליד און מענטשן האָבן מיטגעזונגען. אויף דעמאָנסטראַציעס פלעגט זי שטענדיק גיין בראש פון די רייען. אַזאַ מיידל איז עס געווען. יענעם טאָג האָט מען זי אַרעסטירט...

אַסיען האָט פאַרכאַפּט דער אָטעם. צום ערשטן מאָל האָט מיט איר שלום גערעדט וועגן זײַן פרוי, און זי האָט ניט געוואָלט, ער זאָל באַמערקן, ווי אויפגערעגט זי איז. ער איז געלעגן מיט האַלב צוגעמאַכטע אויגן, לאַנגזאַם דערציילט, און גערעדט האָט ער אַזוי, ווי ער וואָלט ניט ריידן מיט עמעצן, נאָר קלערן אויף אַ קול. און דאָך האָט אַסיע געשפּירט, ווי נייטיק אים איז, אַז עמעץ זאָל דאָ זײַן דערבײַ און שווײַגנדיק האָרכן. ס'האָט איר אַרומגעכאַפּט אַ פריידיקער ציטער דערפון, וואָס דער מענטש איז טאַקע זי.

און ווען ס׳האָט זיך איר געוואָלט עפּעס פֿרעגן, האָט זי זיך איינגעהאַלטן, ניט צו שטערן אים, ניט איבערצורייסן.

ער האָט דערציילט וועגן זאַכן, וועגן וועלכע זי האָט שוין לאַנג געוווסט, ווייל זי האָט ניט דורכגעלאָזן קיין איין געלעגנהייט זיך וועגן זיי צו דערוויסן. איצט אָבער, ווען ער האָט וועגן דעם גערעדט אַליין, האָט זי קוים באַהערשט די כוואַליע פֿון קעגנזעצלעכע געפֿילן. דאָס איז געווען סיי די פריידיקע איפּרודערונג דערפֿון, וואָס ער רעדט וועגן דעם דווקא מיט איר; סיי אַ שאַרפֿער מיטגעפֿיל, וועלכן ס׳האָט זיך אַזוי געגלוסט אַרויסוויזן, און וועלכן זי האָט ביז איצט ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט אויסצודריקן; און אַ דעמפּיק געפֿיל פֿון אויסזיכטלאָזיקייט דערפֿון, וואָס זי, אַסיע, וועט קיין מאָל ניט האָבן סאַרעס מעלות, וועלכע רופֿן בײַ שלומען נאָך ביז הײַנט אַרויס אַזוי פֿיל באַגײַסטערונג. שלום האָט אַ מאָל געזאָגט, אַז פֿאַר אַ רעוואָלוציאָנער אין אונטערגרונט איז וויכטיק ניט חוצפּהדיקע דרייסטקייט, נאָר אויסגעהאַלטנקייט און ניכטערער פֿאַרשטאַנד...און דאָך פֿלעגט ער אַריינפֿאַלן אין התפּעלות פֿון סאַרעס גרייטקייט יעדן מאָמענט צו ריזיקירן, פֿון איר שטאָלצער פֿאַראַכטונג צו די פֿאַרפּאָלגערס, דער פּאָליציי.

— פֿון תּפֿיסה האָט זי מיר געשריבן — האָט ער ווײַטער געצויגן, — איך זאָל איר שיקן וואָל צו שטריקן און עפּל, זי האָט זייער האָלט געהאַט עפּל. איך האָב כמעט ניט געהאַט קיין געלט, ס׳איז מיר געבליבן אויפֿן עסן אפֿשר אויף זעקס טעג. איך האָב איר אָבער געקויפֿט וואָל און עפּל און עס איר איבערגעגעבן אין טורמע...

״יאָ, ער האָט עס איר געשיקט — האָט אַ קלער געטאָן אַסיע — און אַליין דערנאָך אַ גאַנצע וואָך אַרומגעגאַנגען הונגעריק״. שלום האָט ליב געהאַט סאַרען פֿאַר איר לעבנספֿרייד, אין וועלכער אַסיע האָט געזען אויך אַ היפּש ביסל עגאָיִזם. אגב האָט שוין אַסיע לאַנג באַמערקט, אַז שלומען געפֿעלט ״אַ געזונטער עגאָיִזם״ און אַז ער פֿאַרטראָגט קוים אין מענטשן גריבלעניש, איבעריקע געוויסן־ביסן, ״טאָכעס־קלעמעניש״, ווי ער פֿלעגט עס רופֿן.

— זי האָט געהאַט אַ שווער לעבן — האָט ער דערציילט, — די משפּחה איז געווען גרויס, אַ שטוב מיט קינדער, זי, די עלטסטע, איז פֿרי אַוועק אַרבעטן. זי פֿלעגט אָנקומען אין אַ פֿאַבריק און ס׳פֿלעגט זיך גלײַך

אָנהייבן: דער באַלעבאָס וואַרפט אויף איר אַן אויג, דער מײַסטער לאָזט ניט לעבן, אַ שיינע געוועזן.

אַסיע קלערט מיט אומעט וועגן איר אייגענעם ווילשטאַנד און וועגן דעם, צי כאָטש עפּעס, אַ קליין ביסל, איז דאָ אין איר, וואָס זאָל שלומען קענען געפעלן? זי זוכט עס אין זיך און קען ניט געפינען.

— און דאָך איז זי געווען דאָס פריילעכסטע מיידל פון אַלע, וועלכע איך האָב געקענט, — גיט ער צו. — זי פלעגט זיך פרייען מיט יעדער קלייניקייט, קיין מאָל ניט קרענקען און זיך ניט זאָרגן וועגן דעם אייגענעם געזונט. און מיט אַ מאָל — אַזוי אומגעריכט און אַזוי אומזיניק...זי האָט זיך פאַרקילט און, מסתמא, ווי געוויינטלעך, ניט געלייגט קיין אַכט, איך ווייס אפילו ניט, ווי אַזוי דאָס איז געשען. איך בין דאַן ניט געווען אין שטאָט. קיין דאָקטער האָט זי ניט אַרויסגערופן, ס׳האָט געקאָסט צו טײַער... ווען איך בין געקומען, האָט זי געזאָגט מיט אַ שוואַכער שטימע: ״גיי עסן און רו זיך אָפּ פון וועג״. זי איז שוין דאַן געווען נאָענט צום טויט...

שלום האָט זיך אויפגעהויבן פון טיש, אַרויסגענומען פון קעשענע אַ פּאַפּירטאַש, און פון אים — אַ בילד, באַוויזן אַסיען.

קוק זיך אײַן, וואָס פאַר אַ צאַרטע...

אַ צאַרטע? דאָס וואָרט האָט זיך שטענדיק אין אַסיעס פאַרשטאַנד געבונדן מיט עפּעס איידלס, דינס, לופטיקס, און דאָ האָט זי דערזען אַ מיידל — בלוט און מילך: אַ מונטער רונד פּנים מיט אַ גריבעלע אין קין; גרויסע, העלע ברייט פונאַנדערגעשטעלטע אויגן, באַפליגלטע מיט דרײַסטע טונקעלע ברעמען, און נאָר אַ קליין ביסעלע אומעט אין די ווינקעלעך פון די מילדע ליפּן. דערשפּירנדיק, אַז שלום וואַרט, האָט זי געזאָגט:

— יאָ, זייער אַ צאַרטע...

שלום האָט פאָרזיכטיק גענומען דאָס בילד, אַרײַנגעלייגט עס אין פּאַפּירטאַש, באַהאַלטן אין בוזעם־קעשענע און געזאָגט מיט אַ מאָל, ווי ער וואָלט זיך איצט צוריקגעקערט צו דערווירקלעכקייט:

— ס׳איז שוין שפּעט. דאַרפסט שוין גיין אַהיים, אַסיע.

...זי האָט זיך שטיל אַרײַנגעשלײַכט אין שטוב, כדי ניט אויפצוּוועקן רוטען, מיט וועלכער זי איז געשלאָפן אין איין צימער, אָבער זעענדיק, אַז די שוועסטער איז נאָך ניטאָ, האָט זי אָנגעצונדן דאָס ליכט און אָנגעהויבן קוקן

אויף זיך אין שפּיגל. זי האָט געקוקט אויף איר דינינקער, פלאַכער געשטאַלט, ווי זי וואָלט אַלט געווען ניט אַכצן, נאָר נאָך אַלץ פופצן יאָר; אויף די משופּעדיקע אַקסלען, אויף איר קליינעם קאָפּ, אויף די לײַכטע, ווי בײַ אַ קינד, קורצע האָר, וועלכע פליִען זיך פונאַנדער בײַ יעדן ווינטל. די האָר זײַנען געווען פון אַן אומבאַשטימטן קאָליר, אַ מין אַשיק־בלאָנד, אויפן שפּיץ קאָפּ טונקעלער, און בײַ די שלייפן — גאָר העל, אויסגעבליאַקעוועט פון דער זון. די אויגן זײַנען אויך געווען מאָדנע — גרויע און ניט קיין גרויע, מיט גרינלעך־בלאָלעכע שפּרינקעלעך; די ברעמען, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן פון בײַדע זײַטן נאָז בולט און גלײַך, זײַנען ווײַטער געוואַקסן שיטערער, ווי זיי וואָלטן ניט געוווּסט, ווו צו וואַקסן, און האָבן זיך צו לעצט גאָר אומבאַמערקט פאַרלאָרן אין וועג. זי איז געווען דער היפּוך פון סאַרען מיט יענערס געזונטער שיינקייט, מיט די דײַטלעכע שטריכן פון פּנים.

איר אייגענער פּנים האָט אַסיען הײַנט אויסגעוויזן ווי ניט דערמאָלט. זי איז געווען פון אים אומצופרידן און האָט מיט כעס זיך דערמאָנט, ווי דער מאַמעס חברטעס פלעגן ווערן פון איר אַנטציקט: "ווי צאַרט זי איז בײַ דיר". וועגן איר פלעגן זיי טאַקע אָפט זאָגן "צאַרט". "סאַראַ קליינע הענטעלעך זי האָט", "אַ האַלדז האָט זי ווי בײַ אַ שוואַן". זי האָט זיך געבייזערט אויף זיך און אויף זיי דערפאַר, וואָס זי, אַזאַ ווי זי איז, קען טאַקע געפעלן נאָר די אַלטע דאַמען.

"און זיך געפעלסטו טאַקע קיין האָר ניט?" — האָט זי זיך אַליין גענויט צו אָפנהאַרציקייט. און כאָטש זי האָט, באַזונדערס הײַנט, געפונען אין איר אויסזען צענדליקער חסרונות, האָט זי דאָך אין דער איידעלער פאָרעם פון איר פּנים און אינעם אויסדרוק פון די אויגן אַנטפּלעקט "עפּעס אַזוינס", וואָס וואָלט אפשר עמעצן יאָ געקענט געפעלן; וואָס געפעלט מסתמא דאַניען; אויף וואָס באָרע האָט אָבער, ווײַזט אויס, ניט געלייגט קיין אַכט, און שלום וועט עס געוויס שוין קיין מאָל ניט באַמערקן.

צווזעצנדיק זיך אויפן בעט, האָט אַסיע ווידער אַ מאָל זיך פאַרטראַכט וועגן דעם, וואָס זי איז ווערט און צו וואָס זי טויג, און גענומען פאַרגלײַכן זיך מיט סאַרען. זי האָט אומברחמנותדיק קריטיקירט איר אייגענע אומאַנטשלאָסנקייט, אומזיכערקייט, איר טבע פון יעדער קלייניקייט זיך נעמען צום האַרצן און אַזוי שווער אַריבערצוטראָגן עוולות. זי האָט זיך

געגריבלט אין זיך, און אין דער גריבלעניש איז געווען אַ צולהכעיסדיקע זיסקייט, אַ מין שאָדנפרייד איבער זיך אַליין.

זי האָט לאַנג ניט געקענט דעם אָוונט אײַנשלאָפן, אָבער איז לסוף אומבאַמערקט פאַרזונקען געוואָרן אין אַ טיפן, שווערן שלאָף. אין דער פרי האָט זי אָבער, ווי געוויינטלעך, דערפילט אין זיך אַ צופלוס פון כוחות, די מונטערע, ברויזנדיקע ענערגיע, וואָס האָט שטענדיק אין איר געשפרודלט און איצט, די לעצטע צײַט, אָנגעפילט איר גאַנץ וועזן. זי האָט זיך שוין ניט געפּײַניקט מיט טרויעריקע געדאַנקען, נאָר געפרייט דערפון, וואָס נעכטן, ווען שלום האָט איר דערציילט וועגן זיך, איז בײַ איר געווען אַ מינוט פון טיפער נשמהדיקער נאָענטקייט צו אים.

...בעת אַסיע איז געקומען אין קרײַז־קאָמיטעט, האָט זי דערשפּירט, אַז דאָרט קומט פאָר עפּעס אומגעוויינלעכס. וויטע האָט אָן אויפהער גערעדט טעלעפאָניש, געבנדיק גלײַכצײַטיק קורצע אָנווײַזונגען יעדן אַרײַנגעקומענעם.

שלום איז געווען אויף אַ באַראַטונג. אַוועקגייענדיק האָט ער געהייסן אין דרײַ שעה אַרום צונויפזאַמלען אין קרײַז־קאָמיטעט צוויי הונדערט פּופּציק מאַן — זיכערע חברה, געוווּנטשן קרעפּטיקע און, פאַרשטייט זיך, מיט אַ קאָפּ אויף די פּלייצעס. וויטע האָט זיך אַן עצה געהאַלטן, ווּעמען צו רופן, געזוכט זייערע וווינערטער, געגעבן אויפגאַבעס, געשיקט מענטשן לויט די באַקומענע אַדרעסן. „ניט קיין מיידל, נאָר אַן אויטאָמאַט" — האָט זיך געוויצלט זשאַבינסקי.

...אין דרײַ שעה אַרום איז שוין דער וועסטיבול געווען פול מיט מענטשן, אַלע האָבן איינער בײַם אַנדערן זיך נאָכגעפרעגט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, אָבער קיינער האָט ניט געוווּסט. און כאָטש ס׳איז געווען קלאָר, אַז מען דאַרף וואַרטן, האָט זיך קיינער ניט געקענט אײַנהאַלטן פון אַרויסברענגען סברות.

שלום איז שוין אויך געווען דערנעבן, בײַם טישל, בײַ וועלכן ס׳איז געזעסן וויטע, און האָט רעגיסטרירט די אָנגעקומענע. ער האָט דורכגעקוקט די רשימות, פון צײַט צו צײַט געוואָרפן אַ בליק אַרום. באַמערקנדיק אַן אומבאַקאַנט פּנים, פלעגט ער פרעגן בײַ וויטען, ווער דאָס איז, אַ מאָל צוגיין צו אַ מענטשן און לאַנג מיט אים ריידן. אייניקע האָט ער אָפּגעשיקט אַהיים,

זאָגנדיק: „הײַנט קלעקט אונדז שוין מענטשן, מיר וועלן דיך רופן אַ צווייט מאָל". צווישן זיי האָט זיך אויך געפונען דער קליינער דאַנקע, וועלכן שלום האָט פריער, אין אונטערגרונט, געהייסן דערווײַל איזאָלירן פון דער אַרבעט צוליב דעם, וואָס ס'איז זײַנערצײַט פאָרגעקומען אין דער דעפּענסיווע. דאָס מאָל איז דאַנילינקע, געפינענדיק זיך אין דער צאָל פון די „איבעריקע", אַנטלאָפן, ניט אַרומקוקנדיק זיך אויף די חברים, וואָס האָבן אים גערופן. ס'איז אים אפילו ניט אײַנגעפאַלן, אַז די סיבה פון דעם הײַנטיקן אָפּזאָג איז גאָר ניט געווען יענע אַלטע געשיכטע, נאָר פשוט זײַן קליינער וווקס און זײַן אויסזען.

אין גיכן זײַנען פון די טרעפּ אַראָפּ די אָנפירער פונעם קרײַז־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי, די פּאָרשטייערס פונעם ראַט פון די פּראָפּפאַראײנען און פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. דער סעקרעטאַר פון קרײַז־קאָמיטעט האָט זיך שטיל דורכגעוואָרפן מיט עטלעכע ווערטער מיט שלומען און האָט אײַנגעלאַדן אַלע אַרויסגערופענע אין זאַל אַרײַן.

די באַראַטונג האָט זיך אָנגעהויבן האַלב זעקס אין אָוונט, געדויערט צען מינוט, און פאַר זעקס אָוונט זײַנען זיך אַלע פונאַנדערגעגאַנגען, טיילנדיק זיך אין וועסטיבול אויף גרופּעס צו דרײַ־פיר מאַן.

אַסיע איז געזעסן אין איר סעקטאָר, זי האָט זיך ניט געקענט אָנשטויסן, וואָס דאָ קומט פאָר און האָט בײַ וויטען ניט געפרעגט, ווי באַלד יענע האָט איר אַליין ניט געזאָגט. אָבער ווען אַלע זײַנען זיך פונאַנדערגעגאַנגען, איז וויטע אַרײַנגעלאָפן צו איר:

— קום צו מיר, איך קען אויף קיין מאָמענט ניט איבערלאָזן דעם טעלעפאָן.

צוריקקערנדיק זיך אויף איר אָרט, האָט וויטע אַ קוק געטאָן אויפן זייגער און געזאָגט:

— מיט פינף מינוט צוריק האָבן זיך אַלע בענק און פאַבריקן פאַרמאַכט אויף אינווענטאַריזאַציע. ס'האָט זיך אָנגעהויבן די אַלגעמיינע נאַציאָנאַליזאַציע.

...אַסיע איז געלאָפן אַהיים און האָט זיך געוווּנדערט, אַז מענטשן גייען רויִק, ווי קיין מאָל גאָרניט. די שטאָט האָט איר אויסגעוויזן מער פּוסט, ווי געוויינטלעך אין דער צײַט: פיל מענטשן זײַנען דאָך געבליבן אין די

אַרבעטס־אונטערנעמונגען. אָט, אין דעם זאַווולִיק, הינטערן פּאַרקאַן, איז אַ לעדער־פאַבריק — נידעריקע שטיבער מיט קליינע קויטיקע פענצטערלעך. פון גרויסן פאַבריק־קוימען גייט ניט קיין רויך, אָבער דער עקלדיקער שאַרפער ריח פון לעדער און כעמיקאַלן שפּרייט זיך, ווי אַלע מאָל, ווײַט אַרום. און ווי יעדעס מאָל, וואָס אַסיע פלעגט דאָ פאַרבײַגיין, האָט זי אַרומגעכאַפּט אַ שוידער: ווי קענען מענטשן אַרבעטן אין אַזאַ עיפּוש!

אָט איז שוין רודניצקער גאַס, אָט איז זייער גימנאַזיע, באַלד וועט זײַן דער לאַקריץ־זיסער ריח פון שאָקאָלאַד און פּאַטעקע. דאָ דערנעבן, אינעם דורכגאַנגס־הויף איז אַ קליינע צוקערקעס־פאַבריק. איר אַרײַנגאַנגס־טיר און די לאָדנס זײַנען פאַרשפּאַרט, אָבער דורך די שפּאַלטן זעט זיך ליכט. ס׳איז שטיל. וואָס פאַרבאָרגט די שטילקייט?

פאַרבײַגייענדיק דאַנילינקעס שטוב, האָט אַסיע באַשלאָסן אַרײַנגיין אַ ווײַלע, דערציילן אים, וואָס עס קומט פאָר. די טיר האָט געעפנט זײַן מוטער, זי האָט קאַלט אַ זאָג געטאָן: "אַ צײַט ניט געזען דיך, גיי אַרײַן", — און איז אַוועק אין קיך.

דאַנקע איז געזעסן אין זײַן צימער, בײַם זעלבן אַלטן "פּאַרדינסטפּולן" טיש, אַ פאַרשריבענעם מיט פאָרמולעס און מאַטעמאַטישע בײַשפּילן. ער האָט געלייענט אַ בוך.

— גוט מאָרגן, דאַניע, וואָס לייענסטו?

ער האָט זיך קוים, ווי ניט ווילנדיק, אויפגעהויבן פון אָרט, דערלאַנגט אַסיען אַ האַנט:

— מיר האָבן זיך שוין, דאַכט זיך, געזען. דאָס איז די "געשיכטע פון פילאָסאָפיע".

— הער זיך אײַן, דו ווייסט, צו וואָס מען האָט הײַנט געזאַמלט מענטשן?

דאַנילינקע האָט געשוויגן, קוקנדיק אָפּגעפרעמדט.

— אין שטאָט האָט זיך אָנגעהויבן די נאַציאָנאַליזאַציע.

— וואָס רעדסטו?! — האָט ער זיך לעבעדיק פאַראינטערעסירט, אָבער איז באַלד ווידער פאַרלאָשן געוואָרן.

— דאַנקע, הער אויף, קלעם זיך ניט. ניט אַלעמען האָט מען דאָך

צוגעצויגן. מיך אויך ניט, צום בײַשפּיל. מען האָט אָפּגעקליבן די, וואָס זײַנען פּיזיש פעסטער. בעת אַזאַ אַקציע קען פאַרשיידנס פּאַסירן...

— געננוג, לאָמיר וועגן דעם ניט ריידן, ס׳איז מיר שוין אַלץ אײַנס. אונדזער פאַקולטעט קלײַבט זיך אַריבער קיין קאָוונע און איך פאָר, גאָט צו דאַנקען, אין גיכן אַוועק.

דער שמועס האָט זיך ניט געקלעפּט, און אַסיע איז אַוועק אַהיים.

יענע נאַכט איז וויניק ווער געשלאָפן. אַלע, וואָס האָבן ניט אָנטיילגענומען אין דער נאַציאָנאַליזאַציע, האָבן דיזשורירט אין קרײַז־קאָמיטעט און אין ביוראָ פון די פּראָפפאַראיינען.

שלום איז געזעסן אונטן בײַם טעלעפאָן: מענטשן פלעגן כסדר קלינגען, זיך האַלטן אַן עצה; ווען מען פלעגט דאַרפן, פלעגט ער אַרויספאָרן אויף אַן אָרט און דאַן פלעגט זיך צום טעלעפאָן זעצן וויטע.

ס׳האָט גענומען טאָגן. פּונקט אַכט, ווי יעדן פרימאָרגן, האָבן אָנגעהויבן הודען די פאַבריק־סירענעס. די אַרבעטערס -- סײַ די, וואָס זײַנען די גאַנצע נאַכט געבליבן אין די פאַבריקן, סײַ די, וואָס זײַנען אין אָוונט אַוועק אַהיים, האָבן זיך צו דער צײַט געשטעלט אויף זייערע אַרבעטס־פּלעצער און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ נאָרמאַלער אַרבעטסטאָג.

אַלע חברה, וועלכע מען האָט נעכטן מאָביליזירט, האָבן זיך ווידער צונויפגעקליבן אין קרײַז־קאָמיטעט, גערעדט וועגן דעם געשעענעם. אײַנער האָט דערציילט, ווי זיי זײַנען געקומען מאַכן די אינווענטאַריזאַציע אין גוטקאָווס פאַבריק. געהאָלפן האָט זיי גוטקאָווס טאָכטער. — איר געדענקט, ווי זי האָט אַ מאָל אין דעם פאָטערס אונטערנעמונג אַליין אָרגאַניזירט דעם שטרײַק פון די אַרבעטערס? — האָט ער דערמאָנט. — איצט האָט זי צוזאַמען מיט אונדז צונויפגעשטעלט די רשימות פון דער סחורה און אינווענטאַר.

אַלע האָבן דערציילט, איינער האָט איבערגעשריִען דעם אַנדערן, ס׳האָט זיך אויפגעהויבן אַ טומל. פון אַ קאַבינעט דערנעבן איז גראָד אַרויס שלום, ער האָט בייז אַ קוק געטאָן אויפן עולם און איז אײַליק אַוועק צו זיך.

— אוי, אַ כעסן! — האָט געזאָגט זשאַבינסקי. — אַזוי פיל מיידלעך זײַנען אין אים פאַרליבט, הלוואי וואָלט זיך אָפּגעפונען אײַנע, וואָס זאָל אים צולאַשטשענען, וואָלט ער אפשר בעסער געוואָרן.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט שלום מיט אַ מאָל אַרויסגערופן אַסיען צו זיך.

— אַסיע, ביסט פֿאַרנומען?

שלום האָט זיך געקליבן צו פֿאָרן קיין סווענציאַן. ס׳זײַנען געוועןסיגנאַלן, אַז דאָרט קומען פּאָר אומרועןאון איצט האָט ער פֿאָרגעלייגט אַסיען צו פֿאָרן מיט אים צוזאַמען. אומדערוואַרט פֿאַר זיך אַליין איז אַסיע גלײַך מסכים געווען, זי האָט קוים באַוויזן אַ קלונג צו טאָן אַ היים. וויטע האָט זיך אויך אַרײַנגעזעצט אין אויטאָ — שלום האָט צוגעזאָגט, אַז ער וועט זי צופֿירן צו די עלטערן אויף דאַטשע, ס׳איז געווען נאָענט פֿון שטאָט, אָבער אונטערוועגס האָט ער פֿאָרגעלייגט:

— אפשר פֿאָרסטו מיט מיט אונדז?

וויטע האָט זיך ניט אָפּגעזאָגט. זיי זײַנען גיך געפֿאָרן, כּדי צו באַוויזן זיך אומקערן ביז אין אָוונט.

שלום האָט דערציילט, אַז אין סוועציאַן איז שיִער ניט דערגאַנגען צו אַ גרויסן געשלעג. ס׳דערנענטערט זיך דער ערשטער סעפּטעמבער, דער יאָרטאָג פֿון דער מלחמה, און ס׳איז אויפֿגעשווומען די אַלטע אָנגעווייטיקטע פֿראַגע — ווער איז שולדיק וואָס פּוילן האָט געליטן אַ מפּלה.

... אויף דער פֿאַרזאַמלונג איז מען זיך צונויפֿגעקומען אומגערן. די יוגנט איז דאָ געווען אָפּגעפֿרעמדט, האָט זיך צוגעהערט מיט אומצוטרוי. שלום האָט זיי אויפֿגעקלערט:

— ליטע איז אָנגענומען געוואָרן אין פֿאַרבאַנד פֿון די סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפּובליקן. אומעטום קומען פּאָר גרויסע ענדערונגען צום בעסערן. מענטשן קריגן אַרבעט, מען בויט הײַזער, ס׳זאָלן זײַן וווינונגען. מען האָט אײַנגעפֿירט אומזיסטע מעדיצינישע הילף. באַלד וועלן זיך עפֿענען די טירן פֿון דער נײַער סאָציאַליסטישער שול, ווו מען צאָלט ניט קיין שכר-לימוד.

— צוליב וואָס איז געפֿאַלן פּוילן? — האָט זיך געלאָזט הערן פֿון זאַל.

— פּוילן, ווי פֿראַנקרייך, איז געפֿאַלן צוליב פֿאַרראַט פֿון די בורזשואַזע רעגירונגען, וואָס האָבן צוערשט, אין מינכען, פֿאַרקויפֿט טשעכאָסלאָוואַקיע, און דערנאָך ניט געהאָלפֿן זייער פֿאַרבינדעטן — פּוילן.

— פוילן איז געפאַלן צוליב דעם אָפּמאַך צווישן ראַטן־פאַרבאַנד און דײַטשלאַנד — האָט עמעץ אַ געשריי געטאָן פון די לעצטע רייען.

אַ מאָדנע זאַך: אין סוועניאַן איז ביז דער לעצטער צײַט אַלץ געגאַנגען גלאַטיק. אָבער עמעץ האָט אָנגעהויבן צו העצן, ס׳איז קלאָר. אפשר האַנדלט זיך דאָ גאָר ניט וועגן יאָרטאָג פון דער מלחמה? אפשר ליגט גאָר דער הונט באַגראָבן אין דער נאַציאָנאַליזאַציע?

די פאַרזאַמלונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פּאַסיוו און אָפּגעפרעמדט, איז געוואָרן שטורמיש. דערפירן אָבער די פּאָלעמיק ביזן סוף האָט זיך ניט אײַנגעגעבן.

שלום האָט זיך געמוזט אומקערן אין שטאָט אַרײַן, וויטע אויך, און ער האָט באַשלאָסן איבערצולאָזן אַסיען:

— ווייסט וואָס, אָרגאַניזיר מאָרגן ווידער אַ וויכוח. קוק דורך דאָס וואָס איך האָב מיטגענומען. געדענקסט — ״דער אימפּעריאַליזם אַלס העכסטע סטאַדיע פון קאַפּיטאַליזם״. שטיצנדיק זיך אויף לענינס דאָזיקן ווערק, וועט דיר לײַכטער זײַן צו מאַכן דעם אַנאַליז פון די לעצטע געשעענישן און פון דער גאַנצער אינטערנאַציאָנאַלער לאַגע. הייב אָן פון די סיבות, צוליב וועלכע ס׳איז אויפגעקומען דער פאַשיזם. געדענקסט, מיר האָבן עס פונאַנדערגעקליבן?

אוודאי האָט אַסיע געדענקט — דאַן, אויף די אָזערעס. זי קוקט אין פאַרלעגנהייט אויף שלומען. ער פאָרט אַוועק צוזאַמען מיט וויטען און לאָזט זי איבער דאָ, אַליין. די פאַרלעגנהייט דויערט אָבער נאָר אַ מאָמענט. ״ער האָט מיר אָנגעטרויט אַזאַ זאַך...״

— גוט — ענטפערט זי.

— נו, איך ווינטש דיר דערפאָלג — דריקט ער איר שטאַרק די האַנט.

— אַסקע, האַלט זיך! — שרײַט צו איר וויטע פון דעם אָפּפאָרנדיקן אויטאָ.

זיי זײַנען אַוועקגעפאָרן. ווידער ווערט אַ ביסל נאָגנדיק און אומהיימלעך. זי קוקט זיך אַרום — ס׳איז שוין פינצטער, קיינער זעט זיך ניט. וווּהין וועט זי גיין?

צו איר איז צוגעגאַנגען אַ ייִדיש מיידל מיט לאַנגע צעפּ.

— האָסט מסתמא ניט וווּ צו נעכטיקן. קום צו מיר.

מען האָט איר אויסגעבעט אין צימער אויף אַ ברייטן הילצערנעם בעט. אַסיע האָט זיך אַוועקגעלייגט און אָנגעהויבן צו בויען אין געדאַנק דעם מאָרגנדיקן רעפעראַט.

ריידן האָט זי געקענט. נאָך אין שול פלעגט זי לײַכט און זיכער אַרויסטרעטן פאַר אַ פולן זאַל, באַגריסן אין אַלעמעס נאָמען געסט. די מאַמע פלעגט טרוימען צו זען אַסיען אין דער ראָל פון אַן אַדוואָקאַט, ווי זי האַלט אין אַ שוואַרצער טאָגע, מיטן פירעקיקן היטעלע איר פלאַמענדיקע איבערצײַגעוודיקע דרשה...

פאַרשטייט זיך, אויב זי איז אַליין געווען איבערצײַגט... אָבער זינט די מאָסקווער פּראָצעסן, ווען זי האָט געדאַרפט איבערצײַגן אירע חברה פונעם ייִנגערן קרײַזל, אָדער געפינען אַן ענטפער פאַר די שטענדיק אָנגרײַפנדיקע חברה פון "בונד", פאַר וואָס מען פאַרמישפּט אַזוי פיל מענטשן, באַוווסטע רעוואָלוציאָנערן, צום טויט — פלעגט זי ניט וויסן, ווי דאָס צו באַגרינדן.

און שפּעטער, נאָך דעם שוידערלעכן אומגעריכטן פּאַקט מיט היטלער־דײַטשלאַנד...

שטענדיק פלעגט זי עקשנותדיק און לאַנג פּרוּוון איבערצײַגן זיך אַליין, אַז אַלץ איז ריכטיק. פאַרשטומען אין זיך די ספקות און אַרויסבאַקומען זיכערקייט אין דער שטים. אויך איצט, באַזונדערס איצט, באַקומענדיק פון שלומען די לעבנסוויכטיקע אויפגאַבע, האָט זי צונויפגענומען אַלע פּאַפּירן, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט, אָנגעצונדן די עלעקטריע, געאַרבעט די גאַנצע נאַכט.



צונויפגעקליבן האָבן זיך די סוועגציאַנער, ווי אַנומלט, אומגערן. בחורים האָבן געקוקט אויף דער דינינקער אַסיע מיט איראָניע און אומצוטרוי. אַסיע האָט געשפּירט די אַלגעמיינע אָפּגעפרעמדקייט. די געדאַנקען האָבן זיך געפּלאָנטערט, ס'האָט איר ניט געפּאָלגט די שטימע. נאָך יעדן דריטן וואָרט פלעגט זי אַרײַנשטעלן "הייסט עס". מען האָט זיך געדאַרפט נעמען אין די הענט, ווי אויף אַן עקזאַמען, ווען ס'פלעגט זיך בײַ איר פון אָנהייב ניט קלעפּן. זי האָט זיך באַהערשט און בהדרגהדיק האָט די שטימע אירע

צוריקגעפונען דעם מעטאַל, די געדאַנקען האָבן זיך צונויפגענומען, און ס׳איז אַוועק אַ גאַנג. דער זאַל איז שטיל געוואָרן. אַסיע האָט גערעדט זאַכן, וועגן וועלכע קיינער האָט דאָ ניט געוווסט. אייניקע האָבן געקוקט אויף איר פאַרוווּנדערט, ביי אַנדערע האָבן נאָך אַלץ די אויגן בייז געפינקלט, און זיי האָבן עפּעס גיך געשריבן אין די נאָטיץ־ביכלעך.

...דער וויכוח האָט געדויערט אַ זעקס שעה. די סוועגציאַנער אָפּאָנענטן האָבן שוין פאַרגעסן מיט וואָס פאַר אַן אומצוטרוי זיי האָבן פריער, פון אויבן אַראָפּ, געקוקט אויף אַסיען. פיל האָבן אומזיסט זיך באַמיט איר אַנטקעגנשטעלן וועלכע ניט איז וואָגיקע אַרגומענטן. ווען די דיסקוסיע האָט זיך פאַרענדיקט, האָט איינער גאַלאַנט זי אָנגענומען אונטערן אָרעם און געפרעגט, פאַר וואָס זאָל זי ניט בלייבן ביי זיי נאָך אויף אַ טאָג־צוויי?

צוריקקערנדיק זיך אין שטאָט, האָט אַסיע אָפּגעגעבן שלומען אַ באַריכט. ער האָט זי אויסגעהערט געדולדיק און קורץ געזאָגט:

— ביסט אַ מאָלאָדיעץ!

און גלייך צוגעגעבן: — וואָס הערט זיך דאָרט ביי אייך אין די קלובן?

"סוף כל סוף האָט ער געפרעגט" — האָט זי אַ קלער געטאָן און שנעל אָנגעהויבן:

— מיר גרייטן די קינדער אַריינצוטרעטן אין דער פּיאָנער-אָרגאַניזאַציע. מיר נייען האַלדזטיכער. אָננעמען וועלן מיר צו עטלעכע חברה פון יעדן קלוב, די בעסטע. דער ערשטער אָוונט וועט זיין אַ געמיינזאַמער. אין אַ פייערלעכער אַטמאָספער מיט אַ קאָנצערט. ס׳וועלן קומען פאָרשטייערס פון אַלע זיבן קלובן מיט זייערע פּראָגראַמען אין פאַרשיידענע שפּראַכן. ווי מיינסטו, ס׳איז ריכטיק?

שלום האָט אַ שמייכל געטאָן: — גוט, טוט ווייטער אַלץ, ווי איר האָט אָנגעהויבן.

— ס׳וואָלט זיך געוואָלט, די אָנפירערשאַפט פון שטאָט זאָל קומען. דאָס איז זייער וויכטיק פאַר די קינדער. ווי מיינסטו, זיי וועלן קומען?

— כ׳מיין, אַז יאָ. דער ענין איז אַן ערנסטער.

"דער ענין איז אַן ערנסטער". ענדלעך!

אין אָוונט האָט זיך אַסיע געאײַלט אַהיים — הײַנט איז דער "באָדטאָג". מען הייצט דעם קעסל אין וואַנע־צימער און יעדער מוז זיין צו דער צייט

אויף אַן אָרט! אַזוי איז געווען אײַנגעשטעלט, כאָטש לעצטנס פלעגט מען עס אָפט ניט מקיים זײַן, אַלע האָבן געהאַט צו פיל אַרבעט. יעדער האָט זיך אָבער, ווי ווײַט מעגלעך, געסטאַרעט צו קומען דעם אָוונט אַהיים. הײַנט האָט זיך שוין אַסיען גאָר שטאַרק געוואָלט אין דער וואַרעמער וואַנע אַרײַן און נאָך דעם — אין בעט מיטן פרישן בעטגעוואַנט!

ווען זי איז שוין געלעגן, האָט איר די מאַמע, ווי אין די קינדער-יאָרן, געבראַכט אויף אַ טעלערל אַ בײַגל מיט פּוטער, טיי מיט מילך, אַוועקגעשטעלט אויפן שטול נעבן בעט.

אַסיע פילט, אַז די מאַמע וויל עפּעס פרעגן, אָבער זי פרעגט ניט און זעצט זיך צו אויפן ראַנד פון בעט, קוקנדיק לאַנג אויף אַסיען מיט אירע מידע אויגן.

— מאַמע, דו ווייסט...

— איך שטויס זיך אָן, קינד מײַנס. ווער איז עס? שלום?

— ווי האָסטו געטראָפן?

— ווען ער איז איין מאָל געווען בײַ אונדז, האָב איך געזען, ווי דו קוקסט אויף אים.

— זעט זיך דאָס אפילו?

— איך זע...

— מאַמע, איך בין שוין אין דער וואַנע! — דאָס שרײַט לילקע פון וואַנע-צימער.

די מאַמע שפּרינגט אויף. — אַסיע, וואַרט אַ ווײַלע, איך באָד זי גלײַך אויס!

אַסיען פאַרדריסט, וואָס די מאַמע איז אין אַזאַ מאָמענט אַוועק. אַ היץ אין באָד, לילקע האָט זיך צעשריִען! אַלע מאָל קאַפּריזעט זי.

ווען די מאַמע איז צוריקגעקומען, איז שוין אַסיע געשלאָפן. דעם אמת זאָגנדיק, האָט זי זיך געמאַכט שלאָפנדיק. ס׳איז פאַר איר געווען אַ נײַעס, וואָס די מאַמע האָט זיך שוין אָנגעשטויסן, און ס׳האָט זיך איר ניט געוואָלט ווײַטער ריידן. זי האָט געדאַרפט אַליין אַלץ באַקלערן.

יאָ. די מאַמע האָט עס באַמערקט, און שלום איז בלינד, ער זעט קיין זאַך ניט. אים קומט גאָר ניט אויפן זינען וואָס עס טוט זיך בײַ אַסיען אין האַרצן.

ער איז אויך, ווי אַנדערע פּעיִק צו באַמערקן נאָר אַזעלכע, וואָס וואַרפן זיך אין די אויגן.

די טעג האָבן מיידלעך געשריבן לאָזונגען צום אָנהייב פונעם נייעם שוליאָר. צווישן די מיידלעך איז געווען אײַנע — אַ בולטע, אַ שוואַרצאויגיקע. זי גיט אַ פּאָך מיט די וויִעס, אַ פינקל מיט די אויגן, אַ דריי זיך אויפן קנאַפּל — פּרוביר, באַמערק ניט אַזאַ! זי האָט אויף שלומען געמאַכט אַן אײַנדרוק, דאָס האָט זיך אָנגעזעען. בײַ אַסיען האָט זיך אינעווייניק אַלץ צונויפגעפּרעסט. וואָס טוט מען?...

# דער באַשלוס

אַסיע האָט אָנגענומען אַן אימהדיק־דרײַסטן באַשלוס. איידער זי וועט אים פאַרווירקלעכן, האָט זי געמוזט נאָך אַ מאָל זיך זען מיט וויטען.

— איך דאַרף זיך מיט דיר ערנסט דורכריידן — האָ זי געזאָגט.

וויטע האָט פאַרוואונדערט אָנגעשטעלט אויף אַסיען איר העלן, אומבאַוועגלעכן בליק: צו וואָס אַזאַ פײַערלעכע פאָררעדע?

— וויטע, דו געדענקסט, איך האָב דיך געפרעגט...

— וואָס?

— צי דו האָסט ליב...

— איך האָב דיר געענטפערט.

אַסיע זעט בפירוש, אַז וויטע וויל ניט ריידן.

— אָבער מיר האָבן דאָך גערעדט קורץ, פאַרבײַגייענדיק. וויטקע, דאָס איז פאַר מיר זייער וויכטיק...

— קיין זאַך האָט זיך פון יענער צײַט ניט געענדערט — האָט טרוקן געענטפערט וויטע. — איך פאַרשטיי ניט, פאַר וואָס איצט, אין מיטן דערינען...

— איך האָב געפרעגט דערפאַר... פאַרשטיי מיך ניט שלעכט... איך האָב געפרעגט, ווײַל איך וויל ניט, ס׳זאָל פּאַסירן עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל מאַכן צווישן אונדז ביידע אַ בייז לעבן.

— זיי רויִק. צוליב אים וועט צווישן אונדז קיין בייז לעבן ניט ווערן. אָבער וואָס האָסטו בדעה צו טאָן?

— איך ווייס ניט. עפּעס וועל איך מאַכן.

וויטע קוקט אָן אַסיען מיט קאַלטן נײַגער, ווי אַ פרעמדן מענטשן, וועלכן ס׳איז שווער צו פאַרשטיין.

— צי דען וועסטו אים זאָגן?

— אפשר יאָ.

— אַזוי זיך דערנידעריקן...

וויטע האָט הויך אַרויסגעזאָגט דאָס, וואָס איר איז געקומען אויפן זינען. אַ זאָג געטאָן, ווי זי וואָלט דערלאַנגט אַ קלאַפּ. אַלע מאָל איז זי אָפּנהאַרציק.

די געדאַנקען פלאָנטערן זיך בײַ אַסיען אין קאָפּ. "אַזוי זיך דערנידעריקן".. פאַר וואָס האָט זי וועגן דעם ניט אַ טראַכט געטאָן? אפשר האָט ערגעץ אין דער טיף געבלאָנקעט אָט דער אומרויִקער געדאַנק, און אַסיע האָט אים ניט צוגעלאָזן צום באַוווסטזײַן... ס׳האָט איר אָבער געפּלאָגט עפּעס אַנדערש: צי איז נאָך ניט צו פרי אַרײַנצודרינגען אין שלומס לעבן? צי וועט פאַר אים ניט צו שווער זײַן דער אויסוואַל: אָפּרײַסן זיך פון דער אייגענער פאַרגאַנגענהייט, אין וועלכער ער האָט נאָך אַזוי טיף געשטעקט און מיט וועלכער ער האָט זיך נאָך געוויס ניט געקענט און ניט געוואָלט שיידן, אָדער ווײַטער לעבן אין זײַן אומדערטרעגלעכן עלנט...

און דאָך האָט אַסיע, כמעט פיזיש שפּירנדיק זײַן בענקשאַפט, אַלץ מער געקלערט וועגן דעם, אַז מען טאָר אים ניט איבערלאָזן אַליין אין זײַן איינזאַמקייט, און אויב אַזוי, זאָל עס בעסער מאַכן זי, איידער אַן אַנדערע, אַזאַ, וואָס וועט געוויס ניט קענען אַזוי שוינען זײַן געפיל צו דער פאַרשטאָרבענער פרוי. דער קטיגור האָט, וואָס אַן אמת, טיף אין דער נשמה אָפּגעלאַכט פון איר, אַז דעם אַרגומענט האָט זי אומישנע אויסגעטראַכט, כדי צו באַרעכטיקן דעם אייגענעם חוצפּהדיקן באַשלוס און דערנענטערן זיך צו שלומען וואָס שנעלער, איידער דאָס וועט טאָן אַן אַנדער מיידל.

ניט געקוקט אויף אַלע אירע ספקות און אויף דער אומעטיקער אָפּשאַצונג פון די אייגענע מעגלעכקייטן, האָט אַסיע דאָך געהאָפט אויף עפּעס — אפשר צוליב איר "אומאויסהיילבאַרן אָפּטימיזם", ווי זי פלעגט עס אַליין באַצייכענען. און אפשר צוליב עפּעס אַ ריין ווײַבערישן פאָרגעפיל,

אַז שלומען וועט דאָך זײַן שווער זיך אַנטקעגנצושטעלן דעם יצר־הרע צו שיידן זיך מיט זײַן עלנט. זי האָט פֿאַרגעזען די קאָמפּליצירטקייט פֿון אַזאַ לאַגע און דעם קאַמף מיט זיך אַליין, פֿאַר וועלכן שלום וועט דאַרפֿן שטיין. זי האָט מורא געהאַט, אַז אויב שלום וועט אײַנגיין, וועט ער עס איר, אַסיען, שפּעטער ניט קענען מוחל זיין.

זי האָט אַזוי פֿיל געקלערט וועגן דעם, ווײַל זי האָט אַליין געהאַט איבערגעלעבט עפּעס ענלעכס.

אָבער דער געדאַנק וועגן זעלבסט־דערנידעריקונג איז געקומען קלאָר און דײַטלעך ערשט איצט, ווען וויטע האָט עס אַזוי קורץ און שאַרף אַ זאָג געטאָן. וואָס האָט וויטע דערמיט געמיינט? אַז אַ מיידל דאַרף זיך די ערשטע ניט דערקלערן אין ליבע? דאָס איז דאָך אַ קליינבירגערלעכער פּאַראורטייל, און געוויס האָט זי ניט דאָס געהאַט אין זינען. זי, פּונקט ווי אַסיע, קען ניט מיינען, אַז "פּרויען־דיפּלאָמאַטיע", פֿלירט, קאָקעטערײַ, כלערליי אופֿנים פֿון פֿאַרדרייען אַ מאַנצביל דעם קאָפּ איז ווערדזיקער פֿון אָפֿענע רייד.

ניין, וויטע האָט, פֿאַרשטייט זיך, געמיינט עפּעס אַנדערש: אַז שלום האָט אַסיען ניט ליב, און זי, אַסיע, ווייסט עס. וואָט אַן אמת, ווייסט אַסיע אויך, אַז ער האָט קיינעם ניט ליב. אָבער וויטע האָט געוויס געהאַלטן, אַז דאָס איז שוין ניט וויכטיק.

אַסיע האָט זיך עס אַלץ אַליין אויסגעטײַטשט, מער האָבן זיי שוין וועגן דעם ניט גערעדט. איר איז געווען ביטער אויפֿן האַרצן פֿונעם באַוווסטזײַן, אַז די ליבע אירע איז האָפֿענונגסלאָז. און דאָך האָט זי זיך שוין ניט געקענט אָפּזאָגן פֿון איר באַשלוס, ווײַל זי איז מער ניט געווען בכוח אָט אַזוי צו לעבן, ווען ער איז דערבײַ: זיין נעבן אים און וויסן, אַז ער האָט קיין אַנונג ניט וועגן איר געפֿיל.

און אפֿשר האָט ער כאָטש אַ שטיקל חשד? נעכטן איז דאָך פֿאָרגעקומען אַזוינס...

כדי ניט צו פֿאַרלירן אין גאַנצן דעם מוט, האָט אַסיע בכיוון אָנגעהויבן זיך דערמאָנען די פֿריידיקע מינוטן, וועלכע זי האָט אַנומלט איבערגעלעבט. אין איינעם פֿון די קלובן איז ענדלעך פֿאָרגעקומען די שטאָט־פֿאַרזאַמלונג פֿון קינדער, און זי האָט זיך ווונדערלעך אײַנגעגעבן. די ערשטע פּיאָנערן האָבן געגעבן דעם פּײַערלעבן צוזאָג. אַסיע האָט געהאַלטן דאָס אַריינפֿיר־

וואָרט. אַרויסגעטראָטן זײַנען יונגע "אַרטיסטן" פון אַלע קלובן. אַלע ווײַלע פלעגט אין זאַל אויסברעכן אַ דונער פון אַפּלאָדיסמענטן.

ווען מען האָט זיך שוין געהאַלטן בײַם פונאַנדערגיין, האָט אַסיע געהערט, ווי דער ערשטער סעקרעטאַר פונעם שטאָט־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי (איצט האָט זיך שוין דער קרײַז־קאָמיטעט געטיילט אויף אַ שטאָט־ און געגנט־קאָמיטעט) האָט געזאָגט צו שלומען: — זי איז אַ מאָלאָדיעץ, דײַן פּיאָנערקעלע.

שלום האָט קיין זאַך ניט געענטפערט, ער האָט אָבער אַ קוק געטאָן אויף אַסיען מיט וואַרעמע אויגן. אַסיע האָט זיך פאַררויטלט פון פרייד, קוים צוימענדיק איר אויפרעגונג. און נאָר אויף אַ מאָמענט האָט זי דערשפּירט אַ פּאַרדראָס, הלמאי שלומען איז נייטיק אַ לויב פון עמעץ אַן אַנדערן, אַ צופעליק גוט וואָרט וועגן אַסיען, אַרויסגעזאָגט דורכן פּאַרטיי־סעקרעטאַר, ער זאָל אַ קוק טאָן אויף איר מיט אַזעלכע מילדע אויגן.



קיין מאָל האָבן נאָך די אַלטע ווענט, די געוועלבן און נישעס פונעם אוראַלטן אוניווערסיטעט ניט געזען אַזוי פיל פאַרשיידנאַרטיקע מענטשן. אָט גייט, פאָרזיכטיק באַטרעטנדיק די אויסגעריבענע ביז גלאַנץ הילצערנע טרעפּ, אַ יאַטל אין אַ סערמענגע. ער שטעלט זיך אָפּ דאָ בײַ איין טיר, דאָ בײַ דער אַנדערער, און גייט ווײַטער, פאַרבלאָנדזשענדיק אינעם לאַבירינט פון די קאָרידאָרן. ער וויל שוין פרעגן דעם וועג ביי צוויי פרײַלינס, וואָס גייען אים אַנטקעגן; באַמערקנדיק אָבער, אַז זיי רוקן זיך אָפּ פון אים אינעם שמאָלן דורכגאַנג, ווערט ער רויט און בלײַבט שווײַגנדיק שטיין.

דעם גאַנצן זומער האָבן די חברה פונעם סטודענטישן סעקטאָר, וואָס האָבן דיזשורירט אין די דעקאַנאַטן, אין די אויפנעם־קאָמיסיעס, אין די אודיטאָריעס און קאָרידאָרן, געהאַט אַ ים אַרבעט און טאַקע ניט ווייניק זאָרג. ווען זיי וואָלטן ניט געהאָלפן אַזעלכע אומדרײַסטע דאָרפישע בחורים אָנצוגעבן די דאָקומענטן, ווען זיי וואָלטן זיי ניט דערקלערט, אַז ס׳לוינט ניט צו לייגן אַכט אויף די פרײַלינס און יונגעלײַט, דאָס רוב פון די עלטערע

קורסן, וואָס קוקן אויף זיי פון אויבן אַראָפּ — וואָלטן אַ סך פון די נײַע זיך אומגעקערט אַהיים מיט ליידיקע הענט.

ווען אין די אויפנעם־קאָמיסיעס האָט מען באַטראַכט די קאַנדידאַטן אויף צוקונפטיקע סטודענטן, פלעגן די קאָמיוגיסטן פירן אַ קאַמף פאַר יעדן נײַעם פון אַ דאָרף אָדער פון אַן אַרבעטער־פּאָרשטאָט, וועלכער איז אפשר ערגער צוגעגרייט, איידער די יוגנט פון רײַכע משפחות, אָדער איז ניט בכוח זיך אַרויסצווײַזן צוליב זײַן פאַרלעגנהייט און באַשיידנקייט.

ווען מיט עטלעכע טעג צוריק איז שלום געווען בײַם סעקרעטאַר פון שטאָט־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי, איז אין קאַבינעט אַרײַן דער רעקטאָר פון אוניווערסיטעט — אַ נידעריקער אַלטער מאַן מיט אַ קליין בערדל. באַהערשנדיק דעם צאָרן, האָט ער זיך באַמיט צו ריידן העפלעך און ווי ווײַט מעגלעך רויִק:

— דאָס איז אומדערהערט. מיר נעמען אָן אין אוניווערסיטעט כמעט אַנאַלפאַבעטן! וואָס פאַר אַ ספּעציאַליסטן וועלן זיך פון זיי באַקומען?! די איינציקע מאָס בײַם אָננעמען אין אַ הויכשול דאַרף זײַן דער בילדונגס־ניוואָ!

— דאָס וואָלט אויף גוטע עטלעכע יאָר אָפּגעהאַלטן דאָס אָננעמען אין אוניווערסיטעט קינדער פון אַרבעטער און פּויערים — האָט געענטפערט שלום.

— אָבער זיי וועט דאָך זײַן זייער שווער זיך צו לערנען!

— מען וועט זיי העלפן. דער קאָמיוג וועט דערפאַר זאָרגן. און אײַך, די פּראָפעסאָרן, וועט אויך, זעלבסטפאַרשטענדלעך, אויסקומען מער זיך מיט זיי אָפּצוגעבן.

דער רעקטאָר האָט זיך שוין ניט געשפּאַרט. ער איז אָבער געבליבן בײַ זײַן מיינונג און עס אויסגעדריקט אין אַ לאַנגער אָנקלאַגע אויפן קאָמיוג, וועלכער „מיסברויכט מיט זײַן מאַכט און דערלויבט זיך צו פיל״.

ווען ס׳האָט זיך דערנענטערט דער האַרבסט און ס׳האָט אויסגעזען, אַז אַלע מחלוקות האָבן זיך פאַרענדיקט, זײַנען צו שלומען געקומען חברה פון סטודענטישן קאָמיטעט.

— שלום, זיי גרייטן עפּעס — האָט אומרויִק געזאָגט אירענע.

— זיי זאַמלען זיך גרופּעסווײַז, שושקען זיך — האָט צוגעגעבן מלכה. עמעץ האָט דערקלערט, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך:

— דאָ רודערן די געוועזענע קאָרפּאָראַנטן, זיי האָבן זיך דערוווּסט וועגן דעם רעקטאָרס מיינונג און אַרבעטן מעשים!

שלום האָט לאַנג געטראַכט און ענדלעך געזאָגט:

— מאָרגן איז דער ערשטער טאָג פון לערניאָר אין די הויכשולן, און מען דאַרף אים באַזונדערס אָפּמערקן. אויב אַלע וועלן דערשפּירן די פייַערלעכקייט פון טאָג, וועט זיך די קאָרפּאָראַנטן, מיין איך, ניט איינגעבן צו העצן.

און דער סטודענטן־קאָמיטעט האָט צונויפשטעלנדיק אַ פּלאַן אויפן מאָרגנדיקן טאָג, אַזוי פאַרטיילט די וואַכפּאָסטנס, אומעטום זאָלן זיין צווישן דער סטודענטן־מאַסע אייגענע מענטשן: אין גאַס, אין וועסטיבול, אין די קאָרידאָרן, אויף די טרעפּ, אין די אודיטאָריעס.

גאַנץ פרי האָבן זיך ביים אוניווערסיטעט פאַרזאַמלט סטודענטן פון די עלטערע קורסן, אייניקע אין פאַשיסטישע אוניפאָרם־היטלעך. זיי האָבן זיך געזאַמלט אין גרופּקעלעך, געשושקעט, בייז און פאַרלעגן זיך אַרומגעקוקט אין די זייטן. ווי פרי זיי זאָלן זיך ניט האָבן באַוויזן, זיינען שוין אומעטום געווען פול יונגוואַרג: אין די שמאָלינקע געסלעך דערנעבן, אין די ענגע דורכהויפן, ביים קלויסטער און ביים אַריינגאַנג אין צענטראַלן בנין. מיט אַ מאָל האָט דער עולם גענומען זינגען. ס׳איז געווען אַזוי, ווי עמעץ וואָלט אָנצינדן דאָס ליד ווי אַ פאַקל — דאָ און דאָרט פלעגט עס אויפפלאַמען און אַרומכאַפּן דעם אַרום. דאָס ליד האָבן איבערגעגעבן פון מויל צו מויל די קאָמיוגיסטן, וואָס האָבן זיך ניט אָנגעזען, אָבער זיינען געווען אומעטום צווישן דעם עולם. און דאָס ליד האָט זיך געטראָגן פון איין גרופּע צו דער אַנדערער, פאַרכאַפּנדיק פיל מענטשן אויף זיין וועג.

די, פאַר וועמען דאָס אַלץ איז געווען אומדערוואַרט, האָבן דערשטוינט געשוויגן, זיי האָבן ניט געאַנט וואָס אַנטקעגנצושטעלן דעם ליד; אַ ליד וואָס האָט צוגעגעבן מוט די אַלע, וועלכע האָבן זיך ביז אַהער געשפּירט פרעמד אין דעם היכל פון לערע.

דערנאָך האָבן זיך אַלע אַ ווענד געטאָן צו דער שווערער געשמידטער אַריינגאַנגס־טיר פון הויפּט־בנין און זיינען אַרויף אויף די ברייטע האַלב־פינצטערע טרעפּ אין דעם אַקטנזאַל. אַ ליד, וואָס איז שוין געווען אויסגעגאַנגען, האָט ווידער דערלאַנגט אַ דונער אויף, און נאָר דאַן, ווען די

באַיאָרטע פּראָפעסאָרן זײַנען אַרויף אויף דער בינע, כדי צו פאַרנעמען זייערע ערטער, האָט זיך אײַנגעשטעלט אַ פײַערלעך שטילשווײַגן.

אַלץ איז אַדורך גוט, און דאָך האָט אַסיע צו אָוונט צו דערשפּירט אַ פאַרדריסלעך געפיל פון מידקייט, אפשר צוליב דעם אָנשטרענגונג פון טאָג, און אפשר צוליבן פאַרגלײַך פון דעם הײַנטיקן נצחון מיט אַנדערע פײַערונגען, וועלכע פלעגן זומער אין די גאַסן אויפפלאַקערן ספּאָנטאַן, בעת דאָס לעבן האָט אויסגעוויזן צו זײַן זאָרגלאָז און פריידיק.

איצט, ווען די ראַטנמאַכט האָט אָנגעהויבן בהדרגהדיק אײַנפירן אין לעבן אירע געזעצן, איז קלאָר געוואָרן, אַז דער קלאַסן־שונא וועט אַזוי לײַכט ניט אויפגעבן זײַנע פּאָזיציעס. מען וועט זיך דאַרפן פאַרמעסטן און קעמפן. מיכקע וואָלט געזאָגט: „מירן לייגן דעם קאָפּ פאַר די דעראָבערונגען פונעם פּראָלעטאַריאַט". דער געדאַנק וועגן מיכקען האָט אַסיען פריילעך געמאַכט: ער פלעגט אָפט ריידן דערהויבן, מיט צײַטונגס־פראַזן, אָבער אין זײַן מויל פלעגן זיי לעבן — ער פלעגט זיי אַרויסזאָגן אַזוי, ווי זיי וואָלטן נאָר וואָס געבוירן געוואָרן אין זײַן האַרץ.

און אפשר איז די סיבה פון אַסיעס אומרו געווען גאָר אַן אַנדערע... דעם גאַנצן טאָג, וואָס זי איז געווען פאַרנומען מיט אַנדערע זאַכן, פלעגט זי אָפּטרײַבן פון זיך דעם געדאַנק, אַז הײַנט, דווקא הײַנט האָט זי באַשלאָסן אַלץ צו זאָגן שלומען.

זי איז אַרײַן אין שטאָט־קאָמיטעט אין זײַן קאַבינעט — ער איז ניט געווען. אַסיע האָט געוואָלט אַ פרעג טאָן וויטען ווו ער איז, אָבער וויטע איז געווען פאַרנומען, זי האָט גערעדט דורכן טעלעפאָן. און אַסיע איז גיך אַוועק. איר האָט זיך איצט גאָר ניט געגלוסט צו ריידן וועגן אים מיט דער חברטע. שלום, האָט זי אַ קלער געטאָן, מוז זײַן אין רעדאַקציע, ער גייט דאָרט אָפט מאָל אַרײַן אין אָוונט, צו וואַרפן אַ בליק אויף די מאַטעריאַלן פון פרישן נומער פון דער יוגנט־צײַטונג, וואָס גרייט זיך צום דרוק.

אַסיע איז אַרײַן אַהין. אין צימער איז געווען טומלדיק: עמעץ האָט זיך היציק געשפּאַרט, עמעץ האָט דיקטירט דער מאַשיניסטקע, אַן אַנדערער האָט עפּעס געשריען אין טעלעפאָן־טרײַבל, מאַכנדיק צו די איבעריקע צײַכנס, זיי זאָלן ניט שטערן. שלום איז געזעסן אין ווינקל און געלייענט אַן אַרטיקל, וועלכן, ווי אַסיע האָט פאַרשטאַנען פונעם באַלעבטן וויכוח, מען האָט

געדאַרפט אַרײַנגעבן אין נומער. זײַן מחבר, מלעטשאַרסקי, אַ לאַנגער און מאָגערער יונג מיט אַ דאַרן געשפּרענקלטן פּנים, האָט זיך עקשנותדיק געהאַלטן בײַם זײַניקן:

— זיי האָבן געגרייט עקסצעסן? געגרייט. זיי האָבן זיך געקליבן צו שטערן די פֿײַערלעכע דערעפֿענונג פֿון שוליאַר אין אוניווערסיטעט? אוודאי געקליבן. איך ווייס ניט, וויפֿל אַ זייגער איר זײַט געווען בײַם אוניווערסיטעט. איך בין יעדנפֿאַלס געווען אַכט אין דער פֿרי און האָב בפירוש געזען מיט די אייגענע אויגן, ווי אַרום רוטקאָווסקאַסן פּונעם געשיכטע־פֿאַקולטעט האָט זיך געזאַמלט אַן עולם. און איר מוזט זיכער ניט וויסן, מיט וועמען ער האָט זיך געשושקעט?

— מיט וועמען?

— מיט זאַפּאָלסקין, דעם "ענדעק" פֿון אונדזער קורס, וואָס פֿלעגט פּריִער שלאָגן ייִדן; און מיט גוטקאָוויטשן, דעם פֿאַבריקאַנטס זינדל. זיי אַלע — דער ליטווינער, דער פּאָליאַק און דער ייִד האָבן געפֿונען אַ געמיינזאַמע פּלאַטפֿאָרמע...

— אַלץ איינס דאַרף מען וועגן דעם ניט שרײַבן, — האָט מילד געזאָגט די קליינע יאַנקע, ווי זי וואָלט אײַנגערעדט אַ פֿאַרעקשנט קינד.

מלעטשאַרסקי האָט אָבער ווידער געטענהט דאָס זײַניקע:

— ניין, דערקלער מיר, אויב דו פֿאַרשטייסט, פֿאַר וואָס דאַרף מען ניט שרײַבן וועגן דעם וואָס זיי האָבן געגרייט?

— דער ערשטער טאָג פֿון לערניאָר איז אַדורך נאָרמאַל?

— לאָמיר זאָגן, אַז יאָ.

— קיין עקסצעסן זײַנען ניט געווען?

— אָבער ס'האָט געהאַלטן דערבײַ.

— עקסצעסן זײַנען געווען, צי ניט? — יאַנקע רעדט שטיל, אָבער אַנטשלאָסן.

— לאָמיר זאָגן, אַז זיי זײַנען ניט געווען.

— ווי באַלד ניט, איז ניטאָ וועגן וואָס צו שרײַבן.

— הייסט עס, אַז אַלץ איז געווען שטיל און גלאַט, און דער קאָמיוג האָט דאָ גאָרניט אויפֿגעטאָן?!

— לאָמיר פֿאַרשווײַגן אונדזערע פֿאַרדינסטן — האָט זיך מיט אַ מאָל

אַרײַנגעמישט שלום — און זייער טעטיקייט אויך. מיר װעלן זיי ניט גיין רעקלאַמירן.

שלום האָט שוין געלייזט די פּראַגע, אויסשטרײַכנדיק אַ פּאָר זאַצן, װעלכע ער האָט געהאַלטן פֿאַר איבעריקע און האָט אַװעקגעגעבן דאָס אַרטיקל װיטאַוטאַסן — דעם רעדאַקטאָר. דערנאָך האָט ער זיך גענומען צום װײַטערדיקן מאַטעריאַל. אַסיע קומען האָט ער קוים באַמערקט. זי האָט זיך מיט אַ מאָל דערפֿרייט, װאָס ער איז אַזוי פֿאַרנומען: איצט װאָלט איר ליבע־דערקלערונג געװוען ניט צו דער צײַט און ניט אויפֿן אָרט. זי װאָלט געקענט אַלץ קאַליע מאַכן. אָנכאַפּנדיק זיך אין דעם תּירוץ, איז זי אַװעק אַהיים. זי האָט זיך אַליין געװוּנדערט פֿאַר איר פּחדנות און גלײַכצײַטיק זיך געטרייסט דערמיט, װאָס זי װעט נאָך האָבן אַ ביסל צײַט גוט צו באַטראַכטן דעם פֿאָרשטייענדיקן שמועס.

אין דער היים אָבער האָט זי פֿאַרשטאַנען, אַז צו קיין שמועס װעט בכלל ניט דערגיין — ס׳װעט איר ניט קלעקן קיין מוט. דאַן האָט זי זיך אַװעקגעזעצט און אָנגעשריבן אַ בריװ, און באַשלאָסן אים גלײַך אָפּצוגעבן שלומען. זי האָט געזאָגט דער מאַמען, אַז זי װיל מאַכן אַ שטיקל שפּאַציר פֿאַרן שלאָף, און איז אַרויסגעלאָפֿן פֿון שטוב.

אין גאַס האָט זי געטראָפֿן דאַניען דעם גרויסן.

— דאַנקע, פֿון װאַנען קומסטו? איך האָב דיך װידער אַ שאָק מיט יאָרן ניט געזען!

— איך גיי לערנען אין דעם אָװנט־טעכניקום. ס׳הייבן זיך שוין אָן די לימודים. און װוּ גייסטו?

— אין שטאָט־קאָמיטעט.

— קום, כ׳װעל דיך באַגלייטן.

— גוט!

אַסיע האָט אויסגעפֿרעגט דאַניען װוּ און װאָס, געבאָלבעט סתּם װעגן כלערליי זאַכן, כּדי ניט צו קלערן װעגן דעם בריװ, װאָס האָט געבריט איר האַנט בײַ איר אין קעשענע. אין שטאָט־קאָמיטעט האָבן זיי שוין קיינעם ניט געפֿונען, אָבער װי נאָר זיי זײַנען אַרויס, האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אויף שלומען: מסתּמא איז ער געגאַנגען אַהיים פֿון דער רעדאַקציע.

אַסיע האָט פֿון צעטומלטקייט גענומען באַקענען שלומען מיט דאַניען,

און זיי האָבן זיך בײדע צעלאַכט, ווײַל זיי זײַנען שוין לאַנג געווען באַקאַנט. זי איז געווען צופרידן וואָס זיי לאַכן. די קורצע ווײַלע האָט איר געגעבן אַ מעגלעכקייט זיך צו באַהערשן. אַרײַנרוקנדיק אומבאַמערקט שלומען אין האַנט דאָס פּאַפּירל, האָט זי זיך גענומען געזעגענען, זאָגנדיק, אַז ס׳איז שוין שפּעט, שוין צײַט צו גיין אַהיים. איבערלאָזנדיק שלומען אַ פאַרוווּנדערטן, מיט אויפגעהויבענע ברעמען, איז זי אַוועק מיט דאַניען צוריק, פירנדיק ווײַטער דעם אָנגעהויבענעם שמועס, כדי אויך דער זאָל ניט באַמערקן איר צעמישטקייט. זי האָט גערעדט אָן אויפהער, דערציילט דאַניען וועגן די מענטשן, מיט וועלכע זי האָט זיך דעם זומער באַקענט, וועגן די וויכטיקע טוערס פון אונטערגרונט, מיט וועלכע זי פלעגט זיך איצט טאָג־טעגלעך זען. און בלויז באַמערקנדיק דעם מילדן חוזק אין דאַניעס אויגן, האָט זי פאַרשטאַנען, אַז זי רעדט צו הייס און באַגײַסטערט. ער האָט געקוקט אויף איר מיט אַ שמייכל, ווי איינער זאָגט: ״ווען וועסטו ווערן דערוואַקסענער, אַסיע?״



...דעם דאָרף האָט אַרומגעהילט אַ טיפע שטילקייט. דער שוואַרצער וואַלד האָט אים אַרומגערינגלט פון אַלע זײַטן ווי אַ טונקעלע וואַנט און די שפּיצן פון דיביימער האָבן געגליט אינעם שײַן פון דער פאַרגייענדיקער זון. אַלץ העלער און העלער האָט זיך צעפלאַקערט דער שײַטער. די פלאַמען־צינגער האָבן זיך אַ הייב געטאָן צום הימל, און דאָס קנאַקן פונעם טרוקענעם האָלץ האָט נאָך מער אונטערגעשטראָכן די שטילקייט פונעם אַרום.

דער גאַנצער דאָרף האָט זיך צונויפגעזאַמלט אויף דער אָפּגעקאָסיטער לאָנקע און זיך אויסגעזעצט אַרום שײַטער. באַלד וועט זיך אָנהייבן די פײַערונג.

אין דעם דאָרף גאַי איז אַסיע געקומען צו פאָרן הײַנט אין דער פרי, כדי צו העלפן נאַדיען — אַ מיידעלע, וואָס איז געקומען לערנען אין ווילנע, און וועלכע זיי האָבן שוין געקענט — אָרגאַניזירן דאָס אָננעמען קינדער אין פּיאָנער. מיטיקצײַט זײַנען זיי געזעסן בײַ נאַדיען, אין דער אַלטער הויקערדיקער כאַטע מיטן שטרויענעם דאַך. צווישן די זעקס קינדער איז

נאַדיע געווען די עלטסטע. זי האָט דערלאַנגט צום טיש, און די מוטער האָט אַרויסגעשלעפּט פונעם רוסישן אויוון גרויסע סקאָוואָראָדעס מיט קאַרטאָפל־לאַטקעס. צוויי ייִנגעלעך מיט ברענענדיקע פון אומגעדולד אויגן, האָבן זיך געדרייט אויף זייערע ערטער, ניט אַראָפּלאָזנדיק פון אַסיען קיין אויג.

— איך האָב צוגעגרייט זיבן קינדער — האָט נאַדיע געזאָגט. — די ברידערלעך מײַנע, אַנדרייקען מיט וואַניען אויכעט.

— ביסט אַ כוואַט, נאַדיושאַ...

איצט, אין אָוונט זײַנען אַנדריי, וואַניע און נאָך זיי די אַנדערע פאַרבײַגעגאַנגען און אויסגעשטעלט זיך אין אַ ריי בײַם שײַטער.

"איך, דער יונגער פּיאָנער פון דעם פאַרבאַנד פון די סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפּובליקן, זאָג פײַערלעך צו..."

אַסיע פאַרבינדט דעם האַלדזטוך דער ערשטער מיידעלע. יענע שטייט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. אַרום איז אַ ווײַלע שטיל, אָבער באַלד ווערט אַ גערודער. מען באַגריסט זי, מען פּאַטשט בראַוואָ... דער שײַטער ווערט שוין פאַרלאָשן, אָבער מענטשן גייען זיך ניט פונאַנדער. די נײַ־אָנגענומענע פּיאָנערן קוקן באַגײַסטערט אויף זייערע חברים און אויף די אייגענע האַלדזטיכער, גלעטן זיי פאָרזיכטיק מיט די הענט, ניט אײַנצושמוצן...

נאָכן פּיאָנערישן יום־טוב אינעם דאָרף גאַי האָט אַסיע, אין אַ דערהויבענער שטימונג, געוואָלט זיך אומקערן אין שטאָט, כדי צו דערציילן שלומען וועגן דער פײַערלעכקייט, אָבער דערמאָנענדיק זיך וועגן איר בריוו, וועגן וועלכן זי האָט אייגנטלעך אויף קיין איין מינוט ניט פאַרגעסן און נאָר אַ ביסל זיך אָפּגעריסן פון דעם געדאַנק, האָט זי באַשלאָסן, אַז זי וועט שוין פאַר איינס צופאָרן קיין טראָק, וווּהין זי האָט זיך געהאַט געקליבן, כדי צונויפצוריידן זיך וועגן אַ צוזאַמענטרעף פון די פּיאָנערן פון צוויי אוראַלטע ליטווישע הויפּטשטעט — ווילנע און דעם אָזערעס־שטעטל טראָק, וואָס איז געווען די הויפּטשטאָט פון ליטע אין דער גאָר טיפער פאַרגאַנגענהייט, נאָך פאַר ווילנע.

זידלענדיק זיך אַליין אין האַרצן, האָט זיך אַסיע מודה געווען, אַז אויך די רײַזע אין דאָרף האָט זי באַשטימט אויף הײַנט, כדי אויסצומײַדן די באַגעגעניש מיט שלומען. זי איז ניט בכוח געווען צו בלײַבן אין שטאָט און

וואַרטן אויף זײַן ענטפער, אויפן ״אורטייל״, וועלכער האָט איר געשראָקן. פּאַראומערט פון דער אייגענער קליינמוטיקייט איז זי אַוועקגעפאָרן ווײַטער.

ס׳איז שוין געווען האַרבסט, ס׳האָט פרי געדעמערט. ס׳איז געווען כמעט פינצטער, ווען זי האָט זיך אָפּגעשטעלט בײַם וועג, וואַרטנדיק אויף אַ פאַרבײַפאָרנדיקן אויטאָ. ס׳האָט זיך דערהערט אַ רעדער־גערויש אויפן ברוק, און אַ פורמאַן האָט אַ קנאַק געטאָן מיטן בײַטש אין דער לופטן מיט אַ הילכיקן ״וויאָ!״

דער וואָגן האָט זיך אָפּגעשטעלט. דער פורמאַן, אַ פעסטער יאַט, שוואַרץ ווי די נאַכט, האָט געפרעגט ביי אַסיען וווּהין זי דאַרף און פאַרגעלייגט זי אונטערצופירן. ״אַ ציגײַנער״, האָט אַסיע אַ קלער געטאָן. ״אפשר לעבן דאָ ציגײַנער?״

— אַווּ פאָרט איר אַליין? — האָט זי געפרעגט.

— קיין לייבישאָק. האָסט געהערט וועגן אַזאַ דאָרף — לייבישאָק?

זי האָט קיין מאָל ניט געהערט און האָט אים אויפמערקזאַם אָנגעקוקט.

— לייבישאָק קלינגט עפּעס מאָדנע...

— ס׳איז אַ ייִדישער דאָרף — האָט ער געזאָגט.

— אַ ייִדישער דאָרף? — האָט זי שוין געענטפערט אויף ייִדיש, דערשטוינט פון דער נײַעס, אַז ס׳קענען דאָ זײַן ייִדישע דערפער.

— אוודאי! וואָס קוקסטו אויף מיר ווי אַ האָן אין בני־אדם? הער זיך אײַן, מיידל, ווּ וועסטו פאָרן אין דער נאַכט אַליין, כאַפּ זיך אַרײַן צו אונדז אין דאָרף, וועסט איבערנעכטיקן, דאָס איז דאָ ניט ווײַט.

אין לייבישאָק האָט מען ווידער אָנגעצונדן אַ שײַטער, יוגנט איז זיך צונויפגעלאָפן, מען האָט זיך אויסגעזעצט אַרום פײַער, אַלע אַרומגענומען פּאַר די אָרעמס און וויגנדיק זיך געזונגען. אַלע זײַנען זיי, די יינגלעך מיט די מיידלעך, געווען טונקל, מיט פלאַמענדיקע אויגן, פּעכיקע האָר און נעזער מיט הויקערלעך, ווי זיי וואָלטן אַראָפּגעקומען אַהער גלײַך פון די זײַטלעך פון תנ״ך. זיי האָבן געקענט אויף אויסווייניק אַלע נײַע לידער, געזונגען זיי לעבעדיק און הויך, אָבער אין אייניקע ערטער שטאַרק געפעלשט די מעלאָדיע. אַסיע האָט געפּרוּווט זינגען ריכטיק, מען האָט זי אָבער ניט געהערט, זי פאַרשריִען, דאָס געזאַנג האָט געקלונגען אַזוי הילכיק און דער

עולם איז געווען אַזוי זיכער, אַז ער זינגט גרויסאַרטיק, אַז זי האָט אפילו ניט פּרוּבירט זיי איבערצײַגן, אַז ס׳איז ניט אַזוי.

נעכטיקן האָבן זי חברה גערופן אין שײַער אַרײַן, אויפן היי. ווען זיי האָבן אָבער דערזען, אַז זי קווענקלט זיך, האָט אַ מיידל גענומען זי צו זיך אַהיים. מען האָט דערלאַנגט וואַרעמעס צום טיש אויף אַ ווײַסן טישטעך, ס׳איז נאָך געבליבן אַ ביסל געפילטע פיש פון שבת. ס׳איז געווען גענדזן־שמאַלץ מיט גריבענעס און היימיש שוואַרץ ברויט, אויסגעבאַקן אויף קרויטבלעטער. ערשט איצט האָט אַסיע דערשפּירט, ווי הונגעריק זי איז.

קיין מאָל איז זי נאָך ניט אײַנגעשלאָפן אַזוי גיך און ניט געשלאָפן אַזוי שטאַרק, ווי די נאַכט. און ווען זי האָט זיך אין דער פרי אויפגעכאַפּט, האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז די נאַכט האָט געדויערט אַ ווײַלע. איר ערשטער געדאַנק איז געווען — שלום, דער בריוו אירער, דער שמועס וואָס שטייט איר פאָר. ס׳האָט איר אַרומגעכאַפּט אַ פאַרצווייפלונג, זי האָט מיט אַ מאָל דערשפּירט דעם גאַנצן אומזין פון איר שריט, זי האָט זיך אָבער ניט אונטערגעגעבן דער געפאַלנקייט, זיך אָפּגעוואַשן מיט קאַלט וואַסער, אָנגעטאָן און איבערגעביסן. דער "ציגײַנער", וואָס האָט זי נעכטן געבראַכט צו פירן אַהער, האָט זיך גראָד געקליבן אין וועג אַרײַן, פירן מילך צום נאָענטסטן מילכפּונקט, אין דאָרף קייפּוני.

— פון דאָרטן וועט דיר לײַכט זײַן זיך צו דערקלײַבן קיין ווילנע, ס׳גייט אַן אויטאָבוס.

אַסיע האָט שוין רעזיגנירט פון פאָרן קיין טראָק — מען דאַרף זיך נעמען אין די הענט!

פון אין דער פרי אָן האָבן אויף אַסיען געוואַרט פיל ענינים.

אין דער היים האָט זי כמעט קיינעם ניט געזען, שפּעט אויפגעשטאַנען און באַשלאָסן צוגיין אין ייִוואָ. דעם גאַנצן זומער האָט דאָרט אַסיע ניט געאַרבעט. איצט אָבער, ווען דער לערניאָר אין אוניווערסיטעט האָט זיך אָנגעהויבן, האָט זי, לויט דער אויפגאַבע פונעם ייִוואָ, שטודירט ניט נאָר פּעדאַגאָגיק, נאָר אויך דײַטש, כדי צו קענען דורכפירן אַ פאַרגלײַך־אַנאַליז פון ביידע שפּראַכן. זי האָט שוין געמאַכט אייניקע נאָטיצן און געוואָלט זיי באַווײַזן בער שלאָסבערגן, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט די פּראָאַספּיראַנטן און איז פריִער געווען זייער לעצטער לערער פון ייִדיש־לימוד אין גימנאַזיע.

זי האָט זיך ניט מודה געווען, אַז ווידער טוט זי אַלץ, אַבי אָפּצולייגן איר באַגעגעניש מיט שלומען.

אַרײַנגייענדיק אין דעם שטילן קיניגרײַך פון ייִדיש, וואָס איז, ווי פריער, געשטאַנען מאַיעסטעטיש אָפּגעזונדערט פון דעם גאַנצן אַרום, אײַנגעטונקט אין דער האַרבסטיקער פּראַכט פון גרין, געל און רויט, האָט זי צוערשט אַרײַנגעקוקט אין דער קליינער הילצערנער שטוב דערנעבן, צווישן בייטן מיט די לעצטע אַסטערס און נעגעלעך. דאָ האָט געוווינט טײַבעלע, אַסיעס ערשטע שול־חברטע, וואָס איז צוזאַמען מיט איר, אויף איין באַנק געזעסן אין דער סאָפיע גורעוויטש־שול. טײַבעלעס פאָטער איז געווען אַ לערער און דער פאַרוואַלטער פון דער ייִדישער פּרוג־שול, אָבער דאָ נעבן דעם ייִוואָ האָט ער געוווינט און אַהער פלעגן זיי, די פּראָאַספּיראַנטן, אָפּט אַרײַנלויפן אָפּרוען זיך, אויסטרינקען אַ גלאָז טיי, כאַפּן אַ שמועס.

טײַבע איז געווען אין שטוב אַליין. זי האָט מאָדנע אַ קוק געטאָן אויף אַסיען און שטיל געזאָגט:

— נעכטן האָט מען אַרעסטירט לאהעס פאָטער.

— וואָס רעדסטו?! — אַסיען האָט אַרומגעכאַפּט אַן אימה. — פאַר וואָס?!

— דאָס דאַרפסטו וויסן בעסער פון אונדז, ער איז ניט דער ערשטער, וועמען מ׳האָט צוגענומען.

לאהעס פאָטער, חיים וואַלט, איז געווען אַן עס.־ער. און אַלע יאָרן — אַ טוער אין די ווילנער פּראָפּפאַראיינען. טײַבעלעס פאָטער איז געווען אַ בונדיסט, און איצט האָט זי געוויס געציטערט איבער אים. טײַבע אַליין איז אויך געווען אַ "צוקונפטיסטקע", אַ מיטגליד פונעם יוגנט־בונד. לאה דאַקעגן איז געווען אַקטיוו אין קאָמיוג, אַסיע פלעגט דאָך אַ מאָל גיין צוזאַמען מיט איר פאַרשפּרייטן פלוגבלעטלעך. ווי איז איר איצט?

לעצטנס איז לאה צוזאַמען מיט מירען, מיט וועלכער זיי האָבן זיך געהאַט נעענטער באַפרײַנדעט, אָנגעקומען ארבעטן אין ביבליאָגראַפישן אָפּטייל פון ייִוואָ. זיי פלעגן קוים געפינען צײַט — ביי די געזעלשאַפטלעכע ענינים פלעגן זיי דאָך פאַרפאַלן ווערן טאָג און נאַכט. אַרײַנגייענדיק אין ייִוואָ האָט אַסיע צוערשט געטראָפן מירען.

— איך ווייס שוין וועגן לאהעס פאָטער — האָט זי געזאָגט — ווי איז עס געשען?

— דאָס האָט פּאַסירט אייערנעכטן ביי נאַכט. מען איז געקומען צו זיי אַהיים, אויף ווינגרי־געסל, געמאַכט אַ רעוויזיע, אַוועקגעפירט דעם פאָטער אָן אַ פאַרוועץ און אָן אַ פאַרוואָס. אגב, די זעלבע נאַכט, האָט מען גענומען אויך זלמן רייזענען, אַדוואָקאַט טשערניכאָוו און אַנדערע. דוסט געהערט?

אַסיע האָט גאָרניט געוווּסט און איז געבליבן שטיין אַ געפּלעפּטע.

— ווי האַלט זי זיך, לאה? — האָט זי נאָר שטיל געפרעגט. — זי איז געקומען אַהער?

— יאָ, זי אַרבעט דאָרט אינעם אָפּטייל. זי וויינט ניט און רעדט ניט קיין וואָרט. פאַרשלאָסן אין זיך. אפילו מיט מיר רעדט זי ניט. דו קענסט דאָך לאהקען, זי איז שטאָל און אייזן.

— ווי מיינסטו, איך זאָל אַריינגיין צו איר?

— ווי דו ווילסט — האָט מירע געענטפערט. — אפשר בעסער היינט ניט. וואָס וועסטו איר זאָגן?

ביי אַסיען האָט זיך אינעווייניק אַלץ צונויפגעפּרעסט. זי איז נאָך געווען אונטערן איינדרוק פון איר נעכטיקן געלונגענעם פּיאָנערן־אָוונט אין דאָרף, פון דער אויסטערלישער באַגעגעניש מיט די יונגע ייִדישע פויערים אינעם דאָרף לייבישאָק, און פון די מונטערע לידער ביז האַלבער נאַכט ביים שייטער. און דאָ...

זי האָט שוין ניט געזוכט שלאָסבערגן, ניט אַריין צו אומע אָלקעניצקין אין טעאַטער־אַרכיוו און אין דעם צימער פון אסתר־רחל קאַמינסקי, ווו זי פלעגט פריער האָבן הנאה אַרומצופירן באַזוכערס...

ליידנדיק פון דער אייגענער קליינמוטיקייט, איז זי שוין געווען צופרידן, וואָס מירע האָט זי ״באַפרייט״ אין דעם מאָמענט פון דער נויטווענדיקייט זיך צו טרעפן מיט לאהען.

וואָס טוט זיך? וואָס קומט פאָר?

״אַז מען האַקט האָלץ, פליען שפענער״?

אָבער ניט פריער, ניט דאַן, ניט פיל יאָרן שפּעטער האָט אַסיע ניט געוווּסט און קיינער פון די חברה האָט מסתמא ניט געוווּסט, וואָס פאַר אַ לאַסט עס טראָגט אויף זיך מירע אַליין. מען האָט געוווּסט, אַז אירע ברידער

און שוועסטער, די קאָמוניסטן, זיצן אין תּפיסה. מען האָט אָבער ניט געוווּסט, אַז זיי זיצן שוין אין תּפיסה דווקא אינעם אויסגעטרוימטן ראַטן־פאַרבאַנד. אַז זיי האָט געשיקט די פּאַרטיי, איינעם נאָך אין סוף צוואַנציקער יאָרן. אַז דער צווייטער איז אַוועקגעפאָרן, אויך גנבֿענענדיק די גרענעץ, נאָך פאַר 1937. ביידן — פּוילישע קאָמוניסטן, מיטגלידער פון דער ליקווידירטער פאַראורטיילטער פּאַרטיי, האָט מען אַײַנגעזעצט. די משפּחה האָט ניט געוווּסט, צי זיי לעבן נאָך. ס'פלעגן דערגיין משונהדיקע קלאַנגען. איינעם פון די קלאַנגען האָט געהערט נאָר זי, דאָס מיידעלע, און ניט דערציילט דער מאַמען. מיט אָט דעם שטיין אין האַרצן האָט געלעבט מירע, און האָט אַקטיוו געבויט דאָס נײַע לעבן.

# דער ענטפער

די שמאָלע ריינע טרעפּ האָבן געפירט פון הויף אויפן פערטן גאָרן פונעם בנין פון שטאָט־קאָמיטעט. אָט איז די טיר אויף רעכטס. די גוט באַקאַנטע טיר. חבֿרה פלעגן פון צײַט צו צײַט אַרײַנגיין אַהער, צו שלומען. אַסיע אויך.

וואָס האָט זי זיך אָפּגעשטעלט? אפשר בעסער אַוועקגיין? איצט שוין ניט. באַלד וועט זי אָנקלאַפּן און עפענען די טיר. ניין, בעסער ניט קלאַפּן: פון דאַנען לאָזט זיך שוין הערן, ווי שלום לייענט פאַר מאַיאַקאָווסקין. מע דאַרף זיך אומבאַמערקט אַרײַנשלײַכן אין צימער, קיינעם ניט צו שטערן.

אומבאַמערקט האָט זיך ניט באַקומען. שלום האָט דערהערט דעם סקריפּ פון דער טיר, געוואָרפן אַ בליק, אַ הייב געטאָן די ברעמען און ווײַטער געלייענט. אַרום אים זײַנען געזעסן חבֿרה, עמעץ האָט זיך אָפּגערוקט, כּדי צו מאַכן אַן אָרט פאַר אַסיען.

ס'זײַנען שוין אַריבער פיר טעג זינט יענעם אָוונט, ווען אַסיע האָט אָפּגעגעבן שלומען איר ברייוו. נעכטן האָט זי זיך אומגעקערט קיין ווילנע, הײַנט געקומען אין שטאָט־קאָמיטעט און איז געזעסן בײַ זיך אינעם קינדער־סעקטאָר, כּדי זיך ניט צו טרעפן מיט שלומען אין קאָרידאָר, אָדער אין

וועסטיבול. זי האָט געהאָפט, אַז ער וועט אַרײַנגיין אַהער. אָבער ער איז ניט אַרײַן.

און אין אָוונט, ווען אַסיע איז שוין מער ניט געווען בכוח צו וואַרטן, און זי האָט אָנגעהויבן זוכן שלומען איבערן גאַנצן בנין, האָט מען איר געזאָגט, אַז ער איז בײַ זיך אין צימער און לייענט דאָרט מיט די חברה מאַיאַקאָווסקיס לידער.

...צו וואָס איז זי אַרויף אויף די טרעפּ? אויף וואָס האָט זי נאָך געהאָפט, ווי באַלד ער אַליין האָט זי ניט געזוכט? אַז ער איז אַזאַ גיכער פּאַמעלעך... אפשר האָט ער נאָך אַליין ניט באַשלאָסן... ווידער איר האָפענונגסלאָזער אָפּטימיזם!

שלום לייענט פאַר די חברה מאַיאַקאָווסקיס אַ ליד. אַסיע הערט קוים דורכן נעפּל פון די אייגענע צערודערטע געדאַנקען די פעסט אָפּגעמאָסטענע שורות, וועלכע באַקומען זיך בײַ שלומען ווי אויסגעהאַמערט, קעמפעריש, שטאַרק — מסתמא אַזוי ווי מאַיאַקאָווסקי וואָלט עס אַליין געלייענט.

—איך מיין, אַז אויף הײַנט וועט שוין קלעקן — זאָגט שלום.

חברה האָבן זיך אויפגעהויבן פון די ערטער. אַסיע איז געזעסן בײַ דער טיר, איר איז לײַכט געווען זיך אַרויסצושלײַכן די ערשטע, אָבער שלום האָט, ווי צווישן אַנדערן, געזאָגט צו איר:

— בלײַב איבער אַ ווײַלע.

און ווען אַלע זײַנען אַרויס — מילדער:

— זעץ זיך צו, אַסיע.

מאָדנע, אַז דער טיש איז טונקל־גרין. פּונקט ווי די ווענט — באַדעקט מיט טונקל־גרינעם איילפאַרב. אַזוי פאַרבט מען קיכן. ניין, קיכן פאַרבט מען העלער. דאָ זײַנען די ווענט טונקעלע, כמעט ווי אין תפיסה — קומט איר אין זינען אַ מאָדנער פאַרגלײַך. אָבער דער פענצטער איז אַ גרויסער, אַ ווענעציאַנער. און דער טיש איז אַ פּשוטער, אַ קיכטישל, באַפאַרבן אויף טונקל־גרין.

אָט איז אויף אים אַ טינטפלעק. און דערנעבן נאָך צוויי קלענערע.

שלום קוקט אויף אַסיען. זי פילט עס מיטן רעכטן אויער. ער זיצט דאָרט אויפן ראַנד פון בעט און קוקט אויף איר. מסתמא זײַנען בײַ אים הויך

אויפגעהויבן די ברעמען, און אפשר ניט. אַסיע ווייסט ניט, זי קען ניט אָפּרײַסן דעם בליק פון טיש. אָט איז נאָך אַ קליאַקסע.

— אמת, כ׳האָב פאַרגעסן, איך האָב דאָך עפּעס! ס׳ט וועט עס איז געגעסן אײַנגעמאַכטס פון ציטרינען?

ער איז אויפגעשטאַנען און צוגעגאַנגען, דאַכט זיך, צו דער שאַפע, וואָס איז אַרײַנגעבויט אין וואַנט.

— מיר האָט עס געבראַכט די מומע מײַנע, זי אַליין מאַכט עס. פאַרזוך, ס׳איז טעם גן־עדן! קיכעלעך זײַנען אויך, ווײַזט זיך אַרויס, פאַראַן. אָבער קיין טיי...

— איך וויל ניט קיין טיי.

שלום האָט אַוועקגעשטעלט אויפן טיש אַ טעלער, אַרײַנגעלייגט אין אים אײַנגעמאַכטס, צוגערוקט צו אַסיען, דערלאַנגט די קיכעלעך.

— נו, ווי?

— געשמאַק.

— עס, שטער זיך ניט. עס מיט די קיכעלעך.

ערשט איצט האָט אַסיע געוואָרפן אויף אים אַ בליק. ער האָט אויסגעזען צעטומלט, ווי אַן אומגעניטע באַלעבאָסטע, וואָס ווייסט ניט, ווי מע נעמט אויף די געסט. אַסיע האָט אים אָבער קוים געזען, איצט האָט זי אויפמערקזאַם באַטראַכט דעם מוסטער אויפן טעלער.

— אַסיע...

מען דאַרף אויפהייבן די אויגן. אָבער זי קוקט, ווי צוגעשמידט, אין טעלער אַרײַן.

— פאַר מיר האָט זיך שוין אַלץ אין לעבן געענדיקט, דו ווייסט עס. איך בין שוין מער ניט בכוח ליב צו האָבן.

פון ערגעץ פון דער פאַרגאַנגענהייט, ווי פון אַ ווײַטן רעפּראָדוקטאָר, טויכן אויף ווערטער, וועלכע עמעץ האָט אַ מאָל געזאָגט: ״אין קאָנצלאַגער האָט מען אונדז געפירט אויף וואַלדאַרבעט, מיר פלעגן האַקן אַלטע, הונדערטיאָריקע ביימער, אײַן מאָל האָט שלומען שיִער ניט צוגעדריקט אַזאַ בוים, מען האָט אים קוים באַוויזן אָפּצושלעפּן. ער איז אַרומגעגאַנגען ווי געקומען פון יענער וועלט, צעדרומסקעט און גלײַכגילטיק צו אַלץ: ניט לאַנג פאַר דעם איז געשטאָרבן זײַן ווײַב״.

און ווידער שלומס קול:

— ס'איז בײַ מיר אינעווייניק גאָרניט ניט פאַרבליבן. פּוסט, ווי אויסגעברענט. מיר דאַכט זיך, אויף אַלע מאָל.

אַסיע האָט זיך דערמאָנט: "מיט דרײַ יאָר צוריק האָב איך אויך געמיינט, אַז מער וועט שוין קיין זאַך ניט זײַן". זי האָט גאָרניט געזאָגט און נאָר געקוקט אויף אים אַזוי לאַנג, ווי ער, אַ פּאַרטיפּטער אין די אייגענע געדאַנקען, האָט ניט באַמערקט איר בליק. און ווען ער האָט זיך אָפּגעטשוכעט און אַ קוק געטאָן אויף אַסיען, האָט זי זיך ווידער גענומען צום אײַנגעמאַכטס.

...אָט אַזוי. געענדיקט. אויף וואָס האָט זי אייגנטלעך געוואַרט? און וואָס טוט מען איצט? אויפשטיין און אַוועקגיין.

אָט איז אויפן טיש אַ פלעק פון טינט און דערנעבן צוויי קלענערע. און דאָרט ווײַטער נאָך איינער.

— נו, מען דאַרף שוין גיין.

— זיץ נאָך אַ ווײַלע.

אַסיע האָט זיך געהאָרכזאַם אַוועקגעזעצט. און ווידער דערשפּירט בײַם אויער זײַן בליק. אַזאַ בליק ווי דאַן, ווען מע האָט זי געלויבט פאַרן פּיאָנערן־יום־טוב. מיטן ווינקל אויג באַמערקט זי זײַנע הויך אויפגעהויבענע ברעמען. "ער וווּנדערט זיך" — קלערט זי — "קיין מאָל וואָלט ער זיך אַליין ניט אָנגעשטויסן..."

— אָט, ווײַזט זיך אַרויס, וואָס פאַראַ דו ביסט, אַסיע...

"האָרכן... ניט אָטעמען, נאָר האָרכן..."

— אויב דו קענסט... אויב דו קענסט נאָך דעם אַלעם, וואָס איך האָב דיר געזאָגט... גיי ניט אַוועק, אַסיע.

אַלץ האָט זיך צעמישט אין קאָפּ. קיין איינציקער געדאַנק.

— איצט וועט מיר זײַן נאָך שווערער אײַנעם אַליין.

שלומס אָרעמס זײַנען גרויסע און וואַרעמע, זי ווערט אין זיי אַנטרונען, הערט שוין גאָרניט, נאָר דאָס בלוט קלאַפּט אין די שלייפן. זי רעדט עפּעס, און פאַרשטייט אַליין ניט וואָס.

— איך וועל דיך קיין מאָל ניט באַעוולען, אַסיע.

...צו וואָס האָט ער עס געזאָגט? זי האָט, דוכט זיך, געזאָגט ״מען דאַרף ניט״, און ער האָט געענטפערט: ״גוט, מען דאַרף ניט״.

ער איז גלײַך שטיל אײַנגעשלאָפֿן בײַ איר אַקסל. נאָר די ליפּן זײַנע האָבן זיך קוים קוים באַוועגט, ווי בײַ אַ קינד, און ער האָט איר אויסגעזען ווי אַ קלײנינקער בער, וועלכן מע האָט נאָר וואָס אָנגעפּויעט מיט מילך פֿון אַ פלעשל. און איצט שלאָפֿט ער זיס. זי איז געלעגן ניט באַוועגנדיק זיך, מורא האָבנדיק זיך אַ ריר צו טאָן פֿון אָרט, געלעגן אַזוי לאַנג לאַנג, און נאָר ווען ס׳האָט קוים גענומען טאָגן, איז זי פּאָרזיכטיק, כדי ניט אויפֿצוּוועקן שלומען, אויפֿגעשטאַנען און איז אַוועק.

זי האָט געוואָלט אויך אומבאַמערקט זיך אַרויסגליטשן פֿון הויז און דורכגײן דורכן הויף, זי האָט זיך אָבער אָנגעשטויסן אויפֿן הויזוועכטער. ער האָט זי מאָדנע אָנגעקוקט, און די זעלטענע פֿאַרבײַגײערס אויף די גאַסן האָבן זי אויך נאָכגעקוקט מיטן זעלבן מאָדנעם בליק.

און איצט האָט מען געדאַרפֿט אַרײַנגײן אין שטוב. ס׳איז נאָך גוט, אַז זי האָט געהאַט דעם שליסל, אַז מען דאַרף ניט קלינגען.

זי וועט אַרײַנגײן און גלײַך זאָגן: ״איך בין געווען בײַ שלומען״. אין די אויערן האָט אָן אויפֿהער געקלונגען: ״ער האָט מיך ניט ליב און וועט מיך קײן מאָל ניט קענען ליב האָבן. ער וועט מיך קײן מאָל ניט באַעוולען״ — קלאָר וואָס דאָס הײסט.

נײן, ניט קלאָר. און מען דאַרף ניט איבערקלערן. אַסיע וויל קײן זאַך ניט פֿאַרשטײן. ער איז געלעגן נעבן איר ווי אַ קלײן בערעלע. און מער גאָרניט. איצט וועט זי אַרײַנגײן אין שטוב און זאָגן: ״איך בין געווען בײַ שלומען. איך בלײַב מיט אים״.

מער וועט זי קײן זאַך ניט זאָגן.

...יאָ, מער איז זי דעם טאַטן קײן זאַך ניט אימשטאַנד געווען צו זאָגן. זי האָט געקוקט אויף זײַנע רויט געוואָרענע אויגן, אויפֿן אויסגעמאַטערטן פּנים, און אַלע ווערטער זײַנען געבליבן שטעקן אין האַלדז.

בעסער וואָלט ער זי אַ קלאַפּ געטאָן, אײדער אַזוי צו קוקן. אין זײַן בליק איז ניט געווען קײן צאָרן. ער האָט זיך קײן מאָל ניט געקענט בייזערן, נאָר ווייטיק איז געווען אין דעם בליק, צער און פֿאַרצווייפֿלונג. ער האָט געשריען, ניט קענענדיק באַהערשן דעם ווייטיק, און אַלץ אײנס האָט אַסיע

געוווסט, אַז ער וועט איר מוחל זײַן, אַז ער איז איר אפשר שוין מוחל געווען.

זי האָט געקוקט אויפֿן פּאָטער און קלאָר פֿאַרשטאַנען: טאָמער טרעפֿט מיט איר עפּעס שלעכטס, קומט ער דער ערשטער צו הילף, לייגט אונטער אַ האַנט. פֿון זײַנעטוועגן, כּדי אים לײַכטער צו מאַכן דאָס האַרץ, וואָלט איצט כּדאַי געווען צו זאָגן אַ ליגן, אויסצוקלערן עפּעס אַזוינס, וואָס וואָלט אים געקענט באַרויִקן. סוף כּל סוף האָט מען אפֿילו קיין ליגן ניט געדאַרפֿט, זי האָט געקענט זאָגן דעם אמת: יאָ, זי איז געווען בײַ שלומען, אָבער צווישן זיי איז נאָך קיין זאַך ניט פֿאָרגעקומען. אַסיע האָט אָבער אָנגענומען אַ באַשלוס — און דאָס איבעריקע — צי זיי זײַנען שוין יאָ געווען נאָענט, צי נאָך ניט — האָט פֿאַר איר ניט געהאַט קיין באַטײַט. און איצט האָט איר אויסגעפֿעלט דער קלײנער טראָפּן גוטסקייט און רחמנות צו טרייסטן דעם פּאָטער, צו זאָגן אים עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל אים קענען באַרויִקן.

די מאַמע איז אויפֿגעשטאַנען און גענומען גרייטן פֿרישטיק, ווי קיין מאָל גאָרניט. זי, דער שטוב־פּראָקוראָר! און ערשט אין אַ היפּשער ווײַלע אַרום האָט זי געפֿרעגט:

— אפֿשר וואָלט איר זיך בעסער אַריבערגעקליבן אַהער?

אין דער פֿראַגע איז געווען אַלץ: די פֿאַרשטענדעניש פֿאַר אַסיעס געפֿיל, די הסכּמה צו איר זעלבשטענדיקייט, די רויִקע אָנערקענונג פֿונעם רעאַלן לויף פֿון לעבן. זי האָט זיך אויפֿגעפֿירט אַזוי, ווי קיין זאַך וואָלט ניט פּאַסירט, און דערמיט אויך באַרויִקט דעם טאַטן.

אַסיע האָט ניט געוווּסט וואָס צו ענטפֿערן אויף דער פֿראַגע, און דאַן האָט שוין די מאַמע אין אַ ווײַלע אַרום געפֿרעגט שטרענגער:

— איצט וועסטו געוויס וואַרפֿן דאָס לערנען?

דערויף האָט שוין אַסיע געקענט ענטפֿערן מונטער און זיכער:

— ניין, כ׳וועל לערנען! וועסט זען!

## דער בונט

ווען אַלע האָבן זיך שוין צוגעוווינט דערצו, אַז אַסיע איז געוואָרן שלומס ווײַב, איז אינעם קאָמיוגישן לעבן פֿאָרגעקומען עפּעס גאַנץ

געוויינלעכס, וואָס האָט אָבער אייניקע אויסגעוויזן צו זײַן אומדערוואַרט און אומגערעכטיק.

אין צוזאַמענשטעל פונעם נײַעם ביוראָ פון שטאָט־קאָמיטעט זײַנען ניט אַרײַן אַזעלכע "אַלטע און אויסגעפּרוּווטע" קעמפער, ווי זשאַבינסקי, אַסיע, וואָלאָזשינסקי.

אַלע "באַעוולטע" האָבן זיך צונויפגעזאַמלט בײַ וויטען. זי האָט געזאָגט:

— אפילו אַזאַ אַקטיוויסטקע ווי אַסיע האָט שלום ניט אײַנגעשלאָסן אין צוזאַמענשטעל פון ביוראָ!

— ניט אומבאַדינגט מוז איך דאָרט זײַן — האָט שטיל געזאָגט אַסיע.

— ניט אומבאַדינגט? — וויטע איז געווען אויפגערעגט און האָט גערעדט מיט חוזק — ווי דען! פאַרשטענדלעך, שלום האָט דאָך געזאָגט: אַלץ אײנס וועט זי אַרבעטן, ווי זי טוט עס ביז איצט. און דו וועסט טאַקע אַרבעטן, אָבער איך ווייס דאָך, ווי ס'טוט דיר וויי. אין גיכן וועסטו שוין גאָרניט האָבן קיין זעלבשטענדיקע מיינונג!

— שלומען פּאַסט אפשר ניט אַרויסצוהייבן אַ ווײַב — האָט עמעץ באַמערקט.

— דריי ניט דעם קאָפּ! — האָט זיך צעבייזערט וואָלאָזשינסקי — יאָ אַ ווײַב, ניט קיין ווײַב! וואָס פאַר אַ באַטײַט האָט עס? זי איז אַ קאָמיוגיסטקע פון אונטערגרונט, פירט אָן מיטן קינדער־סעקטאָר, אַרבעט גוט. איז ניין, מען שטעלט אַרײַן עפּעס אַ גימנאַזיסטל, אַ מאַלעצקי. דער, זעסטו, איז ווערט צו זײַן אַ מיטגליד פון ביוראָ, און אַסיע האָט עס ניט פאַרדינט!

— חברה! איך האָב שוין לאַנג געזאָגט — מען שטופּט אונדז, יידן, אָפּ אין אַ זײַט. זײַט מוחל, גיט זיך אַ רוק, מאַכט פרײַ דעם וועג פאַר אַנדערע!

— וואָס, לויט דײַן מיינונג דאַרף מען ניט צוצִיען קיין נײַע? — האָט אַסיע געפּרוּווט איבערצײַגן וואָלאָזשינסקין.

— צוציִען דאַרף מען, אָבער ניט אויף אַזאַ אופן. ניט אַזוי לײַכט שטופּן פאָרויס, און שוין יעדנפאַלס — ניט גלײַך אין דער אָנפירערשאַפט, — האָט געזאָגט מיכקע.

— אויף דער באַראַטונג אין קאָוונע האָט מען שוין שלומען געגעבן צו פאַרשטיין, אַז בײַ אונדז זײַנען סעקטאַנטישע שטימונגען.

— וואָס מיינט עס צו זאָגן?

— זייער פשוט: אַז מיר האָבן זיך אײַנגעשלאָסן אין אייגענעם קרײַז און זאָרגן ניט פאַר דער השפּעה אויף די ברייטע יוגנט־מאַסן.

— איז וואָס? זײַנען מיר, הייסט עס, סעקטאַנטן? — האָט זיך אַ וויצל געטאָן עזקע.

און מיכקע האָט באַמערקט:

— אויב דער קאָמיוג איז אַ מאַסן־אָרגאַניזאַציע, איז וואָס דרינגט דערפון, אַז די אויסגעפּרוּווטע, די זיכערסטע חברה דאַרף מען ניט צולאָזן צו דער אָנפירונג?

— וואָס לייגסטו פאָר? — האָט געפּרוּעגט וויטע.

— איך? איך לייג קיין זאַך ניט פאָר. איך האָב שוין געטאָן דאָס וואָס כ׳האָב געהאַלטן פאַר נייטיק. איך האָב אָנגעשריבן אַ בריוו צו סטאַלינען.

אַלע זײַנען נשתומים געוואָרן, אַזוי אומדערוואַרט איז עס געווען. מיכקע אַליין איז צעמישט געוואָרן פונעם אײַנדרוק, וואָס די ידיעה האָט אויף אַלעמען געמאַכט. ער האָט זיך אָבער שנעל באַהערשט און געקוקט מיט עקשנות אויף די חברה, וואַרטנדיק, וואָס זיי וועלן זאָגן. אָבער קיינער האָט מער ניט גערעדט און מען איז זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען, ווי גלײַך מיכקעס לעצטע ווערטער וואָלטן פאַרענדיקט דעם גאַנצן שמועס. די פאַרלעגנהייט, וואָס האָט זיך געמאָלט אויף אַלע פּנימער, האָט אָבער עדות געזאָגט, אַז יעדער איינער איז אַוועק מיט אַ טיפן אומרו אין האַרצן.

קיינער פון זיי האָט, פאַרשטייט זיך, ניט דאַן, און ניט אפילו אין יאָרן אַרום, ניט פאַרגעשטעלט זיך, וואָס עס הייסט אָנשרײַבן צו סטאַלינען, באַקלאָגן זיך פאַר אים אויף עפּעס. פאַר מיכקען איז סטאַלין געווען און וועט בלײַבן ביז זײַן, מיכקעס, לעצטן אָטעמצוג, ביז זײַן העלדישן טויט אויפן שלאַכטפעלד, דער טײַערסטער פאָטער, דער איבערגעגעבנסטער פירער פון דער רעוואָלוציע. ער וועט זיך ווידער ווענדן צו סטאַלינען דאַן, בעת מען וועט אים, דעם "מערבניק" ניט טרויען און דערפאַר אין דער מלחמה ניט נעמען אויפן פראָנט. ער וועט צו אים ווי שטענדיק שרײַבן זײַנע בריוו אויף ייִדיש. ער וועט זײַן זיכער, אַז ניט עמעץ אַנדערש, נאָר סטאַלין אַליין האָט טאַקע דערפילט זײַן בקשה און פאַראָרדנט, מען זאָל אים, מיכקען, מאָביליזירן, ווי יעדן סאָוועטישן בירגער און שיקן קעמפן.

שרײַבנדיק זײַן איצטיקן בריוו, האָט מיכקע געהאָפּט, אַז סטאַלין וועט רעאַגירן. אָבער ער האָט זיך ניט פאָרגעשטעלט, ווי אַזוי: אַז סטאַלינס קאַנצעלאַריע וועט איבערגעבן דעם ענין אין די בלוטיקע הענט פון דער שווידערלעכער מישאַקאָוואַ, די יוגנט־טוערין, וועלכע האָט, ווי זיי וועלן זיך אין פיל יאָרן אַרום דערוויסן, אין יענע צײַטן "געפּאָרשט" און דערפירט צום טויט די בעסטע סאָוועטישע קאָמיוג־אָנפירערס, אײַנשליסלעך דעם ערשטן סעקרעטאַר, דעם אַלגעמיין־באַליבטן קאָסאַריעוו...

ניט האָבנדיק צו יענער צײַט קיין אַנונג וועגן דעם, זײַנען זיך דאָך די חברה פונאַנדערגעגאַנגען מיט אַ שווערן געפיל פון אומזיכערקייט און פאַרלעגנהייט.

ערגער פון אַלעמען איז אָבער געווען אַסיען. זי האָט גלײַך אַ קלער געטאָן וועגן שלומען. זי האָט זיך געפילט לגבי אים שולדיק: ניט אַרײַנגייענדיק צוליב אים אין צוזאַמענשטעל פון ביוראָ, האָט זי זיך געפונען צווישן די באַעוולטע, וועגן וועלכע מיכקע האָט, ווײַזט אויס, געשריבן. אַזוי אַרום האָט זי, ניט ווילנדיק, געהערט צו דער גרופּע פאַרשווערערס קעגן שלומען. אָבער אויך לגבי די חברים האָט זי זיך געפילט שולדיק, גלײַך זי וואָלט געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר שלומס שטעלונג לגבי קאַדרען־פּראָבלעמען און פאַר זײַן האַנדלונג.

אָבער שלום אַליין האָט דאָך וועגן די זאַכן ניט דעצידירט, ער האָט געטרײַ אויסגעפירט די דירעקטיוון פון דער פאַרטיי, שליסלעך — פון סטאַלינען. צו וואָס זשע האָט זיך מיכקע טאַקע דערפאַר באַקלאָגט אויף אים פאַר סטאַלינען?



דער אָוונט איז געווען שטיל און וואַרעם, גלײַך ס׳וואָלט זײַן ניט נאָוועמבער, נאָר אָנהייב האַרבסט. אויפן ברעג טײַך האָט צווישן די אַראָפּגעפאַלענע בלעטער געשפּראָצט פריש, גרין גראָז.

זיי זײַנען געגאַנגען זאַלבע צווייט און אַסיען האָט זיך איצט, ווי אַ מאָל, מיט אַ צײַט צוריק, געוואָלט, שלום זאָל זי נעמען אונטערן אָרעם. זי האָט אַ קלער געטאָן, אַז זיי קענען כמעט ניט אײנער דעם אַנדערן, אַז שלום לעבט

אין זײַן אייגענער וועלט, און וויפל זי זאָל זיך צו אים ניט דערנענטערן, וועט ער שטענדיק זײַן ווײַט פון איר. אַסיע וועט זיך קיין מאָל ניט דערוועגן אַליין צו נעמען אים אונטערן אָרעם אָדער בעטן, ער זאָל זי אַרומנעמען.

זייערע נעכט זײַנען געווען קורץ — עטלעכע שעה, אַרויסגעריסענע פון שלומס אַרבעטס־מעת־לעת, כדי ער זאָל קענען אַרײַנפאַלן אין אַ קורצן רויִקן שלאָף, אָדער צערטלענדיק אַסיען, שעפּטשען אין דרעמל: סאַרע, סאַרעלע... דעם ערשטן מאָל, ווען די ווערטער זײַנען דערגאַנגען צו אַסיעס באַוווסטזײַן און אַ גלי געטאָן איר האַרץ, האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז זי פאַלט אין אַ טיפן אָפּגרונט, און זי האָט פאַרפּרעסט די ציין, כדי ניט אַרויסצוגעבן איר אויפרעגונג. זי האָט געזאָגט צו זיך, אַז אַלץ איז ריכטיק, אַלץ ווי ס׳באַדאַרף צו זײַן, אַז זי, אַסיע, איז ניטאָ און פאַראַן איז סאַרע, וועלכע שלום נעמט אַרום, און אַז מען טאָר בײַ אים ניט צוררײַבן די אילוזיע. דערפאַר נאָך דעם, ווען ער פלעגט אײַנשלאָפן, האָט זי געקענט וויפל איר האַרץ גלוסט גלעטן זײַנע האָר און ריידן ווערטער, וועלכע ס׳האָט זיך איר אַזוי געוואָלט זאָגן און וועלכע זי האָט אויף דער וואָר זאָגן ניט געקענט.

איצט איז שלום געגאַנגען דערנעבן און געשוויגן, ווי גלײַך אַסיע וואָלט דאָ בכלל ניט געווען. און בלויז שפּעטער האָט ער, ווי דערמאָנענדיק זיך אין איר, אַרומגענומען זי בײַ דער פּלייצע און געזאָגט:

— דיר איז ניט קאַלט, אַסיע?

און שווייגנדיק אַ רגע צוגעגעבן:

— קוק זיך אײַן, סאַראַ אָוונט... זע, ווי דער טײַך פינקלט!

זיי זײַנען געגאַנגען אַרומגענומען, געשוויגן. ס׳איז געווען אַזוי גוט צו שווײַגן און גיין, גיין אין אײַנעם...

און מיט אַ מאָל:

— אַסיע...

(ווי גוט ס׳איז צו גיין שווײַגנדיק...)

— וואָס האָט איר פאַרגענומען?

דער הימל איז אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד.

זי האָט מורא געהאַט, אַז סוף־כּל־סוף וועט ער עס פרעגן. אָבער איצט, אין אַזאַ אָוונט...

— וואָס פאַר אַ קאַשע האָט מיכקע פאַרקאָכט?

"פון וואַנען ווייסט ער? אפשר איז ער נאָר חושד? זאָגן אים? מען דאַרף ניט, ווער ווייסט, וואָס פון דעם קען אַרויסקומען. איך בין דאָך שוין אויך אָן דעם ווי צווישן צוויי פײַערן..."

— איך פרעג, אַסיע.

— איך ווייס ניט...

— דו ווייסט ניט?

ער קוקט שאַרף, דרינגט אַרײַן אין דער סאַמע טיפעניש פון די שוואַרצאַפּלען. "בײַ מיר איז שטענדיק אַלץ אָנגעשריבן אויף דער נאָז" — טראַכט זי.

— איך מיין, אַז דו ווייסט יאָ.

אַסיע האָט דערשפּירט אויף איר פּלייצע די שווערע משא פון זײַן האַנט.

— אַרבעטן דאַרף מען און ניט באַליידיקן זיך צוליב קליינִיקייטן. ווייניקער טראַכטן וועגן די אייגענע אויפטוען.

און אין אַ ווײַלע אַרום:

— דו פילסט, ווי פריש די לופט איז?

זיי גייען און שווײַגן. שוין אַ גאַנצע אייביקייט.

— ווייסט, ווו איך בין נעכטן געווען?

אַסיע האָט ניט געוווסט. שלום איז געקומען אַהיים זייער שפּעט. זי האָט לאַנג געוואַרט, דערנאָך זיך אויסגעוויינט אין קישן און ענדלעך אײַנגעשלאָפן. אין דער פרי האָט זי זיך אײַנגעהאַלטן, ניט געפרעגט: אַז ער וועט וועלן, וועט ער אַליין דערציילן. אָבער ער האָט ניט געזאָגט.

— איז אָט, זאָלסט וויסן זײַן: נעכטן האָט מען שיִער ניט דערהרגעט מאַלעצקין.

— וואָס?!

— צוויי פּאַרשוינען פון זײַן קלאַס. זיי האָבן זיך שוין לאַנג געקליבן צו נעמען נקמה אין אים. און ווען זיי האָבן זיך דערוווּסט, אַז ער איז אַרײַן אין צוזאַמענשטעל פון ביוראָ, האָבן זיי באַשלאָסן צו מאַכן אים מיט אַ קאָפּ קירצער.

"אָט האָסטו דיר אַ גימנאַזיסטל!"

מאַלעצקי איז עפּעס חושד געווען, נאָר ער האָט געשוויגן. מסתמא האָט ער זיך געשעמט צו דערציילן, מען זאָל ניט מיינען, אַז ער איז אַ פּחדן.

„און מיר האָבן געהאַלטן, אַז איצט איז אַזוי פּשוט צו זײַן אַ קאָמיוגיסט...״

— בײַ מאַלעצקין אין שול איז געווען אַן אָוונט פון די עלטערע קלאַסן. אויף אים האָט מען זיך געקליבן אָנצופאַלן אין גאַס, נאָכן אָוונט. איך האָב זיך וועגן דעם דערוווּסט כמעט אין דער זעלבער מינוט און געלאָפן אים זוכן, כדי צו וואָרענען.

— און וואָס?!

— גאָרניט. ס׳האָט זיך אײַנגעגעבן צו פאַרמײַדן דעם אומגליק. איך האָב מאַלעצקין געטראָפן אויף קליין פּאָהולאַנקע. אין אַ מינוט אַרום זײַנען צו אים צוגעגאַנגען צוויי וואָס האָבן זיך אַרויסגעשלײַכט פון אַ פינצטער געסל. אײַנער האָט געהאַלטן אַ פּיסטאָלעט. דאָס איז געווען אַ זונדל פון אַ געוועזענעם פּוילישן גוטבאַזיצער. מיר האָבן זיי צו דער צײַט אַנטוואָפנט.

אַסיע האָט ניט באַמערקט, ווי זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט.

— אָט אַזוי, אַסיע.

מאַלעצקין האָט מען געוואָלט שיסן! אַסיען האָט קיין מאָל קיינער ניט געטשעפּעט, און אָט דעם נײַינקן... דערפאַר, וואָס ער, דער פּוילישער גימנאַזיסטל, איז פאַר זיי אַן אייגענער; וואָס אין דער קינדהייט איז ער געווען אַ סקויט און זיי האַלטן אים פאַר אַ פאַררעטער, אין דער צײַט, ווען זי, אַסיע, איז פּשוט אַ פּרעמדע. אָבער אויב אַזוי... אויב אַזוי, האָט מען אפשר טאַקע אים, ניט זי, נאָר מאַלעצקין, געדאַרפט אַרײַננעמען אין ביוראָ? הייסט עס, די חברה זײַנען ניט גערעכט? אָבער פון דער צווײַטער זײַט, זײַנען זיי דאָך גערעכט... דאַן, אין אונטערגרונט, פלעגן זיי אַלץ מקריב זײַן. איז וואָס, איצט ווידער אויף אַלץ מוותר זײַן?

— שלום, פאַר וואָס דערציילסטו קיינעם ניט וועגן דעם? וועגן אַזעלכע זאַכן, צום בײַשפּיל, ווי דאָס, וואָס איז פאָרגעקומען מיט מאַלעצקין? מיכקען, למשל. די חברה.

— דאָס איז שוין אַן אַנדער פראַגע. דו האָסט, פיל איך, געוואָלט זאָגן עפּעס אַנדערש.

— ניט מיכקע אַליין האָט אָנגעשריבן דעם בריוו — האָט זיך בײַ איר אַרויסגעריסן — מיר אַלע!

— ניין, ניט איר אַלע. מיכקע האָט אים אָנגעשריבן. איך ווייס.

„פון וואַנען האָט ער זיך דערוווּסט? אפשר האָט אים מיכקע אַליין דערציילט?״

שפּעטער וועט זי זיך דערוויסן, אַז טאַקע יאָ, מיכקע אַליין.

— וואָס קומט אים דערפאַר? — האָט זיך ווידער בײַ איר אַרויסגעריסן.

שלום האָט ניט געענטפערט.

— זאָל זײַן, אַז ער אַליין האָט געשריבן! אָבער אַלע האַלטן מיר אַזוי!

— קוק זיך אײַן, וואָס פאַר אַן אָוונט, אַסיע...

דער אָוונט איז טונקל און שטיל, עס פינקלט נאָר איין שטערן אין הימל. און אויפן האַרצן איז קאַלעמוטנע.

— האָב ניט קיין עגמת־נפש, איך וועל אים קיין זאַך ניט טאָן.

ענדלעך... אָבער איצט פײַניקט אַסיען דער געדאַנק, וואָס שלום קלערט וועגן דער גאַנצער מעשה, וועגן בריוו און אפשר... וועגן זײַנע מעגלעכע רעזולטאַטן.

אויך ער האָט נאָך ניט געוווּסט, וואָס עס שטעקט אין גאַנצן ענין: אַז מישאַקאָוואַ וועט זיך מיט אים פאַרנעמען; אַז זי האָט שוין פאַראָרדנט, מען זאָל דערווײַל דאָ, אויפן אָרט, אויספאָרשן די זאַך. און אַז ראַטעוועץ וועט אים נאָר דאָס, וואָס דאָ, אין ליטע, האָט מען די אויספאָרשונג אָנפאַרטרויט „סטאַסיען״ — מירען באָרדאָן — דעם סעקרעטאַר פון קאָמיוגישן צענטראַל־קאָמיטעט, די פּרוי פון פּאַרטיי־פירער סנעטשקוס און זײַן, שלומס, פיליאָריקע חברטע פונעם אונטערגרונט — אַ שטרענגן אָבער יושרדיקן מענטשן, און אַז מירען וועט זיך אײַנגעבן אים ריינוואַשן...

זיי זײַנען געגאַנגען, און איצט האָט שוין שלום געטראַכט וועגן עפּעס אַנדערש. ער האָט געקלערט וועגן דעם, אַז אין אוניווערסיטעט האָבן זיך שוין אָנגעהויבן די קאָלאָקוויומס און פיל פון די ניי־אָנגעקומענע זײַנען דורכגעפאַלן. מאָרגן וועט דער רעקטאָר זײַן בײַם סעקרעטאַר פון שטאָט־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי. שלומען האָט מען אויך אַרויסגערופן. דער רעקטאָר וועט זאָגן: „איך האָב דאָך געוואָרנט״. ס׳איז רעכט, אַז ער וועט שטעלן די פראַגע וועגן אויסשליסן די סטודענטן פון דער הויכשול...



„...חנהלע, טייערע מײַנע!

זײַ מיר מוחל, וואָס איך האָב דיר אַזאַ צײַט ניט געשריבן. ס׳זײַנען אַריבער גוטע עטלעכע חדשים, און איך האָב גאָר ניט באַמערקט, ווי זײַ זײַנען אַזוי שנעל פֿאַרבײַגעפֿלויגן. פֿריִער פֿלעגן אין משך פֿון דרײַ יאָר ניט פֿאָרקומען אַזוי פֿיל זאַכן, ווי איצט אין משך פֿון דרײַ חדשים.

דו געדענקסט, איך האָב דיר געשריבן, אַז איך האָב האָפֿענונגסלאָז זיך פֿאַרליבט אין איינעם אַ בחור. איצט זײַנען מיר צוזאַמען. דאָס איז דאָס איינציקע, וואָס איך קען דיר מיטטיילן וועגן זיך. אַלץ איז בײַ מיר ווײַט ניט פּשוט, אָבער אייגנטלעך אַזוי, ווי איך האָב געוואָלט. אין אַ בריוו קען איך דיר עס ניט דערקלערן. אָט, ווען דו קומסט צו פֿאָרן...דו דאַרפֿסט דאָך סוף־כּל־סוף אַ מאָל אַ קוק טאָן אויף דײַן היימשטאָט. דו וואָלסט געזען, וואָס דאָ טוט זיך: אין שטאָט האָבן זיך געעפֿנט נײַע פֿאַבריקן, און אין די אַלטע זײַנען איצט צוויי־דרײַ מאָל מער אַרבעטער, ווי פֿריִער. די פֿאַבריקן אַרבעטן יעדן טאָג, ניט ווי פֿריִער, און אייניקע אפילו אין צוויי שיכטן. בײַ אונדז בויט מען אַ מאַסע הײַזער און וועגן. און אין די שולן איז איצט פֿיל מער קינדער. דערפֿאַר זײַנען די גאַסן אַזוי באַלעבט.

איך שרײַב דיר דאָס, דו זאָלסט וויסן, מיט וואָס מיר אַלע זײַנען אַזוי פֿאַרנומען. אין גיכן וועלן פֿאָרקומען בײַ אונדז די וואַלן צום העכסטן ראַט. פֿאַר אונדז איז אין דעם אַלעם פֿיל אויסטערלישס. געוועזן אַ פֿאַל אין איינער אַ פֿאַבריק: מען האָט אַרויסגערוקט ווי אַ קאַנדידאַט אין העכסטן ראַט די בעסטע אַרבעטערין פֿון אַן אָפּטיילונג, אָבער אויף מאָרגן איז זי געקומען און האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט: דער מאַן האָט איר אָנגעבראָכן די ביינער און פֿאַרוועדט ווו עס איז זיך צו פֿאַרשרײַבן. גיי קעמף אין אַזעלכע באַדינגונגען פֿאַר גלײַך־באַרעכטיקונג.

מיך האָט מען נעכטן אַרויסגערופֿן אין שטאָט־קאָמיטעט פֿון דער פּאַרטיי און באַשטימט פֿאַר אַ פֿאַרטרויונגס־מאַן פֿון אַ וואַלרעוויר. אַרויסגעגעבן אַ מאַנדאַט. דו וועסט געוויס אַ שמייכל טאָן, לייענענדיק די שורות. איך האָב זיך אַליין געוווּנדערט און אַרויסגייענדיק פֿון דאָרטן אַ קוק געטאָן אין שפּיגל: איך בין ענלעך צו אַ פֿאַרטרויונגס־מאַן?

און אין אַלגעמיין איז אַ מאָדנער געפיל: ווייטע, אומדערגרייכבאַרע זאַכן זיינען מיט אַ מאָל געוואָרן נאָענט און רעאַל.

זעסט, ווי איך האָב זיך פונאַנדערגעשריבן. קום צו פאָרן, מען דאַרף זיך דורכריידן, און דערווייל קוש איך דיך שטאַרק.

דיין אַסיע״.

פּ.ס. וועגן די מייניקע: אַלע זיינען געזונט. די מאַמע האָט באַקומען אַרבעט. דער פאָטער איז אַ פאַרוואַלטער פון קינדער־אָפּטיילונג אין שפּיטאָל. ער האָט לאַנג געקעמפט און ענדלעך אויסגעקעמפט זיינס: מען זאָל ״פאַרגלאָזן״ די ווענט צווישן די שכנותדיקע קינדער־פּאַלאַטעס. אַזוי איז לייכטער אַכטונג צו געבן אויף די קראַנקע.

מיר אַלע לערנען. וועגן מיינע אוניווערסיטעט־ענינים — אַן אַנדערש מאָל. איך קוש דיך נאָך אַ מאָל...״

ווען אַסיע האָט געשריבן וועגן די פאָרשטייענדיקע וואַלן און וועגן דעם צוטרוי, וועלכן מען האָט איר אַרויסגעוויזן, באַשטימענדיק זי אַלס פאַרטרויונגס־מאַן, האָט זי נאָך ניט געוווּסט, מיט וואָס דאָס וועט זיך פאַר איר ענדיקן. צוזאַמען מיט אַלע אַגיטאַטאָרן האָט זי פלייסיק געפירט די וואַל־פּראָפּאַגאַנדע, געגאַנגען אין יעדער שטוב פון די וויילער, געשמועסט מיט יעדן, ווער ס׳האָט געוואָלט זי הערן, אַפילו דערפונדן אַ מיטל, ווי צוצוציִען אייניקע — געהאָלפן זייערע קינדער, אויב זיי האָבן באַדאַרפט הילף, מאַכן די לעקציעס.

איר וואַלרעוויר איז געווען ניט קיין לייכטער — ער האָט זיך געפונען אין צענטער שטאָט, ניט אין קיין אַרבעטער־ראַיאָן...

ווען זי איז נאָך די וואַלן אַריין מיט איר באַריכט אין שטאָט־קאָמיטעט פון דער פאַרטיי, און מען האָט ביי איר געפרעגט, ווי ס׳זיינען ביי איר אַדורך די וואַלן, האָט זי געענטפערט:

— גוט. 83 פּראָצענט וויילער האָבן געשטימט.

— וויפל?!

— 83 פּראָצענט.

— אַזוי ווייניק?! ווי האָט איר געאַרבעט?

— ניט 38, 83!

שלום, וואָס איז געווען דערביי, האָט נאָר בייז אַ קוק געטאָן אויף איר

און איז אַרויס מיט אַ קלאַפּ אין טיר. אַסיען האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז די טיר פאַרמאַכט זיך הינטער אים אויף שטענדיק...

## אין יעדן טראָפּן — אַ רעגן־בויגן

אין גיכן איז שלום געפאָרן קיין קאָוונע אויפן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר. דאָס איז געווען די ערשטע צעשיידונג אין זייער לעבן. נאָך צוויי טעג איז געבליבן צו וואַרטן. נאָך אַ טאָג. היינט...

— אַסיע, דו ווייסט, כ׳האָב זיך פאַרבענקט נאָך דיר.

ס׳דויערט נאָך דער ווינטער, אָבער איר דאַכט זיך, אַז די פרילינגס־לופט פאַרשיכורט זי.

— שלום, דו שפּירסט, ווי די זון שמעקט?

— וואָס רעדסטו אַזוינס?

— דו האָסט ניט געוווּסט, אַז די זון קען שמעקן? אָטעם אַריין, וועסטו שפּירן!

דיביימער פינקלען פאַרגליווערט פון פראָסט, אָבער אויף די שפּיצן פון די צווייגן ציטערן טראָפּנס, און אין יעדן טראָפּן — אַ רעגן־בויגן.

— דו האָסט מיך קיין מאָל ניט געפרעגט, פאַר וואָס איך האָב דיך יענעם אָוונט געבעטן בלייבן ביי מיר.

— דו האָסט ניט האָלט קיין איבעריקע רייד, און... איך האָב אַ קלער געטאָן, אַז בעסער ניט פרעגן.

— ניין, ס׳איז ניט דאָס, וואָס דו האָסט געמיינט.

אַרום איז אַלץ געווען פאַרשנייט, און דאָך האָט געשמעקט מיט פרילינג.

— איך האָב דאַן מיט אַ מאָל פאַרשטאַנען, אַז קיין מאָל אין לעבן האָט מיך נאָך קיינער אַזוי ניט געליבט.

ערגעץ ווייט האָט זיך צעזונגען אַ פויגל.



ס׳איז געווען אַ זוניקער פרילינגס־טאָג, ווען אַסיע האָט באַשלאָסן זיך צו

ווענדן צום דאָקטער. זי האָט זיך שרעקלעך געשעמט און מורא געהאַט, אָבער אויסמײַדן האָט מען עס ניט געקענט.

— וואָס טוט דיר וויי, מיידעלע?

ווידער אַ מאָל "מיידעלע"! גאָטעניו, ווי לאַנג וועט מען זי באַטראַכטן ווי אַ קינד? און ווי דערקלערט מען איצט דער דאָקטערשע, צו וואָס זי איז געקומען?

אַסיע שווײַגט, און די ערנסטע אויגן פון הינטער די פּירקאַנטיקע ברילן קוקן וואָס ווײַטער אַלץ שטרענגער. ניט אומזיסט האָט אַסיע זיך אַזוי געשראָקן גייענדיק אַהער. זי וואָלט כאָטש דער מאַמען געבעטן מיטגיין. דער מאַמען האָט זי נאָך גאָרניט געזאָגט...

סוף־כל־סוף האָט זי אַרויסגעמורמלט אומזיכער:

— כ׳האָב זיך געוואָלט דערוויסן... וועגן שוואַנגערשאַפט.

די דאָקטערשע האָט ניט פאַרשטאַנען וואָס זי האָט אין זינען און זיך צעבייזערט:

— אָט וואָס כ׳וועל דיר זאָגן, מיידל: זאָלסט וויסן זײַן, דערמיט פאַרנעם איך זיך ניט! פריִער, ווען אַזאַ זאַך פלעגט זײַן אַ פראַגע פון לעבן און טויט, פלעגט אַ מאָל אויסקומען צו העלפן אַ פרוי, אָבער איצט איז בײַ אונדז סאָציאַליזם! דו פאַרשטייסט? די מאַכט זאָרגט פאַר מוטער און קינד.

די דאָקטערשע האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט, ווי געבנדיק צו פאַרשטיין, אַז ס׳איז ניטאָ וועגן וואָס צו ריידן.

— וואָס רעדט איר, איך האָב עס גאָרניט געהאַט אין זינען... איך האָב פּשוט געוואָלט אויפקלערן, צי ס׳איז...

— דאָס איז אַן אַנדער פראַגע! וואָס זשע האָסטו, קינד מײַנס, גלײַך ניט געזאָגט? גיי אַרײַן אַהין...

— דו ביסט שוואַנגער, מיידלקע. זעקס וואָכן. ווי אַלט ביסטו?

— נײַנצן.

— און איך האָב געמיינט, אַז זעכצן. זעץ זיך צו, מירן אויספילן אַ קאַרטע. כאַפּ זיך אַרײַן ווידער אין אַ חודש אַרום, מען דאַרף רעגולער קומען אַהער.

אַסיע איז הענדום־פּענדום אַראָפּגעלאָפן פון די טרעפּ און זיך אַ לאָז געטאָן אין שטאָט־קאָמיטעט.

— שלום!

אין קאַבינעט איז קיינער ניט געווען.

— ער איז אויף אַ באַראַטונג — האָט געזאָגט וויטע, פאַרטיפט אין אירע פּאַפּירן.

אַסיע האָט זיך אָפּגעשטעלט, געוואָלט זיך טיילן מיט דער נײַעס, אָבער זיך אײַנגעהאַלטן. צו ערשט דאַרף זיך וועגן דעם דערוויסן די מאַמע און שלום. אַהיים! שנעלער אַהיים!

געקומען צו לויפן, האָט אַסיע שוין פון דער שוועל אויסגערופן:

— מאַמע!

— דו האָסט אַ בריוו.

פון וועמען?

— פון חנהן.

"טייערע אַסיע" — שרײַבט חנה — "דײַן בריוו האָב איך באַקומען, זיך זייער דערפרייט, איך האָב שוין אַליין געוואָלט פאָרן קיין ווילנע. מיר האָבן זיך געקליבן מיט אַוורעמקען אויף די ווינטער־פעריען, אָבער ס'איז געשען אַן אומגליק. אַוורעמלען האָט מען אַרעסטירט. ער איז אַרויס פון שטוב, זיך אַרײַנגעזעצט אין באַן..."

אַסיע, פאַרטיפט אין איר פרייד, האָט ניט גלײַך פאַרשטאַנען דעם זין פון חנהס ווערטער "אַרעסטירט". וואָס הייסט "אַרעסטירט"? פאַר וואָס? ווי אַזוי?

דאָס איז געווען אַזוי אומדערוואַרט, אַז אַסיע האָט גאָרניט געקענט פאַרשטיין. "אַך, יאָ, האָט זי זיך דערמאָנט, חנהס בחור, געוויס שוין איצט איר מאַן, איז דאָך געווען אַ "צוקונפטיסט", אַ פירער פון דער בונדישער יוגנט, אַ זון פון אַ וויכטיקן בונדישן טוער. אָבער וואָס איז איצט דער "בונד"? וועמען קען שאַטן אַזאַ אַוורעמקע?

"אַסיע, מיר איז זייער שווער. סאַראַ שאָדן, וואָס דו ביסט ניט מיט מיר. אָבער איך פיל דיך דערנעבן, טײַערע מײַנע. שרײַב..."

"מײַן טייערע חנהלע, איך בין מיט דיר..."

שלום...

...וואָס האָט עס צו שלומען? בײַ חנהן האָט פּאַסירט אַן אומגליק, מען דאַרף איר אָנשרײַבן.

...מען דאַרף זיך באַראַטן מיט שלומען.

ניטאָ וואָס מיט שלומען צו ריידן וועגן דעם.

...חנהלע, דו וואַרטסט אויף מײַן בריוו, אָבער איך קען אים ניט שרײַבן. איך קען ניט, פֿאַרשטייסט... איך קען ניט שרײַבן און פֿאַרבאָרגן עס פֿון שלומען...

...— אַסיע, מיר איז זײַער שווער, סאַראַ שאָדן, וואָס דו ביסט דאָ ניטאָ. אָבער איך פֿיל דיך דערנעבן...

— איך בין דערנעבן...

— ניין, דו ביסט דאָ ניטאָ, נאָר דו שרײַבסט, און מאָרגן וועל איך באַקומען דײַן בריוו.

— איך שרײַב ניט, חנה...

אַסיע כאַפּט זיך אויף פֿון שלאָף אין קאַלטן שווייס.



דער צווײַטער מײַ, ענדלעך וועלן זיי — אַסיע מיט שלומען — צוזאַמען פֿאַרברענגען אַ גאַנצן טאָג! זיי וועלן גיין שפּאַצירן אין בערנאַרדינער גאָרטן, פֿאַזע דער ווילענקע, דאָרט זײַנען שוין גרין די ווערבעס... און שלום וועט יעדן מאָל, וואַרפֿנדיק אַ בליק אויף אַסיען, פֿאַרוווּנדערט שמייכלען, און זײַנע ברעמען וועלן זיך געבן אַ הייב אויף ביזן שטערן. און אין אָוונט וועלן זיי אַרײַנגיין אין טעאַטער. אָבער אַנשטאָט דעם:

— אַסינקע, איך גיי אין שטאָט־קאָמיטעט. ניט אויף לאַנג.

און דערנאָך פֿון דאָרטן דורכן טעלעפֿאָן:

— אַסיע, איך בין פֿאַרנומען. אַסיע, דו הערסט מיך? גיי שפּאַציר זיך דורך. וואַרט ניט אויף מיר, לייג זיך שלאָפֿן.

— מיט וואָס ביסטו עס פֿאַרנומען? הײַנט איז דאָך יום־טוב!

אָבער אין טרײַבל הערן זיך שוין קורצע סיגנאַלן.

אויב אַזוי... זי וועט אַליין גיין אין טעאַטער. אָדער מיט רוטען. און דערנאָך מיט איר צוזאַמען אין קלוב פֿון דער רויטער אַרמיי. זי וועט אָנטאָן דאָס פּרעכטיקע סאַמעטענע קלייד, שלומס מתנה צו איר געבורטסטאָג, און די זאַמשענע טופֿל, וואָס די עלטערן האָבן איר דאַן געשאָנקען. קיין מאָל

האָט זי נאָך ניט געהאַט אַזאַ קלייד און אַזעלכע טופל. אויף צו להכעיס וועט זי עס אַלץ אָנטאָן און גיין טאַנצן.

...דער יונגער קאָמאַנדיר, מיט וועלכן זי האָט עטלעכע מאָל געטאַנצט, איז געווען זייער העפלעך: האַלטנדיק זי פאָרזיכטיק בײַם עלנבויגן, האָט ער אַסיען אַוועקגעזעצט אויף אַן אָרט.

— מען מעג אײַך שפּעטער באַגלייטן אַהיים? — האָט ער געפרעגט.

— ניין, ניין, אַ דאַנק.

וואָס פאַר אַ דערפאָלג זי האָט עס הײַנט! דאָס איז אַ דאַנק דעם קלייד. און שלום איז ניטאָ. ער איז פאַרנומען. מיט וואָס איז ער פאַרנומען? צו וואָס אַזוי פיל קאָנספּיראַציע?

אַסיען איז אומעטיק, זי האַלט זיך קוים אײַן ניט צו וויינען. הלוואי וואָלטן זיך שוין געענדיקט די טענץ און רוטע וואָלט שוין מסכים געווען צו גיין אַהיים.

ווען זיי האָבן זיך צוריקגעקערט, איז שוין שלום געשלאָפן. אַסיע האָט זיך צו אים שטיל אָפּגערופן:

— דו שלאָפסט?

ער האָט גאָרניט געענטפערט.

— ווו האָסטו זיך פאַרהאַלטן?

ער האָט זיך אָפּגעקערט צו דער וואַנט, און אַסיע האָט באַמערקט, אַז בײַ אים איז פאַרבונדן אַ האַנט.

— וואָס איז געשען?

שלום שלאָפט, צי ער מאַכט זיך שלאָפנדיק?

אַסיע האָט זיך אַוועקגעלייגט דערנעבן. זי האָט געציטערט פון קעלט און אויפרעגונג. זי האָט געוואָלט זאָגן, אַז זי איז שולדיק, בעטן, ער זאָל איר מוחל זײַן. ער האָט זיך ניט גערירט פון אָרט. ס'איז רעכט, אַז ער איז שוין טאַקע געשלאָפן.

דעם גאַנצן פרימאָרגן האָט ער געשוויגן. קלײַבנדיק זיך צו גיין צו דער אַרבעט, האָט ער גענומען פוצן די שיך, אָבער האָט ניט געקענט אײַנהאַלטן דאָס בערשטל אין האַנט, געוואָלט גיין אין ניט קיין אָפּגעפוצטע, אָבער איבערגעקלערט און געזאָגט צו אַסיען:

— פוץ אָפּ.

ביז זי האָט געריייניקט די שיך, האָט ער קורץ דערקלערט:

— נעכטן האָבן די ״ענדעקעס״ זיך צונויפגעקליבן אויפן הויף פון קלויסטער, לעבן דער ״אַסטראָבראַמע״. זיי האָבן געגרייט אויף הײַנט, לכבוד דעם פּוילישן יום־טוב פון דער ״דריטער מײַ־קאָנסטיטוציע״ אַן אַנטיסאָוועטישע דעמאָנסטראַציע. זיי האָבן געהאַט פּינקעס און קאַסטעטן. ס׳איז אויסגעקומען מיט זיי זיך פונאַנדערצוקלײַבן. איך האָב אַרײַנגעלייזט אַ פּאָר קלעפּ...

און מער קיין וואָרט ניט. אָנגעטאָן די שיך און אַוועק.

# ערב דער שריפה

דער פרילינג האָט אויפגעברויזט מיט ריטשקעלעך, פאַרגאָסן די גאַסן מיט שטראָמען וואַסער, זיי קלאָר אויסגעוואַשן און פאַרגרינט.

די שטאָט האָבן באַהערשט קינדער. זייערע קלינגעוודיקע בונטע רייען האָבן זיך טאָג אײַן, טאָג אויס געצויגן אין איין ריכטונג — צו דער פילהאַרמאָניע. נאָך די קאָלאָנעס פון די שטאָטישע שולן איז אַוועק אַ סדרה וועגענער און לאַסטאויטאָס מיט דאָרפישן יונגוואַרג. עטלעכע וואָכן נאָך אַנאַנד האָט זיך אין פילהאַרמאָניע געזאַמלט די זשורי, וואָס פלעגט אָפּקלײַבן די בעסטע זעלבסטעטיקייט־קאָלעקטיוון פון די שולן צו דער ״אָלימפּיאַדע״.

דעם זאַל פלעגן אויספילן די אָנטיילנעמערס פון קאָנקורס, וואָס זײַנען שוין דעם טאָג אַרויסגעטראָטן אָדער וועלן נאָך אַרויסטרעטן. דערווײַל זײַנען זיי געווען די צושויערס און האָבן מיט התפעלות אָדער שטילשווייגן געהאָלפן דער זשורי פעסטשטעלן דעם ווערט פון יעדן נומער.

אַסיע און אַלע דערציִערס האָבן אָבסערווירט די צושויערס. זיי האָבן זיך געוואָלט דערוויסן, צי די קינדער האָבן זיך אויסגעלערנט פאַרשטיין און אָפּשאַצן יענעם, אויב ער רעדט אויף אַן אַנדער שפּראַך, טאַנצט אַנדערש ווי זיי, זינגט אַנדערע לידער.

יאָ, זיי האָבן זיך אויסגעלערנט, אָן ספק. און דאָס איז טאַקע געווען דאָס וויכטיקסטע אין דעם גאַנצן פּרילינג־יום־טוב.

די דאָזיקער אילוזיע האָט זיי, די דערציִערס, באַפליגלט. זיי האָבן זיך ניט פאָרגעשטעלט, אַז גיך, גאָר גיך, וועט זיך אַלץ שוידערלעך און אומברחמנותדיק בייטן...

דער פרילינג האָט געבראַכט פיל נייעס: אין שטאָט־קאָמיטעט האָט זיך אָנגעהויבן דאָס פּייערלעכע פאַרטיילן קאָמיוג־לעגיטימאַציעס. מען האָט געמאָלדן אַ מאָביליזאַציע אין דער רויטער אַרמיי, און די בעסטע חברה זיינען געגאַנגען פרייוויליק. אין די פאַבריקן האָט מען געפּירט אַ קאַמף פאַר העכערער פּראָדוקטיווקייט. דער לאָזונג פון טאָג איז געוואָרן דער סאָציאַליסטישער געוועט.

אין די צייטונגען האָבן אָנגעהויבן דערשיינען נייע קעפּלעך:

..."ניט קיין פאַרשוויצטער הערקולעס, נאָר אַ דענקענדיקער ראַציאָנאַליזאַטאָר"

"דריי חדשים בויונג פון נייע וועגן!"

"אַ קאָנקורס פון ריינקייט אין די פּויערים־ווירטשאַפטן!"

"די רעאָרגאַניזאַציע פון די מושב־זקנים"

"די בעסטע ווינערטער — פאַר קראַנקע!"

"דאָוויד אויסטראַך אין ווילנע".

ס'איז געווען נאָך אַזאַ שוידערלעך קעפּל:

"ווי היט מען זיך אויס פון בויכטיפוס".

אין שטאָט איז אויסגעבראָכן אַ טיפוס־עפּידעמיע.

די צרה האָט זיך אָנגעהויבן צוזאַמען מיט דער פרילינג־פאַרפלייצונג. ס'איז קאַליע געוואָרן די אַלטע, שוין דורך און דורך פאַרזשאַווערטע וואַסער־לייטונג־נעץ, וואָס האָט שוין פון לאַנג געפאָדערט אַ רעמאָנט.

דורך די גאַסן, גלייך נעבן די בונטע פּיאָנערן־רייען, פלעגן זיך ציִען טרויעריקע לוויות, אָפט מאָל איינזאַמע, כמעט אָן באַגלייטערס.

ס'איז געווען נאָך עפּעס, וועגן וואָס מען האָט ניט געשריבן אין די צייטונגען, אָבער וואָס איז, ווי אַ שווערער וואָלקן, געהאָנגען אין דער לופטן: ס'זיינען אומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז היטלער זאַמלט ביי די גרענעצן אַ מענגע מיליטער.

מענטשן פלעגן פֿאַרשטאָפּן די אויערן, זידלען די פּאַניק־מאַכערס, פֿון קיין זאַך ניט װעלן װיסן. דער אומרו פֿאַרן גורל פֿון דער װעלט, די געדאַנקען װעגן היטלערן, װעגן פֿאַשיזם — דאָס אַלץ, װאָס האָט פֿריער געפּייניקט די נשמה, האָט מען איצט אָפּגעשטופּט אויף אַ װייטערן פּלאַן — ניט געװען קיין צייט װעגן דעם צו קלערן. מען האָט געבויט אַ נײַ לעבן. די קליינע, אייגענע װעלט פֿון דער היימשטאָט איז געװאָרן גרויס און װיכטיק, װי קיין מאָל ביז אַהער.

און דאָך פֿלעגט אומדערװאַרט אין לעבן און אין די געמיטער פֿון מענטשן אַרײַנדרינגען עפּעס גרויזאַמס, גליװערנדיק דאָס בלוט. אָט איז עס געװען די טיפֿוס־עפּידעמיע, װאָס פֿלעגט כּסדר אַרויסרײַסן פֿון לעבן באַקאַנטע מענטשן, איבערלאָזנדיק אַנדערע אין צער און שרעק; און אָט...

אין איין זומער־פֿרימאָרגן האָט מען מיט אַ מאָל מאַסנװײַז אָנגעהויבן אַרעסטירן מענטשן. מען פֿלעגט זיי אַרויסשלעפּן פֿון די בעטן, פֿירן צום באַן, לאָדן אין פֿראַכטװאַגאָנען און אַרויספֿירן. מען האָט אַרײַנגעשטופּט אין די װאַגאָנען "קלאַסן־שונאים" — בורזשויִען, בײַ װעלכע מען האָט געהאַט צוגענומען זייער האָב און גוטס, פּאָליטישע קעגנערס און סתּם מענטשן, װעלכע מען האָט אָן אַ גרונט געהאַלטן פֿאַר אַזעלכע.

גאָר גיך װעלן ליטװינער, הרגענענדיק ייִדן — פֿרויען, קינדער, זקנים — זאָגן, אַז זיי טוען דאָס דערפֿאַר, װײַל ייִדן האָבן אַרויסגעפֿירט זיי, די ליטװינער. דאָס װעט זײַן אַ מיאוסער ליגן און אַ בלוטיקער תּירוץ: דער פּראָצענט אַרויסגעפֿירטע ייִדן איז געװען פֿיל גרעסער, װי גויִים — אפֿשר דערפֿאַר, װאָס די ייִדישע סוחרים און אייגנטימערס אין די שטעט איז געװען לײַכטער צו געפֿינען און אַרויפֿלייגן אויף זיי אַ האַנט. און אויב צװישן די אַקטיװיסטן, װאָס האָבן אָפּט מיט װייטיק אין האַרצן געמוזט אויספֿירן דעם באַפֿעל, זײַנען געװען ייִדישע חברה — האָבן זיי שוין געװיס קיין "אייגענעם בורזשוי" ניט געשוינט, זײַענדיק לגבי דער רעװאָלוציע פּויפּסטלעכער פֿונעם פּויפּסט.

דאָס איז געװען אַ װילדע מאַסן־אַקציע, װעלכע ס'איז שװער געװען צו באַגרײַפֿן. און קיינער האָט זיך ניט פֿאָרגעשטעלט, װי דאָס רעדל װעט זיך װײַטער אַ דריי טאָן און װאָס פֿאַר אַן אומדערװאַרטן פּאַראַדאָקס די געשיכטע גרייט פֿאַר ייִדן: די, װאָס זײַנען אַרויסגעפֿירט געװאָרן, יעדנפֿאַלס

פיל פון זיי, וועלן איבערלעבן די מלחמה, און די, וואָס זײַנען געבליבן, וועלן אומגעבראַכט ווערן...



...אין קרײַז־קאָמיטעט, צו אַסיען אין קינדער־סעקטאָר, איז געקומען צו לויפן דאָדקע.

— אַסיע! דו ווייסט, ווער ס׳איז געקומען צו פאָרן?

— ווער?

— זוזיע.

— וואָס רעדסטו?

זײַער לעצטער קלאַסן־דערציער, דער פּאָלאָניסט, זײַער באַליבטער לערער קלאַוזנער, איז געקומען צו פאָרן. מיט צוויי יאָר צוריק, נאָך די אַרויסלאָז־עקזאַמענס איז ער מיטן קלאַס אַרויסגעפאָרן אויף עטלעכע טעג צו די טראָקער אָזערעס. מען האָט זיך פאַרווײַלט, געצונדן שײַטערס, געגעסן די באַרימטע טראָקער אוגערקעס, געזונגען און געלאַכט, געלאַכט און געזונגען און נאָך דעם זיך צעשיידט.

— אַוווּ לעבט ער איצט? — האָט אַסיע געפרעגט.

— אין ביאַליסטאָק. ער איז געקומען צו פאָרן אויף עטלעכע טעג.

— הער זיך אײַן, איך האָב אַ פּלאַן, -- האָט זיך אַסיע דערפרייט — איצט זײַנען אין שטאָט פאַראַן פיל פון אונדזערע חברה. די וואָס שטודירן אָדער אַרבעטן אין שולן זײַנען שוין געקומען אויף קאַניקול. לאָמיר זיך צונויפקלײַבן, אונדזער קלאַס, און מירן אײַנלאַדן זוזיען. בײַ מיר קען מען עס מאַכן. שלום וועט מסתמא ניט זײַן, ער אַרבעט אין די אָוונטן.

— ס׳איז אַן אידעע! קום, לאָמיר עס אָרגאַניזירן. אַ טאָרט, עפּעס צוצובײַסן, אַ פלעשל ווײַן וועלן מיר ברענגען.

— אין שטוב וועט זיך אויך עפּעס געפינען.

...מען איז געזעסן אויף די שטולן אויסגעשטעלטע אין אַ קרײַז, ווי אין די אַמאָליקע צײַטן. עמעץ האָט געזאָגט:

— ס׳פעלט נאָר סיאָמקעס ראַדיאָ.

— און ווו איז סיאָמקע?

— געוועזן בײַם טאַטן אין וואַרשע. און איצט... ווער ווייסט.

זוזיע, שוואַרץ ווי אַ טאָטער, האָט יעדן אויפמערקזאַם אָנגעקוקט, און די קאַסאָקע אויגן זײַנע האָבן פון הינטער די ברילן, ווי דורך פאַרגרעסער־גלעזער, אויסגעזען ריזיק גרויס. ער האָט ברייט און שטיפעריש געשמייכלט, יעדן אויסגעפרעגט, ווי אים לעבט זיך. אויף אַסיען האָט ער געקוקט מיט אַ מילדן שפּאָט אין די אויגן:

— הייסט עס, דו ביסט פאַרהייראַט און ווערסט באַלד אַ מאַמע. ווען עמעץ וואָלט מיר געזאָגט, אַז דו ביסט דערפלויגן ביזן צפון־פּאָלוס, וואָלט איך גיכער געגלייבט.

— פאַר וואָס?

— דו — אַ ווײַב, אַ מאַמע... ווי האָט מען דיך אין קלאַס גערופן?

— קאַפּעללאַ.

מע האָט איר געגעבן אַזאַ צונאָמען יענעם טאָג, ווען דער קלאַס האָט אַרײַנגעשריבן אין די ווערטער־ביכעלעך אַ נײַ לאַטײַניש וואָרט: "קאַפּעללאַ" — אַ ציג.

— אַ מאָל איז געווען אַ באַשיידן מיידעלע, זי האָט געהייסן אַסיע...

— מיר קענען זיי, די שטילינקע און באַשיידענע.

— זי איז שוין גאָרניט אַזוי באַשיידן — האָט זיך צעשמייכלט דער לערער. — איין מאָל האָט זי אין אַ קלאַסן־אַרבעט וועגן ראָמאַנטיזם אָנגעשריבן איר מיינונג וועגן דער דאָזיקער ליטעראַטור־ריכטונג און צוגעגעבן: "מיצקעוויטש האָט אויך אַזוי געהאַלטן."

אַ הויך געלעכטער האָט פאַרהילכט דעם לערערס לעצטע ווערטער.

— יאָ, איך געדענק — האָט זיך אַסיע פאַררויטלט. — איר האָט דאַן אָנגעשריבן אַ באַמערקונג מיט רויטן טינט אויפן ראַנד פון מײַן העפט: "סקראָמניע" (באַשיידן).

— פירע איז טאַקע געווען אַ באַשיידן קינד, ניט אַזוי ווי דו!

די גרויסע, שײַנע, בלוי־אויגיקע און שוואַרצהאָריקע פירע איז רויט געוואָרן ווי אַ בוריק.

— פירקע, וואָס ביסטו אַזוי צעספּוזשעט געוואָרן, דו ביסט דאָך ניט בײַם טאָוול!

— הער זיך אײַן, און ווי גייט עס דיר אין שול? שטייענדיק פֿאַרן קלאַס, ווערסטו אויך צעספּוזשעט?

— שטעלט זיך פֿאָר, אַז קינדער האָבן גאָר פֿאַר מיר גרויס דרך־ארץ. ס'איז גענוג, איך זאָל אויף זיי וואַרפֿן אַ בליק, ווי אין קלאַס ווערט אַזוי שטיל, אַז מען הערט דורכפֿליען אַ פֿליג.

— נייִן, דו לאַכסט אוודאי.

— איך לאַך ניט. קום צו פֿאָרן, וועסטו זען.

פּירע איז נאָך אין האַרבסט נײַנצן נײַן־און־דרײַסיק, אַוועקגעפֿאָרן קיין מערב־ווײַסרוסלאַנד, אין אַ שטעטל, און געפֿירט דאָרט אַ קלאַס אין אָנפֿאַנג־שול. עמעץ האָט שוין געהאַט דערציילט, אַז בײַ איר האָט זיך אַנטפּלעקט אַ פּעדאַגאָגישער טאַלאַנט. דאָס איז געווען אומגלויבלעך. אין שול, ווען אַ לערער פֿלעגט זי אויסרופֿן, פֿלעגט זי ווערן ווי פֿאַרגליווערט און פֿאַרגעסן אַלץ, וואָס זי האָט געקענט.

— דאַנקע, דו, זאָגט מען, ביסט איצט אַ כּעמיקער?

דאַניע דער גרויסער, מיט וועמען זײַ זײַנען איצט געווען די בעסטע חברים, האָט אַנשטאָט אים געענטפֿערט:

— ער האָט זיך שוין אַריבערגעקליבן קיין קאָוונע, אויף פֿילאָסאָפֿיע. דער פּראָפֿעסאָר סעזעמאַנאַס לערנט מיט אים אינדיווידועל. ער זאָגט — דאַנילינקע איז אַ זשעני.

דאַנילינקע מאַכט זיך ניט הערנדיק, ווי דאַניע וואָלט גאָר קיין זאַך ניט געזאָגט.

— אַסיע, דו פֿאַרלירסט נאָך אַלץ פֿאַנטאָפֿל?

— פֿאַרלאָרן אַ טופּעלע און געפֿונען אַ פּרינץ!

דאָס איז אויך געווען אַן אַלטע געשיכטע: פּירע האָט נאָך ביז הײַנט געדענקט, אַז אַסיע האָט אַ געוויסן טאָג, גייענדיק מיט איר אין שול, פֿאַרלאָרן אַ פֿאַנטאָפֿל און עס אפֿילו ניט באַמערקט, אַזוי איז זי געווען פֿאַרטיפֿט אין אירע געדאַנקען. אַסיע האָט זיך געוווּנדערט: ווען איז עס געווען? כאָטש... טופּל פֿלעגט איר דער טאַטע געוויינטלעך קויפֿן אויף אַ נומער־צוויי גרעסער, דעם פֿוס זאָל זײַן געראַם, און די שיך זאָלן אויף לענגער קלעקן.

— חברה, לאָמיר שפּילן אין שטעט!

— אין אַ פלאַש, אין אַ פלאַש!

— ניין, בעסער אין אַ צוואה! (איינער גייט אַרויס, אַלע שרײַבן "זײַן צוואה" — אַ רשימה פון זײַנע אייגנשאַפטן און זאַכן. ער קערט זיך אום און, ניט וויסנדיק וואָס דאָרטן שטייט, זאָגט ער, ווען ער גיט אָפּ דאָס ערשטע, דאָס צווייטע, דאָס דריטע. יעדעס מאָל ברעכט אויס אַ געלעכטער).

— דאַניע, מאַך נאָך טורבאָוויטשן!

ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ס׳איז גאָרניט שווער גלײַך צו ווערן אויף עטלעכע יאָר ייִנגער, פאַרגעסן אין אַלץ וואָס מען האָט דורכגעלעבט נאָך דער שול, פאָרשטעלן זיך, אַז איצט איז אַ פרײַע שעה, אַ הפסקה, אָדער אַ שולאָוונט.

— חברה, שטילער אַ ווײַלע! איך האָב אַ פאָרשלאַג! אין פינף יאָר אַרום טרעפן מיר זיך אויפן שלאָסבאַרג. מיט די ווײַבער, מענער, קינדער — ווער ווען ס׳וועט האָבן.

— און אומבאַדינגט קומען צו גיין, צו פאָרן, ווו מען זאָל ניט זײַן.

— איז אָפּגערעדט?

— אָפּגערעדט!

מען האָט זיך גענומען קלײַבן אַהיים. ס׳איז געווען שפעט, און די גורלדיקע דאַטע, דער 21סטער יוני 1941, האָט זיך שוין דערנענטערט צו האַלבער נאַכט.

# אַליין

אַסיע האָט זיך אויפגעכאַפּט פון אַ לײַכטן שטויס, פון וועלכן דער קאָפּ איז איר אַנידערגעפאַלן; דער שלאָף האָט זיך גלײַך אָפּגעטאָן פון איר, און זי האָט פאַרשטאַנען, אַז דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט. אײַנדרעמלענדיק האָט זי זיך אָנגעשפּאַרט אין עמעצנס אַקסל, און דער אַקסל האָט איצט, אפשר ניט ווילנדיק, אַראָפּגעטרייסלט איר קאָפּ. זי האָט זיך אײַנגעשרומפּן, כדי שוין קײנעם ניט באַרירן, קײנעם ניט שטערן, און פאַרנעמען וואָס ווייניקער אָרט. אַסיע האָט זיך אײַנגעטוליעט אין דער פאַטשיילע און באהאַלטן נעבן זיך איר קליין פּעקל, עס זאָל זיך ניט אײַננעצן פונעם דראָבנינקן נודנעם רעגנדל.

ווי לאַנג האָט שוין געדויערט די עלנט? פריער האָט זי וועגן דעם ניט געטראַכט. זי האָט געקלערט וועגן אַלעמען, ווער ס'איז איצט ניט מיט איר, וועגן דעם, וואָס זשע האָט מיט זיי, מיט אירע נאָענטע, פּאַסירט. און ערשט איצט, ווען דער פרעמדער אַקסל האָט, אָפּרוקנדיק זיך, איר דערמאָנט, אַז זי איז אײניקע אַליין צווישן פרעמדע מענטשן — נאָר איצט האָט דאָס געפיל פון איינזאַמקייט פאַרקלעמט איר האַרץ מיט אַן אײַז־קאַלטן קלאַמער. זי האָט שוין ניט געקענט צומאַכן קיין אויג, און אין קאָפּ זײַנען געקראָכן אומדערוואַרטע און מאָדנע געדאַנקען. זי האָט אפילו ניט אַ קלער געטאָן וועגן דעם, ווי גוט עס וואָלט געווען, ווען דאָ, מיט איר צוזאַמען, וואָלט געווען שלום, אָדער די מאַמע, אָדער רות. דאָס איז געווען צו אומגלויבלעך, מען זאָל קענען וועגן דעם אפילו טראַכטן.

אַסיע האָט זיך אָפּגעטרייסלט פון די מחשבות און אומגעקערט זיך צו דער וואָר — צו אַלץ וואָס איז פאָרגעקומען, צו דערווירקלעכקייט פון דער לעצטער וואָך, וועלכע מען האָט נאָך געדאַרפט באַנעמען; צו אַ ניכטערער אָפּשאַצונג פון דער אייגענער לאַגע, און אפילו — אָ, ווונדער! — צו פּלענער אויף דער צוקונפט.

"דאָס בין איך?..."

זי האָט זיך אַליין אויסגעוויזן צו זײַן אַ פרעמדע דערוואַקסענע פרוי, וואָס קען אָט אַזוי, כמעט רויִק און האַרב אין אַלעם זיך פונאַנדערקלייבן, ניט דערלויבנדיק זיך אַרײַנצופאַלן אין ייִאוש, אָדער פרווון וויינען.

שוין באַלד פיר מעת־לעת, ווי זיי פאָרן אַזוי אויף אָפענע פלאַטפאָרמעס פון אַ פראַכט־צוג, צווישן אַ מענגע צוגן, כסדר אָפּשטעלנדיק זיך. זיי פאָרן אין רוסלאַנד, אויף דרום־מזרח, וואָס ווײַטער פון דער מלחמה. פאַר דער גאַנצער צײַט, אין וועג, האָט זי זיך צו קיינעם ניט געווענדט און מיט קיינעם ניט אָנגעהויבן ריידן וועגן זיך. אפשר דערפאַר, ווײַל יעדן, האָט זי געקלערט, קלעקן זײַנע אייגענע צרות, און אפשר, ווײַל איר אומגליק איז איר אויסגעקומען צו גרויס, מע זאָל, טיילנדיק זיך מיט עמעצן, זיך קענען לײַכטער מאַכן דאָס האַרץ. גיכער פון אַלץ האָט זי זיך אָבער געפילט עלנט דערפאַר, וואָס אַלע דערנעבן זײַנען געפאָרן ווער זאַלבע צווייט, ווער זאַלבע דריט, ווער משפּחהווײַז. זי האָט זיך געהאַלטן אין אַ זײַט און אַליין זיך געוווּנדערט, וואָס זי קען אָט אַזוי, אָפּגעזונדערט פון מענטשן, זײַן אַליין מיט די אייגענע שווערע געדאַנקען.

...שלום איז אונטערוועגס אַוועק. ער האָט געהאַט הויכע היץ. ווּ איז ער איצט?

אַסיעס גאַנצע משפּחה איז געבליבן. דערנאָך, ווען זי האָט, שלעפּנדיק זיך אַליין, באַגעגנט אויפן וועג דעם פּאָטעורס אַ באַקאַנטן, האָט יענער געזאָגט, אַז ער האָט געזען, ווי אירע עלטערן מיט די שוועסטער שטופּן זיך אַרײַן אין באַן. זיי זײַנען אַרויסגעפאָרן, צי ניין?

ווּ איז וויטע? האָט זי פאַרלאָזן די שטאָט?...

...זונטיק, דעם 22סטן האָט אויפגעוואַכט אַ בלויער, זוניקער פרימאָרגן. דאָס גאַנצע געזינטל האָט ניט געאײַלט אָפּגעגעסן פרישטיק, געקליבן זיך צו פאָרן קיין טראָק, צו די אָזערעס.

מען איז שוין ניט געפאָרן.

אין שטאָט האָבן געיאָמערט סירענעס, ערגעץ האָט אויפגעריסן אַ באָמבע, נאָך איינע... שטיל, און ווידער אַן אַלאַרעם, ווידער אַן אויפרײַס.

אינעם גערודער זײַנען חברה זיך צונויפגעלאָפן אין שטאָט־קאָמיטעט — וואָס דאַרף מען טאָן?!

אין שטאָט־קאָמיטעט האָט מען געברענט פּאַפּירן, געפּאַקט דאָקומענטן.

דעם 23סטן אין דער פרי זײַנען מיטגלידער פון שטאָטישן פּאַרטיי־קאָמיטעט אַרויסגעפאָרן מיט אַן אויטאָבוס אויף אַ באַגעגעניש מיט דער אָנפירערשאַפט פון קאָוונע. מען האָט געדאַרפט מאָמענטאַל אַרומריידן די לאַגע, ווײַל מען האָט שוין געוווּסט, אַז די דײַטשן דערנענטערן זיך צו ווילנע. איצט איז שוין קלאָר געווען: די ערשטע ידיעות, אַז די רויטע אַרמיי זאָל האָבן דעם דײַטש אָפּגעשטויסן און פאַריאָגט ביז קעניגסבערג — זײַנען געווען בלויז אַ פרומער ווּנטש. די באַראַטונג מיט די קאָוונער חברים האָט געזאָלט פאָרקומען אין אַ דערפל, הינטער דער שטאָט. פאַרן סאַמע אַרויספאָר האָט שלום דערזען אַסיען. זי איז געלאָפן צום שטאָט־קאָמיטעט און ער האָט זי אויך אַרײַנגעזעצט אין אויטאָבוס.

ווען זיי זײַנען דורכגעפאָרן פאַרבײַ אַסיעס שטוב, האָט זי געוואָלט אויף אַ ווײַלע אַרײַנלויפן אַהיים, אָבער דער אויטאָ האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט.

— מיר וועלן זיך אומקערן? — האָט זי געפרעגט.

— פאַרשטייט זיך.

מען האָט זיך אָפּגעשטעלט אין אַ דאָרף, דעם אויטאָבוס באַהאַלטן אין אַ וועלדל, געוואַרט. נאָך דעם צוגעפאָרן ביז אַן אַנדער דאָרף, דערנעבן. ווידער אָפּגעשטעלט זיך, ווידער געוואַרט. וואָס האָט פּאַסירט? אפשר האָט דעם קאָוונער אויטאָבוס געטראָפן אַ באָמבע?

שלום האָט געהאַלטן, אַז מען דאַרף זיי זוכן. אַליין אָבער האָט ער באַשלאָסן זיך אומצוקערן אין שטאָט.

זײַן פּנים האָט געפלאַמט, די אויגן האָבן געגלאַנצט. ער האָט זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס.

— דו האָסט היץ, זעץ זיך!

— איך מוז גיין צוריק.

ער איז אַרויס פון אויטאָ, אַסיע האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו אים:

— וועסט ניט דערגיין. ביסט קראַנק אויף טיפוס!

אין דעם מאָמענט האָט זי ניט געקלערט ניט וועגן דער באָמבאַרדירונג, ניט וועגן דעם, אַז דער דײַטש איז שוין אפשר גאָר נאָענט פון דער שטאָט. איין געדאַנק האָט איר געבויערט דעם מוח: אַז שלום איז קראַנק און וועט שטאַרבן אונטערוועגס.

— שלום, וואַרט, איך גיי מיט דיר!

— זעץ זיך די מינוט אויף אַן אָרט!

זי האָט נאָר באַוויזן אַ געשריי צו טאָן, אַז ער זאָל אַרײַנגיין צו דער מאַמען.

דעם קאָוונער אויטאָבוס האָבן זיי ניט געפונען. אין עפּעס אַ שטעטל האָבן זיי זיך דערוווּסט, אַז אויפן וועג האָבן זיך באַוויזן דײַטשישע מאָטאָציקליסטן. עמעץ האָט אויך געזען טאַנקען. אַסיע האָט אין אַ שטעטלשן פּאָסטאַמט געוואָלט זיך דערקלינגען אַהיים, אָבער די טעלעפאָניסטקע האָט געזאָגט, אַז ס׳איז ניטאָ קיין פאַרבינדונג; אַז מיט אַ שעה צוריק האָט מען געקלונגען פון ווילנע און געהייסן איבערגעבן, אַז ס׳איז דאָ אַן אָנווײַזונג: פאָרן ווײַטער, ביז מינסק.

אויב ס׳איז אַ דירעקטיוו, האָט אַסיע געטראַכט, וועלן אונדזערע אוודאי זײַן אין מינסק, דאָרט וועט מען זיך טרעפן. איינס איז געווען קלאָר: אומקערן קען מען זיך שוין ניט.

אין מינסק איז מען אַרײַנגעפאָרן בײַ נאַכט.

...פײַער־צינגער זײַנען שוין אַרומגעשפּרונגען אויף די ווענט פון מינסקער הייזער. מען האָט זיך אָפּגעשטעלט ערגעץ נעבן אַ שוצקעלער. אַסיע איז אַוועק זוכן דעם פּאָסטאַמט. בעת זי איז שוין געווען גאָר נאָענט פון דעם בנין, האָט אַ דונער געטאָן אַ נײַער אויפרײַס און דער ראָג פון דעם מויער האָט זיך מאָדנע אויסגעבויגן, גענומען פּאַמעלעך זינקען און האָט אַ פאַל געטאָן מיט אַזאַ כוח, אַז ווײַט אַרום האָט זיך אין דעם וואָלקן פון שטויב קיין זאַך ניט געזען.

אַסיע איז אַוועקגעלאָפן צוריק און האָט זיך מיט אַ מאָל דערמאָנט, אַז זי האָט אין בײַטל חנהס אַדרעס. עמעץ האָט איר אָנגעוויזן, וווּהין מען דאַרף גיין. זי האָט זיך געלאָזט לויפן אויף דער לינקער זײַט גאַס. די רעכטע איז געשטאַנען אין פלאַמען. פון אַ שטוב איז אַרויסגעלאָפן אַן אַלטער מאַן מיט אַ ברענענדיקן טשעמאָדאַן אין האַנט. אַסיע האָט אַ געשריי געטאָן: ״וואַרפט אַוועק דעם טשעמאָדאַן!״ דער מענטש, פאַרגליווערט פון שרעק, האָט אָבער ניט געהערט, אָדער ניט פאַרשטאַנען. עמעץ האָט מיטן גאַנצן כוח אַרויסגעהאַקט פון זײַן האַנט דעם טשעמאָדאַן.

אַסיע האָט ענדלעך געפונען חנהס שטוב. הינטער דער טיר האָבן זיך פּאַוואָליע געשאַרט פיס אין שטעקשיך, אַזוי ווי אַרום וואָלט קיין זאַך ניט

פאַסירט און ווי אַסיע וואָלט עמעצן אויפגעוועקט פון שלאָף. ס׳האָט זיך געהערט, ווי דער מענטש אין די שטעקשיך פּאַרטשעפּעט דאָס קייטעלע בײַ דער טיר און עפנט זי פּאַוואָליע עטוואָס אויף.

— ווער איז עס? — האָט געפרעגט אין דער פינצטערניש דורכן טירשפּאַלט אַ פרויענשטים.

— דאָס בין איך, אַסיע. חנה איז אין דער היים?

די טיר האָט זיך אויפגעעפנט. אויף אַסיען האָט געקוקט מיט אירע טונקעלע אומרויִקע אויגן חנהס קראַנקע מאַמע.

— זי איז ניטאָ, זי איז אין מאָסקווע. אַ צײַט האָסטו איר ניט געשריבן, אַסיע... נו, גיי אַרײַן, וואָס שטייסטו?

— וואָס זיצט איר דאָ? פאַר וואָס גייט איר ניט אַוועק? אַרום ברענט דאָך!

— מע דאַרף צונויפפּאַקן די זאַכן... מײַן מאַן איז דעם דריטן מעת־לעת ניטאָ אין דער היים, ער איז אין פאַבריק.

זיי האָבן ביידע אין אײַלעניש גענומען פּאַקן טשעמאָדאַנען.

— דאָ איז אין ערגעץ ניטאָ קיין פּאָסטאַמט? — האָט אַסיע געפרעגט.

— איצט... פּאָסט... צו וואָס דאַרפסטו די פּאָסט?

— אַ טעלעגראַם אַהיים.

— אַ טעלעגראַם וועט ניט דערגיין. זעץ זיך צו, טרינק אויס אַ גלאָז טיי.

אַסיע האָט זיך שנעל אָפּגעזאָגט, געזעגנט זיך, אַראָפּגעלאָפן פון די טרעפּ. זי האָט דאָך געפונען אַ פּאָסטאַמט און געבעטן אָפּקלאַפּן אַ דעפּעשע. דאָס מיידל אין פענצטערל האָט געקוקט אויף איר ווי אויף אַ חסר דעה. אַסיע האָט עס אָבער אפילו ניט באַמערקט.

...אַסיע דערמאָנט זיך דאָס אַלץ איצט, אויף דער פּלאַטפאָרמע פונעם שלעפּצוג, און איר דאַכט זיך, אַז געווען איז עס מיט אַ לאַנגער צײַט צוריק. יענעם פרימאָרגן אין מינסק, ווען זי האָט געוואָלט שיקן די דעפּעשע, האָט זי שוין ניט געפונען איר אויטאָבוס, אַוועקגעפאָרן אויף אַ צופעליקן אויטאָ, אָפּגעפאָרן אַ שטיקל וועג, דערנאָך געגאַנגען, דערנאָך ווידער געפאָרן, און אומעטום אויפמערקזאַם זיך אײַנגעקוקט אין יעדן פּנים — טאָמער עס

טרעפט זיך אַ באַקאַנטער. איין מאָל האָט עפּעס אַ מאַנצביל פונעם המון זי אַ רוף געטאָן בײַ דער פאַמיליע, נאָר זי האָט זיך דעם מענטשן ניט געקענט דערמאָנען. ער האָט אָבער געזאָגט, אַז ער קען איר פאָטער און האָט געזען, ווי אַסיעס משפּחה האָט זיך אין ווילנע אַרײַנגעזעצט אין אַ צוג. זי האָט געוואָלט אים אויספרעגן גענויער, נאָר דאָ זײַנען אָנגעפלויגן עראָפּלאַנען, ניט ווײַט האָט זיך געהערט אַן אויפרײַס, אַלע זײַנען אָפּגעלאָפן אין אַ זײַט פון וועג, צוגעפאַלן צו דער ערד, זיך באַהאַלטן ווּ ווער.

מער האָט זי דעם מאַנצביל ניט געזען.

פון דער באַגעגעניש זײַנען אַריבער פינף טעג. ס'איז אויסגעקומען צו גיין, צו פאָרן, אַריבערזעצן זיך פון איין צוג אין אַ צווײַטן, ווידער גיין. מיט אַ צופעליקן לאַסטאויטאָ (דער שאָפער האָט, וואַרפנדיק אַ בליק אויף אַסיעס דיקלעכער פיגור און אויסגעמאַטערטן פּנים, געקראָגן רחמנות אויף איר און אַרײַנגעזעצט זי אין דער קאַבינע), איז זי דערפאָרן ביז מאָסקווע. אין בײַטל האָט זי געהאַט שלומס פאָטאָגראַפיע, דעם גאַנצן וועג האָט זי, באַהערשנדיק דאָס געפיל פון פאַרלוירנקייט און בושה, באַוויזן פאַרשיידענע מענטשן זײַן בילד — טאָמער האָט ווער געזען אַזאַ פּנים. אַרײַנפאָרנדיק אין מאָסקווע, האָט זי אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן: זי וועט גיין מיט דער פאָטאָגראַפיע אין צענטראַל־קאָמיטעט פון קאָמיוג — אפשר ווייסט דאָרט ווער עפּעס וועגן אים. אויסער דעם, האָט זי באַשלאָסן, וועט זי אים זוכן אויף די עוואַקויִר־פּונקטן.

שוין אין ערשטן עוואַקואיִר־פּונקט האָט מען זי פאַרהאַלטן: אין מאָסקווע האָט קיינער פון די צופעליק אָנגעקומענע ניט געטאָרט בלײַבן, אַלע פּליטים האָט מען אָפּגעשיקט ווײַטער, אויף מיזרח. אַסיע האָט נאָר באַוויזן צו געפינען דעם נומער פון איר מומעס טעלעפאָן און אָנגעקלונגען צו איר. די מומע האָט זי געפונען, געבראַכט איר אַ פּעקעלע מיט זאַכן און עסנוואַרג. אָ, ווי אַסיען האָט זיך געגלוסט קומען צו דער מומען אַהיים — אויסבאָדן זיך, אויסשלאָפן זיך אויף פרישן בעטגעוואַנט און אויפכאַפּנדיק זיך — דערזען, אַז אויך אַלע אירע נאָענטע זײַנען דערנעבן.

אַסיע האָט אָבער געמוזט וואַרטן דאָ, אינעם עוואַקויִר־פּונקט אויף איר ריי אַוועקצופאָרן. די מומע האָט זיך געזעגנט מיט איר און אַסיע האָט צום ערשטן מאָל אין דעם שווערן וועג, באַהאַלטנדיק זיך אין אַ ווינקל פון

פרעמדע אויגן, זיך צעוויינט. זי האָט שוין ניט געקענט איַינהאַלטן די טרערן: איר איז געשטאַנען פאַר די אויגן איר מומעס פּנים — אַזוי ענלעך צום פּנים פון איר מאַמען. זי האָט געוויינט, עסנדיק דאָס זיסוואַרג, וואָס די מומע האָט געבראַכט, ווי זי וואָלט מיט אַ מאָל צוריק געוואָרן אַ קליין באַעוולט קינד.

ווּ איז שלום? מענטשן, וועלכע זי האָט געטראָפן אין וועג, האָבן דערציילט, ווי גיך דער דיַיטש רוקט זיך פאָרויס. אפשר האָט שלום צו דער ציַיט זיך אָריענטירט, אַז גיין צוריק קיין ווילנע האָט שוין ניט קיין זין און איז אויך אַוועק אויף מיזרח מיט אַנדערע צו גליַיך? וועגן זיַין קראַנקייט האָט זי שוין ניט געקלערט. טיף אין אונטערבאַוווסטזיַין האָט זי מסתמא, ווי איר שטייגער איז, זיך געקלאַמערט אין איר אילוזיע, אַז זיי וועלן זיך נאָך טרעפן. אָבער אָפּשאַצנדיק ניכטער די לאַגע, האָט זי, ווי שוין ניט איין מאָל אין לעבן, געקעמפט מיטן אָפּטימיזם: ״האָף ניט, טרייסט זיך ניט. וואַרט וואָס וועט זיַין וויַיטער, און שוין״.

די פּליטים פלעגט מען שיקן אין וועג אַריַין מיט יעדן מעגלעכן פאַרקער־מיטל. אַסיען האָט מען אַרויפגעזעצט אויף אַן אָפענער פּלאַטפאָרמע פון אַ פראַכטצוג — אויף אַזעלכע פירט מען קי.

...איצט פאָרט זי אַזוי דעם פערטן מעת־לעת. זי האָט זיך שוין צוגעוווינט צו דער ברענענדיקער זון, פון וועלכער ס׳איז ביַי טאָג ניטאָ זיך ווּ אויסצובאַהאַלטן, אין די נעכט אָבער איז קאַלט. ווען דער צוג פלעגט זיך אָפּשטעלן, פלעגט זי, ווי אַלע, אַראָפּקריכן פון דער פּלאַטפאָרמע און קויפן ביַי מענטשן וואָס איבערצוביַיסן. געגעסן האָט זי צו דער ציַיט, געדענקט, אַז ס׳דאַרף זיַין אַ ריכטיקער רעזשים, געסטאַרעט זיך ניט צו וויינען, האַלטן זיך אין די הענט. דער הונגער פלעגט זי מאַטערן, זי האָט עס אָבער באַטראַכט ווי אַ גוטן סימן: דאָס קינד פאָדערט שפּיַיז..

בלויז היַינט ביַי נאַכט, ווען דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט און עמעץ האָט אָפּגערוקט דעם אַקסל, צו וועלכן זי האָט זיך אין שלאָף ניט ווילנדיק צוגעטוליעט, האָט ווידער אויפגערודערט אין איר די פּיַין, און שווערע מחשבות האָבן פאַרקלעמט דאָס האַרץ.

שלום... די עלטערן... וויטע...

פאַר וואָס איז וויטקע איצט ניט צוזאַמען מיט איר? פאַר וואָס זיַינען זיי יענעם פרימאָרגןביידע ניט געווען צוזאַמען, בעת שלום מיט אַסיען האָבן

זיך אַרײַנגעזעצט אין אויטאָבוס? אַ צופֿאַל? פֿאַרשטייט זיך! און פֿאָרגעקומען איז עס דאָך אַלץ אין משך פֿון אַ מינוט. אפֿילו די עלטערן האָט אַסיע ניט באַוויזן צו זאָגן. קיינער האָט דאָך ניט געוווּסט, אַז זיי וועלן זיך שוין ניט אומקערן אין שטאָט. און דאָך האָט זיך אַסיע געפּלאָגט מיטן געדאַנק, אַז ווען בײַ איר מיט וויִטקען וואָלט אַלץ געווען אַזוי ווי פֿריִער, וואָלטן זיי איצט געפֿאָרן צוזאַמען.

אַסיע האָט זיך דערמאָנט, ווי איין מאָל, פֿריִלינגצײַט, איז זי געגאַנגען מיט די חבֿרה אין קינאָ אויפֿן לעצטן סעאַנס און צוריקגייענדיק באַשלאָסן אַרײַנצוגיין אין שטאָט־קאָמיטעט נאָך שלומען.

די אַרײַנגאַנגס־טיר איז געווען פֿאַרשלאָסן, און זי האָט אָנגעקלונגען. אין גיכן האָט זי דערהערט שלומס פֿאַמעלעכע טריט.

— וואָס עפּעס אַזוי שפּעט? — האָט ער געפֿרעגט.

זי איז אַרײַן אין שלומס קאַבינעט, דערזען וויִטקען און רויט געוואָרן ווי אַ בוריק. ס'איז קלאָר געווען, אַז זיי האָבן פּשוט צוזאַמען געאַרבעט און קיין זאַך איז ניט פֿאָרגעקומען. אַסיע האָט אָבער ניט געקענט באַהערשן איר אומאָנגענעמען געפֿיל. זי האָט עס געוואָלט פֿאַרבאָרגן, נאָר עס האָט זיך איר ניט אײַנגעגעבן. זי האָט זיך גיך געזעגנט און איז אַוועק, און שלום האָט זי ניט געררופֿן, ניט געזאָגט זי זאָל צווואַרטן. אין דעם מאָמענט איז ער איר געווען אומדערטערגלעך ווײַט — נאָך ווײַטער, ווי דעמאָלט, ווען ער האָט, אַרומנעמענדיק זי, געשעפּטשעט אַן אַנדער נאָמען.

דערמאָנענדיק זיך עס דאָ, אין וועג, האָט אַסיע ווידער דערשפּירט איר דעמאָלטיקן ווייטיק, ווי דאָס וואָלט פּאַסירט נאָר וואָס. זי האָט זיך קוים באַפֿרײַט פֿון דער דערינערונג, באַגרײַפֿנדיק, אַז איצט איז מלחמה, אַז זי, אַסיע, איז אַליין אויף דער פּלאַטפֿאָרמע פֿון אַ פֿראַכטצוג און פֿאָרט ווער ווייסט וווּהין.

"יאָ, דאָס בין איך..." — האָט זי אַ טראַכט געטאָן מיט אומעט, ווײַל די לעצטע טעג האָט זי ניט איין מאָל, וווּנדערנדיק זיך אויף איר אייגענעם אויסדויער און זאַכלעכקייט, זיך געפֿרעגט: "דאָס בין איך?" אין דעם מאָמענט אָבער האָט זי ווידער, ווי שוין ניט איין מאָל אין לעבן, זיך אָנגעשטויסן אויף דער אייגענער פֿילבאַרקייט, אויף איר אייפֿערזוכט, אויף די אַלע שווערע מידות, וואָס האָבן איר אַזוי געשטערט אין לעבן. זי האָט זיך

אַליין געפרעגט, צי וועט זי קענען ווען עס איז זיך אויסהיילן פון אָט די חסרונות, אויב אפילו איצט, אין איר לאַגע, קומען איר אין זינען אַזעלכע זכרונות?

דערשפּירנדיק, אַז זי האָט אָפּגעזעסן אַ פּוס, האָט זיך אַסיע איינגעאָרדנט באַקוועמער, געפונען נעבן זיך אַ קליין שטיקל פרײַען אָרט, אַוועקגעלייגט דאָס פּעקל, זיך אָנגעשפּאַרט אין אים און האַלב ליגנדיק צוגעמאַכט די אויגן. ס׳איז גוט געווען אָט אַזוי, אונטערן רעגלמעסיקן גערויש פון די קלאַפּנדיקע רעדער, אָפּרוען זיך אַ ווײַלע, פאַרגעסן וועגן אַלץ.

און פּלוצעם איז עפּעס פאָרגעקומען. אַסיע האָט ניט גלײַך באַגריפן, אַז געשען איז עס אין איר גופא: אינעווייניק האָט זיך עפּעס שוואַך אַ דריי געטאָן, דערנאָך ווידער אַ מאָל; דערנאָך זיך אָנגעשפּאַרט מיט אַ טעמפּן, ווייכן ווינקל אין דער רעכטער זײַט פון איר בויך און זיך אָפּגעשטעלט. אַסיע האָט פאָרזיכטיק אָנגערירט דאָס אָרט מיט דער האַנט און דערשפּירט אַ קליין בערגל, ווי אַ געשווילעכץ. אָבער דאָס בערגל איז אַנטרונען און זי האָט עס דערפילט אין אַן אַנדער אָרט.

דער קליינער באַוועגט זיך! אַסיען האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז זי האָט אָנגעטאַפּט זײַן פּיאַטקעלע, אָדער אַן עלנבויגן, און אַ ריזיקע, אַ פאַרשיכורנדיקע פרייד האָט זיך צעגאָסן איבער אַלע אירע גלידער. די גאַנצע עלנט, די פּיין פון די לעצטע טעג זײַנען פאַרשוווּנדן, ווי זיי וואָלטן בכלל ניט געווען. זי איז איצט גרייט געווען צו ריידן מיט יעדן איינעם, גרייט געווען צו שרײַען פון פרייד: ״דאָס קינד באַוועגט זיך, עס לעבט! איצט זײַנען מיר זאַלבע צווייט!״

אַלע זײַנען נאָך געשלאָפן, ווען ס׳האָט זיך דערהערט אַ מעלדונג: — חברים, מיר זײַנען אָנגעקומען!

# אָפּענע טירן

די סטאַנציע אין פענזער געגנט האָט געהייסן זיעמיעטשטשינאָ. צו די פּלאַטפאָרמעס האָבן זיך אַ שטרעק געטאָן צענדליקער שטאַרקע,

אָפּגעברענטע הענט, כדי צו העלפֿן די מענטשן אַראָפּגיין פֿון צוג. אַסיען האָט עמעץ לײַכט געכאַפּט אויף די אָרעמס און אַוועקגעשטעלט אויף דער ערד. דער באָדן — אַ האַרטער, צעגליטער, אַ צעשפּאָלטענער פֿון טריקעניש — האָט געברענט אירע באָרוועסע פּיאַטעס (די טופּל זײַנען ניט געקראָכן אויף די געשוואָלענע פּיס), און אַסיע איז אונטערגעשפּרונגען, כדי זיך צוגעוויינען צו דער צעהיצטער ערד. זי איז נאָך אַלץ פֿול געווען מיט דער פֿריידיקער אַנטפּלעקונג פֿון צוג און מיט דעם נײַעם וווּנדערלעכן געפֿיל, וואָס איז איצט אויפֿגעקומען אין איר.

די זיעמיעטשינער האָבן זאָרגעוודיק, מיט אַ מין געלאַסענער אײַלעניש, געהאַוועט אַרום די אָנגעקומענע. עמעצנס האַרבער קול האָט ווייך אַ בורטשע געטאָן בײַ איר אויער: ״באַלד, טאָכטערקע, באַלד וועסטו אָפּעסן און וועסט זיך אָפּרוען״!

אין גיכן האָט מען אַלעמען צונויפֿגענומען, אַרײַנגעפֿירט אין אַ הויז מיט אַ שילד: ״טשײַנאַיאַ״ (״טייהויז״) און אויסגעזעצט בײַ אַ לאַנגן טיש פֿון געהובלטע ברעטער.

...דער אָוונט האָט דאָ געדויערט אַ קורצע ווײַלע, די נאַכט האָט זיך אַראָפּגעלאָזן גלײַך, פֿיל שנעלער, ווי דאָרט אין דער היים, אין ליטע. אין דער היגער שול האָט שוין אויף יעדן פֿון די פּליטים געוואַרט אַ געלעגער, און צום ערשטן מאָל זינט אַזוי פֿיל טעג האָט מען זיך געקענט אַוועקלייגן אין אַ בעט. און דאָך איז לאַנג קיינער ניט געגאַנגען שלאָפֿן. בײַ טאָג זײַנען די היגע אײַנוווינער געווען פֿאַרטאָן: באַגעגנט עוואַקויִרטע, געלאָדן וואַגאָנען מיט פֿראַכט אויף מערב, פֿאַרן פֿראָנט. און אָוונטצײַט האָט מען זיך צונויפֿגעקליבן אויף די בענק בײַ די שטיבלעך, נענטער זיך באַקענט מיט די אָנגעקומענע, גענומען זיי אויספֿרעגן — וואָס, ווען, ווי אַזוי דאָס האָט זיך אַלץ אָנגעהויבן.

די מלחמה איז געווען ווײַט פֿון דאַנען, נאָר אויך דאָ האָט מען זי שוין ממש געשפּירט. אינעם דאָרשט, מיט וועלכן מענטשן האָבן געהאָרכט וועגן דעם געשעענעם, אין דער מענגע פֿראַגעס, אין אַ טרער, וועלכע מע פֿלעגט בגניבה אָפּווישן פֿון דער באַק, האָט זיך געפֿילט, אַז די מלחמה איז שוין אַרײַן אויך אין די היגע היימען. אויך זיעמיעטשינאָ האָט שוין באַגלייט עטלעכע מאַן אויפֿן פֿראָנט, אַנדערע האָבן געוואַרט פֿון טאָג צו טאָג אויף

דער ״פּאָוועסטקע״ אָדער אַליין זיך געמאָלדן אין ראַיאָן, אין מיליטער־קאָמיסאַריאַט און געוואַרט אויף אַ תשובה. איצט האָט מען גערעדט, גערעדט, אין די רייד פלעגט זיך אַרײַנרײַסן עמעצנס אַ כליפּע, אַ געוויין, און ווידער — פּראַגעס, ענטפערס, פּראַגעס.

אַסיעס פּיס האָבן גערוט אויף דער צעשפּאָלטענער, איצט שוין אָפּגעקילטער וואַרעמער ערד. די אויגן האָבן זיך צוגעווינט צו דעם גרענעצלאָזן פּוסטן שטח פונעם פלאַכלאַנד, בלויז ווו ניט ווו באַצירט מיט אַן עלנט ביימל. נאָר דער הימל, דער סאַמעטענער דרומדיקער הימל, באַשאָטן מיט שטערן, האָט זי פאַרכישופט: זי האָט נאָך אַזאַ רחבותדיקן הימל ניט געזען.

״דאָ וועל איך לעבן. דאָ וועלן מיר מיט דיר לעבן, מײַן קינד״ — האָט אַסיע אַ קלער געטאָן און ס׳האָט זי מיט אַ מאָל אַרומגעכאַפּט אַ נאָגנדיקע בענקשאַפט נאָך דער צאַרטער צפונדיקער נאַטור פון איר היימלאַנד, צו די קרענעצעס און לאָנקעס, אָזערעס און בערגלעך, קליינע דערפעלעך מיט שטרויענע דעכער, צוגעטוליעטע צו אַלטע, מעכטיקע סאָסנע־וועלדער.

״דאָ וועלן מיר לעבן״ — האָט זי ווידער אַ קלער געטאָן שפּעטער, ווען זי האָט זיך בײַ נאַכט, שוין טויט מיד, ענדלעך אויסגעצויגן אויפן ריינעם, פרישן בעטגעוואַנט אין אַ קלאַס פון דער זיעמיעטשינער שול.

זי האָט זיך פאָרגעשטעלט ווי זי וועט לעבן, מיט וואָס זי וועט זיך פאַרנעמען, ווו זי וועט אַרבעטן. געקלערט האָט זי וועגן דעם פון דער ערשטער מינוט אָן, ווען מען האָט געמאָלדן: ״חברים, מיר זײַנען אָנגעקומען״, און ווען עמעץ האָט איר געהאָלפן אַראָפּגיין פון דער פלאַטפאָרמע. געקלערט, גלײַך ס׳וואָלט ניט געווען קיין באָמבאַרדירונג, קיין צעשיידונג, קיין שרעקלעכע עלנט. זי דאַרף געבוירן, אויסקאָרמען און אויסהאָדעווען איר קינד. דאָס, און מער גאָרניט. דערצו דאַרף מען אַ דאַך איבערן קאָפּ און אַרבעט. מאָרגן וועט זי צופאָרן אין ראַיאָן, אין דעם בילדונגס־אָפּטייל. זי האָט זיך שוין דערוווּסט, אַז די היגע שול דאַרף אַ לערער פון דײַטש. לעבן וועט זי בײַ אַן איינזאַמער אַלטיטשקער, מיט וועלכער זי האָט זיך אין אָוונט באַקענט. די שטוב איז ענג, ס׳איז אָבער ריין. אַסיע וועט ברענגען אַהיים דאָס פאַרדינטע געלט, זיי וועלן עסן צוזאַמען, און די אַלטיטשקע וועט אַכטונג געבן אויפן קינד.

מען דאַרף אַ זוך טאָן אַ בעטל אָדער אַ וויגל. און נאָך אַ וואַנעלע. אפשר וועט זיך בײַ עמעצן געפינען אַ וואַנע פאַרן קינד.

...זי גייט צום בנין, וועלכן מען האָט איר אָנגעוויזן, אָבער דער יאָמער פון דער סירענע שפּאַלט די לופט איבער העלפט, דער ווינקל פון מויער בייגט זיך מאָדנע אויס, ער דערלאַנגט זיך פּאַוואָליע אַ נייג, און גיט פּלוצעם מיט כוח אַ פאַל. אַסיע שטייט בײַם חורבן מויער און וויינט. זי איז דאָך געגאַנגען נאָך אַ וואַנעלע פאַרן קליינעם. מיט אַ מאָל זעט זי הינטער די חורבות שלומען. זי קלעטערט אַרויף אויפן באַרג ציגל, יאָגט אים נאָך, און אין דעם מאָמענט וואַקסט אויס פאַר אירע אויגן אַ פּײַערזײַל... שלום איז שוין ווײַט, ער לויפט פאָרויס מיט אַ ברענענדיקן טשעמאָדאַן אין האַנט.

— שלום! וואַרף אַוועק דעם טשעמאָדאַן, שלום!

אַסיע שפּרינגט אויף, אין די שלייפן האַמערט. זי דריקט צו מיט דער האַנט דאָס האַרץ, כדי עס צו באַרויִקן. אַרום איז שטיל, מענטשן שלאָפן. ניטאָ קיין שרפה, קיין חורבן, ס׳דונערט ניט. און שלום איז ניטאָ.

איצט האָט זי שוין מורא אײַנצושלאָפן. זי וועט זיך דערוואַרטן אויפן פרימאָרגן, צופאָרן אין ״ראַיאָנאָ״. הלוואי זאָל שוין אַריבער די נאַכט...

אַלץ איז אָבער געשען גאָר אַנדערש, ווי אַסיע האָט זיך פאָרגעשטעלט. קומענדיק אַהער, קיין זיעמיעטטשינאָ, האָט זי געשיקט דער מומען אַ טעלעגראַם מיט איר אַדרעס — אויף יעדן פאַל. אויף צו מאָרגנס, ביז זי האָט זיך פאַרנומען מיטן אײַנאָרדענען און געזאָרגט וועגן אַרבעט, איז געקומען אַן ענטפער: די מומע האָט מיטגעטײלט, אַז אַסיעס עלטערן מיט די שוועסטער זײַנען בשלום דערפאָרן ביז קויבישעוו.



— אַסקע, זאָל איך אַזוי לעבן, דאָס ביסטו?!

— מיכקע!

קוים דורכגעשטופּט זיך דורך דעם עולם אויפן וואָקזאַל, איז מיכקע געבליבן שטיין בײַ דער וואַנט אַנטקעגן אַסיען און געקוקט אויף איר מיט התפּעלות. זײַן קאָפּ האָר האָט געגליט אין זונשײַן, זײַנע אויגן — געל־ברוינע, פּונקט ווי די האָר, און די געדיכטע זומער־שפּרינקעלעך פּונעם

זעלבן קאָליר, האָבן געשטראַלט פון פרייד. ביי אַסיען האָט פאַרכאַפּט דער אָטעם פון דער אומגעריכטער באַגעגעניש, דאָס האַרץ האָט גענומען אימהדיק קלאַפּן פון אַזוי פיל גליק מיט אַ מאָל: זי פאָרט צו טאַטע־מאַמען און אָט איז מיכקע, און אפשר...

— מיכקע, שלומען האָסטו צופעליק ניט באַגעגנט?

— ניין. וואַרט אויס, אָבער מיט די דײַניקע האָב איך זיך געהאַט צוזאַמען אַרײַנגעזעצט אין וואַגאָן. דאָס איז שוין געווען די לעצטע באַן, וואָס איז אָפּגעפאָרן. איך האָב געהערט, אַז פון דער קומענדיקער האָט מען שוין אַלעמען אַרויסגעזעצט, און זיי האָבן געמוזט גיין צוריק. מיט די דײַניקע זײַנען מיר ביז מינסק געפאָרן צוזאַמען. אפשר... ניין, איך בין כמעט זיכער, זיי מוזן ערגעץ ווו זײַן.

— מײַנע זײַנען אַלע דאָ. זיי האָבן זיך אָפּגעפונען, איך פאָר צו זיי אין קויבישעוו.

— קומט דיר אַ מזל־טוב! אָבער פון וואַנען ווייסטו?

— מײַן מומע האָט טעלעגראַפירט. איך האָב אַ מומע אין מאָסקווע. אָבער דו זעסט דאָך, די באַנען זײַנען איבערפולט. מען פאַרלענגערט ניט קיין בילעטן.

אַסיע האָט זיך שוין באַלד אַ מעת־לעת געשטופּט אין דער ריי, געוואַרט, ווידער געשטאַנען.

— ווײַז דעם בילעט, איכ׳ל פּרוּוון.

— וואָס וועסטו פּרוּוון, ס׳איז דאָך אַ ריי, איך בין שוין נאָענט. אָבער קוים וואָס זי רוקט זיך, די ריי. נאָר איצט וועל איך שוין צוקומען. דערציי דערווײַל, ווי דו ביסט אַרויס פון שטאָט, וואָס איז דאָרט געווען, איך בין דאָך אַרויסגעפאָרן פריער. אויף אַ באַראַטונג איז מען געפאָרן, געזאָלט זיך אומקערן, אָבער מען האָט זיך ניט באַגעגנט, און דאַן...

— איך ווייס.

— פון וואַנען, ס׳ט באַגעגנט שלומען?

— ניין, נאָר מען האָט גערעדט אין שטאָט, אַז ס׳האָט געזאָלט זײַן אַ באַראַטונג.

— נו, דערציי, דערציי. ווי איז עס געווען מיט דיר?

— געדענקסט, דעם 22סטן ביי טאָג האָט מען אין שטאָט־קאָמיטעט

צונויפגעקליבן דעם אַקטיוו. שפּעט אין אָוונט האָט מען אַלעמען צעטיילט אויף צענטלעך און פונאַנדערגעשיקט איבער די פאַבריקן, זאַוואָדן, עלעקטראָ־סטאַנציעס און אַנדערע וויכטיקע אָביעקטן צו היטן זיי קעגן דיווערסיע־אַקטן. מײַן גרופּע האָט מען געשיקט צו דער דיקטפאַבריק אויף פּאָנאַרסקע, ווו איך האָב געאַרבעט.

— און ס׳איז טאַקע עפּעס געשען?

— ניין, קיין זאַך איז דאָרטן ניט פּאָרגעקומען. געשטאַנען זײַנען מיר ביז פינף פאַר טאָג. ווי נאָר מיר זײַנען אַרויס פון פאַבריק, האָט זיך אָנגעהויבן אַזאַ באָמבאַרדירונג...

— איך געדענק, איך בין באַגינען געגאַנגען אין שטאָט־קאָמיטעט...

— אַז איך בין געקומען אַהיים, האָב איך דאָרטן געטראָפן יענעם חורבן. ערשטנס האָבן זיי ניט געוווּסט, וואָס איבערצוקלערן וועגן מיר. צווייטנס איז בײַ אונדז געווען אַ פּולע שטוב מענטשן, שכנים זײַנען אַראָפּ צו אונדז פון די אייבערשטע גאָרנס, וואָס ווײַטער פון די באָמבעס. די ווײַבער האָבן געוויינט און געיאָמערט. איך האָב זיך באַמיט זיי אַ ביסל צו באַרויִקן. איבערגעטאָן זיך אין אַ קאָמבינעזאָן און אַוועק אין פאַבריק, צו דער אַרבעט. אָבער דאָרט האָב איך אַנשטאָט די העכער דרײַ הונדערט אַרבעטער געטראָפן בלויז דרײַ צענדליק מאַן. געאַרבעט האָט מען שוין ניט. מען איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען. איך בין אַוועק אַהיים, זיך געלייגט אַ ביסל אָפּרוען פון דער גאַנצער נאַכט.

— דאָס איז שוין געווען דעם 23סטן בײַ טאָג?

— מסתמא אַ זייגער עלף. נאָר דאָ קומט וועלפּקע סאָלאָווייטשיק און פרעגט, צי איך גיי אַוועק פון ווילנע.

— וואַרט, מיכל, לאָז מיר זיך פונאַנדערקלייבן מיט דער ריי צו דער קאַסע. אָט, איך שטיי שוין. נו, ווײַטער?

— איך האָב אים קאַטעגאָריש געזאָגט, אַז איך בלײַב דאָ. אַרום צוועלף אַ זייגער קומט צו גיין מײַן שוועסטער פּעסיע און זאָגט: אויפן הויף זײַנען געקומען פיל חברה און טענהן, אַז מע דאַרף זיך עוואַקויִרן, ווײַל די דײַטשן זײַנען שוין נאָענט. איך האָב וועגן דעם ניט געוואָלט הערן, דערלאַנגט זי אַ שטופּ אַרויס פון צימער און ווײַטער געשלאָפן. איז זי ווידער געקומען זאָגן,

אַז די חברה רופן. "ווילסט ניט גיין פון ווילנע, איז גיי ניט, אָבער אַרויסגיין צו די חברה זיך דורכריידן קענסטו דאָך? אַניט גייען זיי אַוועק!"

בין איך אַרויס. און דאָ האָט זיך אויפגעהויבן אַ געשריי, אַ פּאַניקע. פון אַלע זײַטן האָט מען מיך אָנגעהויבן פאַרוואַרפן מיט פאַקטן, אַז דער דײַטש איז שוין בײַ די פּאָרשטעט, אַז ס'איז אַ פראַגע פון שעהען. איך בין געווען זיכער, אַז דאָס איז אַלץ איבערגעטריבן, אָבער אַז עס איז ביטער, האָב איך פאַרשטאַנען.

אַסיען איז קלאָר געווען, פאַר וואָס מיכקע האָט זיך אַזוי אײַנגעשפּאַרט, ניט געוואָלט אַוועקגיין. פריִער, אין האַרבסט פון נײַן און דרײַסיקסטן, ווען ס'איז געשטאַנען די פראַגע — בלײַבן אין ווילנע, בײַ סמעטאָנען, אין דער בורזשואַזער ליטע, אָדער אַוועקגיין קיין ווײַסרוסלאַנד מיט דער רויטער אַרמיי, איז ער דאָך דער איינציקער פון זיי אַלע געווען זיכער, אַז מען דאַרף בלײַבן און קעמפן אויפן אָרט. דאָס מאָל האָבן אים חברה סוף־כל־סוף איבערצײַגט, אַז בלײַבן בײַם דײַטש, זײַענדיק אַ ייִד — הייסט איבערגעבן זיך דעם שונא אין די הענט.

— האָב איך באַשלאָסן, אַז מען דאַרף אַוועקפאָרן, סטאַרען זיך אַרײַנטרעטן וואָס גיכער אין די רייען פון דער רויטער אַרמיי, כדי אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד אונדזער בלוטיקסטן שונא.

מיכקע האָט גערעדט, אויסדריקנדיק זײַנע טיפסטע געפילן מיט ווערטער פון דער פּאָליטגראַמאָטע און אַסיע האָט זיך דערפילט, ווי אין דער היימישער קאָמיוגישער סביבה. זײַן זעלבסטזיכערקייט און די איבערצײַגונג, אַז אַלץ טוט ער ריכטיק, האָבן אַסיען אַרויסגעריסן פון איר אָפּהענטיקייט. זי האָט זיך געכאַפּט, אַז די גאַנצע צײַט, וואָס זי איז געווען אַליין, פלעגט זי זיך בלויז פאַרטיפן אין זיך, אין אירע אייגענע צרות מיט אַ טעמפּער פעיִקייט צו קלערן נאָר וועגן טאָג־טעגלעכע זאַכן.

מיכקע איז אַוועק פון שטוב, כדי צו קעמפן. אַלע, וואָס האָבן פאַרלאָזט זייערע היימען, רײַסן זיך שוין מסתמא צום פראָנט. און זי? אַסיע האָט מיט פאַרדראָס אַ קלער געטאָן וועגן איר שוואַנגערשאַפט, וואָס איז אויסגעפאַלן אַזוי ניט צו דער צײַט, אָבער אַליין זיך דערשראָקן פאַרן געדאַנק און אָפּגעטריבן אים, ווי ער וואָלט געקענט ברענגען שאָדן איר קינד.

״בירגער פּאַסאַזשירן! דער צוג נומער 87, וואָס פאָרט אין דער ריכטונג פון...

— אַסיע, ס׳איז מײַן באַן, איך דאַרף לויפן!

ווען ער איז שוין אָפּגעגאַנגען אַ פּאָר טריט, האָט זי זיך דערמאָנט, אַז זי האָט אים ניט געגעבן קיין אַדרעס.

— מיכקע! אַ מאָמענט, מיכל! נעם דעם אַדרעס פון מײַנע עלטערן! טאָמער וועסטו ערגעץ טרעפן שלומען... און בכלל, שרײַב! פאַרגעס ניט!

— אומבאַדינגט, נו, אַסקע, טשעסט! מירן זיך נאָך טרעפן, וועסט זען!

ער איז פאַרשוווּנדן און אין אַסיעס אויערן האָבן נאָך לאַנג געקלונגען זײַנע מונטערע ווערטער, וואָס האָבן אָנגעפילט איר האַרץ מיט דרײַסטקייט און אָפּטימיזם. צום ערשטן מאָל פאַר דער גאַנצער צײַט האָט זיך אין איר דערוועקט אַ זיכערקייט, אַז דאָס איז ניט די לעצטע באַגעגעניש, אַז פּונקט אַזוי אומדערוואַרט וועט זי אפשר באַגעגענען אויך אַנדערע חברה, וועלכע גייען, פאָרן, שטופּן זיך געוויס בײַ די וואָקזאַל־קאַסעס אַזוי ווי זי אָדער מיכל, און אַז סוף־כל־סוף וועט בײַ יעדן פון זיי זײַן אַן אַדרעס. אפשר האָט טאַקע די־אָ מונטערקייט, דער־אָ כוחות־צופלוס געהאָלפן אַסיען זיך צו אַנטשיידן אויף אַן אומדערוואַרטן חוצפּהדיקן שריט: ווען די קאַסירשע האָט, פאַרמאַכנדיק דאָס פענצטערל, געמאָלדן: ״מער קאָמפּאָסטיר איך ניט קיין בילעטן. ניטאָ קיין ערטער״ — איז אַסיע אַוועק צום צוג און אײַנגעשטיגן מיט אַזאַ דרײַסטער זיכערקייט, אַז דעם קאָנדוקטאָר איז אפילו ניט אײַנגעפאַלן זי חושד צו זײַן אַז איר בילעט איז ניט פאַרלענגערט...



...דאָס שאַרפע און אומרויִקע געפּיל פון אומגעדולד האָט זיך יעדעס מאָל אָנגעשטויסן אויפן אומענדלעכן פלאַכלאַנד הינטערן פענצטער פון צוג. די אויגן זײַנען מיד געוואָרן פון דער איינטאָניקייט. אַסיען האָט זיך געדוכט, אַז אָט־אָט וועט זי דערזען קליינע אָזערעס מיט גרינעם אַיער, אָדער אײַנצלנע ליכטיקע און צאַרטע בעריאָזעס אין דער שטרענגער טונקעלער געדיכטעניש פון אַ סאָסנעוואַלד.

זי פאָרט צו דער מאַמען...

אָבער פון יענער זײַט פענצטער האָט, אָן אַ סוף און אָן אַן עק, זיך געצויגן וויגנדיק אויפן ווינט דאָס זעלבע גרענעצלאָזע גאָלדענע ברויטפעלד.

אַסיען האָט זיך געדאַכט, אַז די רעדער קלאַפּן אומדערטרעגלעך פּאַוואָליע, וואָס ווײַטער אַלץ פּאַמעלעכער. ווען וועט זיך שוין ענדיקן דער וועג? ווען זי וואָלט זיך איצט כאָטש געקענט דורכגיין אין וואַגאָן, אײַנשטילן איר אומרו... אָבער אויפשטיין פון אָרט איז געווען אוממעגלעך, דער וואַגאָן איז געווען פול געפּאַקט, ניט אַ שפּילקע אַרײַנצוואַרפן.

אַסיע איז שוין צופרידן, אַז דאָ, אויף איר ענגן אָרט בײַם פענצטער, ווו זי האָט זיך צוגעשפּאַרט, טשעפּעט זי קיינער ניט, פרעגט ניט וועגן בילעט.

ס'איז שוין געבליבן פערציק קילאָמעטער, זיבן און דרײַסיק... ווי וועל איך אַ קוק טאָן דער מאַמען אין די אויגן? דער געדאַנק, וואָס האָט שוין לאַנג געעקבערט איר מוח, שטופּט אַרויס אַלע איבעריקע. — "ווי וועל איך זיי אַ קוק טאָן אין די אויגן..."

— אַסקעלע, מיידעלע מײַנע!

אין רוטעס גרויסע און וואַרעמע אָרעמס האָט זיך אַסיע מיט אַ מאָל טאַקע דערשפּירט ווי אַ קליין קינד, וואָס קען לײַכט און זיס וויינען. קיינע געדאַנקען, קיינע זאָרגן — אַלץ איז אַנטרונען אין דער שוועסטערס האַרציקייט.

— קראַסאַוויצע מײַנע, ערנוואָרט, דו ביסט שענער געוואָרן, דיר קליידט די שוואַנגערשאַפט!

— רעדסט נאַרישקייטן, רוטקע!

— קום שוין, קום גיכער, דאָרט איז די מאַמע מיט לילקען.

גאָט מײַנער... די מאַמע, לילקע. איך האָב אַ משפּחה.

קושנדיק די מוטער, האָט אַסיע באַמערקט אין איר בליק אַ פאַרלעגנהייט, אַ פאַרזאָרגטקייט, עפּעס ניט דערזאָגטס; ווידער האָט אַ שטאָך געטאָן דער געדאַנק: "זי קלערט וועגן יענעם טאָג, ווען איך בין אַוועק אָן זיי... זי קען עס מיר ניט פאַרגעסן, אפילו אין אַזאַ מינוט..."

די מאַמע, זעט אַסיע, וויל עפּעס זאָגן, נאָר ווייסט ניט ווי אָנצוהייבן.

— וואָס איז, מאַמעניו?

— אַסיע, מיר ווייסן ניט, זאָגן דיר, אָדער בעסער...

— וואָס?! דער פּאַפּע? שלום?!

— מיטן פאָפּן איז אַלץ אין אָרדענונג, ער איז דאָ, באַלד קומט ער. אָבער שלום... אַסיע, דאָס איז נאָך ניט זיכער, אויף יעדן פאַל — פריי זיך ניט פאָרויס. פאַרשטייסט, אויף דעם מענטשן, וואָס האָט אונדז איבערגעגעבן דעם גרוס, קען מען זיך ניט פאַרלאָזן... געזאָגט האָט ער, אַז ער האָט געזען שלומען מיט אַ גרויסער גרופּע יוגנטלעכע, אַ מאַן דרײַסיק, ערגעץ אין פּענזער קאַנט, אויף אַ קליינער אײַזנבאַן־סטאַנציע. אָבער אפילו דעם נאָמען פון דער סטאַנציע האָט ער פאַרגעסן.



דער אַלטער דאָקטער, וואָס האָט פאַר דער מלחמה פאַרנומען מיט זײַן געזינט פינף צימערן פון אַ גרויסער דירה, וועגן וועלכער אירע אײַנוווינער פלעגן מיט שטאָלץ דערציילן, אַז דאָ האָט זײַנער צײַט געלעבט דער שרײַבער אַלעקסיי טאָלסטאָי — דער־אָ אַלטער דאָקטער האָט צונויפגענומען אונטער זײַן דאַך פינף און צוואַנציק פּליטים — מענטשן אָן זאַכן, אָן געלט, אָן האָב און גוטס.

ווען אַסיעס משפחה איז אָנגעקומען קיין קויבישעוו, אין אַ וויסט פרעמדער שטאָט, און, פאַרשטייט זיך, ניט געקראָגן קיין אָרט אין האָטעל — אַלץ איז געווען איבערגעפּולט — האָט דער פאָטער גענומען אַ טעלעפאָן־בוך און אָנגעהויבן בלעטערן: טאָמער געפינט ער אַ באַקאַנטן פאַמיליע־נאָמען.

גורעוויטש איז אַזוי ווי בײַ די רוסן איוואַנאָוו... — וואַרט, וואַרט, מיט מיר צוזאַמען האָט שטודירט אײַנער אַ יעקב גורעוויטש... בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין מינכען — האָט ער געזאָגט צו דער מאַמען.

ער האָט אָנגעקלונגען און געפרעגט:

— אַנטשולדיקט, איר זײַט צופעליק ניט קיין דאָקטער?

— איך בין צופעליק יאָ אַ דאָקטער, ווער רעדט עס?

— איר זײַט יעקב גורעוויטש?

— יאָ. פון וואַנען ווייסט איר?

— מיר האָבן מסתמא צוזאַמען שטודירט אין מינכען.

— איך האָב אין מינכען קיין מאָל ניט שטודירט.

דער פּאָטער האָט זיך נאָך אַ מאָל אַנטשולדיקט און דערציילט זײַן ביטערע געשיכטע פֿון אָנהייב ביזן סוף.

— שטודירט צוזאַמען האָבן מיר ניט, איך בין עלטער פֿון אײַך, איך האָב געלערנט נאָך פֿאַר יענער מלחמה. אָבער קומט צו פֿאָרן...

אַלע צימערן זײַנען שוין געווען פֿאַרנומען, אפילו אין דעם דאָקטערס קאַבינעט האָט מען אָפּגעטיילט אַ ווינקל פֿאַר זײַנס אַ ווײַטער קרובה מיט אַ קינד.

— וווּ ווען מיר זיי אַהינטאָן?

דער דאָקטער, אַ דאַרער, נידעריקער מאַנצביל מיט אַ קליינעם הויקערל, וועלכער האָט אויסגעזען עלטער פֿון זײַנע יאָרן, אָבער פֿלינק, ווי קוועקזילבער, איז אַרומגעלאָפֿן פֿון איין צימער אין צווייטן, ווי מען וואָלט דאָ געקענט געפֿינען אַן אָרט פֿאַר די געקומענע. ער האָט זיך סוף־כּל־סוף אַוועקגעזעצט בײַם טיש און אַ קוק געטאָן מיט זײַנע טיף־שוואַרצע אויגן אין זײַן טאָכטערס, פּונקט אַזוינע ווי בײַ אים, סאַמעטענע אויגן. זי איז געווען שוין ניט יונג, מסתּמא בײַ די דרײַסיקער, און נאָך אַלץ ניט חתונה געהאַט. פֿרי באַגינען פֿלעגט זי גיין צו דער אַרבעט אין פֿאַבריק, געווען אַן אינזשעניר.

ער האָט גאָרניט געדאַרפֿט פֿרעגן, זי האָט פֿאַרשטאַנען אויפֿן ווונק, אַז עס האַנדלט זיך וועגן איר קליינעם צימערל, דעם אײנציקן ווינקל אין דער גרויסער דירה, וואָס זי האָט געהאַט פֿאַר זיך אַליין.

— יאָ, פּאַפּאַ. וואָס קען מען מאַכן — האָט זי געזאָגט.

— אײַל זיך ניט, טאָכטער מײַנע. דערלאַנג נאָך אַ קלער ביז מאָרגן. הײַנטיקע נאַכט וועלן זיי שלאָפֿן דאָ, אינעם דורכגאַנג־צימער.

אויף צו מאָרגנס האָט זיך אַסיעס משפּחה באַזעצט אין נינעס קליינעם צימערל. און איצט איז אַהער געקומען פֿון וואָקזאַל אויך אַסיע. דער דאָקטער און די ווײַב זײַנע, ראַיִסאַ וואַסיליעוונאַ, בײַ וועלכער די יאָרן האָבן ניט פֿאַרווישט די שיינקייט פֿון איר פּנים און דעם אַריסטאָקראַטישן שטאָלץ פֿון איר הויכער פֿיגור — האָבן פֿרייענדיק זיך צוזאַמען מיט איר עלטערן, געמאַכט אַסיען אַ שיינעם קבלת־פּנים.

...איין מאָל האָט אַסיע, קומענדיק פֿון קלייט, געפֿונען אין שטוב אַ גערודער. ס׳האָט זיך געטאָן חושך. דעם דאָקטערס שנור, סוועטלאַנע, האָט

זיך געריסן די האָר פון קאָפּ, די קינדער האָבן זיך צו איר געטוליעט, די קלענערע, אירינקע, האָט אויך געיאָמערט, און דער עלטערער, דימע, האָט פאַרביסן אַ ליפּ, און געקוקט אומבאַוועגלעך אויף אַ בריוו, וואָס איז געלעגן אויפן טיש.

ראַיִסאַ וואַסיליעוונאַ האָט זיך פאַרשלאָסן אין צימער.

איר זון און סוועטלאַנעס מאַן, אַ קאָמאַנדיר פון דער רויטער אַרמיי, איז צוזאַמען מיט זײַן איינהייט אַרײַנגעפאַלן אין אַרומרינגלונג. על־פּי־נס האָט זיך אים אײַנגעגעבן אַריבערצושיקן די ידיעה. אין בריוו האָט ער זיך געזעגנט מיט דעם ווײַב, מיט די עלטערן, געבעטן, סוועטלאַנע זאָל אים ניט פאַרגעסן, און צו דימען געשריבן: "זון מײַנער, נעם פאַר מיר נקמה".

די שטוב איז פאַרגליווערט געוואָרן פון צער. מען איז געגאַנגען אויף די שפּיץ פינגער, די טירן צוגעמאַכט פאָרזיכטיק, אָן אַ קלאַפּ. איצט האָט זיך שוין נאָר געלאָזט הערן סוועטלאַנעס שטיל און ריין געוויין. אירינקע, מיד פונעם יאָמערן, איז אײַנגעשלאָפן בײַ איר אויפן שויס.

פריִער פלעגט סוועטלאַנע שטענדיק שווײַגן און שלײַכן זיך שטיל, ווי אַ שאָטן — אַ הויכע, מיט אַ שטילן שײַן אין די גרויסע העל גרויִע אויגן. אַלץ איז אין איר געווען ציטערדיק צאַרט, דורכזיכטיק, ווי פון אַנדערע וועלטן, און נאָר די האָר — לאַנגע, געדיכטע, גאָלדענע, צונויפגעצויגענע אין אַ שווערן קנופּ, זײַנען געווען רעאַל, לעבעדיק, שטאַרק.

נאָכן בריוו האָט זי עטלעכע טעג נידערשלאָגן געשוויגן, און נאָך דעם גענומען ריידן, אַז זי דאַרף טרינקען מילך, מערער מילך. סוועטלאַנע האָט געליטן פון שווינדזוכט, און איצט האָט זי גענומען טענהן, אַז זי דאַרף זיך היטן, כדי זיך צו דערוואַרטן אויף אַנדרייען. זי איז וואָס ווײַטער אַלץ מער געווען זיכער, אַז אַנדריי וועט זיך אַרויסרײַסן פון דער אַרומרינגלונג, אַז זיי וועלן זיך טרעפן און ווידער זײַן גליקלעך.

אין גיכן איז איר געוואָרן גאָר שלעכט, מען האָט זי אַוועקגעפירט אין שפּיטאָל; אָבער קיין האָפענונג איז שוין ניט געווען. אין איינעם אַ טאָג איז געקומען אַ בריוו פון פראָנט: אַנדריי האָט זיך מיט זײַן איינהייט טאַקע אַרויסגעריסן פון דער אַרומרינגלונג.

די זעלבע נאַכט, נאָך אַ בלוטשטורץ, האָט סוועטלאַנע אויסגעהויכט די נשמה.

# צוזאַמען

שוין לאַנג האָבן זיך אַלע געלייגט און איַינגעשלאָפן, בעת עמעץ האָט אָן אַ קלאַפּ געעפנט די טיר און איז שטיל אַריַין.

— אַסיע, אַסינקע, שטיי אויף — האָט דער טאַטע, אַרויפוואָרפנדיק דער מאַמעס כאַלאַט אויף די פּלייצעס, געטרייסלט די טאָכטער פאַרן אַקסל.

אַסיע האָט פאַרשטעלט מיט דער האַנט די אויגן פונעם ליכט, וואָס האָט מיט אַ מאָל באַשטראַלט דעם צימער און, דערזעענדיק שלומען, ניט געקענט פאַרשטיין, צי זי זעט אים אין חלום, צי אויף דער וואָר.

— שלום! דו! פון וואַנען?!

ס'איז שוין אַריבער אַ חודש, ווי זי האָט געשריבן אין פאַרשיידענע ערטער, נאָכגעפרעגט זיך אין פענזער פאַרטיי־קאָמיטעט, אין קאָמיוג, אין אויספיר־קאָמיטעט, געשריבן קיין מאָסקווע, אין צענטראַל־קאָמיטעט. באַקומענדיק אַ בריוו פון מיכקען, האָט זי גליַיך געשיקט אַן ענטפער, בעטנדיק מיטטיילן איר אַדרעס אַלע חברים און באַקאַנטע, וועמען ער וועט נאָר טרעפן, טאָמער ווייסט עמעץ, ווו איז שלום.

איצט האָט זי יעדן טאָג און יעדע נאַכט געוואָרט אויף אַ ידיעה. גראָד היַינט, מיד פון וואַשן וועש, איז זי שטאַרק איַינגעשלאָפן.

שלום איז אַריַין, ווי ער וואָלט דאָ געווען נעכטן, גיך אַרומגענומען אַסיען און געבעטן:

— גיב וואָס עס איז איבערביַיסן.

בלויז איצט האָט זי באַמערקט, ווי ער האָט זיך געענדערט — אָפּגעצערט געוואָרן, ברוין אָפּגעברענט, זיַין גרויער רעקל איז אויף אים געהאַנגען. דער שטויב איז געלעגן אויף זיַינע בגדים, אויף די טופל, אויפן פּנים.

— ווו קען מען זיך דאָ אַרומוואַשן?

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט ביַים טיש, מיט איין שלונג אויסגעזופּט דעם קוביק טיי, זשעדנע אויפגעגעסן דעם טעלער קאַשע. אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם.

— איך בין אַרויס פון ניקאָלאָ־פּיאָסטראָווקע נעכטן אין דער פרי, געאײַלט זיך, קיין זאַך ניט גענומען צוצובײַסן.

אַסיע האָט געקוקט פאַרגאַפט אויף זײַן בראָנזענעם, פאַרמאַטערטן פּנים. און שלום, ווי ער וואָלט זי נאָר איצט דערזען, האָט זי צוגעצויגן צו זיך, צוגעדריקט איר קאָפּ צו זײַן באַק.

— האָסט זיך מסתמא גוט אָנגעפּײַניקט, אַסיע?

— ס'אי גאָרניט, איצט איז שוין גוט... אָבער ווי האָסטו אונדז געפונען?

— נעכטן פאַר טאָג, ווען ס'איז אָנגעקומען פון מיכקען די טעלעגראַם מיט דײַן אַדרעס, בין איך אַרויס פון דער טראַקטאָרן־סטאַנציע, ווו מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט, און זיך געלאָזט אין וועג צו דיר. ווען מען האָט מיך אַרויסגערופן און דערלאַנגט די דעפּעשע, זײַנען נאָך די חברה געשלאָפן. און ערשט אונטערוועגס האָב איך זיך דערמאָנט, אַז איך האָב זיי גאָרניט געזאָגט. אַלץ איז פאָרגעקומען אַזוי אומגעריכט, אַז איך האָב וועגן אַלץ פאַרגעסן און געמוזט זיי אָנקלינגען פון דער נאָענטסטער סטאַנציע. אויף דער סטאַנציע האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַ באַן וועט זײַן ניט אַזוי גיך. בין איך אַוועק לענגאויס די רעלסן. אָפּגעגאַנגען מסתמא אַ קילאָמעטער זעכציק, ביז ס'האָט זיך מיר אײַנגעגעבן אַרײַנצוזעצן אין אַ פראַכטצוג. מיט אים בין איך געקומען אַהער.

— וואַרט אויס, שלום, דערצייל אַלץ כסדר.

מען איז שוין געזעסן בײַם טיש און דער טאַטע, אויף זײַן שטייגער, האָט געפּאָדערט אַן אויספירלעכן באַריכט מיט אַלע פּיטשעווקעס.



...אין אַ חודש אַרום האָט אַסיע, ווי שטענדיק טוענדיק אַלץ אין געאײַל, אין דער גרויסער ענגשאַפט איבערגעקערט אויף די פיס אַ טאָפּ מיט זודיק וואַסער.

דרײַ אומענדלעך לאַנגע וואָכן איז זי אָפּגעלעגן אין שפּיטאָל.

דער רײַסנדיקער ווייטיק, וואָס האָט געמאַטערט טאָג און נאַכט, און די שווערע מחשבות וועגן דעם, ווי וועט זי איצט קענען געבוירן און וואָס וועט זײַן מיטן קינד, פלעגן איר ניט לאָזן צומאַכן קיין אויג. דערצו פלעגט איר

ווידער און אָבער קומען אויפֿן זינען, אַז זי איז אַ שלימזל, אַ טויגעניכטס, און דאָס אַמאָליקע, פֿון לאַנג באַקאַנטע מידערוועריקייט־געפֿיל האָט געגנאָגט אין האַרצן. אויסער דעם האָט זי געוווּסט, אַז אויב ניט היינט איז מאָרגן וועט זי זיך מוזן שיידן מיט שלומען — ער וועט אַוועקגיין אויפֿן פֿראָנט, און יעדער טאָג, וואָס זי האָט אים איצט ניט געזען, האָט זיך ביי איר געצויגן ווי אַ יאָר.

יעדן פֿרימאָרגן, יעדן נאָכמיטיק און אָוונט פֿלעגט זי אָנגעשטרענגט וואַרטן אויף אים, און איר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ער באַזוכט זי אין שפּיטאָל צו זעלטן. שווערער פֿון אַלץ פֿלעגט זיין אין די נעכט: דער ווייטיק פֿלעגט קלעטערן פֿון דער לינקער פֿוס אין האַרץ אַריין, דער קאָפּ פֿלעגט פּלאַצן פֿון היץ, די געדאַנקען פֿלעגן זיך פּלאָנטערן, און אַסיע פֿלעגט זיך קוים דערוואַרטן ביז עס וועט שאַריען אויף טאָג. ס'איז געווען האַרבסט און די נעכט פֿלעגן זיך ציען אומענדלעך לאַנג.

שלום איז געווען פֿאַרנומען: געאַרבעט, כלאָפּאָטשעט, מען זאָל אים נעמען אויפֿן פֿראָנט. ער איז געווען קורצזיכטיק, מען האָט אים אָפּגעזאָגט, ער האָט זיך ווידער געסטאַרעט און איז דערווייל אַוועקגעפֿאָרן מיט מיטאַרבעטערס אויף וואַלדאַרבעט — זעגן און האַקן האָלץ אויף ווינטער.

דאַן האָט זיך שוין אַסיע באַמיט אין די שעהען, ווען מען איז מבקר־חולה די קראַנקע, צו ליגן מיט פֿאַרמאַכטע אויגן, כדי ניט צו קוקן אויף דער טיר. נאָר איין מאָל, ווען זי איז אַזוי געלעגן, האָט די טיר דערלאַנגט אַ סקריפּע. עפּעס אַ פֿרעמדער איז אַריין (דער מאַמעס טריט פֿלעגט זי דערקענען פֿון ווייטן), און בלייבנדיק אַ ווײַלע שטיין, אומזיכער זיך דערנענטערט צו איר בעט.

— דאַניע, דו?! פֿון וואַנען?

— איך פֿאָר צו וועלפֿקען אין סאַראַטאָווער געגנט. ער איז אַ קאָמביינניאָר, ער רופֿט מיך צו זיך. אין דאָרף איז מען אפֿשר ניט אַזוי הונגעריק. נאָר, אַז איך האָב זיך דערוווּסט, אַז דו ביסט דאָ, האָב איך באַשלאָסן זיך אָפּשטעלן אויף אַ טאָג אין קויבישעוו.

דאַניע האָט פֿאָרזיכטיק אַ דריק געטאָן מיט זיין גרויסער פֿאַרגרעבטער דלאָניע אַסיעס בלאַס און שמאָל הענטל און האָט זיך צוגעזעצט אויפֿן ראַנד פֿון שטול. דער ווייסער כאַלאַט איז אים געווען צו קליין, ער האָט זיך

אומזיסט געסטאַרעט צודעקן מיט די פּאָלעס זײַן צעדריבלטן, אויסגעריבענעם רעקל. פון אָנהייב האָט ער געקוקט אויף אַסיען מיט אַ קליין ביסל ווונדער אין די פאַרזשמורעטע אויגן, אָבער זײַן בליק איז וואָס ווײַטער געוואָרן אַלץ מילדער, און ער האָט שוין ניט פאַרבאָרגן די פרייד, וואָס האָט אים באַהערשט. אַסיע, זעענדיק, אַז אפילו איצט — אַ שוואַנגערע, אַ קראַנקע און הילפסלאָזע געפעלט זי אים נאָך אַלץ, האָט זיך קוים אײַנגעהאַלטן ניט צו צעוויינען: אין דער מינוט האָט זי ווידער אַ קלער געטאָן וועגן שלומען. און ווידער, שוין ווער ווייסט צום וויפלסטן מאָל, האָט זי זיך געשטעלט די פראַגע: וואָס איז זי פאַר אים, פאַר שלומען, ווערט?

שלום מיט זײַן פאַרשלאָסנקייט און שטרענגקייט, איז איר אָפט געווען פרעמד און אומפאַרשטענדלעך.

זי האָט אַ מאָל, נאָך פאַר דער מלחמה, געפרעגט, פאַר וואָס ער איז אַזאַ.

— וואָס הייסט "אַזאַ" — האָט ער איבערגעפרעגט אומצופרידן, און אַסיע האָט פאַרביסן אַ ליפּ, שוין ניט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער.

דאָך האָט שלום אַ זאָג געטאָן: — "ווײַל מיין לעבן איז אַזאַ".

העכער אַ יאָר צוריק, יענעם זומערטאָג, ווען די גאַסן פון ווילנע זײַנען געווען פאַרפלייצט מיט מענטשן און די שימחה האָט אַרויסגעשײַנט פון אַזוי פיל פּנימער, האָט אַסיע געזען די בענקשאַפט אין שלומס אויגן, וועלכע ער האָט זיך באַמיט אויסצובאַהאַלטן אונטער אַ מונטערן שמייכל. אַסיע האָט דאַן פאַרשטאַנען, אַז זײַן האַרץ בלוטיקט בײַם געדאַנק וועגן סאַרען, וועלכע האָט ניט דערלעבט צו דער־אָ גליקלעכער מינוט.

דאָ, אין קויבישעוו, האָט שלומען אויך עפּעס געפּײַניקט, דאָס האָט זיך אָנגעזען אין זײַן חושכדיקן מרה־שחורהדיקן בליק.

איין מאָל האָט ער דערציילט, אַז דאַן, אין אָנהייב מלחמה, ווען ער איז קראַנקערהייט אַרויס פון אויטאָבוס און אַוועק צוריק אין שטאָט, האָט ער אונטערוועגס פאַרלאָרן דעם באַוווּסטזײַן און געפאַלן. מענטשן האָבן אים אויפגעהויבן און געבראַכט צו פירן קיין מינסק. ווען ער איז געקומען צו זיך און געקענט גיין, איז שוין געווען שפּעט זיך אומצוקערן קיין ווילנע — די שטאָט האָט שוין פאַרנומען דער דײַטש.

שלום האָט די גאַנצע צײַט געטראַכט וועגן יענעם פאַטאַלן טאָג. ס׳איז אויסגעקומען אַזוי, אַז ער איז אַוועק, איבערלאָזנדיק זײַנע קאָמיוגיסטן אויף גאָטס באַראָט. דאָס האָט אים אָן אויפהער געעקבערט און אַסיע האָט זיך געמאַטערט צוזאַמען מיט אים. איר האָט זיך כסדר געחלומט אַן אויטאָבוס, וואָס פאָרט אַרײַן אין דעם ברענענדיקן מינסק, און אינעם אויטאָ זיצן דאַנילינקע, וויטע, אַלע חברה. אָבער ווען זי האָט איין מאָל וועגן דעם דערציילט שלומען, האָט ער שאַרף אָפּגעהאַקט:

— איך שלאָף רויִק און קיינער חלומט זיך מיר ניט.

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן, ס׳האָט איר וויי געטאָן זײַן שטרענגקייט צו זיך אַליין, דער האַרבער צולהכעיס, מיט וועלכן ער וויל באַווײַזן, אַז ער איז פיל ערגער, ווי ער איז אין דער אמתן.

ער האָט פײַנט געהאַט זיך צו גריבלען, שיטן זאַלץ אויף די אייגענע ווונדן. פּרוכטלאָזע געוויסן־ביסן און פּוסטע רייד פלעגן אים בייזערן. די פּײַן האָט געגנעסטיקט שווײַגעוודיק און פלעגט זיך נאָר אַמאָל אַרויסרײַסן דורך אַ שאַרף וואָרט. איין אויסוועג האָט ער געזען פאַר זיך: טאָן וואָס מען דאַרף, טאָן עס ווי אַמבעסטן.

איצט איז דאָ, בײַ אַסיען אין שפּיטאָל געזעסן ניט שלום, נאָר דאַניע. דאַניע האָט, פאַרבײַפאָרנדיק, ספּעציעל זיך דאָ אָפּגעשטעלט אויף אַ טאָג און האָט איצט געקוקט אויף איר אַזוי, ווי שלום פלעגט אויף איר קיין מאָל ניט קוקן.



...שפּעט אין אָוונט האָבן זיך מיט אַ מאָל אָנגעהויבן די ווייען. דער ווייטיק פלעגט צופליסן ווי אַ כוואַליע און אָפּגיין, און ווידער ווייען, און ווידער אַ דערלײַכטערונג...

אַלע זײַנען געשלאָפן, און אַסיע האָט, ניט אונטערגעבנדיק זיך דעם ווייטיק, מיט פייערלעכער שפּאַנונג זיך צוגעהאָרכט, וואָס אין איר קומט פאָר.

זי האָט אויפגעוועקט שלומען, וועלכער איז געוואָרן צעטומלט, ניט וויסנדיק, וואָס צו טאָן. זי האָט אַ רוף געטאָן דעם טאַטן:

— טאַטע, בײַ מיר האָבן זיך, דוכט מיר, אָנגעהויבן די ווייען...

— לייג ניט קיין אַכט — האָט ער אַ בורטשע געטאָן שלאָפנדיק. ער האָט געהאַט אַ טבע אַזוי צו זאָגן, בעת די אייגענע פלעגן זיך פאַר אים צו פיל באַקלאָגן אויף אַ ווייטיק.

אין צען מינוט אַרום האָט מען שוין ניט געקענט "ניט לייגן קיין אַכט". שלום איז אַרײַנגעלאָפן צום באַלעבאָס, צוגעגאַנגען צום טעלעפאָן, אַרויסגערופן די גיכע הילף, אָבער זיי האָבן געענטפערט, אַז זי קען קומען ערשט אין אַ שעה אַרום.

די קימפעטאָרן־קליניק איז געווען ניט ווײַט, אַ מינוט פופצן גאַנג. האָט מען באַשלאָסן גיין צו פוס. אין גאַס האָט דאָס אײַז אונטער די פיס געגלאַנצט ווי אַ שפּיגל. די מאַמע און שלום האָבן אַסיען געהאַלטן פון ביידע זײַטן אונטער די אָרעמס, זי זאָל ניט פאַלן, אָבער שלום אַליין האָט זיך צוויי מאָל אויסגעגליטשט, און אַסיע האָט אים אונטערגעהאַלטן, קלערנדיק מיט שאָדנפרייד:"אָט אַ טויגעניכטס!"

אַלע בעטן אין דער קליניק זײַנען געווען פאַרנומען. אַסיען האָט מען אַנידערגעזעצט אין אַ פאָטעל, לאַנג און נודנע אויסגעפרעגט וועגן דורכגעמאַכטע קראַנקייטן און אַלץ גענוי פאַרשריבן. סוף־כּל־סוף האָט מען זי אַוועקגעלייגט. זי איז שוין געווען גוט מיד, האָט אײַנגעדרעמלט, און יעדעס מאָל, ווען דער ווייטיק פלעגט זי אויפוועקן, פלעגט זי זיך אויסזידלען — "אוי, צום טײַוול". די אויסגעמאַטערטע דאָקטערשע האָט צו איר אַ זאָג געטאָן: "הער זיך אויף צו זידלען, דער טײַוול וועט אַלץ איינס ניט העלפן, גאָט אויך ניט".

די ווייען זײַנען געוואָרן אַלץ שטאַרקער. אַסיע איז שוין ניט געשלאָפן, נאָר לײַדן האָט מען נאָך געקענט, און זי האָט זיך אַ קער געטאָן צו אַ יונגער פרוי, וואָס איז געלעגן דערנעבן און אָן אויפהער געשריען "מאַמע". צי דען איז יענערס ווייטיק אַזוי אומדערטרעגלעך, אַז זי קען עס ניט אויסהאַלטן און כאָטש אויף אַ מינוט אויפהערן שרײַען? און אפשר האָט איר עמעץ געזאָגט, אַז מען דאַרף דווקא שרײַען, דאַן גייט צו לײַכטער דאָס געבורט? אַסיע האָט זי אומישנע עפּעס געפרעגט. יענע האָט רויִק געענטפערט און נאָך דעם ווידער גענומען געוואַלדעווען. אָבער אַסיע האָט שוין אויף איר ניט געלייגט קיין אַכט. דער ווייטיק האָט זיך אַלץ מער געשטאַרקט, אַרומגעכאַפּט דעם

גאַנצן קערפּער. די אַקושערקע האָט ווייך אַרויפגעלייגט אויף אַסיעס בויך איר האַנט, געזאָגט: ״שטרענג זיך אָן״. ניט אָפּגייענדיק פון איר האָט זי אָנגעהויבן אַרויסגעבן קורצע באַפעלן:

— שטרענג זיך אָן...גענוג... נאָך... מען דאַרף ניט. האַלט זיך אָן די פּאַרענטשעס. אָט אַזוי, גוט... שטרענג זיך אָן... מען דאַרף ניט, רויִק, וואַרט אַ ווײַלע...

באַגיסנדיק זיך מיט שווייס, האָט אַסיע געענדיקט אויסגעפירט יעדע אָנווײַזונג. אין דעם מאָמענט האָט זי פאַרגעסן אין ווייטיק — זי האָט געאַרבעט, שווער געהאָרעוועט, זי האָט אָנגעשפּאַנט די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט און איר גאַנצן כוח, כדי צו טאָן אַלץ פּינקטלעך, ווי מען הייסט. באַמערקנדיק אָבער, אַז די אַקושערקע האָט אײַנגעדרעמלט, צושפּאַרנדיק זיך צו איר קני, האָט אַסיע זיך דערשראָקן און לײַכט אַ שטופּ געטאָן זי מיטן פוס. יענע האָט זיך אויפגעכאַפּט, אַראָפּגעטרייסלט דעם דרעמל און ווײַטער געפירט דאָס געבורט.

אַסיען איז טרוקן געוואָרן אין האַלדז, זי האָט געאָטעמט, ווי אַ פיש, וואָס מע נעמט אַרויס פון וואַסער. זי האָט געפילט, אַז אירע כוחות גייען אויס.

— נו, נו, שטרענג זיך אָן... נאָך אַ ווײַלע... שטאַרקער... נאָך, נאָך אַ קליין ביסעלע... מאָלאָדיעץ, נאָך!

— אַ — אַ — אַ — אַ — אַ

— נו, מזל טוב!

איצט איז אַסיע געלעגן אין אָנמאַכט, אין אַ נעפּל פון מידקייט, ווי זי וואָלט ניט האָבן קיין וואָג, און קוים דערזען דאָס בלויע שרײַענדיקע נפשל, וועלכן מען האָט איר נאָר באַוויזן און גלײַך אַוועקגעטראָגן.

— אַ ייִנגעלע, פּיר קילאָ! — האָט זי דערהערט.

— אַ כוואַט אַ מיידל, אַליין גרויס ווי אַ גענעץ!

— קיין קלאַנג האָט מען פון איר ניט געהערט, די סטאַלין־פּרעמיע דאַרף מען איר געבן פאַר אַזאַ געבורט!

אַסיע האָט געוואָרפן אַ בליק אויפן גרויסן זייגער איבער דער טיר — ס׳איז געווען האַלב אַכט. זי איז אַרײַנגעפאַלן אין אַ דרעמל, ניט פילנדיק

כמעט, ווי מען לייגט זי אַריבער אויף אַ בעט מיט רעדלעך און מען פירט זי אַוועק אין אַ פּאַלאַטע.

...ווען אין אַ וואָך אַרום איז שלום געקומען באַגעגענען אַסיען מיטן קליינעם אין דעם וועסטיבול פון דער קליניק, האָט ער ניט געקענט אַרויסבאַקומען קיין וואָרט. אָבער מען האָט שוין ניט געדאַרפט קיין ווערטער. שלום האָט זי געוואָלט אַרומנעמען, אָבער ס'האָט זיך ביי אים ניט באַקומען. ער האָט זי צוזאַמען מיטן קינד צו שטאַרק געדריקט, זיך דערשראָקן, פּאָרזיכטיק צוגענומען ביי איר דעם זון. ער האָט אויפגעהויבן דאָס פעסט פּאַרוויקלטע נפשל, און פּאַרגעסנדיק וועגן אַלץ אין דער וועלט, אַוועקגעטראָגן אים אויף אויסגעשטרעקטע הענט צו דעם אָפענעם טירל פונעם "גאַזיק".

ווען דער אויטאָ האָט אַ ריר געטאָן פון אָרט, האָט שלום מיט צוויי פינגער אויפגעהויבן אַן עק פון דער קאָלדערקע, אַריינגעקוקט אינעווייניק, צוריק צוגעדעקט, געוואָלט נאָך אַ מאָל וואַרפן אַ בליק, אָבער זיך עס ניט פאַרגונען, מורא האָבנדיק, דער ווינט זאָל ניט דורכבלאָזן דאָס קינד. נאָר איצט האָט ער אַ קוק געטאָן אויף אַסיען מיט אַ פאַרנעפּלטן פון האַרציקייט בליק און די ברעמען זיינע האָבן זיך אַ הויב געטאָן ווי אַלע מאָל, ווען ער פלעגט זיך שטאַרק חידושן.

— ביסט אַ יאַטיכע — האָט ער געזאָגט, און אין דעם וואָרט איז געווען אַלץ — זיין אָנערקענונג, זיין שטאָלץ, זיין אַנטציקונג פאַרן געשעענעם.

אַסיע האָט זיך געפרייט מיט שלומען און מיט אַלע שטוביקע צוזאַמען. אַלע האָבן זי געליבט, אָבער טיף אין האַרצן האָט זי געוווּסט דעם ווערט פון אַלגעמיינער אָנערקענונג און פון שלומס שטאָלץ — צי איז דען דאָס, וואָס זי האָט נאָך אַלע ביטערע צרות געבוירן אַ געזונט און שטאַרק קינד, געווען איר פאַרדינסט? ס'איז דאָך בלויז געווען אַ מזל־זאַך, אַ הצלחה. ווי לייכט, האָט זי געקלערט, איז אָט אַזוי, ווען מע האָט מזל, צו געווינען אַלעמענס ליבע און התפעלות און ווי שווער, ווי אוממעגלעך איז עס אַ מאָל צו דערגרייכן אפילו פאַרן פרייז פון דעם גרעסטן אָנשטרענג... אַז אַ מענטשן גייט, האָט מען אים ליב. "אַז עס גייט, לויפט עס", האָט זי זיך דערמאָנט דעם טאַטנס אַ ווערטל.

ווײַטער איז איר אָבער ניט געגאַנגען. מען איז געווען נאַקעט און באָרוועס, און דער ערשטער מלחמה־ווינטער איז ווי אומישנע געווען אומברחמנותדיק קאַלט. האָט זיך אַסיע געראַנגלט מיט פּאַרקילונגען און ווי אַן אויג אין קאָפּ אָפּגעהיט די מילך אין ברוסט — עס זאָל נאָר ניט פאַרפאַלן ווערן.

קיין מילך האָט ניט געקלעקט, דער קליינער פלעגט אין די נעכט שרײַען, געוואַלדעווען, און אַסיע פלעגט שטילערהייט וויינען פון הונגער און דערפון, וואָס אַליק (אלכסנדר האָט מען אים אַ נאָמען געגעבן, אלכסנדר לשם אַ זיג) לאָזט איר ניט שלאָפן.

זי איז ניט געוואָרן ניט שטאַרקער, ניט אויסגעהאַלטענער. ״אַ יאַטיכע...״

שלום איז געשלאָפן דערנעבן, דעם קינדס בעטל איז געשטאַנען צוקאָפּנס, ער פלעגט אָבער ניט הערן, ווי דער קליינער שרײַט, און טאָמער פלעגט ער דערשפּירן, אַז אַסיע שטייט אויף, פלעגט ער זיך געבן אַ הייב און דערשראָקן מורמלען:

— דערלאַנג מיר אַ קלאַפּ, איך זאָל זיך איבערוועקן.

ער פלעגט אויפשפּרינגען פון בעט, נעמען דאָס קינד, וויגנדיק אונטערוואַרפן עס אויף די הענט, ווי אַ פּילקע, אַסיען דערמיט דערשרעקן, און צו איר גרעסטן וווּנדער — אויף אַזאַ אופן מאָמענטאַל אַליקן אײַנשלעפערן. ״אַלץ דאַרף מען קענען״, פלעגט ער זאָגן צופרידן און גלײַך אײַנשלאָפן.

בײַ טאָג פלעגט שלום אַ מאָל אַרײַנלויפן אַהיים מיט אַ פּעקל קאָטלעטן אין די ווייס געוואָרענע פּאַרפּאָרענע הענט, אַוועקגעבן עס, זאָגנדיק: ״נאַט, אויסגעשטאַנען אין אַ ריי״, אַ זופּ טאָן עפּעס וואַרעמס און צוריק אַנטלויפן צו דער אַרבעט.

## די געזעגענונג

אַסיע האָט געוווּסט, אַז איר אויסגעטרוימט צוזאַמענלעבן מיט שלומען, אפילו אַזאַ שווערס און אומזיכערס, וועט זיך אין גיכן ענדיקן. און פֿאַסירט האָט עס יענעם טאָג, ווען מען האָט ענדלעך צו ליב געטאָן שלומס פּילצאָליקע בקשות און גענומען אים אין דער ווּיטער אַרמיי.

אמת, אַ לענגערע צײַט האָט ער אויסגעפּילט אַ גרויסע און פֿאַראַנטוואָרטלעכע אויפֿגאַבע דאָ, אויפֿן אָרט: געזוכט און רעגיסטרירט בירגערס פֿון ליטע אין דער געגנט, געהאָלפֿן זיי מאָביליזירן, געסטאַרעט זיך צו באַזאָרגן זיי מיט אַלעם נייטיקן אויפֿן וועג און באַגלייט צו דער באַן, ווען זיי זײַנען געפֿאָרן אַהין וווּ מען האָט פֿאָרמירט די ליטווישע דיוויזיע פֿון דער רויטער אַרמיי.

ער איז געווען אַרײַנגעטאָן אין דער אַרבעט און האָט דערבײַ אויפֿגעלעבט, געוואָרן אַן אַנדער מענטש. ער פֿלעגט אַרויספֿאָרן אין ראַיאָנען און דערפֿער, אומקערן זיך פֿון דאָרטן אַ דורכגעפֿראָרענער, אָבער אַ מונטערער. ער איז געוואָרן באַרײדעוודיקער, דערציילט וועגן פֿאַרשיידענע מענטשן, וועלכע ער האָט באַגעגנט, און וועלכע רײַסן זיך צום פֿראָנט. פֿיל פֿון זיי זײַנען שוין דורכגעפֿאָרן קויִבישעוו, יעזן פֿלעגט ער אַרײַנציִען אין די רשימות צו געבן הילף, פֿלעגט ריידן מיט אים, גענוי זיך דערוויסן וועגן זײַן לאַגע, וועגן זײַנע נאָענטע, זיך עס אַלץ פֿאַרשרײַבן. אַסיע האָט שווײַגנדיק באַוווּנדערט שלומס רויִקייט און דאָס געדולד, מיט וועלכן ער האָט עס געטאָן. זי האָט געוווּסט: ס'וועט קומען אַ רגע, ווען ער וועט זיך אויפֿהייבן פֿון אָרט און אויך אַוועקפֿאָרן.

ווען ער האָט געענדיקט די אַרבעט אין דער געגנט און מען האָט אים געוואָלט אַוועקשיקן אַנדערשווּ מיט דער זעלבער אויפֿגאַבע, האָט ער זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט. אַסיען האָט ער דערקלערט מיט איין וואָרט: גענוג.

איר האַרץ האָט זיך אָפּגעשטעלט, אינעווייניק האָט זיך צעבושעוועט אַ פּײַנלעך געפֿיל — סוף־כּל־סוף איז געשען דאָס וואָס האָט געזאָלט געשען,

אַלץ אײַנס איז ניטאָ קײן כּוח צו וואַרטן. אין קאָפּ האָט געהאַמערט אײן געדאַנק: „ריכטיק, אַזוי דאַרף עס זײַן", זי האָט געוואָלט זאָגן: „יאָ, ווי דען, אויך איך וואָלט אַזוי געטאָן..."

זי האָט אָבער גאָרניט געזאָגט און קוים אײַנגעהאַלטן די טרערן.



...זײ זײַנען פּאַוואָליע געגאַנגען איבערן מיטן פון אַ שטילער גאַס, קײן לעבעדיקער נפש אַרום. פון בײַדע זײַטן האָבן געמורמלט ריטשקעלעך, אָנגעפילט מיט פרילינג־שטראָמען, און אונטער די פיס, פון צווישן די ברוקשטײנער האָבן אַרויסגעקוקט די ערשטע פרישע גרעזעלעך, ציִענדיק זיך צום הימל. זײ זײַנען בײדע געגאַנגען אַרומגענומען און געשוויגן. שלומס שווערע האַנט איז לײַכט און צאַרט, ווי זי וואָלט ניט האָבן קײן וואָג, געלעגן אויף אַסיעס פּלײצע. פאַרשיכורט פון זײַן נאָענטקײט, מיט אַ וואַרעמען נעפּל אין קאָפּ, האָט אַסיע קוים געזען און געהערט דעם פרילינג אַרום. זי האָט אים נאָר געפילט אין אַלע גלידער און אַ מאָדנער געדאַנק איז איר געקומען אויפן זינען: אַז דאָס איז שוין אַ מאָל געווען. יאָ, געווען, דאָרט אין דער הײם: גרויס סטעפּן־גאַס, פּונקט אַזאַ שטילע און פּוסטע אין אַ שפּעטן זומערדיקן אָוונט, גראָז צווישן די ברוק־שטײנער, מורמלדיקע ריטשקעלעך נאָך אַ רעגן, און זײ בײדע, אַסיע און שלום — גײען ניט געאײַלט פאָרויס. זײ גײען ביזן סוף גאַס. אַסיע ווײַזט אים די תּפיסה, ווו זי איז יונגערהײט געזעסן. נאָך דעם זעט ער, אַז זי ציטערט פון קעלט און נעמט זי אַרום בײַ דער פּלײצע.

צווישן זײ איז נאָך דאַן קײן זאַך ניט געווען. נײן, בײַ אַסיען אין האַרצן איז שוין געווען אַלץ, זי האָט עס געוווּסט, אָבער שלום האָט גאָרניט חושד געווען, ער האָט קײן זאַך ניט פאַרשטאַנען. ער געדענקט געוויס ניט יענעם קורצן, שטילן אָוונט.

„וועגן וואָס קלער איך?" — האָט אַסיע זיך אויסגעטשוכעט — שלום גײט דאָך אויפן פראָנט און באַלד וועלן מיר זיך צעשײדן.

אויפן וואָקזאַל האָבן זײ זיך דערוווּסט, אַז דער עשאַלאָן דאַרף אַרויספאָרן אַן ערך אין אַ שעה אַרום, און שלום האָט זי באַגלײט ביזן שטוב,

און זיי זײַנען ווידער אַוועק צום וואָקזאַל, און ווידער צוריק. שלום האָט געשוויגן, און אַסיען האָט זיך אויך ניט געוואָלט ריידן, זי האָט געפילט, אַז אַזוי איז בעסער. ס׳האָט זיך איר גאָרניט געוואָלט, נאָר גיין אָט אַזוי מיט שלומס האַנט אויף דער פּלייצע, מיטן וואַרעמען נעפּל אין קאָפּ, און ס׳זאָל זיך איר אויסדאַכטן, אַז זיי גייען אין אַ שטילן אָוונט אין מיטן גרויס סטעפּן־גאַס.

ער פאָרט אַוועק אויף דער מלחמה און זי בלײַבט.

אויף דער פרילינגדיקער גאַס זײַנען אומבאַמערקט פאַרלאָשן געוואָרן די שאָטנס, פאַרווישט די קאָנטורן פון די שטיבער. אַלץ אַרום האָט אײַנגעהילט אַ פײַכטער, בלויער אָוונטשײַן. אַסיען האָט געכאַפּט אַ ציטער פונעם קילן פאַרנאַכט. די קאַלטע לופט האָט זי אויסגעניכטערט, דערמאָנענדיק, אַז באַלד וועט זיך שוין אַלץ ענדיקן.

— אַסינקע, שוין צײַט צו געבן זויגן...

די ווערטער, וואָס שלום האָט געזאָגט שטיל און ווייך, האָבן זיך איר אויסגעדאַכט האַרב און אומברחמנותדיק, און זי האָט זיך מיט אַ מאָל דערפילט הילפלאָז אין אָנבליק פון זײַן שטרענגער אַנטשלאָסנקייט. זיי זײַנען געשטאַנען נעבן שטוב, און אַסיע האָט געוואָלט נאָך אַ מאָל זיך דורכגיין ביז צום וואָקזאַל, ס׳איז דאָך ניט אַזוי ווײַט. אָבער שלום האָט ווידער ווייך, אָבער אַנטשלאָסן אַ זאָג געטאָן:

— נו, שוין. קום זיך געזעגענען.

אויף אַ רגע איז זי אַנטרונען געוואָרן אין זײַנע אָרעמס, אָבער ווען זי האָט אַ קוק געטאָן אין זײַנע אויגן, האָט זי דערזען אין זיי אומגעדולד — ער איז שוין געווען ווײַט פון איר. דערשפּירנדיק, ווײַזט אויס, וועגן וואָס זי קלערט, האָט שלום ווידער אַסיען געכאַפּט אין די אָרעמס, גענומען זי קושן הייס אין די אויגן, אין די האָר, אין די ליפּן, און דער בליק זײַנער האָט זיך ווידער פאַרנעפּלט. מער האָט עס ניט געקענט דויערן, און ער האָט געזאָגט: ״נו, גיי״, און זי איז אַרויפגעלאָפן אויף די טרעפּ, ניט אומקוקנדיק זיך. זי האָט שטאַרק אָנגעדריקט דאָס גלעקל און נאָר זיך אָפּגעשטעלט אַ ווײַלע, האָרכנדיק, טאָמער דערהערט זי הינטער זיך זײַנע טריט. ס׳איז געווען שטיל.

אַליקן האָט מען שוין אָנגעקאָרמעט פון פלעשעלע, נאָר ער האָט זיך,

ווײַזט אויס, ניט אָנגעגעסן און געשריִען. זי האָט אים צוגעלייגט צו דער ברוסט.

אַסיען האָט ביטער פאַרדראָסן, וואָס זי האָט ניט באַגלייט שלומען ווי ס׳באַדאַרף צו זײַן, ווי מען באַגלייט אַ מאַן צום פראָנט. באַלד וועט זי דערקאָרמענען דעם קליינעם און אַוועקלויפן אויפן וואָקזאַל — טאָמער איז נאָך דער עשאַלאָן ניט אָפּגעפאָרן. זי האָט געפּרוּווט אַוועקנעמען בײַם קינד די ברוסט, אַליק האָט זיך שוין געגרייט צו שרײַען, אָבער ער האָט זיך צו דער צײַט געכאַפּט, אַז מע דאַרף ניט אָפּרײַסן די ליפּן און ווײַטער שטאַרק געזויגן, קוקנדיק בייז אויף דער מאַמען.

אַסיע האָט שטיל געוויינט. די טרערן האָבן זיך אַראָפּגעקײַקלט פון פּנים אויף דער ברוסט, און פון ברוסט אַליקן אין מײַלכל אַרײַן. זי האָט געוויינט פון פאַרדראָס, אַז איצט, אָדער באַלד, אין אַ מינוט אַרום, פאָרט שלום אַוועק, און אַליק לאָזט זי ניט אָפּ, כאָטש קיין מילך איז שוין געוויס לאַנג ניטאָ. ער לאָזט ניט אָפּ, ווײַל ער עסט זיך קיין מאָל ניט אָן. בײַ דעם געדאַנק האָט איר אַרומגעכאַפּט אַ רחמנות אויפן קינד, זי האָט פאַראיבל געקראָגן אויף זיך אַליין, וואָס זי פלעגט זיך בייזערן אויף אַליקן אין די נעכט, הלמאי ער הערט ניט אויף צו שרײַען. זי האָט אַ לאַנגע צײַט ניט פאַרשטאַנען, אַז שרײַען שרײַט ער פון הונגער. איצט האָט שוין אַסיע גענומען שפּירן, ווי שטאַרק זי האָט ליב דעם קליינעם און ווי אומדערטרעגלעך שווער איר וואָלט געווען אים איבערצולאָזן, אויב די מאַמע וואָלט זי אַפילו אָפּגעלאָזן אויפן פראָנט. זי האָט זיך דערמאָנט, וואָס פאַראַ ער איז געווען, ווען ער איז געבוירן געוואָרן — אַ געקנייטשט פּנימל פון אַן אַלטן פילאָסאָף, דאָס קעפּל אויסגעצויגן ווי אַן אוגערקע, טונקל־געלע הערעלעך בײַ די שלייפן ווי באַקנבערדלעך און לאַנגע שטאַרקע פינגערלעך מיט שיינע נעגל. מיט חידוש און פאַרדראָס האָט אַסיע דאַן באַמערקט, אַז זי פילט לגבי דעם קינד ניט דאָס, וואָס זי האָט דערוואַרט צו פילן. ער איז איר אויסגעקומען מאָדנע, אַ ביסל פרעמדלעך, ניט אַזוי אייגן, ווי דעמאָלט, ווען ער האָט געלעבט אין איר מוטערטראַכט. ווען מען האָט אים געבראַכט אָנצוזויגן, איז זי געוואָרן צעטומלט, מורא געהאַט זיך צוצורוקן, כדי אים ניט צעקוועטשן, געפּערלעך זיך דערנערווירט, וואָס דאָס קעפּל זײַנס איז אַזוי לענגלעך. דאָס מוטער־געפיל האָט זיך געשטאַרקט בהדרגה. איצט, דערמאָנענדיק זיך דאָס אַלץ,

האָט זי זיך געוווּנדערט. ס'האָט זיך איר ניט געגלויבט, אַז דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען מיט איר.

אַליק איז אומבאַמערקט אײַנגעשלאָפן און האָט אַרויסגעלאָזן די ברוסט.

...אַסיע איז אַוועקגעלאָפן צום וואָקזאַל, אין גאַס איז געווען פינצטער און פּוסט, קיין לעבעדיקער נפש אַרום. דאָרט, ווו ס'האָט געדאַרפט שטיין שלומס עשאַלאָן, איז איצט געשטאַנען אַן אַנדער צוג. זי האָט דורכגעזוכט אַלע פּלאַטפאָרמעס, געגאַנגען לענג־אויס פאַרשיידענע צוגן, ביז עמעץ האָט זי פונעם חושך אַ רוף געטאָן:

— וועמען זוכסטו, מיידלקע? אפשר וועל איך טויגן?

זי האָט זיך דערשראָקן, אַוועקגעלאָפן צוריק, ראַטעווענדיק זיך אין דער פינצטערניש פון מענטשנס אויגן, ווײַל מער האָט זי שוין ניט געקענט צוימען די טרערן. זי האָט געוויינט, ווײַל זי האָט שלומען טאַקע ניט באַגלייט צו דער באַן, און ווײַל דאָס מאָל, ווי אַלע מאָל -- צי ער איז געווען גערעכט, צי ניט — האָט זי זיך אונטערגעגעבן זײַן שטאַרקן ווילן און געטאָן אַזוי ווי ער האָט געהייסן. גראָד אָט דער געדאַנק האָט זי איצט געעקבערט, ווי דאָס וואָלט געווען דאָס סאַמע וויכטיקסטע.

זי האָט ניט באַמערקט, ווי דורכלויפנדיק די זעלבע גאַס, אויף וועלכער זיי זײַנען ביידע געגאַנגען אַרומגענומען, האָט זי זיך צוריקגעקערט אַהיים.

אין שטוב איז געווען שטיל און פינצטער. זי איז פאָרזיכטיק אַדורך דעם קאָרידאָר, דעם דורכגאַנגס־צימער, אין וועלכן הינטער אַ שירמע, אין ווינקל, איז איצט געשלאָפן דער טאַטע, און איז אַרײַן אין זייער צימערל.

— אַסיע, דו? ס'ט באַגלייט?

— יאָ, מאַמעניו, שלאָף.

וואַרפנדיק אַ בליק אויפן זון, האָט זיך אַסיע אויסגעטאָן און אַוועקגעלייגט, לאַנג נאָך צוהערנדיק זיך צו יעדן גערויש הינטער דער וואַנט, אויף די טרעפּ. זי האָט נאָך אַלץ געהאָפט, אַז אפשר איז דער עשאַלאָן ניט אָפּגעפאָרן, און דאַן וואָלט נאָך שלום אַרײַנגעגאַנגען אַ ווײַלע אַהיים.

שלום איז ניט געקומען.



אַלע חברה זײַנען געפאָרן אויפן פראָנט; אייניקע פלעגן דורכפאָרן

קוּיבּישעוו. דאַן פלעגן זיי אַרײַנקומען צו אַסיען. זיי פלעגן אַרײַנלויפן אין שטוב טומלדיקע, פאַררויטלטע, אין וואַטניקעס און וואַטענע הויזן, פריילעכע, ווי זיי וואָלטן פאָרן ניט אויף דער מלחמה, נאָר אויף עפּעס אַן אינטערעסאַנטן נײַעם אויספלוג. זיי האָבן אַלע שוין לאַנג איבערגעלאָזן זייערע היימען, געשיידט זיך מיט די נאָענסטע, אַוועק מיטן איינציקן געדאַנק — קעמפן! ס'האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז טרעפן צום פראָנט איז ניט אַזוי פּשוט. ס'זײַנען אַריבער לאַנגע חדשים, פול מיט בענקשאַפט און עלנט, בעת וועלכע זיי האָבן זיך געסטאַרעט, כלאָפּאָטשעט, אָפּגעשלאָגן די שוועלן פון וואָיענקאָמאַטן. און אָט פאָרן זיי ענדלעך אַהין וווהין יעדער האָט געשטרעבט פון אָנהייב אָן. זיי האָבן שוין איבערגעלעבט צעשיידונגען, איצט וואַרטן זיי מיט אומגעדולד אויף באַגעגענישן: מען נעמט זיי דאָך צונויף אין דער ליטווישער דיוויזיע און זיי פאָרן אַהין, אין דעם אָנגעוויזענעם אָרט, ווי זיי וואָלטן געפאָרן אַהיים, קיין ליטע. איז אָט, אונטערוועגס, ביז די באַן גייט אַוועק, פלעגן זיי אויף אַ ווײַלע אַרײַנלויפן צו אַסיען, און טאַקע דאָ אַ מאָל זיך באַגעגענען.

— מאַמע, איך וועל אויך גיין אויפן פראָנט...

— ווּ וועסטו גיין, דו האָסט דאָך אַ פּיצל קינד.

— איך קען ניט אײַנזיצן, אַלע גייען קעמפן. זעסט דאָך, איך האָב גאָר ווייניק מילך, מיר קאָרמענען דאָך שוין לאַנג אַליקן פון פלעשעלע.

— דו וועסט אים געבן די ברוסט ביזן לעצטן טראָפּן, טאָכטער מײַנע. דו ווייסט דאָך — מען מוז. אין אַזעלכע באַדינגונגען.

— מאַמעלע...

— דו האָסט אַליין אויסגעקליבן, ווי צו לעבן. איך האָב זיך ניט געמישט. האָסט געבוירן, טאָ האָדעווע.

...ניין דער דאָזיקער שמועס איז ניט פאָרגעקומען, אַסיע וואָלט אין לעבן ניט געוואַגט אים אָנצוהייבן. זי האָט פון פאָרויס געוווסט, וואָס די מאַמע וועט זאָגן. זי פלעגט נאָר קוקן אויף דער מאַמען מיט אַ שטומער, אומעטיקער בקשה אין די אויגן, און דאַן פלעגט די מאַמע אָפּקערן דעם קאָפּ און נעמען האַסטיקער זיך אַרומטאָן אין שטוב, אײַנהאַלטנדיק דעם זיפץ, ער זאָל זיך בײַ איר ניט אַרויסרײַסן.

חברה פלעגן נײַגעריק קוקן אויף אַליקן, פאָרזיכטיק אָנרירן אים, גלעטן

אַ הענטל און וווּנדערן זיך: ווער — אַז ער איז אַזאַ גרויסער, און ווער — אַז ער איז אַזאַ קלענינקער. זיי פלעגן פרעגן, וועגן וואָס ער קלערט אַזוי פּאַרטיפט, און פאַר וואָס איז ביי אים דער קאָפּ ווי אַן אוגערקע. זיי פלעגן איבערשרייען איינער דעם אַנדערן, אַז אייגעלעך האָט ער קלוגע, שיינע, בייזע (פונקט ווי ביי שלומען). זיי פלעגן קלאַפּן אַסיען איבערן אַקסל (ביסט אַ כוואַט!) און פלעגן זיך אַלע פרייען מיט דעם "קאַמיוגישן ערשטלינג", ווי זיין קומען אויף דער וועלט וואָלט געווען זייער אייגענע וויכטיקע דערגרייכונג. און ווען, געזעגענענדיק זיך, פלעגן זיי באַמערקן דעם אומעט אין אַסיעס בליק, פלעגן זיי זאָגן:

— נודזיע ניט, זיך אויף אַן אָרט, האָדעווע אַליקן — אונדזער צוקונפטיקן דור. אָדער: — זאָל ביי אונדז זיין כאָטש איין היים אין הינטערלאַנד. ס'זאָל זיין וווּהין צו שיקן אַ בריוו פון פראָנט.

פאַרביייפאָרן פלעגן יינגלעך און מיידלעך, און אַסיע האָט טיף אין האַרצן געהאָפט, אַז אין איין שיינעם פרימאָרגן וועט זיך אויף דער שוועל באַווייזן וויטע.

קיינער האָט וועגן איר גאָרניט געוווּסט.

שלום איז אַוועק אויפן פראָנט, און אַלע חברה זיינען אַוועק.

אַסיע איז געבליבן. זי האָט אַ קינד.

ס'דוכט זיך איר, אַז זי איז איינע אויף דער וועלט.

זי דאַרף דאָך זיין דאָרט ווו אַלע. דאָרט, ווו שלום איז.

קיין מילך אין ברוסט איז כמעט ניטאָ, אָבער זי האָט ניט אויפגעהערט אַליקן צו געבן זויגן. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די היצן, און דער קליינער האָט געגומען קרענקען.

אַסיע האָט נאָך ניט געקענט אַרבעטן, געאַרבעט האָט די מאַמע, געאַרבעט מיט חשק און איבערגעגעבנקייט. צענדליקער יאָרן האָט זי געטרוימט צו אַרבעטן. פריער, ביי דער אַלטער מאַכט אין ווילנע, האָבנדיק אַ מאַן אַ פאַרדינער, ניט געקענט קריגן קיין שטעלע.

רוטע איז אויך אַוועק אויף דער מלחמה, נאָך פריער פון שלומען. שלום האָט איר געהאָלפן זיך מאָביליזירן. און כאָטש רוטע האָט געהאַט אַ גאָר שלעכטע ריאה, מינוס אַכט, האָט מען זי גענומען, ווייל זי איז אַ דאָקטער. דערנאָך האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין דיוויזיע פעלן ניט קיין דאָקטוירים,

און מען האָט זי אָפּגעשיקט אין אַן אַנדער איינהייט. איצט האָט מען שוין געוואַרט אויף בריוו פון איר, און די מאַמע פלעגט ביי יעדן קלונג לויפן צו דער טיר. אַסיע האָט געזען די טענה אין דער מאַמעס אויגן: הלמאי האָט שלום רוטען אַוועקגעשיקט אין אַרמיי. אָבער רוטע האָט דאָך אַליין געוואָלט! מיט וואָס פאַר אַ שמחה האָט זי מיטגעטיילט, אַז מען שיקט זי אויף קורסן פון פעלדכירורגן!

צו אַלע צרות איז נאָך דער טאַטע קראַנק געוואָרן: געגומען צאַנקען ווי אַ ליכט. אין איין וואָך האָט ער פאַרלאָרן פיר קילאָ וואָג, אויף די הענט האָבן זיך ביי אים באַוויזן ברוינלעכע פלעקן, אין מויל — אַ טעם פון מעטאַל. ער איז געלעגן אויף דער פלייצע, געטאַפּט מיט אַ פינגער די פלעקן און געקלערט וועגן דעם עקלדיקן טעם אין מויל, פון וועלכן ער האָט ניט געקענט פטור ווערן.

פריער האָט ער כסדר געערדט וועגן ווילנע, וועגן זיינע צאָלרייכע פּאַציענטן, די קינדער און קינדס־קינדער, וועלכע ער האָט "אויסגעהאָדעוועט" — קינדער פון אַ האַלבער שטאָט יידישע אָרעמע־לייט. איצט האָט אים קיין זאַך ניט אינטערעסירט, קיין זאַך ניט געפרייט, ער פלעגט ליגן אַן אומעטיקער און שעהענווייז שווייגן. אַסיען האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ער איז קראַנק געוואָרן פון בענקשאַפט, כאָטש דאָקטוירים האָבן דערקלערט, אַז דער אומעט זיינער איז פונעם אַוויטאַמינאָז.

## בריוו

"וויטע, טייערע, ווו ביסטו? דו האָסט זיך מיר געחלומט, און איך קען ניט ביישטיין דעם פאַרלאַנג אָנצושרייבן דיר אַ בריוו. איך ווייס, עס איז זינלאָז, וווהין וועל איך אים שיקן, אָבער איך מוז זיך מיט דיר דורכריידן, פאַרשטייסט...

שלום איז אַוועק אין אַרמיי, אַלע אונדזערע חברה פאָרן אין דיוויזיע. איך בין געבליבן מיטן קינד. און אַ געפיל פון איינזאַמקייט נאָגט מיר אויס די נשמה. "זינדיק ניט, טאָכטער מיינע" — וואָלט געזאָגט מיין טאַטע. איצט

רעדט ער גאָרניט, ער איז קראַנק, און ס'איז אַרויפגעפאַלן אויף אים אַ מרה־שחורה.

מען טאָר טאַקע ניט זינדיקן, איך בין מיט די עלטערן, מיט דער משפּחה. מיט אַ יאָר צוריק, ווען אַלע מײַנע זײַנען געבליבן אין שטאָט, און איך בין אַרויסגעפאָרן און אונטערוועגס פאַרלאָרן שלומען, בין איך טאַקע געווען אין פולן זין פון וואָרט איינינקער אַליין אויף דער גאַנצער וועלט, עלנט ווי אַ שטיין. אָבער אין מיר האָט שוין געלעבט מײַן קליינער, און דאָס האָט מיך אויפגעהאַלטן בײַם לעבן. דאַן, מיט אַ יאָר צוריק, האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז אויב איך וועל געפינען מײַנע נאָענטע, וועל איך שוין קיין מאָל ניט פילן קיין עלנט. און אָט מאַטערט מיך ווידער דאָס געפיל פון איינזאַמקייט. אַלע זײַנען אַוועק קעמפן און איך זיץ אין דער היים. אפילו גיין אַרבעטן קען איך ניט — דאָס קינד איז קליין און שלאַף, און די מאַמע אַרבעט. זי איז אַ מעדיקער, אַ קראַנקן־שוועסטער, און וואָס בין איך? גאָרניט. זי איז נייטיקער פון מיר, זי קען מער אויפטאָן.

אַן איבעריקער מענטש... אָט אַזאַ געדאַנק קומט מיר יעדעס מאָל אויפן זינען.

רוטע איז אויך אַוועק אויפן פראָנט. ווען ס'איז לאַנג פון איר ניטאָ קיין בריוו, האָב איך מורא דער מאַמען אַ קוק צו טאָן אין די אויגן. זי סטאַרעט זיך אויך ניט צו באַגעגענען מיט מײַן בליק. זי קערט זיך אָפּ, איך זאָל ניט אַרויסלייענען פון אירע אויגן דעם אומרו אירן און דעם פאָרוווּרף, וועלכן זי איז ניט בכוח צו פאַרבאָרגן. מאַטערן מיך וויל זי דאָך ניט, איך בין אַ סאָלדאַטקע, און דער טאַטע...

אָט אַזוי זײַנען מיר אַלע עלנט — יעדער מיט זײַן ביטערניש, מיט זײַנע אומעטיקע געדאַנקען, כאָטש מיר זײַנען אַלע צוזאַמען. בלויז די קליינע לילקע זאָרגט זיך וועגן אַלעמען: וועגן שלומען, אַז ער איז אַ פּאַמעלעך, און אויפן פראָנט דאַרף מען זײַן פלינק; וועגן רוטען — אַז זי האָט ניט מיטגענומען קיין צווייטע פּאָר ברילן, איז וואָס וועט זײַן, טאָמער די וועלן זיך צעברעכן; וועגן מיר — אַז אַליק לאָזט מיר קיין מאָל זיך ניט אויסשלאָפן; וועגן קראַנקן טאַטן.

אין אָט דער נאָגנדיקער איינזאַמקייט האָט זיך מיר מיט אַ מאָל אַזוי פאַרוואָלט זען דיך... קיינער קען ניט אויסהאָרכן אַ צווייטן אַזוי ווי דו. איצט

דערמאָן איך זיך: מיר זיצן, איך רייד, און דו האָרכסט, גלעטנדיק מײַן האַנט. דו רײַסט ניט איבער, דו שטערסט ניט, דו זיצסט שטיל און האָרכסט, כדי מיר זאָל ווערן לײַכטער. ווען איז עס געווען? דאַן, ווען באָרע איז געשטאָרבן... דאַן, ווען איך בין אַרויס פון טורמע און דו ביסט געווען די איינציקע, וואָס פלעגט בסוד פון די עלטערן צו מיר קומען צו לויפן. אַזוי איז געווען שטענדיק. שטענדיק, ביז מיר האָבן זיך ניט געטראָפן מיט שלומען...

איך וויל זיך ניט דערמאָנען די פינצטערע מינוטן פון אומזיסטן חשד, פון אייפערזוכט און וואַקלענישן, מינוטן וואָס האָבן דיך פון מיר דערווײַטערט.

וויטקע, טײַערע, ווּ ביסטו און וואָס איז מיט דיר?

פּ.ס. חנה לעבט. עמעץ פון די חברה האָט זי געטראָפן, זי וווינט, ווי איך, ערגעץ בײַ דער וואָלגע, נאָר ווּ גענוי, ווייס איך נאָך ניט".

וואָס שרײַב איך? וווהין?

אַסיע האָט צוגעפגעלייגט דעם בריוו, באַהאַלטן אים אין טשעמאָדאַן. טאָמער...

די באַדערפעניש צו ריידן מיט וויטען אַזוי ווי אַ מאָל, אַלע יאָרן פון זייער פרײַנדשאַפט, פלעגט זיך ווידער אין איר דערוועקן. שרײַבן בריוו איז געווען זינלאָז און ווייטיקדיק.

אַ טאָגבוך!

דער געדאַנק האָט זי דערפרייט: ווי נאָר ס'וועט ווערן שווער אויפן האַרצן, וועט זי שרײַבן, ווי זי וואָלט גערעדט מיט וויטען. און נאָך דעם, טאָמער וועלן זיי זיך נאָך טרעפן בײַם לעבן — זיי מוזן זיך טרעפן! — וועט זי עס איר געבן איבערלייענען.

**פונעם טאָגבוך**

"הונגער... ווער פון אונדז האָט פריער געוווּסט, וואָס דאָס איז אַזוינס? איצט נעמט אַרום אַן אימה בײַם געדאַנק, אין וואָס דער הונגער קען פאַרוואַנדלען אַ מענטשן... איין מאָל האָב איך זיך אַליין געכאַפּט דערבײַ, אַז איך קוק מיט חשד אויף דער מאַמעס הענט: צי זי טיילט גלײַך דאָס שטיקל ברויט פאַר דער משפּחה, געבנדיק יעדערן זײַן חלק.

און דער פּאַל מיט דער מוטערמילך... איך וועל עס קיין מאָל ניט פֿאַרגעסן. געווען איז עס ווינטער, אין די קנאַקנדיקע פֿרעסט. איך האָב אָנגעטאָן מײַן אַלטן זומער־מאַנטל, אין וועלכן כ'בין אַרויס פֿון דער היים, אַרומגעבונדן זיך מיט דער באַלעבאָסטעס פֿאַטשיילע און אַוועק נאָך פֿרויענמילך פֿאַר אַליקן. דער דאָקטער האָט עס אונדז אויסגעשריבן. די מילכקיך איז ווײַט, דער וועג — אַ גליטשיקער. איך גיי צוריק מיטן אוצר אינעם פֿלעשעלע, איך שטעל עס ניט אַרײַן אין קעשענע, איך האַלט עס אין האַנט — טאָמער פֿאַל איך, זאָל זיך די מילך ניט צעגיסן. די הענט ווערן פֿאַרגליווערט, איך בײַט זיי. דער ווינט יאָגט מיך אונטער און דרינגט דורך ביזן אינגעווייד, נאָר איך גיי פֿאָרזיכטיק און פּאַמעלעך, ניט צו פֿאַלן. איך בין אָבער טאַקע געפֿאַלן און צעגאָסן די מילך...

...נעכטן איז די באַלעבאָסטע ראַיסאַ וואַסיליעוונאַ אַרײַן אין דורכגאַנגס־צימער, ווו ס'שפּילן זיך געוויינטלעך די קינדער פֿון דער גאַנצער דירה. זי האָט געגעבן אירע אייניקלעך, די יתומים, אירינקען און דימען צו אַ דין שטיקל ברויט, באַשאָטן מיט מעלצוקער. נאָך דעם איז זי וואַקלענדיק זיך, געשטאַנען אַ ווײַלע, אַוועק צו זיך, אָפּגעשניטן נאָך אַ פּײַדקע ברויט, באַשאָטן מיט צוקער און געגעבן דער שכנטעס ייִנגל, וואָס איז אַרײַן זיך שפּילן מיט אירע אייניקלעך. אירינקע האָט זשעדנע געקוקט, ווי דאָס ייִנגל קײַט זייער ברויט, קיין אויג ניט אַראָפּגעלאָזט פֿון אים, און דימע, דער עלטערער, מיט טרערן אין די אויגן, האָט זיך געמאַכט ניט זעענדיק, אָפּגעקערט דעם קאָפּ. זיי ביידע האָבן שוין זייערס אויפֿגעגעסן.

דער שכנטעס ייִנגל האָט געגעסן פֿריילעך, ניט געאײַלט, באַווײַזן עסנדיק עפּעס צו דערציילן, און דערנאָך אַוועק צו זיך און אומגעקערט זיך מיט אַ גרויסער לאַטקע אין האַנט. אירינקע האָט געבעטן:

— גיב אַ ביס טאָן.

— כ'וועל ניט געבן.

— אונדזער ברויט האָסטו געגעסן!

דאָס מיידעלע האָט לאַנג געוויינט פֿון פֿאַרדראָס, און דימע האָט דעם גאַנצן טאָג געשוויגן, וואַרפֿנדיק אויף דער באָבען בייזע בליקן. דער שכנטעס ייִנגל איז ביז אין אָוונט ניט אַרײַן אין דורכגאַנגס־צימער.



אַסיע האָט מיט נחת און חידוש זיך צוגעקוקט, ווי ליגנדיק אויפן בײַכל, הייבט איר קליינער אויף דאָס קעפל און לאַכט אויף אַ קול. דאָס קעפל האָט זיך שוין כמעט אויסגעגלײַכט, געוואָרן רונד, און אַליק — וואָס ווײַטער — פריילעכער און שענער. ליגנדיק אויפן בײַכל פלעגט ער זיך שוין אָנשפּאַרן אין די הענטלעך און דערלאַנגען אַ הייב זיך אַזוי, ווי ער וואָלט זיך געקליבן באַלד אויפשטיין און גיין.

אָבער זומער אין די גרויסע היצן איז מיט אים עפּעס געשען. ער האָט טאָג און נאַכט געוויינט, געדריגעט מיט די פיסלעך, צײַטנווײַז געשריִען ניט מיט זײַן קול.

אַסיעס פאָטער איז געלעגן אָפּגעשוואַכט פון דער קראַנקייט, גלײַכגילטיק צו אַלץ אין דער וועלט. — ער האָט קראַמפן, מען דאַרף אים אונטערזוכן — האָט ער נאָר געזאָגט. — "גיי מיט אים צום דאָקטער, טאָכטער מײַנע. זעסט דאָך, איך בין קיין דאָקטער ניט, איך בין אפילו קיין מענטש ניט..."

אַליק האָט געקוקט אויף דער מוטער מיט טרויעריקע אויגן, ער איז געלעגן בלאַס, אָפּגעצערט, קלענער, ווי געוועזן, און געקוקט אויף אַסיען אַזוי, ווי ער וואָלט וויסן עפּעס, וואָס זי ווייסט ניט. ער פלעגט לאַנג קרעכצן און יענטשען ווי אַ זקן, אײַנשלאָפן אַ ווײַלע און מיט אַ מאָל זיך אויפרײַסן מיט אַ געשריי. אַסיע פלעגט אים שעהענווײַז האַלטן בײַ דער ברוסט, ער פלעגט שוואַך זייגן, קיין זאַך ניט אויסזייגן, שטיל וויינען.

ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז קראַנק אויף דיזענטעריע.

אין שפּיטאָל האָט מען זיי אָנגענומען צוזאַמען. איין גליק, וואָס אַסיע האָט נאָך געגעבן צו זייגן, אַניט וואָלט מען זיי צעשיידט.

דאָ האָט מען אים אָנגעהויבן היילן מיט אַ נייער וווּנדערלעכער רפואה — סולפידין. סולפידין איז געווען אַ יקר המציאות, מען האָט עס געדאַרפט פאַרן פראָנט, אָבער פאַר קינדער פלעגט מען עס געבן.

**פונעם טאָגבוך**

"ווען מיר האָבן זיך אומגעקערט אַהיים, האָט אונדזער באַלעבאָס, דער

דאָקטער גורעוויטש, מיר געגעבן נאָך אַ ביסל סולפידין פאַרן קינד. די מאַמע האָט געזאָגט, אַז אַ טייל רפואות, וואָס אַליק האָט באַקומען אין שפּיטאָל, האָבן אויך געבראַכט מענטשן: אַלע אין שטוב האָבן מיטגעפילט, געזוכט צו קריגן טאַבלעטקעס. און דאָס אין אַ צײַט, ווען נויט און זאָרג פעלן קיינעם ניט!

איך האָב געמיינט, אַז צרות און לײַדן מאַכן דעם מענטשן עגאָיִסטיש, פאַרגרעבן, פאַרגליווערן זײַן האַרץ. איך האָב געהאַט אַ טעות. ס׳דאַרף זיך נאָר געפינען איינער וואָס פילט מיט, ווי מענטשן פאָלגן שוין נאָך זײַן בײַשפּיל. קיינער וויל ניט זײַן ערגער פון אַנדערע. אונדזערע אַלטע באַלעבאַטים זײַנען אַ באַזונדער סאָרט מענטשן, ניטאָ גאָר אַזעלכע. זיי זײַנען אַליין אָרעם, ניט פּראַקטיש, אפשר אפילו ניט באַלעבאַטיש, אָבער דאָס זײַנען אין פולן זין פון וואָרט מענטשן!

דער טאַטע, גאָט צו דאַנקען, קומט שוין אויף צו זיך. ערשטנס, זײַנען שוין דאָ פרישע גרינסן, צווייטנס האָט ער אָנגעהויבן צו אַרבעטן. איך מיין, אַז דאָס איז טאַקע דער בעסטער וויטאַמין.



אַליק איז נאָך אַלץ געשלאָפן, אַסיע האָט אים אײַנגעדעקט און לאַנג געקוקט אויף אים, אויף זײַנע בעקלעך, וואָס זײַנען געוואָרן אַ ביסל רונדער און ראָזער, אויף זײַנע גלאַטע געלבלעך־ברוינע הערעלעך, וואָס זײַנען לענגער געוואָרן זינט דער קראַנקייט און האָבן זיך איצט, נאַס פון שוויס, צוגעקלעפּט צום שטערנדל. זי האָט געוווסט, אַז צוליב אַן עין־הרע איז ניט גוט צו קוקן לאַנג אויף אַ שלאָפנדיק קינד, אָבער געוואָלט זיך נאָך אַ מאָל איבערצײַגן, צי ער שלאָפט שטאַרק, צי ער וועט זיך ניט אויפכאַפּן מיט אַ געשריי און ניט צודריקן אין קראַמף די פיסעלעך צום בײַכל. די נאַכט איז ער געשלאָפן גוט, דאָס ערשטע מאָל זינט אַ גאַנצן חודש, און אַסיע האָט זיך אויך געקענט אויסשלאָפן.

זי איז אַוועק וואַשן די ווינדעלעך און מאַכן אַליקן עפּעס צום עסן — ער וועט זיך, ווי געוויינטלעך, אויפכאַפּן מיט אַ געשריי, הונגעריק און גרייט צו פאָדערן דאָס זײַניקע.

ווען אַסיע האָט זיך אומגעקערט אין צימער, האָט זי געפונען אַליקן בײַ דער מאַמען אין בעט — אַ רײנינקן, אַ שמײכלענדיקן, מיטן אײַנציקן צאָן אין מויל. ער האָט גיך געבאָלבעט דאָס אײַנציקע וואָרט, וואָס ער האָט געקענט — נאַדן — נאַדן — נאַדן — נאַדן, וואָס האָט באַטײַט, אַז מע דאַרף אים עפּעס געבן.

ווי נאָר אַלע זײַנען אַוועק, און אַליק האָט זיך רויִק געשפּילט אין בעטל, האָט אַסיע אַרויסגענומען איר העפט מיטן טאָגבוך און שלומס בריוו, וועלכע זי פלעגט נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל לײענען יעדע פרײַע מינוט.

דאַן, ווען שלום איז אַוועק, האָט ער געזאָגט:

— איך האָב קײן מאָל קײן בריוו ניט געשריבן. וועל איך שוין דיר אויך, אַסינקע, ניט שרײַבן אָפט, נאָר פון צײַט צו צײַט, זאָלסט וויסן אַוווּ איך בין.

אינעם ערשטן בריוו האָט ער ווידער איבערגעחזרט: "אפשר וועלן מײַנע בריוו זײַן קורץ און טרוקן, זאָלסטו זיך ניט קלעמען און ניט האָבן אויף מיר קײן פאַראיבל. איך בין קײן שרײַבער ניט. איך וועל דיר מיטטײלן דאָס וויכטיקסטע, אויף וויפל דאָס וועט זײַן מעגלעך, וועגן דער אַרבעט, וועגן דעם, ווי מיר גרײטן זיך צום קאַמף, דו זאָלסט האָבן אַן אָנונג".

און דאָך האָט זי, אַרויסשיקנדיק יעדן טאָג אַ בריוו, צוגעוווינט אים צו שרײַבן עפּטער און גענויער. ער האָט שוין געמוזט ענטפערן, כאָטש אײן בריוו אויף דרײַ, אַ ברירה האָט ער געהאַט. און זײַנע בריוו זײַנען געוואָרן אַנדערע.

### פון טאָגבוך

נעכטן, ווען איך האָב זיך אַוועקגעזעצט שרײַבן שלומען, האָט דער טאַטע געפרעגט, וועגן וואָס קען מען שרײַבן יעדן טאָג. און טאַקע וועגן וואָס? אין מײַן לעבן קומט דאָך גאָרניט פאָר. אָבער אַז מען שרײַבט יעדן טאָג, איז אַלץ וויכטיק, יעדע קלײניקײט. נאָענטע מענטשן רײדן צווישן זיך כסדר, און שטענדיק איז פאַראַן וועגן וואָס צו רײדן.

מיט שלומען האָבן מיר גאָר ווייניק גערעדט אין אונדזער לעבן, ער איז שטענדיק געווען פאַרנומען און ניט געהאַט קײן צײַט אויף קײן שמועסן. און בכלל איז ער ניט פון די רײדעוודיקע. אפשר מיט וועמען אַנדערש האָט ער

גערעדט מער, מיך האָט ער דערמיט ניט געבאַלעוועט... ס׳איז דאָך אַ פּאַראַדאָקס — ס׳האָט געדאַרפט אויסברעכן די מלחמה, מיר האָבן זיך געדאַרפט שיידן, כדי איך זאָל אים אָנהייבן בעסער פאַרשטיין... די בריוו, דווקא די בריוו, וועלכע ער האָט געזאָלט ניט שרײַבן אָדער שרײַבן קורץ און זעלטן, האָבן מיר אָנגעהויבן צו אַנטפּלעקן דעם אמתן שלום.

אָט וואָס ער שרײַבט:

"...איך וווין אין אַ געדיכטן סאָסנאָוון וואַלד, בײַ אַ קליינעם, טיפן טײַכל. אויף יענעם ברעג וואַקסן קוסטעס, אין אָוונט רוישן בלעטער, און אַ ריינע קײַלעכדיקע לבנה שפּיגלט זיך אָפּ אין וואַסער. איך אָטעם אַרײַן די פרישקייט, די שטילקייט, און קוויק זיך מיט דער פּראַכט, איידער ס׳וועלן זיך אָנהייבן די קאַמפן".

"...נעכטן בין איך געגאַנגען לענגאויס דער וואָלגע, געקוקט אויף איר פון אַ שפּיץ בערגל. זי פליסט אַ רויִקע, אַ רחבותדיקע. איך האָב געקוקט אויף שיפן אין דער ווײַט און געקלערט: אפשר ביסטו אויף איינער פון זיי?"

"...ס׳האָט גערעגנט, די לופט איז ריינער געוואָרן, אין וואַלד איז שטיל, די נאַכטיגאַלן זינגען שוין ניט; — שרײַבט ער אין אַ צווייטן בריוו — איך קוק אויף דער שיינקייט און ס׳ווילט זיך מיר, דו זאָלסט עס אַלץ זען..."

"...אויפן טיש בײַ מיר שטייט אַ בוקעט פעלדבלומען. יעדעס מאָל, וואָס איך זע זיי, קלער איך וועגן דיר — דו האָסט דאָך אַזוי ליב בלומען..."

"...דו האַלטסט מיך פאַר אַ טרוקענעם און קאַלטן, און איך בין, דוכט זיך, גאָר געוואָרן סענטימענטאַל... איך וווּנדער זיך אַליין, פון וואַנען קומט עס צו מיר?"

איך קוק אויף שלומס פאָטאָגראַפיע — ער, אין דער קינדהייט. ווי קומט זי אַהער? איך האָב זי, דוכט מיר, געטראָגן אין בײַטל צו ווײַזן די חברה, ווי ער האָט קליינערהייט אויסגעזען, און אַזוי איז זי בײַ מיר געבליבן, בעת די מלחמה איז אויסגעבראָכן. איך נעם אַרויס דאָס בילדל און קוק: שלום איז דאָ אַלט אַ יאָר פיר, — אַ יינגעלע מיט ווייכע לאָקן און גרויסע פאַרטראַכטע אויגן. איך האָב אַ סך מאָל געקלערט: צי איז עס מעגלעך, אַ מענטש זאָל זיך אַזוי ענדערן? אָדער דאָס לעבן האָט פון אים אַרויסגעריסן מיטן וואָרצל דאָס ווייכע און צאַרטע? אָבער איצט — די בריוו...

נאָך איידער שלום איז אַוועקגעפאָרן, פלעג איך אָפט, אויב קיינער איז

דאָרט ניט געווען, אָוונטצײַט אַרויסגיין אין דורכגאַנגס־צימער, אײַנוויגן דאָס קינד — בײַ אונדז אין צימער פלעגט זײַן צו טומלדיק און ליכטיק. שלום פלעגט אַרויסגיין נאָך מיר, צוגיין צו דער אָפענער פאָרטקע אינעם אַנדערן ווינקל, אויסרייכערן אַ פּאַפּיראָס, קוקן אויף מיר מיט אַליקן, ניט אָפּרײַסנדיק דעם בליק. מיך פלעגט עס אויפרודערן, אַליק האָט עס געשפּירט און פלעגט ניט אײַנשלאָפן.

דאַן האָט שלום ניט גערעדט מיט מיר וועגן בלומען,ביימער, רעגן און לבנה. און איך האָב ניט געוווּסט, אַז ער איז פֿעיִק צו ריידן וועגן אַזעלכע זאַכן. און וועגן זיך פלעגט ער זעלטן זאָגן אַ וואָרט. אָבער איצט...

"...איך בין געוואָרן פיל פלינקער. איך רײַט ניט שלעכט, קען שיסן. איך פיל זיך גוט. די גאַנצע צײַט — אויף דער פרישער לופט, אין באַוועגונג" — שרײַבט ער.

"...דו ווייסט, וואָס דאָס איז פּ. ט. ר. — וואָס פאַר אַ מין געווער דאָס איז? איך דין איצט אין אַ קעגן־טאַנקען־איינהייט. פאַרניכטן דעם שונאס טאַנקען — דאָס הייסט טרעפן אים אין סאַמע האַרץ אַרײַן..." "... ס'האָבן זיך פאַרענדיקט צווייטאָגיקע איבונגען, זיי זײַנען אַדורך דערפאָלגרײַך. איך פיל זיך גלענצנדיק. שטאַרקער געוואָרן, טראָג לײַכט אַריבער שוועריקייטן. איך קען זיך נאָר ניט דערוואַרטן, מען זאָל אונדז שוין שיקן אויפן פראָנט..."

קיין מאָל האָב איך ניט געזען בײַ שלומען אַזאַ כוחות־צופלוס, ווי ער וואָלט גאָר יִינגער געוואָרן. איך האָב לאַנג געטראַכט וועגן דער ענדערונג, וועלכע איז פאָרגעקומען אין אים. אַן ענטפער האָב איך באַקומען אין זײַן קומענדיקן בריוו, אין וועלכן ער האָט זיך געטיילט מיט זײַנע אײַנדרוקן פון פילם "דער בחור פון דער טײַגע". ער האָט געשריבן:

...די נאַטור איז דאָרט אַ מעכטיקע, אַ האַרבע, און מענטשן זײַנען דאָרט שטאַרקע, מיט הייסע געפילן. ס'זײַנען מיך באַפאַלן זכרונות, איצט האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז געווען איז עס אין ווײַטן אַמאָל — איך האָב אויך אַזוי שטאַרק געליבט... און פלוצעם — דער טויט, דער אומברחמנותדיקער טויט נעמט בײַ מיר אַוועק סאַרקען. מיט איר איז אַלץ אַוועק פון מײַן לעבן. איך האָב זיך פאַרעלטערט, פאַרגליווערט און אָפּגעטעמפּט געוואָרן. בלויז די אַרבעט און דער קאַמף, דער קאַמף און די אַרבעט האָבן ניט געלאָזן זיך

אונטערגעבן. דער קאָנצענטראַציע־לאַגער, אונטערערד, דערנאָך די באַגעגעניש מיט אײַך, ענדלעך די באַפרײַונג — אָן סאַרעון...

קלערנדיק וועגן מײַן יוגנט, האָב איך זיך דערמאָנט, אַז אפילו אין די פריידיקסטע טעג פון ליבע און גליק פלעגט אונדזער לעבן פאַרסמען די פאַשיסטישע סכנה, וואָס איז געהאַנגען אין דער לופטן און געדראָט דער וועלט: דאָס געפיל, אַז אַ מלחמה איז אומפאַרמײַדלעך.. שפּעטער האָב איך זיך שוין קיין מאָל ניט געקענט אָפּטרייסלען פון דעם דאָזיקן געפיל; געדענקסט, ווי נאָך דער באַפרײַונג האָב איך אײַך געזאָגט: מען דאַרף זײַן גרייט צו אַלץ, אונדז וועט נאָך אויסקומען זיך צו שלאָגן, פאַרטיידיקן אונדזער גליק.

יאָ, איך האָב געוווּסט, אַז איך וועל זיך נאָך שלאָגן, און דאָס האָט געקענט פּאַסירן אין שווערערע אומשטענדן. איצט איז אַלץ פּשוט, איך בין אין דער רויטער אַרמיי, אין דער אַרמיי, וועלכע דעצידירט וועגן דעם גאַנג פון קריג און שאַפט די וועלט־געשיכטע. ווי גוט דאָס איז, אַסיע...״

דער דאָזיקער בריוו האָט מיר פיל דערקלערט. און דאָך, ווען איך טראַכט וועגן דעם גילגול, וואָס איז פאָרגעקומען אין שלומען, קומט מיר אויפן זינען אַ געדאַנק, וועלכן איך יאָג פון זיך, אָבער וועלכער קערט זיך כסדר צוריק: אַז שלומען איז לײַכטער געוואָרן אויך דערפאַר, וואָס ער האָט איצט אונדז — מיך און אַליקן, און ווײַל מיר וואַרטן אויף אים דאָ, אין דער היים.

און אָט איז הײַנט אַ נייער בריוו:

״...אַ לאַנגע צײַט האָב איך ניט געהאַט קיין שום אייגנס, און ס׳האָט זיך געדוכט, אַז ס׳שטייט מיר פאָר נאָר אַרבעט — שווערע, אָבער נייטיקע אַרבעט. איצט האָב איך דערצו מײַן זאָרג וועגן צוויי נפשות, וואָס זײַנען מיר ליב און טייער. און ס׳איז מיר לײַכטער געוואָרן צו לעבן. אַ דאַנק דיר דערפאַר, אַסיע...״

# וואָכעדיק לעבן

ווען אַליק איז געזונט געוואָרן, האָט אים אַסיע אָנגעהויבן טראָגן אין יאַסלע. איצט האָט זי געקענט זיך אַרומזען וועגן אַרבעט און אַ קלער טאָן וועגן לערנען. זי איז אַוועק אַרבעטן אין שול אַלס פּיאָנערן־דערציִערין און איז אָנגעקומען שטודירן עקסטערן אין פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט, אויפֿן פֿרעמדשפּראַכן־פֿאַקולטעט.

די מיטשול איז געווען אַ גרויסע. אויסער אַסיען האָט דאָ געאַרבעט נאָך אַ "וואָזשאַטע". אַסיע פֿלעגט גיין צו איר אויף די פּיאָנערן־פֿאַרזאַמלונגען אין דער דרוזשינע און אין די אָטריאַדן. בײַ גאַליען — אַזוי האָט געהייסן די וואָזשאַטע — האָט אַלץ געקלאַפּט: אָרדענונג, אָרגאַניזירטקייט, דיסציפּלין.

אַליין איז זי, גאַליע, געווען אַ מויד — אַ קאָזאַק: אַ דעצידירטע, מיט אַ באַפֿעלערישער שטים און אַנטשלאָסענע באַוועגונגען. קינדער האָבן געשפּירט, אַז ס׳איז אַ שטאַרקע האַנט און האָבן איר געפֿאָלגט. אַסיען האָט אָבער אין דעם שטייגער פֿון גאַליעס אַרבעט עפּעס אויסגעפֿעלט. עס האָט איר אין דעם אַלעם געפֿעלט אַ ביסל נשמה, אַלץ איז געווען "קאַזיאָנע", איבערפֿלעכלעך, פֿאָרמעל.

אַסיע האָט זיך דערמאָנט איר באַליבטן לערער ראַבינאָוויטש, וועלכער האָט פֿון סאַמע קינדהײַט זיי געלערנט דענקען. אַ שורה פֿון אַ ליד, אַ געדאַנק, וועלכן אַ שרײַבער זאָגט צווישן אַנדערן אַרויס אין ביכל — אַלץ פֿלעגט דינען ווי אַ טעמע פֿאַר אַ שריפֿטלעכער אַרבעט אָדער פֿאַר אַ שמועס אין קלאַס. און די וויכוחים... די ליטעראַרישע מישפּטים...

דאָ, אין דער שול, האָט זיך אַלץ געטאָן לויט אַ פּינקטלעכן טראַפּאַרעט: איין פֿאַרזאַמלונג אַ חודש; מאַרשירן מיט פֿעסטע טריט; דאָס פֿויקן, דער האָרן, די קאָמאַנדע. דאָס האָבן קינדער, פֿאַרשטייט זיך, האָלט. אין דעם איז דאָ עפּעס מיליטערישס, דאָס מונטערט אויף. און ווײַטער? ווײַטער לייענט מען פֿון אַ פּאַפּירל אָדער מען דעקלאַמירט עפּעס אויסגעלערנטס אויף אויסווייניק.

אַסיע האָט אַלץ געוואָלט מאַכן אַנדערש. זי האָט אָנגעהויבן מיט די קינדער זאַמלען מאַטעריאַל פאַר אַ פאָטאָ־מאָנטאַזש: "דײַן פאָטער, דײַן מוטער, דײַן ברודער — אויפן פראָנט און אין הינטערלאַנד". זאָלן די קינדער דערזען די טאָגטעגלעכע העלדן. זאָל אַ קינד דערזען דעם העלד — זײַן פאָטער אָדער מוטער — און אָנהייבן אים רעספּעקטירן.

די שילערס האָבן געקוועטשט מיט די פּלייצעס, זיך געוווּנדערט — ס'הענגען מאָנטאַזשן אויף די ווענט, אָבער וואָס האָט עס צו מײַן מאַמען, מײַן שוועסטער, מײַן ברודער?

דאָך האָבן אייניקע געבראַכט פאָטאָגראַפיעס, בריוו; בײַ אַנדערע האָט זיך ניט אײַנגעגעבן דאָס צו פּועלן. אַסיע איז געגאַנגען מיט די חברה אין פאַבריקן, צו זייערע מאַמעס, צו קרובים — אויספרעגן איינצלהײַטן, מער זיך דערוויסן. דערנאָך האָט מען געשריבן דעם טעקסט. דער מאָנטאַזש האָט פאַרנומען כמעט אַ גאַנצע וואַנט אין שול־קאָרידאָר. קינדער האָבן זיך געשטופּט, ארײַנגעקוקט, געלייענט. אייניקע האָבן זיך געררויטלט פון שטאָלץ און פאַרגעניגן, אַנדערע — געשעמט, באַהאַלטן זיך הינטער די פּלייצעס פון חברים.

דערנאָך האָט זיך צונויפגעזאַמלט די דרוזשינע, און דער שמועס איז געווען אויף דער זעלבער טעמע. אַסיע האָט זיך לאַנג מיט די קינדער געגרייט דערצו. זי האָט זיי געלערנט זען דאָס גרויסע אינעם איינפאַכן, טאָגטעגלעכן.

אַ צווייט מאָל האָט אַסיע באַשלאָסן אײַנצואָרדענען אַ קאָנקורס פון מאָלערײַ. ס'איז איר געגאַנגען ניט אין דעם קאָנקורס גופא. אַלץ האָט זיך אָנגעהויבן פון וואָלאָדקע קוזמין פון פערטן קלאַס. אין לערער־צימער האָט מען ניט אויפגעהערט צו רײַדן וועגן אים: ער אַנטלויפט פון די לעקציעס, ער טרינקט בראָנפן, ער האָט שוין אָנגעהויבן גנבֿענען. אַסיע האָט געוואָלט אים באַזוכן אין דער היים, דורכריידן זיך מיט דער מוטער, ס'האָט זיך אָבער אויסגעלאָזן אַלץ קאַפּויער: זײַן מאַמע איז געווען אַ שיכורטע. וואָלאָדקע האָט, אַרויסגייענדיק צו אַסיען אין קאָרידאָר, פאַרקלאַפּט הינטער זיך די טיר, אָבער באַמערקנדיק, אַז זי האָט אַלץ געזען, האָט ער זיך צעבייזערט און שאַרף אַ וואָרף געטאָן: "וואָס דאַרפט איר, וואָס?" אַסיע איז צעטומלט געוואָרן, ניט געוווּסט וואָס צו ענטפערן, אַוועק.

נאָך דעם האָט זי איין מאָל אויף דער הפסקה דערזען בײַ וואָלאָדקען אַ בלעטל מיט צייכענונגען: טאַנקען, עראָפּלאַנען, זעלנערס. אַסיע האָט געפרעגט ווער האָט עס אָנגעצייכנט, דאָס ייִנגל האָט אָבער פּלינק באַהאַלטן דאָס בלעטל, זאָגנדיק: ״כ׳ווייס ניט״. געווען זײַנען עס גוטע צייכענונגען.

דעמאָלט איז איר אײַנגעפאַלן די אידעע — אָרגאַניזירן אַ קאָנקורס. אַסיע האָט זיך באַמיט, וואָלאָדקע זאָל זיך אין דעם באַטייליקן. ס׳האָט זיך איר זייער געוואָלט, ער זאָל פאַרנעמען דאָס ערשטע אָרט. ער האָט פאַרנומען דאָס צווייטע — אָבער אין דער גאַנצער שול! עטלעכע טעג איז ער אַרומגעגאַנגען אַ צופרידענער, און נאָך דעם האָט ער ווידער אָנגעהויבן פון דאָס נײַ. דער קאָנקורס האָט ניט געהאָלפן.

## פון טאָגבוך

״הײַנט איז אין פערטן קלאַס געווען אַ פרײַע שעה — אַ לערער איז קראַנק געוואָרן. מען האָט מיך געבעטן אים פאַרבײַטן, מיט עפּעס דעם קלאַס פאַרנעמען. איך האָב באַשלאָסן, אַז איך וועל דורכפירן די לעקציע אַן ערך אַזוי, ווי ראַבינאָוויטש פלעגט עס מאַכן בײַ אונדז. איך האָב גענומען אין ביבליאָטעק דאָס בוך ״זשאַן קריסטאָף״, איבערגעלייענט זיי דעם שטעל, וווּ זשאַן צעקריגט זיך מיטן קלאַס. חברה האָבן געהערט געדולדיק, אָבער ניט זייער פאַראינטערעסירט. איבערלייענענדיק, האָב איך זיי געשטעלט די זעלבע פראַגע, ווי אונדז האָט אַמאָל געשטעלט דער לערער:

— ווי מיינט איר, וואָס דאַרף טאָן אַ לערער, כדי די שילער זאָלן אים טרויען?

דער קלאַס האָט פאַרוווּנדערט געשוויגן, ווי איינער זאָגט — וואָס וויל זי פון אונדז? סוף־כל־סוף האָט עמעץ אויפגעהויבן אַ האַנט און איך האָב זיך שוין דערפרייט.

— אַסיע לוואָוונאַ, איך וויל אַרויס.

— גיי — האָב איך געזאָגט. דער קלאַס האָט ווײַטער געשוויגן, ס׳האָט זיך אויפגעהויבן אַ צווייטע האַנט: איך דאַרף אויך אַרויסגיין.

ביז איך האָב געטראַכט אַרויסלאָזן אים צי ניין, איז דאָס ייִנגל אַליין אַרויסגעלאָפן. אַ דריטער האָט שוין געבעטן מיט אַ יענטשענדיקן קול: אוי, לערערקע, קוים וואָס איך האַלט זיך אײַן, איך דאַרף אַרויס...

אַכט שילער זײַנען אַרויס פון קלאַס. דער נײַנטער איז געווען וואָלאָדקע קוזמין. ער האָט אַ וואָרף געטאָן אין עמעצן אַ טינטער און איז אַרויסגעשפּרונגען פון קלאַס. דאָס מיידעלע, וועלכע ער האָט געטראָפן, האָט זיך צעוויינט און אַוועק זיך וואַשן.

אין פינף מינוט אַרום איז געקומען אַ מיליציאָנער. ער האָט געשלעפּט פאַר די קאָלנערס וואָלאָדיען און וואַניען, זידלענדיק זיך, אַז די שול פּאַסט ניט אויף אירע שילערס: די ביידע האָט ער נאָר וואָס אַרונטערגענומען פונעם טרעפּל פון אַ פאָרנדיקן טראַמוויי.

## פון טאָגבוך

אין שול האָבן אין דעם טאָג אַלע קרום געקוקט אויף מיר. איך האָב אומרויִק געוואַרט אויף אַ געשפּרעך מיט דער דירעקטאָרין, אַליין זי געזוכט, כדי דער שמועס זאָל שוין גיכער צו שטאַנד קומען. אָבער זי איז געווען פאַרנומען.

נאָך די לעקציעס האָב איך אָפּגעשטעלט וואָלאָדקען, אַרײַן מיט אים אין זאַל, דאָרט איז קיינער ניט געווען. איך האָב אויף אים אַ קוק געטאָן מיט פאָרוווּרף, ניט וויסנדיק, פון וואָס אָנצוהייבן, און ער איז געזעסן מיט אַ נאַרישן, חוצפּהדיקן שמייכל, ביז אים איז דערעסן געוואָרן וואָס איך שווײַג. דאַן איז ער אויפגעשפּרונגען פון אָרט און זיך צעשריען:

— וואָס קוקט איר אַזוי אויף מיר, נו, כ'וועל מער ניט טאָן, מער וועל איך עס ניט טאָן, נו!



אַסיע איז אַרויס פון שול מיט אַ ביטער געפיל פון אויסזיכטלאָזיקייט. זי איז ממש געווען פאַרצווייפלט. דעם גאַנצן לעבן געוואָלט זײַן אַ לערערין, געבויט פּלענער וועגן איר קומענדיקער אַרבעט, פאָרגעשטעלט זיך, ווי זי וועט ווער ווייסט וואָס אויפטאָן און ניט געצווייפלט, אַז קינדער וועלן זי פאַרשטיין. און מיט אַ מאָל — אַזאַ דורכפאַל...

זי האָט געשפּירט, אַז זי פאַרלירט דעם באָדן אונטער די פיס. זי האָט זיך דערמאָנט וועגן דער לערערין פון לאַטײַן, בערטע "די שלאַנג", וועלכע איז

שוין גאָר קיין שלאַנג ניט געווען: זי איז געווען אַ מענטש מיט אַ גוט האַרץ, אומבאַהאָלפן לגבי קינדערשער ברוטאַלקייט. זי פלעגט זיך פרייען פון דער קלענסטער הצלחה און אַלץ מוחל זײַן די קליינע טײַוואָלים.

איצט האָט זיך אַסיע דערמאָנט אַ פאַל, ווען די יינגלעך, דאַניע דער גרויסער און נאָך אַ פּאָר שטיפערס האָבן דערציילט אין קלאַס, ווען זיי זײַנען נאָר וואָס אַריבערגעגאַנגען אין גימנאַזיע: נעכטן האָבן זיי געהאַט באַשלאָסן אָפּצוטאָן בערטען אַ שפּיצל, וועלכן זיי פלעגן שוין ניט איין מאָל עמעצן אָפּטאָן: זיי זײַנען אַרויפגעלאָפן אויף די טרעפּ פון בערטעס דירה, אָנגעקלונגען, און הענדום פענדום אַנטלאָפן. זי האָט אָבער גלײַך געעפנט די טיר, באַוויזן זיי צו דערזען, אַרײַנגערופן און...מכבד געווען מיט טיי און מיט אירע אייגענע געבאַקענע קיכעלעך. זיי האָבן ניט געוווּסט ווהין אַהינטאָן די אויגן פון שאַנדע.

און אַלץ איינס האָט מען זי גערופן "די שלאַנג", ווײַל מען האָט פײַנט געהאַט לאַטײַן, און ווײַל אויף יעדער לעקציע פלעגט זי זיך בייזערן און שרײַען. אַנדערש פלעגט זיך בײַ איר ניט באַקומען...

אָדער זייער לערער פון געזאַנג אליהו טייטלבוים... דער שטילער, ווייכער, אַ ביסל אומגעלומפּערטער לערער מיט די גראָבע דאָפּלע ברילן-גלעזלעך, דורך וועלכע זײַנע שוואַכע אויגן פלעגן קוקן אומבאַהאָלפן. דער גוטער לערער און גלענצנדיקער קאָמפּאָזיטאָר, וואָס פלעגט באַצירן און באַלעבן זייערע פאָרשטעלונגען מיט זײַנע ליכטיקע מעלאָדיעס, איז דאָך אָבער פאַר זיי, פאַר די אומברחמנותדיקע שטיפערס, געווען אַ געפינס פאַר חוזק און אכזריות. אָט שטעלט אים עמעץ אונטער אַ פיסל און אַנטשולדיקט זיך — "ניט ווילנדיק"; אָט קומען זיי ווינטער נאָך דער הפסקה אויף זײַן לעקציע, גלײַך פונעם גליטש אויפן הויף, זיצן אַ גאַנצע לעקציע אין די גליטשערס, און אַז דער לערער רופט עמעצן אַרויס, גײַט ער אין די גליטשערס צום טאָוול.

ווי האָבן זיי, אַזעלכע לערערס, ווי די לאַטיניסטקע בערטע, ווי דער טאַלאַנטפולער טייטלבוים, געקענט דעם גאַנצן לעבן געדולדיק ציִען זייער לערערישע ליאַמקע, אפילו ניט קלערנדיק וועגן אַן אַנדער גורל?

צי האָט זי, אַסיע, געטרוימט וועגן עפּעס אַזוינס? זי האָט געוואָלט זײַן אַזאַ לערער, ווי ראַבינאָוויטש.

אָבער ראַבינאָוויטש...

אַסיע דערמאָנט זיך זײַן שטרענגע, שטאָלצע געשטאַלט אינעם אַלטן אויסגערייבענעם אָנצוג, אין וועלכן ער פלעגט, שפּרײַזנדיק איבערן קלאַס, מיט פּאַטאָס זיי דערציילן די ייִדישע געשיכטע און מיטרײַסן זיי אין דער טיפער פאַרגאַנגענהײַט פון זייער אוראַלטן פאָלק מיט די ווערטער: "אונדזערע אבות האָבן געוואַנדערט איבער די מדבריות!" אָדער, אַ צווייט מאָל, אָנפילן זייערע הערצער מיט שטאָלץ פאַרן שטאַרקן האָרעפאַשנעם ייִדן, ווען ער, ראַבינאָוויטש פלעגט זיי דעקלאַמירן פון משה קולבאַקס "רײַסן":

"אָ, דער זיידע פון קאָבילניק איז אַ ייִד אַ פּשוטער,
אַ פּויער מיט אַ פּעלץ און מיט אַ האַק און מיט אַ פערד...
און מײַנע זעכצן פעטערס און מײַן טאַטע —
ייִדן פּראָסטע, ייִדן, ווי די שטיקער ערד..."

זייער קלאַס איז געשטאַנען דירעקט אויפֿן פונדאַמענט פון בנין, ממש אויף דער ערד; זיי זײַנען געזעסן אויף די בענק ווי הינטער שויפענצטער. און ווען ער, ראַבינאָוויטש, דער אמתדיקער אַקטיאָר, וואָס איז קיין מאָל ניט זוכה געווען צו דערגיין צו אַ בינע, פלעגט ווי אַ פאָרשטעלונג, פירן די לעקציע און דונערן מיט זײַן קול — פלעגט אין קלאַס זײַן שטיל, אַז מען פלעגט הערן דורכפליִען אַ פליג, און קינדערלעך אין גאַס, פון דרויסן, פלעגן שטיין פאַרגאַפט מיט נעזלעך, צוגעפליושטשעטע צו די שויבן — קוקן און האָרכן...

איך האָב געוואָלט זײַן אַ לערערין. איך האָב אויסגעקליבן די בעסטע טעמע צו אַ שמועס — דעם עפּיזאָד וועגן זשאַן קריסטאָף, איך האָב געהאָפט, אַז מען וועט מיך פאַרשטיין. אַ האַלבער קלאַס איז אַרויסגעלאָפן פון שול.

דעם טאָג האָט אַסיע אַרײַנגעשריבן אין טאָגבוך:

אין איינעם אַ בריוו ווענדט זיך שלום צו מיר: "מײַן קליינע, טײַערע, העלדישע פרוי". איך — אַ העלדישע! אַ העלדינע... איך בין אַ נודנע פלאַקסע, אַ גאָרנישט, אַ מיאוסער שלימזל. די באַקן זײַנען בײַ מיר אײַנגעפאַלן, די אויגן — אָן אַ ברעקל גלאַנץ, און די גאַנצע בין איך — אַן אויסגעבליאַקעוועטע און אַ פאַרלאָשענע. מײַנע טופל האָבן זיך אין גאַנצן

צעריסן און איך גיי אין גאַס אין אַלטע בורקעס מיט ריזיקע מענערשע קאַלאָשן. איך שאַר מיט די פיס, כדי ניט צו פאַרלירן די קאַלאָשן, און טראַכט וועגן מענטשלעכער ווערדע. נעכטן האָט פיאָטר איוואַנאָוויטש, דער שטעלפאַרטרעטער פון דירעקטאָר, זיך אַ וויצל געטאָן: ״נו, וואָס פאַר אַ פּרויענצימער ביסטו? דאַר ווי אַ שפּאָן, וואָס טויגסטו דײַן מאַן?״ ער האָט מיך ניט געוואָלט באַליידיקן, סתם זיך אַ וויצל געטאָן. אים געפעלן דיקע, רונדיקע פרויען. ער האָט אָבער געטראָפן אין פינטל אַרײַן, אינעם סאַמע ווייטיקדיקסטן אָרט. קומענדיק אַהיים, האָב איך אַ קוק געטאָן אין שפּיגל, און אַ שלעכטער געדאַנק איז מיר געקומען אויפן זינען: איצט וואָלט איך גאָר ניט וועלן, אַז שלום זאָל קומען. איך וואָלט ניט געוואָלט, ער זאָל מיך זען אַזאַ.

איך וועל מסתמא אַוועקגיין פון שול.

דאָס איז ניט קיין קאַפּריז. אַ פּעדאַגאָג דאַרף מען זײַן אַ געבאָרענער, געוויס בין איך עס ניט. כ׳האָב קיין מאָל ניט געקלערט, אַז לײַכטער איז אָנצופירן מיט דער קינדער־אָרגאַניזאַציע פון אַ גאַנצער שטאָט, איידער מיט איין דרוזשינע. איך וועל זיך נאָך דורכריידן מיט דער דירעקטאָרין. זי איז בײַ אונדז א חכמה, אַ יידישער קאָפּ. אויב מען וועט דאַרפן, וועל איך אָפּאַרבעטן ביזן סוף שוליאָר. אָבער מיר דאַכט זיך, אַז אין אַזוינע פאַלן איז בעסער אָפּהאַקן גלײַך, אויפן אָרט.



עמעץ האָט אָנגעקלונגען אין טיר, און לילקע איז אויפגעשפּרונגען: ״דאָס איז די בריווטרעגערין, איך דערקען איר קלונג״ — און איז אַוועקגעלאָפן די ערשטע עפענען, און איז טאַקע גלײַך מיט אַ שמחה צוריקגעקומען צו אַסיען:

— אַ בריוו צו דיר!

עפּעס אַ פרעמדע האַנטשריפט. אַסיע האָט זיך ניט גלײַך געכאַפּט, ווער עס שרײַבט צו איר פון מיטלאַזיע, פון קאָקאַנד, אָבער גלײַך זיך דערפרייט: ראַבינאָוויטש! ווי ער וואָלט דערשפּירט, אַז הײַנט, דווקא הײַנט האָט זי וועגן אים געקלערט. זי האָט זיך דערמאָנט, אַז מיט אַ צײַט צוריק האָט איר

עמעץ געהאַט געשיקט זײַן אַדרעס. זי האָט דאַן, אַ גליקלעכע, וואָס ער איז אַוועק פונעם דײַטש, אים גלײַך אַוועקגעשריבן אַ בריוו. ערשט הײַנט איז געקומען דער ענטפער:

טײַערע אַסיע!

באַקומען דײַן בריוו. איך דאַנק דיר זייער. ביז איצט ניט געשריבן — כ'בין געלעגן אין שפיטאָל, געווען אין גאַנצן געשוואָלן, און דערצו נאָך "גרודנאַיאַ זשאַבאַ" — דאָס האַרץ. ערשט נעכטן אַרויס פון שפיטאָל — הגם נאָך ניט פולקאָם געזונט, אָבער איך פיל זיך שוין בעסער. אפשר וועלן זיך די כוחות אומקערן.

עס האָט מיך צעבראָכן דער טויט פון מײַן איין־און־אייציק געליבט קינד. ניטאָ מײַן שײַנענדיק מיידעלע, געשטאָרבן מײַן אימעלע!"

ראַבינאָוויטש האָט דערצײַלט אין בריוו, ווי אים און זײַן פרוי מיטן קינד האָט זיך אײַנגעגעבן דעם 23סטן יוני צו אַנטלויפן פון זשעטל, זײַן היימשטאָט אין ווײַסרוסלאַנד, ווו זיי האָבן איצט געווינט; ווי ס'האָט זיך אָבער געמאַכט, אַז אַרויסגעפאָרן זײַנען זיי ניט צוזאַמען און זיך אָפּגערעדט צו טרעפן אין מינסק; ווי אין מינסק האָבן זיי זיך שוין ניט געטראָפן, ווי ער האָט זיי לאַנגע חדשים געזוכט, ניט וויסנדיק אפילו, צי זיי לעבן.

"ענדלעך האָב איך באַקומען די גליקלעכע בשורה: מײַן פרוי און קינד לעבן און געפינען זיך אין קויבישעווער אָבלאַסט, אין אוליאַנאָווסקער ראַיאָן — שרײַבט ער ווײַטער — איך בין גלײַך אַוועקגעפאָרן קיין אוליאַנאָווסק, געפונען מײַנע טײַערסטע, מײַן פרייד האָט ניט געהאַט קיין גרענעץ... אָבער דאָ, אין אוליאַנאָווסק איז דאָס אומגליק געשען. אימעלע איז קראַנק געוואָרן אויף דיפטעריט, מיר האָבן זי אָפּגעלייגט אין שפיטאָל, און דאָס האָבן מיר ניט געטאָרט טאָן, מיר האָבן ניט געוווּסט פון די שרעקלעכע באַדינגונגען דאָרט און שלעכטער באַציִונג. דעצעמבער — גרויסע פרעסט, און דעם שפיטאָל באַהייצט מען אַ טאָג איבער אַ טאָג, ניט כסדר און ניט גענוג. אימעלע האָט זיך אויסגעהיילט פון דיפטעריט, אָבער זיך אָנגעשטעקט אין שפיטאָל מיט מאָזלען. זיך אויסגעהיילט פון די מאָזלען און קראַנק געוואָרן אויף אַ לונגען־אָנצינדונג. די דאָקטערין האָט אַלץ געמאַכט לאחר יד, געזאָגט, אַז אין אַ פּאָר טעג אַרום וועט מען דאָס קינד שוין קענען אויסשרײַבן. און אין גאַנצן אומגעריכט איז אימעלע געשטאָרבן.

און ווײַטער:

"עס איז אַ ווינטערדיקער טאָג געווען. אַ גרויסער פראָסט. און איך מיט מײַן פרוי האָבן אַליין די טרומנע מיט מײַן קינד אויפן בית־עולם אַוועקגעטראָגן, אַליין אַ קבר געגראָבן און אַליין מײַן קינד באַגראָבן. מיר האָבן שוין מער אין אוליאַנאָווסק, אין דער שטאָט פון אונדזער אומגליק, ניט געקענט בלײַבן. עס האָט זיך געוואָלט אַנטלויפן, און אַנטלויפן וואָס ווײַטער. דאָס לעבן האָט ווי פאַרלאָרן דעם זין".

פון דעם בריוו האָט זיך אַסיע דערוווסט וועגן דעם ווײַטערדיקן דערנערוועג פון איר לערער און זײַן פרוי אין קאָקאַנד: עלנט און נויט, שווערע אַרבעט פאַר גראָשנס — ער אַלס טרעגער אין אַ פאַבריק, זי — אַלס שוואַרץ־אַרבעטערין. דאָס, וואָס זיי פאַרדינען, קלעקט זיי קוים אויף דירה־געלט און אויף ברויט פאַר די ברויטקאַרטן.

שוין דרײַ מאָל האָט זיך ראַבינאָוויטש געוואָנדן, מען זאָל אים נעמען אַלס פרײַוויליקן אין דער רויטער אַרמיי, און מען האָט אים ניט גענומען. "אָבער, אַז איך וועל קומען צו די כוחות, וועל איך אַלץ טאָן, אַז מען זאָל מיך דאָך נעמען..."

אין אַ קורצער צײַט אַרום וועט זיך אַסיע דערוויסן וועגן ראַבינאָוויטשעס ווײַטערדיקע צרות: זײַן פרוי איז געשטאָרבן פון הונגער און קראַנקייט. אַסיע וועט זיך כאָטש טרייסטן מיט דער בשורה, אַז ער, איר לערער, אַרבעט ענדלעך מיט קינדער, אין אַ קינדערהיים. אָבער גיך וועט קומען נאָך אַ ידיעה: ער איז געשטאָרבן בײַ דער אַרבעט, פון אַ האַרצאַטאַק.

אין פיל יאָרן אַרום וועט צו איר דערגיין אַ גאָר שוידערלעכער קלאַנג: אַז דאָס זאָל געווען זײַן ניט קיין נאַטירלעכער טויט, נאָר אַ זעלבסטמאָרד.

זייער פון גאָט געבענטשטער לערער, דער הייסער קעמפער פאַר סאָציאַליזם און יושר...



אַסיעס מאַמע האָט געאַרבעט אין אַ קימפעטאָרין־קליניק — געווען אַן אינסטרוקטאָר אין דער פּאַלאַטע פאַר נײַ־געבוירענע. זי האָט אַרײַנגעלייגט די נשמה אין דער אַרבעט, כדי אויפצוהאַלטן בײַם לעבן יעדעס קינד, אפילו

דאָס שוואַכסטע. איין מאָל איז זי געקומען אַהיים אַזוי פּאַרמאַטערט, אַז זי איז קוים דערגאַנגען ביזן צימער און שווער זיך אַ זעץ געטאָן אויפן שטול. אַסיע האָט איר אַרײַנגעגאָסן אַ טעלער זופּ און וואַקלענדיק זיך אַ ווײַלע, אָפּגעשניטן פונעם אייגענעם חלק אַ דין שטיקל ברויט, ווײַל זי האָט שוין ניט געוואָלט פרעגן, צי בײַ דער מאַמען איז נאָך עפּעס געבליבן. די מאַמע האָט אָבער אָפּגערוקט אַסיעס שטיקל ברויט:

— וואָס טוסטו, עס אַליין, איך האָב נאָך.

זי האָט אַרויסגענומען דאָס אייגענע שטיקל און נערוועז אָנגעהויבן שלינגען די זופּ. ניט דערעסנדיק עס ביזן סוף, האָט זי זיך מיט אַ מאָל ביטער צעוויינט.

— מאַמעניו, וואָס איז געשען?

— זי האָט אים טאַקע געפּטרט, די כלבטע.

— ווער? ווּעמען?

— יוראָטשקען, אונדזער קליינינקן, זיבנמאָנאַטדיקן. די מאַמע זײַנע. און געווען איז ער שוין בײַ אונדז אַ העלד, דער טײַוול זאָל זי נעמען!

די מאַמע פלעגט וואָרענען אַלע קראַנקן־שוועסטער: "טאָמער וועל איך דערזען בײַ אַ קינד אַ פאַררויטלט ערטל בײַם פּיסל, בײַם הענטל, טאָמער וועט וואָס עס איז זײַן ניט אין אָרדענונג"... זי פלעגט זיי לערנען, און ווײַזן, און אָן אַ סוף קאָנטראָלירן. זיי האָבן אַלע מורא געהאַט פאַר איר, גערופן זי "דער פעלדמאַרשאַל". אָבער צווישן די שוועסטער איז געווען איינע, אויף וועלכער מען האָט זיך געקענט פאַרלאָזן ווי אויף זיך אַליין — מאַרוסיע פראָלאָוואַ — אַ הויכע, אַ ברייטביינעקע, מיט גרויסע פאַרגרעבטע און דאָך מילדע הענט. זי איז געווען דער מאַמעס ליבלינג, איר פאַרבינדעטע אינעם קאַמף קעגן שלעכטער אַרבעט. די מאַמע פלעגט, פונאַנדערוויקלענדיק אַ קינד, עס ווייך און פאָרזיכטיק אַרומזען, און ניט געאײַלט, מעטאָדיש, אײַנוויקלען עס אין ריינס. און מאַרוסיע פלעגט עס איבערוויקלען געשווינד און פלינק, אונטערוואַרפנדיק לײַכט דאָס קליינע קערפּערל אויף איר גרויסער דלאָניע און באַלבענענדיק פריילעך: "אוי, איר טעכעסלעך מײַנע, זיסינקע!"

איין מאָל האָט זי אויפגעהאַנגען איבער דער טיר פון דער פּאַלאַטע אַ לאָזונג: "אונדזער ענטפער דעם שונא — קיין איין איינציקער פאַרלוסט אויפן פראָנט פונעם באַפעלקערונג־צוּוווקס". זי איז געווען זייער שטאָלץ

מיט איר אײַנפֿאַל. נעכטן האָט מען זייערעביידנס פֿאָטאָגראַפֿיעס — מאַרוסיעס און דער מאַמעס — אויפֿגעהאַנגען אויפֿן ערנטאָוול. די מאַמע אָבער האָט אַפילו פֿאַרגעסן וועגן דעם צו דערציילן.

און הײַנט איז געשטאָרבן יוראָטשקע. ער איז געבוירן געוואָרן פֿאַר דער צײַט. זיי האָבן אים לאַנג געהאַלטן אין וואַטע, קינסטלעך געקאָרמעט, געוואַרעמט מיט אַ קוואַרצלאָמפּ, געהיט ווי אַן אויג אין קאָפּ, אַוועקגעגעבן דער מוטער אַ פֿאַרשטאַרקט, געזונט קינד. דערנאָך געגאַנגען צו איר צוויי וואָכן זי לערנען, ווי אַזוי זיך מיטן זויגלינג צו באַנעמען. און נאַ דיר.

— מאַרוסיע האָט זי שיִער ניט צעשלאָגן — האָט די מאַמע דערציילט, שלינגענדיק די טרערן. — "ווען איך ווייס, אַז דו וועסט אים ניט אויסהיטן — האָט פּראָלאָוואַ געזאָגט צו דער מוטער זײַנער — גיב איך דיר אים בכלל ניט אַוועק. כ׳וואָלט אים צוגענומען אַליין!" זי, מאַרוסיע מײַנע, וואָלט אים טאַקע געשטעלט אויף די פֿיס; זי איז שוין איבער די דרײַסיק, ניט קיין מאַן, ניט קיין קינד, עלנט איז זי.

הערנדיק די טרויעריקע געשיכטע מיט יוראָטשקען און ניט קענענדיק נאָך אַלץ פֿאַרגעסן ראַבינאָוויטשעס אומגליק מיטן קינד, האָט אַסיע געכאַפּט אויף די הענט אַליקן, צוגעדריקט אים צום האַרצן. זי האָט אים אָנגעגאָסן זופּ, אַרומגעבונדן דאָס העלדזל מיט אַן אַלט ווינדעלע. אַליק האָט שוין ניט געהאַט קיין געדולד צו וואַרטן. אַסיע האָט ניט באַוויזן אַ בלאָז צו טאָן אין לעפֿל, ווי ער האָט אַ זופּ געטאָן דאָס זודיקע עסן און זיך צעשריִען. אין דעם מאָמענט האָט זיך דערהערט אַ קלונג אין טיר, און די מאַמע איז אויפֿגעשפּרונגען — אפֿשר גייט דער בריוטרעגער.

יאָ, דאָס איז געווען אַ בריוו פֿון רוטען, איצט האָט זי שוין געשריבן גאַנץ אָפֿט. די מאַמע איז דורכגעלאָפֿן מיט די אויגן דאָס בלעטל פּאַפּיר און די באַקן אירע האָבן זיך פֿאַמעלעך פֿאַררויטלט. אַסיע האָט באַמערקט, אַז אינעם קאָנווערט, געמאַכט פֿון פּאַק־פּאַפּיר, איז נאָך עפּעס פֿאַראַן. "לילקע, קוק זיך אײַן, וואָס איז דאָרטן" — האָט אַסיע געזאָגט, אָבער די מאַמע האָט, לייענענדיק ווײַטער, גענומען פֿון טיש דעם קאָנווערט: "וואַרט אויס, איכל אַליין".

דאָס איז געווען אַ פּראָנטבלאַט, און אַסיע האָט פֿון דער ווײַטן דערזען

אַ קעפּל פון אַן אַרטיקל, געדרוקט מיט גרויסע אותיות: ״דער העלדנטאַט פון אַ מיליטער־דאָקטער״.

— מאַמע, לייען אין דער הויך!

״דער האַרמאַטן־פײַער פונעם שונא האָט אויפגעהערט. אויפן שלאַכטפעלד זײַנען פאַרבליבן פיל פאַרוווּנדעטע. אַרויסקריכנדיק פון די אָקאָפּעס, האָבן די סאַניטאַרן אָנגעהויבן זיי אַריבערשלעפּן אין די זעמליאַנקעס פון דער סאַניטאַרן־בריגאַדע. אין דעם מאָמענט זײַנען אָנגעפלויגן ״מעסערשמידטן״, נידעריק זיך אַראָפּגעלאָזט איבערן שלאַכטפעלד און גענומען פון דער נאָענט באַשיסן די פאַרוווּנדעטע. אייניקע סאַניטאַרן האָבן זיך דערשראָקן, אַפּגעלאָפן אין אַ זײַט, ווען מיט אַ מאָל האָט הויך און ריין אַ הילך געטאָן די שטימע פון יונגן מיליטער־דאָקטער רוטע אַדעלסקי: ״סאַניטאַרן, נאָך מיר!״ זי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו די פאַרוווּנדעטע, אָנגעהויבן זיי אַרויסשלעפּן. די סאַניטאַרן, נעמענדיק פון איר אַ בײַשפּיל, האָבן זיך אויך אָנגעשלאָסן צו דער אַרבעט. אין ביז גאָר שווערע באַדינגונגען האָט דאָקטער אַדעלסקי צוזאַמען מיט דער קראַנקן־שוועסטער נאַטאַשאַ פּאַנקאָוואַ מסירת־נפשדיק אין משך פון אַ סך שעהען געגעבן די ערשטע הילף די פאַרוווּנדעטע רויטאַרמייערס און קאָמאַנדירן...״

די מאַמע האָט קוים געלייענט, טיף גערירט פונעם אַרטיקל, און דעם בריוו האָט שוין אָנגעהויבן לייענען לילקע:

״מאַמעניו, האָט די שוועסטער געשריבן, ביסט דאָך געווען אַ קראַנקן־שוועסטער בעת יענער וועלט־מלחמה אויפן פראָנט, ווסטו מיך פאַרשטיין... איך האָב קיין מאָל ניט געמיינט, אַז ס׳איז אַזוי שווער אַרויסצוטראָגן אַ פאַרוווּנדעטן פונעם שלאַכטפעלד, אַז ער וועגט אַזוי פיל... איך האָב זיך ניט פאַרגעשטעלט, אַז ס׳וועט מיר אויסקומען אַליין אים אַרויפצושלעפּן אויפן אָפּעראַציע־טיש און נאָך דער אַליין אים אַוועקטראָגן אויף אַן אָרט, ווײַל אַלע סאַניטאַרן זײַנען פאַרנומען. איך האָב עס אַלץ אויסגעפירט״.

מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם האָט אַסיע געהערט, קוקנדיק אויף דער מאַמען. אין אירע אויגן האָט זי ניט אויסגעלייענט ניט קיין שטאָלץ, ניט קיין שטורמישע פרייד, נאָר צעמישטקייט, פאַרלאָרנקייט. די מאַמע האָט קוים

געקענט באַהערשן די קעגנזעצלעכע געפילן, וואָס האָבן איצט אין איר געבושעוועט.

לילקע איז דערוויַיל אַרויסגעלאָפן מיטן בריוו און מיטן אַרטיקל אין דורכגאַנגס־צימער, האָט אָנגעקלאַפּט צו די באַלעבאַטים, געלייענט זיי עס אין דער הויך. באַלד האָט זיך דערהערט גורעוויטשעס מונטער קול: "נו, אַ מאָלאָדיעץ, נו, אַ כוואַט!"

ער האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר, הינטער אים האָט זיך באַוויזן די שטילע געשטאַלט פון ראַיסאַ וואַסיליעוונאַ, וואָס איז געווען העכער פון מאַן. ביידע האָבן גענומען דריקן דער מאַמען די האַנט: "נו, מיר באַגריסן איַיך". גורעוויטשעס קול איז געווען פול מיט התפּעלות: "רוטע איז איצט דער שטאָלץ פון אונדזער דירה!"

...אַליק האָט אָנגעהויבן צו יענטשען, אים האָט זיך שוין געוואָלט שלאָפן, ער פלעגט אָבער קיין מאָל גיך ניט איַינשלאָפן. מען פלעגט אים דאַרפן וויגן אויף די הענט. אַסיע האָט אים אַ צייַט געוויגט, דערנאָך צוגעלייגט זיך מיט אים אויפן בעט און אויך איַינגעדרימלט.

— אַסיע, אַסיע, כאַפּ זיך אויף!

זי האָט זיך אויפגעריסן, דערזען נעבן זיך דעם פאָטער, לייַכטער אָפּגעזיפצט און אַ קוק געטאָן אויפן זייגער:

— אוי, מיר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז איך שלאָף שוין ווער ווייסט וויפל. ס'וויַיזט זיך אַרויס — אַ האַלבע שעה.

— דו האָסט שווער געזיפצט. דיר האָט זיך עפּעס געחלומט?

— איך געדענק ניט.

אָבער אַסיע האָט געדענקט: איר האָבן זיך געחלומט שורות פון שלומס בריוו — פון אָנהייב געשריבענע אויף אַ בלויען פּאַפּיר און דערנאָך — איבערגעלייענטע הויך, מיט זיַין קול: "ווען מיר וועלן זיך טרעפן, וועלן מיר קענען דרייַסט אַ קוק טאָן איינער דעם אַנדערן אין די אויגן". אָבער וויַיטער איז ער אינעם חלום געקומען אַליין צו פאָרן און האָט דערציילט, אַז אין דער צייַט פון זיַיער צעשיידונג איז בייַ אים געווען אַן אַנדער מיידל. אַסיע האָט קלאָר געזען זיַין פּנים, זי האָט געקוקט אויף די טיַיערע שטריכן און האָט זיך ניט געקענט דעצידירן אַוועקצוגיין פון אים. און מוחל זיַין אים האָט זי אויך ניט געקענט.

״ווי קענען זיך חלומען שורות פון אַ בריוו?״ — האָט זי אַ קלער געטאָן, אָבער זי האָט זיך גלײַך אומגעקערט צו דעם, וואָס האָט זי אויפגערעגט און פאַראומערט: פאַר וואָס האָט זי דווקא הײַנט געזען אָט דעם פּײַנלעכן חלום? וואָס האָט לעצטנס פּאַסירט? די מאַמע איז געקומען, דערציילט וועגן יוראָטשקען. דערנאָך האָט מען געבראַכט דעם בריוו פון רוטען... אַסיע האָט זיך מיט אַ מאָל דערמאָנט: דער שפּיגל... און איר אייגענעם געדאַנק: ״זאָל ער בעסער ניט קומען...״

די שווערע געפילן האָבן זי באַהערשט מיט אַזאַ כוח, אַז זי האָט געכאַפּט דעם טאָגבוך און גענומען שרײַבן: ״... איך קלער נאָך אָפט, אַז ווען בײַ אונדז וואָלט ניט געבאָרן געוואָרן קיין קינד, וואָלטן מיר אין אַרמיי געווען צוזאַמען און דאָס וואָלט אונדז דערנענטערט. און איצט, מאָמענטנווײַז, דוכט זיך מיר, אַז מיר וועלן זיך שוין אפשר ניט פאַראייניקן, אַז די מלחמה וועט אונדז צעשיידן, צעברעכן אונדזער ניט פאַרפעסטיקט, ניט זיכער משפּחה־לעבן״.

...מאַ — מע.

אַסיע איז אויפגעשפּרונגען. צי האָט זיך עס איר אויסגעדאַכט, אָדער דאָס איז געווען אויף דער וואָר?

— מאַ — מע.

דאָס וואָרט האָט ער געזאָגט צום ערשטן מאָל. ביז אַהער האָט ער אויסער נאַדן — נאַדן — נאַדן גאָרניט גערעדט. איצט האָט ער כסדר איבערגעחזרט ״מאַמע״ — איין מאָל מיט אַ דין קולכל, אַ צווייטן — מיט עפּעס אַ מין באַס, דאָ מיט וואַזשנעקייט, דאָ ווידער פאַרוווּנדערט.

אַסיע האָט אים אַרויסגענומען פון בעטל און אָנגעהויבן קושן, און ער האָט ווײַטער איבערגעחזרט דאָס וואָרט, ווי ער וואָלט עס געוואָלט אויסלערנען אויף אויסווייניק.

זי האָט זיך צוגעלייגט מיט אים אַ ווײַלע אויף איר בעט, אָבער דערמאָנענדיק זיך וועגן די בריוו, וואָס זײַנען געבליבן אין יענעם צימער, איז זי אַוועק נאָך זיי. דאָ האָט זי דערזען דאָס לעצטע זײַטל פון איר טאָגבוך, אַרויסגעריסן עס און אַרײַנגעוואָרפן אין אויוון. אומקערנדיק זיך, האָט זי זיך געוווּנדערט: אַליק איז שוין געשלאָפן, ווי ער וואָלט זיך גאָר ניט האָבן אויפגעכאַפּט. ער איז געלעגן אויפן רוקנדל, די הענטלעך און פיסלעך

פונאַנדערגעוואָרפן, אַראָפּגעשלײַדערט פון זיך אַ טייל קאָלדרע. אַזוי פלעגט אָפּט שלאָפן שלום.

אַסיע האָט פּאָרזיכטיק אַריבערגעלייגט דאָס קינד אין זײַן בעטל און אַליין זיך געלייגט אויפן אָרט, וואָס אַליק האָט געהאַט אָנגעוואַרעמט, אַ פּאַרמאַטערטע און באַרויִקטע, נאָר מיט אַ לײַכטן ציטער אין האַרצן.

**פון טאָגבוך**

בריוו קומען איצט אָן זעלטענער. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער האַרבסט, די איבונגען האָבן זיך פּאַרענדיקט, די דיוויזיע איז שוין אין מאַרש. אין גיכן וועל איך שוין מסתמא אָנהייבן באַקומען בריוו פון פראָנט.

רוטען האָט מען צוגעשטעלט צו באַקומען אַן אָרדן פון ״רויטן שטערן״. פריער, אין דער היים, פלעג איך אויף מײַן עלטערער שוועסטער קוקן אַ ביסל פון אויבן אַראָפּ: אין קאָפּ אַ ווינט, נאָר קליידער און טענץ, אַרום איר אַלע מאָל — אַ כאָפּטע קאַוואַלערן, גאָלדענע יוגנט... אפשר בין איך איר פשוט מקנא געווען? ווען מיר פלעגן זײַן צוזאַמען אין אַ קאָמפּאַניע, פלעגט זי מיך פאַרבלענדן. זי פלעגט זינגען הילכיק און שיין, אויסטיילן זיך פון אַלעמען, צושמידן צו זיך די אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט. וויטע פלעגט זאָגן אויף איר: — ״אַן עגאָיִסטקע און מער גאָרניט״, און איך פלעג מסכים זײַן. און מיט אַ מאָל, דאָ אין קויבישעוו, האָב איך דערזען גאָר אַן אַנדערע רוטע — אַ מילדע, אַ גוטע, אַן איבערגעגעבענע. ווײַזט אויס, קען זי זײַן אַזאַ, ווײַל זי איז אַ שטאַרקע, זי איז פעסט בײַ זיך, און דערפאַר איז איר אַלע מאָל גוט.

# ערב דעם פראָנט

ס׳האָט זיך טאַקע באַקומען אַזוי, ווי מען האָט געזאָגט: אַסיעס היים איז געווען דאָס אָרט אין הינטערלאַנד, וווּהין חברה, דערוויסנדיק זיך דעם אַדרעס, האָבן געשריבן בריוו און באַקומען אויף אַזאַ אופן ידיעות איינער וועגן אַנדערן, געפונען אַ פאַרבינדונג.

מיכקע האָט אין זײַן בריוו דערציילט די געשיכטע פון זײַן אָנקומען אין דיוויזיע. ער איז געווען אין באַשקיריע, געאַרבעט אין גאָלדגרובן, פון אָנהייב אַלס סטאָליער, אַלס טעסלער, דערנאָך בײַם זוכן גאָלד. "געלעבט האָט זיך מיר ניט שלעכט — האָט ער געשריבן — אָבער צי דען בין איך אַרויסגעפאָרן פון דער היים אַרומצוואָגלען ערגעץ אין הינטערלאַנד? ווי נאָר איך בין געקומען אַהער, בין איך גלײַך דעם ערשטן טאָג אַוועקגעפאָרן אין ראַיאָן־צענטער, אין דער קריגס־קאָמענדאַטור. מען האָט מיר געזאָגט: "וואַרט, מען וועט אײַך אַרויסרופן". געוואַרט, שרײַבט ער, צען טעג, ווידער זיך געווענדט. "מע האָט דאָך אײַך שוין געזאָגט", האָט מען מיר געענטפערט, און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז זיי אײַלן זיך ניט. איך האָב געהערט, אַז מיט די אָנגעקומענע פון מערב האַלט עס פאַרשיידן: אין אייניקע ערטער נעמט מען זיי אין אַרמיי, אין אַנדערע — ניט, אפשר טרויט מען זיי ניט. דערצו האָב איך נאָך אַ חסרון — געדענקסט, אַ מאָל אין דעפענסיווע האָט מען מיך געשלאָגן אין קאָפּ, און איך הער שלעכט אויף איין אויער.

גענוג, אַז איך האָב גענומען און אַוועקגעשריבן אַ בריוו צו סטאַלינען: "אַזוי און אַזוי, איך בעט מיטווירקן, מען זאָל מיך נעמען אַלס פרײַוויליקן אין די רייען פון דער קעמפנדיקער רויטער אַרמיי". ס'איז געקומען אַן ענטפער: וואַרט אויף אַן אַרויסרוף פון וואָיענקאָמאַט. האָב איך ווידער געוואַרט, אפשר אַ גאַנצן חודש, און געשיקט נאָך אַ בריוו קיין מאָסקווע. און גלײַכצײַטיק צוויי בריוו אײַנעם נאָכן אַנדערן ד'אָ אין וואָיענקאָמאַט. דאַן האָט מען מיך שוין גענומען".

אַסיע האָט, לייענענדיק דעם בריוו, אַ שמייכל געטאָן. זי האָט זיך אויסגעמאָלט מיכקען, דאָס איז געווען ווײַנער אויסן אויג. אָבער נאָך מער האָט זי זיך דערפרייט, ווען ס'זײַנען אָנגעקומען גלײַכצײַטיק צוויי בריוו — פון מיכקען און פון שלומען, אין וועלכע ביידע האָבן דערציילט וועגן זייער באַגעגעניש אין דיוויזיע. שלום האָט באַשריבן, ווי זיי האָבן זיך ביידע דערמאָנט דאָס יאָר 1940, דעם פריידיקן אַלוועלטלעכן יוגנטטאָג, דעם מיטינג אין קינאָ "מילדאַ", דעם יוגנטמאַרש מיט די פאַקעלן, און צום סוף — אַן אָוונט בײַ אַסיען אין דער היים; און מיכל האָט אין זײַן בריוו אויף עלף זײַטלעך מיטגעטיילט, צוו"אַנד, אַז ער איז געווען בײַ שלומען גענויע

דרײַ מיט אַ האַלבער שעה. מיכקע האָט ליב געהאַט פּינקטלעכקייט און האָט באַשריבן יעדע זאַך מיט אַלע פּיטשעווקעס; אַז זיי האָבן אַרומגערעדט אַלע פּראָבלעמען פונעם ערשטן סאָוועטישן יאָר אין ווילנע, און אַז שלום האָט אים דערקלערט פּיל פון די זאַכן, וועלכע ער, מיכקע, האָט פריִער ניט פאַרשטאַנען.

די ווערטער האָבן בײַ אַסיען אַרויסגערופן אַ שטורעם פון פרייד. פון האַרצן איז אַראָפּגעפאַלן אַ שטיין, וועלכער האָט דאַן, פאַר דער מלחמה, אַזוי שווער געדריקט.

בריוו, בריוו פון חברה... ניט אַלעמענס בריוו זײַנען געווען אַזוי מונטער און פול מיט האָפענונג, ווי שלומס און מיכקעס. דאַניעס בריוו האָבן אַסיען פון אָנהייב צעקלעמט:

״ס׳איז שווער צונויפצוקלײַבן די געדאַנקען און נעמען די פעדער אין האַנט — האָט ער געשריבן. — די מוראדיקע געשעענישן פון די לעצטע יאָרן האָבן זיך ווי אַ הוראַגאַן, וואָס פאַרניכטעט אַלץ אויף זײַן וועג, דורכגעטראָגן איבער אונדזערע קעפּ. איך בין שוין לאַנג ניט דער דאַנקע, וואָס איך בין געווען אין שול. איך ווייס ניט וואָס פאַר אַ דו ביסט איצט, געזען האָבן מיר זיך בלויז אַ קורצע ווײַלע, ווען דו ביסט געווען קראַנק. צי וועסטו מיך פאַרשטיין? דו וואַרטסט מסתמא אויף ראָמאַנטיק, אויף באַשרײַבונגען פון אַ העלדיש סאָלדאַטיש לעבן אונטער די קלאַנגען פון מונטערע קאַמפּסלידער, וועגן באַגעגענישן מיט מענטשן, פול מיט ענטוזיאַזם און האַרציקייט. אויב אַזוי, לייען ניט ווײַטער און וואַרף אַרײַן דעם בריוו אינעם קאָרב בײַ דײַן לערערטישל. מײַן לעבן דערווײַל איז גרוי און איינטאָניק, יעדער טאָג איז ווי צוויי טראָפּן וואַסער ענלעך אויפן פאָריקן.

נאָך מײַן האַלב היימלאָזן, האַלב וואָגלערישן ״ציווילן״ לעבן בין איך אָנגעקומען אין אונדזער דיוויזיע אין דער צײַט פון איר פאָרמירונג — אָנגעקומען פול מיט מוט. נאָר דאָ האָט מען מיך צופעליק באַשטימט פאַר אַ בעל־עגלה אין דער טראַנספּאָרט־ראָטע. ס׳איז, דוכט זיך, ניט קיין אומגליק און ניט קיין שאַנד, און דאָך האָט עס מיר ווי געטאָן... די שווערע אַרבעט אין קנאַקנדיקע פרעסט, צו וועלכער דו ביסט ניט געוווינט, גראָבקייט פון מענטשן לגבי דיר, דעם איינציקן ״אינטעליגענטל״ — דאָס אַלץ האָט

שלעכט, זייער שלעכט געווירקט אויף מיר סײַ פיזיש, סײַ מאָראַליש. דאָס איז שוין אַלץ פאַרבײַ, אָבער די אָ ערשטע צײַט אין דער אַרמיי האָט איבערגעלאָזן אין מיר איר שפור. כ׳האָב באַדאַרפט אַ סך כוח און מי, זיך צו באַפרײַען פון די שווערע זכרונות...״

דאַניעס קומענדיקער בריוו איז שוין געווען מונטערער:

״ס׳זײַנען געווען פאַרשיידענע צײַטן — האָט ער געשריבן — געווען ערגער און בעסער. אָבער אין אַלגעמיין קען איך דיר זאָגן מיט שטאָלץ (דער שטאָלץ וועט דיר אפשר אויסקומען לעכערלעך, ווײַל דו ווייסט ניט דעם פרײַז פון מײַן קאַמף מיט זיך אַליין און פון מײַן זיג איבער זיך): איך האָב זיך גענומען אין די הענט און האַלט זיך פעסט. איך האָב פאַרהאַרטעוועט מײַן ווילן, געוואָרן רײַפער, אָנגעהויבן אַנדערש קוקן אויף דער וועלט. ערשט איצט האָב איך אָנגעהויבן זיך אַליין צו דערקענען״.

איין מאָל, ווען די דיוויזיע איז שוין געווען אויפן וועג צום פראָנט, האָט אַסיע באַקומען אַ בריוו פון סאָלאָוויטשיקן:

״איך האָב קיין מאָל ניט געמיינט, אַז איך וועל זײַן בכוח צו שפּרײַזן עטלעכע מעת־לעת נאָך אַנאַנד, אין פרעסט און וויכערס, בײַ פולער באַוואָפענונג, דורכמאַכנדיק אַ וועג פון עטלעכע הונדערט וויאָרסט. ס׳ווײַזט זיך אַרויס, אַז קיין זאַך איז ניט צו שווער, ווען דו דערלאַנגסט אַ קלער וואָס עס קומט פאָר דאָרט, אויף די געביטן, וועלכע דער דײַטש האָט פאַרנומען. ס׳פאַרדריסט נאָר, וואָס מיר זײַנען נאָך אַלץ ניט אויף דער פאָדערשטער ליניע, פון טאָג צו טאָג האָט מען עס אונדז צוגעזאָגט, אָבער די מינוט איז נאָך אַלץ ניט געקומען. און נאָך אַ זאַך קלעמט אונדז — אַז אונדז, ווילנער חברה, האָט מען ניט צונויפגענומען צוזאַמען אין דער זעלבער איינהייט. מיר זײַנען זיכער, אַז דאָס וואָלט געווען די בעסטע איינהייט אין דער דיוויזיע. דערווײַל זײַנען מיר כמעט אַלע אין פאַרשיידענע פּאָלקן, און מיר וואָלטן וועלן גיין אין קאַמף האַנט בײַ האַנט. מיר האָבן וועגן דעם געזאָגט שלומען און ס׳האָט זיך אונדז אויסגעדאַכט, אַז דער אײַנפאַל איז אים פון אָנהייב געפעלן. אָבער שפּעטער האָט ער זיך, ווײַזט אויס, אָפּגעקילט צו דער זאַך. און ער איז דאָך דער איינציקער, וואָס וואָלט דאָ געקענט עפּעס אויפטאָן. שרײַב אים אָן...״

אַסיע האָט געצווייפלט, צי זי וועט קענען העלפן די חברה, זי האָט

געוווסט, אַז קיין השפּעה אויף שלומען האָט זי ניט, און אַז ער האָט פּײַנט, ווען מע גריבלט זיך אין ענינים, וועלכע זײַנען שוין באַשלאָסן געוואָרן. מיט אומעט האָט זי אַ קלער געטאָן וועגן זײַן האַרטן כאַראַקטער און וועגן זײַן שווערן גורל, וועלכער האָט, ווײַזט אויס, בײַ אים אויסגעשמידט אַזאַ כאַראַקטער. דאָך האָט זי אים אָנגעשריבן. דער ענטפער איז אָנגעקומען שנעל. די ווערטער זײַנען געווען אַזעלכע, ווי זי האָט דערוואַרט — קאַטעגאָרישע און שאַרפע:

"...דאָ איז אַן אַרמיי. ניט הײַנט איז מאָרגן גייען מיר אין קאַמף. מען דאַרף ניט זײַן קאַפּריזנע. איך וועל זיך באַמיִען זיי נעמען אין די הענט. צונויפקלײַבן זיי צוזאַמען קענען מיר ניט".



אין אינסטיטוט האָט זיך אָנגעהויבן די ווינטער־סעסיע פאַר עקסטערן־סטודענטן. מען האָט זי צוגעפּאַסט צו דער צײַט פון די שול־קאַניקולן — די סטודענטן זײַנען דאָך מערסטנטייל געווען לערערס.

אין די קאָרידאָרן האָבן זיך געשטופּט דערוואַקסענע מענטשן, וועלכע האָבן זיך אויפגעפירט ניט סאָלידער, ווי די יוגנט פון דער טאָג־אָפּטיילונג: דער זעלבער פּחד פאַרן עקזאַמען, די זעלבע שפּאַרגאַלקעס, דאָס זעלבע אײַליקע בלעטערן דעם לערנבוך בײַ דער טיר פון אודיטאָריע ווו דער עקזאַמען קומט פאָר.

אַסיע האָט דעם טאָג געהאַלטן עקזאַמען פון לעקסיק.

עפּעס אַן אומבאַקאַנטער בחור איז צוגעגאַנגען צו איר, געבעטן לײַען אירע קאָנספּעקטן; אַסיע האָט זיך צו ערשט פאַרוווּנדערט פאַר וואָס ער האָט ניט קיין אייגענע, נאָר באַמערקנדיק דעם ליידיקן אַרבל פון זײַן רעכטער האַנט, אַלץ פאַרשטאַנען.

זיי האָבן זיך פונאַנדערגערעדט. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז וויקטאָר לערנט קינדער געשיכטע און פירט אויף פּיאָנערישע אַרבעט אין אַ זיבניאָריקער שול אין ראַיאָן. איצט האָט ער באַשלאָסן אויך צו שטודירן דײַטש.

אַסיע האָט אים דערציילט וועגן אירע צרות אין שול. ער האָט זיך צעלאַכט און פריילעך אַ זאָג געטאָן:

— נעם זיך ניט צום האַרצן, וועסט זיך צוגעוווינען.

זיי זײַנען געגאַנגען דורכן קאָרידאָר. אַסיע האָט זיך דערזען אין אַ שפּיגל — די גרויסע וואַטענע בורקעס אויף די פּיס מיט די ריזיקע קאַלאָשן. וויקטאָר האָט עס ניט באַמערקט, ער האָט געהאַלטן אין דערציילן וועגן זײַן שול און מיט אַ מאָל פאָרגעלייגט:

— קום אין קינאָ נאָכן עקזאַמען.

— ניין, וואָס רעדט איר, איך דאַרף אָפּנעמען דאָס קינד פון די יאַסלעס!

— וואָס? ביסט שוין אַ מוטער?!

ווען אַסיע איז נאָך אַ מאָל, נאָכן עקזאַמען, פאַרבײַגעגאַנגען דעם שפּיגל, האָט זי ווידער געוואָרפן אַ בליק אויף זיך און האָט זיך אַליין שוין ניט אויסגעוויזן אַזוי מיאוס. זי האָט זיך אַ אײַל געטאָן, ניט צו פאַרשפּעטיקן אין די יאַסלעס, אָבער די קאַלאָשן האָבן איר געשטערט צו גיין גיך.

בײַ נאַכט האָט זיך אַסיע אויפגעכאַפּט פון שרעק — איר האָט זיך געחלומט, אַז בײַ שלומען פעלט אַ האַנט. זי האָט זיך מיט גרויל דערמאָנט אין אַלע איינצלהייטן פון חלום, אויפגעשטאַנען, אָנגעצונדן אַ קליין לעמפּעלע און זיך אַוועקגעזעצט שרײַבן אַ בריוו:

"...וואָס עס זאָל מיט דיר ניט פּאַסירן, וואַרט איך אויף דיר, איך וואַרט מיט אומגעדולד און וועל דיך באַגעגענען פול מיט ליבע. דו האָסט געשריבן איך זאָל גיין אין קינאָ, אין טעאַטער, טרעפן זיך מיט יוגנט, זוכן פרײַנד. איך דאַרף עס אָבער ניט, איך האָב מיט וואָס צו לעבן — דו ביסט דאָ און אַליק, און מער דאַרף איך קיינעם ניט..."

### פונעם טאָגבוך

"מאָרגן איז נײַיאָר. איך האָב מורא צו האָפן אויף אַ באַגעגעניש, אָבער די האָפענונג איז שטאַרקער פון מיר; דעם גאַנצן טאָג דוכט זיך מיר, אַז ווען כ'וועל קומען אַהיים און עפענען די טיר, וועל איך דערזען, אַז שלום, נאָך אין שינעל, זיצט אויף אונדזער בעט. און בײַ נאַכט האָרך איך די טריט אויף די טרעפּ.

די טעג איז בײַ אונדז אין שול געווען אַ נײַיאָר־אָוונט. לערערס, וואָס זײַנען שוין אין די יאָרן, זײַנען געקומען מיט זייערע מענער און פרויען. ס׳איז געווען היימלעך און מיר איז געוואָרן אומעטיק. פון אָנהייב האָב איך געהאַט בדעה צו דעקלאַמירן צוויי לידער פון סימאָנאָוון, „וואַרט אויף מיר" און נאָך אײַנס, כדי צו דערשפּירן נעבן זיך שלומען. אָבער שפּעטער האָב איך רעזיגנירט דערפון: דאָס וואָלט געווען אַזוי, ווי איך וואָלט גערעפנט דאָס האַרץ פאַר פרעמדע מענטשן. דאָס, וואָס סימאָנאָוו האָט געשריבן, איז צו אינטים, מען זאָל עס קענען זאָגן אויף אַ קול.

דערנאָך בין איך געקומען אַהיים און אַרויסגענומען שלומס וואָלענע בלוזקע, וועלכע ער האָט מיר צוגעשיקט, ווען ער האָט באַקומען אַ מונדיר. שלום האָט זי געהייסן פאַרקויפן, איך זאָל אויסלייזן אַ ביסל געלט אויפן עסן. אָבער איך וועל אין לעבן ניט פאַרקויפן קיין פאָדעם פון זײַן מלבוש. ער וועט זיך אומקערן און וועט אַליין טראָגן זײַנע זאַכן.

און כאָטש כ׳האָב די וואָלענע בלוזע אויסגעוואַשן, איז פאַרבליבן אין איר דער ריח פון זײַן טאַבאַק און פון זײַן שווייס. און בעת איך ווער שוין גאָר אויסגעבענקט, דריק איך זי צו צו זיך, בעת קיינער זעט ניט, און מיר דוכט זיך, אַז ער איז מיט מיר..."

אין דער פרי, ווען אַסיע איז מיט אַליקן אויף די הענט אַוועק אין יאַסלע, האָט זי זיך אָנגעשטויסן אין אַ יונגער פרוי, וואָס איז געשטאַנען נעבן זייער הויז און געזוכט מיט די אויגן דעם נומער. זי האָט געטראָגן אַ פּעלצל און אויפן קאָפּ אַ געשטריקטן „שלעם" — זאַכן, וואָס זײַנען אַסיען באַקאַנט געווען פון די שוליאָרן.

— חנה! דו?!

— אַסינקע! זע, און איך זוך דאָך דײַן שטוב.

אַסיע האָט געוואָלט אַרומנעמען די חברטע, אָבער די הענט זײַנען געווען פאַרנומען.

— דאָס איז דײַן העלד? אוי, סאַראַ גרויסער! דיר איז דאָך שווער? פאַר וואָס שלעפּסטו אים?

— ער גייט נאָך ניט אַרום.

— גיב אים אַהער. צי גייט ער ניט צו קיין פרעמדע?

חנה האָט צוגענומען אַליקן, יענער האָט זיך געקליבן

פונאַנדערצװױינען, אָבער איבערגעקלערט און גענומען זיך אײַנקוקן מיט אינטערעס אויף דער פרעמדער מומען. מיט אַ מאָל האָט ער קלאָר אַ זאָג געטאָן:

— מאַמע!

חנה האָט זיך צעלאַכט און אין אירע װאַרעמע אויגן האָבן אַ טאַנץ געטאָן שטיפערישע בליצן.

— מיך האָט ער אַזױ אָנגערופן? — האָט זי געפרעגט.

— ער האָט זיך פּשוט ניט לאַנג אויסגעלערנט זאָגן דאָס װאָרט און פּײַנט זיך מסתּמא דערמיט אויס.

— נו, קום, קום, אים איז אפשר קאַלט. אַװוּ טראָגסטו אים אַזױ פרי?

— אין די יאַסלעס.

— און ער װײנט ניט?

— ניין, ער האָט האָלט געזעלשאַפט.

חנה האָט זיך באַלד איבערצײַגט, אַז עס איז טאַקע אַזױ. אַליק, דערזעענדיק אין שפּילצימער זײַנע חברים, האָט זיך שיִער ניט אַרויסגעריסן פון אַסיעס הענט, װען זי האָט אים איבערגעטאָן.

— נו שוין, אָפּגעגעבן דאָס קינד. װוּ האָסטו זיך דערװוּסט מײַן אַדרעס? און בכלל, רייד שוין גיכער — װוּ, װאָס, װען?

אַסיע האָט זיך צוגעקוקט צו דער חבֿרטע און דערזען, אַז חנה איז דאַרער געװאָרן, אַז איר שטענדיק בלייך פּנים איז געװאָרן גרוי װי די ערד און נאָר די אויגן פלאַמען װי אַלע מאָל.

— דײַן אַדרעס האָב איך זיך דערװוּסט צופעליק — האָט חנה דערקלערט. — איך האָב באַגעגנט רוטעס אַ חבֿר, גערעדנקסט, יענעם סטודענט, װעלכער האָט אונדז געלערנט לאַטײַן? ער שרײַבט זיך איבער מיט דײַן שװעסטער און האָט מיר אַ ביסל װעגן אײַך דערציילט.

אַסיע האָט געהערט, און פאַר די אויגן איז איר װידער געשטאַנען דער ברענענדיקער מינסק, דער פאַראיבל אין בליק פון חנהס מוטער, דאָס אײַליקע פּאַקן זיך.

— איך בין געװען בײַ די דײַניקע אין מינסק — האָט געזאָגט אַסיע.

— זיי האָבן באַװיזן אַרויסצופאָרן?

חנה האָט טיף אָפּגעזיפצט.

— אַרויספֿאָרן האָבן זיי באַוויזן. די מאַמע איז אָבער געשטאָרבן אויפֿן וועג. דאָס האַרץ האָט ניט אויסגעהאַלטן.

אַסיע האָט צוגעדריקט חנהס אָרעם, אָבער יענע האָט אים אַוועקגענומען, זאָגנדיק — "איך האָב פֿײַנט צו גיין אונטערן אָרעם", וואָס האָט געזאָלט באַטײַטן, אַז חנה קען ניט לײַדן, מען זאָל אויף איר רחמנות האָבן. שווײַגנדיק זײַנען זיי אַרויף אויף די טרעפּ. אין דער היים איז שוין קיינער ניט געווען.

— מירן טרינקען טיי?

— דאָ האָב איך דיר געבראַכט...

חנה האָט אַרויסגענומען פֿון טאַש אַ גרויסע פּושקע פֿליישקאָנסערוון און עטלעכע שטיקער צוקער.

— וואָס טוסטו? אַזעלכע מתּנות הײַנט צו טאָג!

— דריי ניט דעם קאָפּ, נעם! דאָס איז פֿאַרן קינד.

אַסיע האָט באַשלאָסן מער וועגן גאָרניט צו פֿרעגן — חנה איז געווען ניט פֿון די, וועלכע קלאָגן, וועלכע טיילן זיך גערן מיט זייערע צרות און וועלכע ווילן, מען זאָל זיי מיטפֿילן. זי וואָלט קאַטעגאָריש איבערגעשלאָגן יעדן אויסדרוק פֿון מיטגעפֿיל, אַסיע האָט עס געוווּסט.

דאָך איז די חברטע, דערציילנדיק וועגן באַקאַנטע, אומבאַמערקט אַריבער צו די אייגענע ענינים. גערעדט האָט זי אײַנגעהאַלטן, לאַקאָניש, מיַינענדיק זיך צו צוימען אירע געפֿילן.

— מיינע עלטערן זײַנען אַרויסגעפֿאָרן מיטן זאַוואָד. די מאַמע — מיט די משפּחות, דער טאַטע — מיטן לעצטן טראַנספּאָרט. די דײַטשן האָבן זיי אָנגעיאָגט ניט ווײַט פֿון סמאָלענסק... דעם טאַטן האָט זיך אײַנגעגעבן אויפֿצורײַסן די מאַשינען.

און ווײַטער שוין מיט אַן אַנדער טאָן:

— הער זיך אײַן, אַסיע, דו אײַלסט זיך אין ערגעץ ניט? אפֿשר פֿאַרהאַלט איך דיך?

— ניין, וואָס רעדסטו? איך שטודיר עקסטערן, איצט איז די סעסיע.

— איך האָב אַליין אויך ניט קיין סך צײַט, איך בין אין אַ שליחות.

— וועסט דאָ לאַנג זײַן?

— ניין, היינט פאַר איך צוריק. דערצייל בעסער וועגן זיך — ווי לעבט זיך דיר, ווו איז דײַן מאַן?

אַסיע האָט דערציילט וועגן זיך און געקוקט אויף חנהן, ניט זײַענדיק בכוח אָפּצורייסן דעם בליק פונעם וואַרעמען, גאָלדענעם שײַן אין אירע שוואַרצאַפּלען, פון די אויפגעשווונגענע ברעמען, ווי פליגל פון אַ פויגל, פון איר מאַטן געזיכט מיט די עטוואָס סטאַרטשנדיקע באַקנבײַנער, וואָס האָבן אונטערגעשטראָכן אַ מענערשע שטרענגקייט. אַסיע איז אויף אַ ווײַלע אַנטשוויגן געוואָרן, באַהערשט פונעם פאַרגעסענעם געפיל: זי איז, ווי אַמאָל, אַנטציקט געוואָרן פון דער חברטעס שיינקייט און האָט פאַרגעסן, וועגן וואָס זי האָט אָנגעהויבן צו ריידן.

— חנה, טײַערע מײַנע...

זיי האָבן זיך ערשט איצט שווײַגנדיק אַרומגענומען. ס'האָט זיך שוין ניט געוואָלט ריידן — ס'איז געווען גענוג, אַז זיי זײַנען צוזאַמען און זעען זיך.

— פרײַנד מיינער, איך וואָלט ניט געזאָגט, אַז דו ביסט ענלעך אויף אַ מוטער.

— און דאָך בין איך. אָבער דו האָסט נאָך קיין זאַך ניט דערציילט וועגן זיך.

חנהס פּנים האָט זיך פאַרוואָלקנט.

— ס'איז אַלץ אַזוי קאָמפּליצירט, אַסינקע. דו געדענקסט, איך בין אַוועקגעפאָרן קיין מינסק צוזאַמען מיט די עלטערן און מיט מײַן חבר. ווייסט דאָך, ווער דאָס איז געווען — אַוועמל. געדענקסט דעם יאַט: אַ בונדישער יוגנט־פירער, אַ פלאַמיקער רעדנער. דאָס איז געווען אַ כוח, מיידלעך פלעגן פאַרלירן דעם קאָפּ. זײַנער צײַט האָט ער אויך מיך איבערצײַגט אַריבערצוגיין פון אײַער אומלעגאַלער אָרגאַניזאַציע אין "צוקונפט" אַריין.

דאַן, אין מינסק, זײַנען מיר שוין געווען צוזאַמען. געדענקסט, וואָס פאַר אַ ליבע דאָס איז, געווען, כאָטש... ניט שטענדיק האָבן מיר זיך פאַרשטאַנען. ער איז געווען גרויס בײַ זיך, איך האָב אויך אויסגעוויזן צו זײַן אַזאַ. כאָטש, וועסט ניט גלויבן, איך פלעג אויף אַזאַ אופן מאַסקירן מײַן מינדערוווערטיקייט־געפיל...

— דו? אַ מינדערוווערטיקייט־געפיל?

— שטעל זיך פאָר! אין זײַן אָנוועזנהייט פלעגט זיך עס אפילו שטאַרקן. איך וואָלט עס, מסתמא, איצט ניט געדאַרפט דערמאָנען. מען האָט אים אַרעסטירט, געדענקסט, איך האָב געשריבן...

— איך געדענק — איז אַסיע צעטומלט געוואָרן. זי האָט שטענדיק געדענקט, אַז זי האָט דער חברטע אויף יענעם בריוו ניט געענטפערט און מער ניט געשריבן.

— ווען ס׳איז אויסגעבראָכן די מלחמה, בין איך געווען אין מאָסקווע — האָט ווײַטער דערציילט חנה. — ס׳האָט גראָד זיך אָנגעהויבן די זומער־סעסיע אין אינסטיטוט. דערנאָך זײַנען מיר, די סטודענטן, אַלע אַוועק אַרבעטן פאַרן פראָנט אין אַ פאַבריק. אין יענער צײַט האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דער טאַטע איז אַוועק אויפן פראָנט און וועגן אים זײַנען ניטאָ קיין ידיעות, און אַז די מאַמע איז שוין אויך ניטאָ אויף דער וועלט, אַז איך בין איינער אַליין. דאַן האָב איך נאָך צו אַלע צרות פאַרלוירן די ברויטקאַרטלעך אויפן גאַנצן חודש. אין דער פרי אָבער האָב איך אויף מײַן טישל אין דער סטודענטישער צוזאַמענוווינונג געפונען אַ שטיקל ברויט, פונקט אַזאַ ווי מײַן טעגלעכער חלק. איך האָב עס געוואָלט אומקערן, אָבער ניט געוווּסט וועמען — מסתמא האָבן זיך אַלע צונויפגעלייגט, אָבער אומישנע געגעבן אין איין שטיק. און אַזוי איז געווען ביז סוף חודש.

דערנאָך, ווען די דײַטשן זײַנען שוין געווען האַרט בײַ מאָסקווע, האָבן מיר געגראָבן טראַנשייען. די מענטשן אַרום, די פאַרפרוירענע ערד, די שטיל־געוואָרענע, פוסטע מאָסקווער גאַסן — דאָס אַלץ איז געוואָרן נאָענט. דערנאָך, שוין דאָ, נעבן סאַראַטאָוו, האָב איך באַגעגנט איינעם אַ מענטשן — ער האָט זיך אומגעקערט פון פראָנט נאָך אַ שווערער פאַרווונדונג. קיין זאַך פאָדערט ער פון מיר ניט. עס איז אַזוי, ווי ער וואָלט לעבן נאָר דערצו, מיר זאָל זײַן בעסער. איך האָב קיין מאָל ניט געוווּסט, אַז מען קען אַזוי שטאַרק ליבן. מיר פאַרשטייען אײַנער דעם אַנדערן אויפן ווונק און אַלץ איז בײַ אונדז אַזוי פּשוט, אַז טייל מאָל דוכט זיך מיר — שוין צו פּשוט.

בײַ אַסיען איז אויף דער צונג געלעגן אַ פראַגע וועגן אַוורעמלען, אָבער זי האָט זיך אײַנגעהאַלטן. ווער־ווער, אָבער זי, אַסיע, האָט ניט געהאַט קיין רעכט וועגן אים צו פרעגן.

חנה האָט געוואָרפן אַ בליק אויפן זייגער און זיך אַ כאַפּ געטאָן:

— איך פאַרשפּעטיק דאָך!
— אפשר וועלן מיר זיך נאָך דעם טרעפן?
— ניין, צום באַדויערן, איך דאַרף פאָרן.
— ווו זשע אַרבעטסטו? האָסט נאָך ניט געזאָגט.
— שטעל זיך פאָר, אין דאָרף, אין אַ טראַקטאָרן־סטאַנציע. אַלס אינזשעניר־פּלאַנירער.
— ווי קומסטו צו דעם פאַך?
— אַדורך אַ קורס.
— און דער אינסטיטוט? דאָס לערנען?
— מ׳וועט באַווייזן. איצט דאַרף מען אַרבעטן. דערצו שפּענד איך נאָך בלוט, האָב איך צוצושטוקעווען צו דער פּרנסה.
— דו?! ביסט אַלע מאָל געווען אַזוי בלאַס און איצט באַזונדערס...
— ס׳האָט גאָרניט צו זאָגן. די בלאַסקייט איז אָפּהענגיק פון דעם, ווי ווײַט ס׳זײַנען די בלוטגעפעסן. איך האָב גוטע בלוט, ס׳פעלט ניט, און דאָס געבן בלוט פאַלט מיר ניט שווער, כ׳האָב זיך שוין צוגעוווינט.
— שרײַב מיר וועגן זיך. שרײַב געניי, דו הערסט?

## צום ווידערזען אין דער באַפרײַטער ווילנע...

אָט זײַנען שוין באַלד אַריבער אָנדערטהאַלבן חדשים פונעם נײַעם 1943סטן יאָר, און פון שלומען איז נאָך אַלץ ניטאָ קיין ידיעה. אין לעצטן בריוו האָט ער מיטגעטיילט, אַז זיי זײַנען שוין אויפן פראָנט.

אַסיע האָט זיך באַמיט צו האַלטן אין די הענט, ניט אַרויסווײַזן איר אומרו , אָבער דאָס האָט זיך איר ניט אײַנגעגעבן און אַלע האָבן געזען, אין וואָס פאַר אַ צושטאַנד זי געפינט זיך.

— אַסיע, אַ בריוו!

לילקע איז אַרײַנגעלאָפן אין צימער פאַררויטלט און גליקלעך, אַז דווקא זי זאָגט אָן די גוטע בשורה. אַסיע האָט געכאַפּט דעם בריוו און ס׳איז איר פינצטער געוואָרן אין די אויגן.

— וואָס האָט פּאַסירט, קינד מיינס?!

זי האָט דערלאַנגט דער מאַמען דעם קאָנווערט: ס׳האָט זיך אומגעקערט איר אייגענער בריוו צו שלומען.

— אפשר האָט זיך ביי אים געביטן דער אַדרעס?

— דער נומער פון דער פּעלדפּאָסט בייט זיך ניט. אויב מען וואָלט אים אַריבערגעפירט אין אַן אַנדער טייל, וואָלט ער געגעבן צו וויסן.

— מען דאַרף גיין אויפקלערן.

— איכ׳ל גיין! — איז לילקע אויפגעשפּרונגען פון אָרט.

— ניין, ניין, איך אַליין.

ווען אַסיע האָט גענומען אויפקלערן אין פּאָסט פּאַר וואָס איר בריוו האָט זיך אומגעקערט, צי הייסט עס ניט, אַז דער אַדרעסאַט איז שוין דאָרט ניטאָ, האָט דאָס מיידל אין פענצטערל בייז אויף איר אַ קוק געטאָן:

— נו, פּרובירט זיך פונאַנדערקלייבן, וואָס דאָ איז אָנגעשריבן. דאָ, אינעם נומער פון דער פּעלדפּאָסט: 58, צי 38?

אַסיע האָט לייכטער אָפּגעאָטעמט.

**פונעם טאָגבוך**

איך לאָז ניט צו צו זיך קיין שלעכטע געדאַנקען. מע דאַרף לעבן, אַרבעטן און וואַרטן. לעבן, אַרבעטן און וואַרטן.

נאָך דער מעשה מיט מיין שלימזלדיקער לעקציע בין איך לאַנג ניט געגאַנגען אין שול: גראָד איז אַליק קראַנק געוואָרן. זיצנדיק אין שטוב, האָב איך אַ סך געקלערט וועגן דעם, אַז צו לערערײַ טויג איך ניט, און אויב אַזוי, דאַרף מען גלייך אָוועקגיין.

ווען אַליק איז געזונט געוואָרן, בין איך אַריין צו אונדזער דירעקטאָר ראַכיל דאַווידאָוונאַ און געזאָגט, אַז איך קען ניט אַרבעטן אין שול. זי האָט מיך געבעטן זיך זעצן און אַ היפּשע ווײַלע ניט אָנגעהויבן דעם שמועס, אָנקוקנדיק מיך אַזוי, ווי זי וואָלט זאָגן: נו, קלעם זיך ניט.

— איך מיין, אַסיע, אַז דו ביסט גערעכט, קיין פּעדאַגאָג וועט פון דיר ניט אַרויס — האָט זי סוף־כל־סוף געזאָגט. — אָבער געזעלשאַפטלעכע אַרבעט — דאָס יאָ, אַן אָרגאַניזאַטאָר ביסטו אַ גוטער, האָסט איניציאַטיוו.

ס'איז פון דעסטוועגן אַ שאָד, וואָס דו גייסט אַוועק. מיט די עלטערע חברה פלעגט דיר גיין גוט.

איך האָב צוגעזאָגט, אַז איך וועל אַרײַנקומען אין שול, פאָרזעצן די אַרבעט מיט זיי. צום סוף, געזעגענענדיק זיך, האָט זי צוגעגעבן:

— איך האָב געהערט, אַז דו קלײַבסט זיך אַרײַנטרעטן אין דער פּאַרטיי. אויב דו וועסט דאַרפן אַ רעקאָמענדאַציע, וועל איך דיר געבן.

איך בין אַוועק פון שול באַפליגלט. מען זאָל באַפרײַען פון דער אַרבעט אויף אַזאַ אופן! נאָר אונדזער דירעקטאָר קען עס!

פון שלומען איז לאַנג ניט געווען קיין בריוו. נאָר אין אָנהייב מאַרץ איז אָנגעקומען אַ קורץ קאַרטל:

"איך לעב און בין געזונט. אין גיכן טרעטן מיר אַרײַן אין קאַמף. דו שרײַבסט, אַז וואָס עס זאָל מיט מיר ניט פּאַסירן, וואַרטסטו אויף מיר. איך האָב וועגן דעם קיין מאָל ניט געצווייפלט. אָבער אין אַלגעמיין קלערט מען אויף דער מלחמה ווייניק וועגן טויט און ווונדן. קלער דו אויך ניט וועגן דעם. שרײַב מיר וואָס עפּטער. שלום".

אַסיע האָט אַוועקגעלייגט דעם בריוו, אים ווידער גענומען, ווידער אַוועקגעלייגט. עפּעס ריזיק שווערס און אומפאַרמײַדלעכס, וואָס האָט שוין אַ צײַט געלעבט אין איר אונטערבאַוווסטזײַן, איז געוואָרן רעאַל און בולט. און דאָך האָט איר מיט אַ מאָל באַהערשט אַ מאָדנער געפיל, וואָס האָט אַזוי ניט געפּאַסט צו דעם מאָמענט — אַ הייסע ליבשאַפט צו שלומס האַנטשריפט, צו די שורות, אין וועלכע יעדער אות האָט עקסיסטירט באַזונדער, אַליין פאַר זיך, ניט פאַרבונדן מיט אַנדערע אותיות. אַסיע האָט געקוקט אויף די אותיות, און ס'האָט זיך איר געדאַכט, אַז זי הערט שלומס קאַטעגאָרישע שטים, וואָס דערלאָזט ניט קיין ווידערווידערונג.

פון דער פאַרגליווערטקייט האָבן זי אויפגעוועקט דער מאַמעס ווערטער:

— אַסינקע, אויב דו ווילסט, וועל איך גיין נאָך אַליקן.

אַסיע האָט זיך פאַרוווּנדערט, וואָס די מאַמע רעדט אַזוי ווייך און מילד. דאָס איז ניט געווען איר שטייגער; איבערהויפּט איצט, אין דער שווערער מלחמה־צײַט, האָט די מאַמע גערעדט געוויינטלעך שטרענג, אָן איבעריקע צערטלווערטער.

ווי נאָר ס׳האָט זיך פאַרמאַכט הינטער דער מאַמען די טיר, האָט דער טאַטע מיט אַ מאָל אַ פרעג געטאָן:

— און פון וועלכער דאַטע איז דער בריוו?

טאַקע פון וועלכער? אַסיע האָט אפילו ניט אַ קוק געטאָן אויף דער דאַטע. און איצט האָט ווי אַ בליץ דורכגעדרונגען אַ שאַרפער געדאַנק: ס׳איז שוין אַריבער העכער זיבעצן טעג, און שלום האָט דאָך געשריבן: ״אין גיכן טרעטן מיר אַרײַן אין קאַמף״. דאָס הייסט, אַז ביז דער בריוו איז געגאַנגען, איז שוין דער קאַמף פאָרגעקומען. און וואָס איז ווײַטער געווען מיט שלומען, ווייסט איין גאָט...

— נו, נו, אַסינקע, דו ביסט דאָך אַ חכמה, קלער ניט צום שלעכטן — האָט איר דער פאָטער געטרייסט, אַ צעקלעמטער דערפון, וואָס ער אַליין האָט געפרעגט וועגן דער דאַטע. אַסיע איז אויטאָמאַטיש אויפגעשטאַנען, גענומען אַ פענדל וואַסער, אַוועקגעשטעלט אויפן עלעקטרישן אייוועלע, אַרויסגענומען פון עלמערל מאַנע־גרויפּן.

ערשט ווען זי האָט דערהערט דאָס געוויין אויף די טרעפּ, האָט זי זיך אָפּגעטשוכעט: אומקערנדיק זיך פון יאַסלע, פלעגט אַליק שוין אויף די טרעפּ אָנהייבן שרײַען, אַזוי האָט זיך אים געוואָלט עסן. אונטערוועגס אַהיים פלעגט ער נאָך ווי עס איז לײַדן, אָבער דערוואַרטן זיך ביז מען וועט עפענען די טיר, האָט ער שוין ניט געקענט.

אַסיע איז געלאָפן מיט אַ שטיקל ברויט עפענען. ביז זי האָט דעם קליינעם ניט אַרויסגעשיילט פון די זיבן זאַכן, אין וועלכע ער איז געווען אָנגעטאָן, האָט ער ביטער גערעוועט. אָבער ס׳איז ניט אַדורך קיין צען מינוט, ווי ער האָט, אָנעסנדיק זיך, שוין אַלץ פאַרגעסן און באָלבענדיק שנעל ווערטער, וועלכע נאָר ער אַליין האָט פאַרשטאַנען, האָט ער זיך גענומען שאַרן פאַזע דער וואַנט מיט שנעלע, אומזיכערע טריטלעך און איז אַרויס אינעם דורכגאַנגס־צימער, וואָס איז געווען אַ מין קלוב פון דער גאַנצער דירה. דערנאָך האָט ער זיך אָפּגעריסן פון דער וואַנט, געוואָלט אַ טראָט טאָן, אָבער זיך ניט אַנטשידן, און אַראָפּלאָזנדיק זיך אויף אַלע פיר, שנעל אַוועקגעפויזעט צום אויוון. ער האָט אויפגעעפנט דאָס טירל, גענומען לייגן אין דעם אויוון, וועלכן מע האָט דאָ ניט געהייצט, פּאַפּיר, שטיקלעך האָלץ, זײַן לעפל, אַלץ, וואָס ס׳איז אים אונטערוועגס אַרײַנגעפאַלן אין די הענט.

דערנאָך האָט אים די באַלעבאָסטע אַרײַנגעפירט אין איר צימער, האָט זיך מיט אים אַװעקגעזעצט בײַם טיש, גענומען אים אויף די קני, מכבד געװען מיט עפּעס. ס׳איז אים דאָרט געװען פריילעך און ער האָט ניט געװאָלט גיין אַהיים. אַן אַנדערש מאָל װאָלט אַסיע געװען צופרידן פון אַ פרײַער מינוט. אָבער איצט האָט זיך איר געװאָלט זײַן מיטן זון, זען אים די גאַנצע צײַט. אַליק האָט אפילו קוקן ניט געװאָלט אין דער מאַמעס זײַט. ס׳האָט איר ביטער פאַרדראָסן און זי איז אַװעק צו זיך פאַרקלעמט און נידערשלאָגן.

אָבער דאָ האָט איר אַ רוף געטאָן די מוטער. אַסיע האָט אויסגעװישט די טרערן, אַרײַן צו די באַלעבאַטים און דערזען, װי אַליק װײַזט מיטן פינגערל אַ פאָטאָגראַפיע פון אַ מיליטער־מאַן אין צײַטונג און חזרט איבער הויך, אויפן גאַנצן קול: "טאַטע".

אַסיע האָט שוין ניט איין מאָל באַװיזן אַליקן זײַן פאָטערס פאָטאָגראַפיע אין דער אוניפאָרם און געלערנט אים, אַז דאָס איז דער טאַטע. אָבער אַליק האָט נאָך קיין איין מאָל ניט איבערגעחזרט דאָס װאָרט. און איצט האָט ער אַליין געפונען "דעם טאַטן" אין צײַטונג.

אין צימער איז געװען מאָדנע שטיל. דער פאָטער האָט זיך פרי אַװעקגעלייגט און האָט געקרעכצט אינעם אומרויִקן שלאָף; לילקע, כאָטש זי האָט ניט געקענט אײַנשלאָפן, איז געלעגן שװײַגנדיק פון דרך־ארץ פאַר דעם אַלגעמיינעם שטילשװײַגן, װאָס האָט געהערשט אין שטוב. די מאַמע האָט זיך אפילו ניט צוגעלייגט. זי איז געזעסן און האָט געצירעװעט װעש. זי האָט נאָר פון צײַט צו צײַט געװאָרפן אויף אַסיען אַ בליק, װי מורא האָבנדיק, די טאָכטער זאָל ניט דערזען אין אים די אָפּשפּיגלונג פון איר אייגענעם װייטיק. זי האָט צוגענומען בײַ אַסיען דעם קינדס װעש צום װאַשן און אַװעקגעשטעלט דער טאָכטער אַ גלאָז טיי. צום ערשטן מאָל זינט אַ לאַנגער צײַט האָט זיך אַסיע דערפילט װי אַ מיידעלע, װעלכער אַלע פילן מיט און האָט, לייגנדיק זיך אין בעט, שטיל געלאָזט אַ טרער.

איין מאָל האָט אַסיע דערהערט אויף די טרעפּ שװערע טריט, און איידער עמעץ האָט דערלאַנגט אַ קלונג, האָט זי זיך שוין אַ װאָרף געטאָן צו דער טיר.

אויף דער שוועל איז געשטאַנען אַ מיליטער־מאַן. די אויפרעגונג האָט אַסיען געשטערט אים גלײַך צו דערקענען.

— צו וועמען?...

אָבער דאָ האָט זי זיך געכאַפּט: — כאַצקל, דו?!

כאַצקלס הויכע, קרעפּטיקע געשטאַלט, זײַנע פּריילעכע, ניט געקוקט אויפן ערנסט פון מאָמענט, אויגן, דאָס קורץ־געשוירענע, העזהדיק סטאַרטשענדיקע בערשטל האָר, האָבן אַסיען דערמאָנט די שול, כאַצקלס און זשאַבינסקיס קלאַס מיט די גרעסטע קונדסים, דעם לערער גערשטיין, וועלכער פלעגט כאַצקלען מיט ליבשאַפט רופן "כאַצקעלע מײַן צאַצקעלע". די בענקשאַפט נאָך זייער וואַרעמער היים, דער שול, וואָס האָט שטענדיק שטיל געצאַנקט אין איר האַרצן, האָט זיך איצט געשטעלט ווי אַ קנויל אין האַלדז. דאָס האָט געדויערט אַ קורצע ווײַלע, אַסיע האָט זיך אומגעקערט צו דערווירקלעכקייט.

— כאַצקל, וואָס איז מיט שלומען?!

— איך ווייס ניט, אַסיע, איך האָב אים געזען... וואַרט ,יאָ, מיט אַכצן טעג צוריק. ער איז געווען פריש און געזונט. און אויף צו מאָרגנס בין איך פאַרווונדעט געוואָרן.

— אוי, זײַ מיר מוחל, כאַצקל, גוט מאָרגן, גיי אַרײַן, ווי האָב איך עס אַזוי...

דאָס צימערל האָט גלײַך אויפגעלעבט, ווי נאָר אַסיע האָט אָנגעצונדן דאָס העלע ליכט. לילקע איז שוין געשמאַק געשלאָפן, און אַליקס בעטל האָט מען פאַרהאַנגען מיט אַ ווינדעלע.

כאַצקלס לינקע האַנט אונטער דעם שינעל, וועלכער איז געווען אַרויפגעוואָרפן אויף דער פּלייצע, האָט זיך געהאַלטן אויף אַ באַנדאַזש. אַסיע האָט אים געהאָלפן אַראָפּנעמען דעם רוקזאַק פון רעכטן אַקסל און אויסטאָן זיך. די מאַמע האָט אַוועקגעשטעלט טיי.

— ס'האָבן זיך אָנגעהויבן זייער שווערע קאַמפן — האָט ער דערציילט. מיר זײַנען אויפן קורסקער בויגן, דאָרט קומען פאָר דעצידירנדיקע געשעענישן, און דער דײַטש קעמפט פאַר יעדן שטיקל ערד. אַרום דעם פלאַכן פעלד, וווהין מיר זײַנען אָנגעקומען, האָט ער זיך שוין פון פריער באַפעסטיקט אויף העכערע פּאָזיציעס און האָט אונדז גענומען

ווי אויף דער דלאָניע. געקומען זײַנען מיר אַהין אויסגעמאַטערטע און אויסגעהונגערטע — אין דעם טיפֿן שניי, דורך וועלכן ס׳האָט געפֿירט אונדזער, משטיינס געזאָגט, מאַרש, פֿלעגן בוקסירן די רעדער פֿון די לאַסטאויטאָס, וואָס האָבן געפֿירט אַמוניציע און פּראָדוקטן. די פֿעלדקיכן זײַנען אָפּגעשטאַנען העט ווײַט.

אַלעקסייעווקע האָט געהייסן דאָס דאָרף ווו מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט, און ווו ס׳איז פֿאָרגעקומען די ערשטע שלאַכט. ניט קיין שלאַכט איז עס געווען — אַ שחיטה. אַ סך פֿון אונדזערע חברה האָבן גלײַך געלייגט די קעפּ. מיך האָט געטראָפֿן אַן אויפֿרײַס־כוואַליע, איך בין קאָנטוזשעט געוואָרן. אויפֿגעכאַפּט האָב איך זיך אין עפּעס אַ שטוב אין אַ דאָרף הינטערן פֿראָנט. קיין בעטן זײַנען ניט געווען, מיר זײַנען געלעגן אויף דער פּאָדלאָגע, אויף היי. דאָרט האָב איך געזען סאָלאָווייטשיקן, ער איז געלעגן מיט אַ דורכגעשאָסענער לונג און ניט געקענט רײדן. אַרויסגעטראָגן פֿון אונטער דעם פֿײַער האָט מיך העניע.

— העניע! העניע לעבט!

אַסיע האָט זיך דערמאָנט העניעס רונד צעשמייכלט געזיכט, אירע גרינע פֿאַרוווּנדערטע אויגן.

— זי איז אַ כוואַט, העניע! ווייסט וויפֿל מאַן זי האָט שוין אַרויסגעשלעפּט פֿונעם שלאַכטפֿעלד? איך בין געווען דער זיבן־און־צוואַנציקסטער, און מיר האָבן דאָך נאָר אָנגעהויבן קעמפֿן. איך בין פֿאַרוווּנדעט געוואָרן, ווי דו זעסט, אין אַקסל, איך בין פֿריִער געלעגן אין מעדיצינישן באַטאַליאָן, אָבער די וווּנד האָט זיך שלעכט געהיילט, האָט מען מיך באַשלאָסן צו שיקן אַהער, אין אַ שפּיטאָל אין הינטערלאַנד.

ער האָט אַ צײַט געשוויגן, און אַסיע האָט אים ניט געשטערט, מיינענדיק, אַז ער קלערט וועגן עפּעס אייגנס. אָבער ער האָט אויפֿגעהויבן אויף איר אַ בליק, אָנגעפֿילט מיט ווייטיק, און טיף אָפּאָטעמענדיק, געזאָגט:

— אַסיע, מיכקע איז אומגעקומען.

— וואָס?!

— פֿון סאַמע אָנהייב, אין ערשטן קאַמף. זייער ראָטע האָט אָנגעגריפֿן דעם דײַטש ביים דאָרף נאַגאָרנאָיע. אויפֿן פֿלאַנג איז געשטאַנען אַ באַשעדיקטער דײַטשער טאַנק, און אונטערן טאַנק האָבן זיך אײַנגענעסטלט

דײַטשן מיט אַ פּולעמיאָט. זײ האָבן נאָך אַנאַנד געשטעפּט, ניט געלאָזט אונדזער טײל אָנגרײַפן. מיכקע האָט זיך אומגעריכט אַ וואָרף געטאָן פאָרויס מיט אַ בינטל גראַנאַטן, געוואָלט לעשן די פײַערנעסט, אָבער ניט באַוויזן. זײ האָבן דערלאַנגט אין זײַן ריכטונג אַ סעריע שאָסן. דאָס איז געווען זײַן ערשטער און לעצטער קאַמף.

כאַצקלס לעצטע ווערטער האָבן אײַנגעהילט דאָס קלײנע, העל באַלויכטענע צימערל אין אַ שווערן אומעט. אַסיע האָט זיך דערמאָנט און ווידער אַ מאָל פאַרגעשטעלט מיכקעס לאַנגן וועג צום העלדנטאַט, וועלכן ער האָט ניט באַוויזן צו באַגײן: דאָס אָפּשלאָגן די שוועלן פון וואָיענקאָמאַט, די בריוו צו סטאַלינען, די קאָמיסיעס, דאָס אָנקומען אין דיוויזיע, די איבונגען, די לאַנגע חדשים פון דערוואַרטונג און סוף־כל־סוף — די גליקלעכע שורות פון לעצטן בריוו: "אַסקע, דו קענסט מיך באַגריסן, וואָרעם איך באַגריס זיך אַלײן: מיר פאָרן אויפן פראָנט. צום גיכן ווידערזען אין דער באַפרײַטער ווילנע!"

— איך האָב אים באַגעגנט אַ צוויי טעג פאַרן געשעענעם — דערציילט ווײַטער כאַצקל. — מיר האָבן געהאַט אַ שווערן דורכמאַרש אין אַן אומברחמנותדיקן פראָסט. איך האָב דערזען מיכקען — ער איז געגאַנגען דורכן טיפן שניי מיט זײַן אויטאָמאַט. אויסגעזען נאָך נידעריקער, ווי געווען, דאַרער, אָבער נאָך אַלץ ברייטבייניק, פעסט, מיט די זומער־שפּרינקעלעך אויפן אויסגעצערטן פּנים. געגאַנגען אַ פאַרפראָרענער, אָבער די אויגן האָבן געשטראַלט. ער האָט מיר אַ דריק געטאָן די האַנט און געזאָגט: "ענדלעך..."

ווען ער איז געפאַלן אויפן שלאַכטפעלד, האָט צו אים צוגעפּויזעט זײַן ייִנגערער ברודער. מיכקע האָט נאָך געלעבט, און ראובן האָט אים געוואָלט אָפּשלעפּן. אָבער מיכל האט געזאָגט: "מען דאַרף ניט, מיט מיר איז שוין אויס, גיי שלאָג די פאַשיסטישע הינט"! ראובן האָט געוואָלט בלײַבן מיט מיכקען, וועלכער האָט געגוססט. מען האָט אים אָבער ניט דערלויבט, געטריבן אויף דער פאָדערשטער ליניע...

אַלע אין צימער האָבן לאַנג געשוויגן, דערנאָך איז כאַצקל אויפגעשטאַנען, גענומען זיך אײַלן, ער האָט זיך שוין געדאַרפט אומקערן אין שפּיטאָל.

— נו, זײַ מיר געזונט. מיר וועלן זיך נאָך זען!



אַסיען איז נאָך לאַנג געשטאַנען פאַר די אויגן מיכקע: מיכקע אויפן פאַנצער־אויטאָ, מיט אַ הויך אויפגעהויבענעם רויטן טראַנספּאַראַנט אין די הענט; מיכקע אויף דער טריבונע פון אַ מיטינג אין זייער היימשטאָט; מיכקע אויף דער באַנסטאַנציע, ווו זי איז שוין ווער ווייסט וויפל צייט געשטאַנען אין ריי צו פאַרלענגערן דעם בילעט, און ווו ער האָט זיך מיט אַ מאָל דורכגעריסן צו איר דורכן המון, לעבעדיק און מונטער — אַ צעפּאַטלטער, מיט שטראַלנדיקע אויגן און מיט די זומער־שפּרינקעלעך אויפן פּנים. זי האָט זיך אים ניט געקענט פאָרשטעלן אַ טויטן און איז ניט געווען בכוח אים צו באַוויינען: טרויער און מיכקע — די צוויי זאַכן האָבן זיך ניט געלאָזט פאַרבינדן. מיט ביטערן פאַרדראָס האָט אַסיע געקלערט וועגן דעם, אַז ס'האָט זיך אים ניט איינגעגעבן צו לעשן דעם שונאס פייערנעסט. זי האָט געשפּירט, ווי גרויס ס'איז געווען זיין פאַרלאַנג עס אויסצופירן, אפילו פאַרן פּרייז פון אייגענעם לעבן: גייענדיק אויף אַ זיכערן טויט — עפענען דער איינהייט דעם וועג פאָרויס.

אָבער מענטשן, וואָס זיינען דאַן ניט געווען מיט אים, וועלן זיך קיין מאָל וועגן זיין העלדנטאַט ניט דערוויסן. וואָלט עס אים געלונגען, וואָלט דער נאָמען פון מיכל ווײַנער, ווי דער נאָמען פון אַנדערע העלדן פון דער מלחמה, פאַראייביקט געוואָרן מיט גאָלדענע אותיות אין דער געשיכטע פון פּאָטערלענדישן קריג...

# דער קאַלטער מאַרץ

דאָס גלעקל האָט אָפּגעקלונגען, און אַסיע איז אַריין אין צענטן "א"־קלאַס זיך צונויפריידן מיט די שילער וועגן צוגרייטן דעם צווייטן נומער פון זייער "אַלמאַנאַך" — די קינסטלערס זיינען געווען פון דעם קלאַס. אויפן שוועל האָט זי זיך אָנגעשטויסן אויף עלזאַ פראַנצעווונאַ — אויף דער

דײַטשקע, װעלכע איז אַרױסגעלאָפֿן פֿון צימער, צודריקנדיק דאָס דינע נאָזטיכל צום פּנים.

אין דעם גערודער, װאָס האָט געהערשט אין קלאַס, זײַנען צו אַסיען בלויז דערגאַנגען עמעצנס הילכיקע װערטער: "אַ חזיר װאָס דו ביסט!" װען זי איז אָבער אַרײַן אין קלאַס, זײַנען אַלע אַנטשװיגן געװאָרן. זי האָט געפֿרעגט װאָס איז געשען, אָבער קײנער האָט ניט געענטפֿערט. דאָס האָט איר פֿאַרדראָסן: זי האָט שױן ניט געאַרבעט אין שול, אָבער איז נאָך אַלץ געװען באַפֿרײַנדט מיט דעם קלאַס און טײל מאָל האָבן איר די שילער אַלײן געבעטן קומען אויף אַ קאָמיוג־פֿאַרזאַמלונג.

דאָך האָבן זײ איצט געשװיגן.

ערשט אין לערער־צימער האָט זיך אַסיע דערװוּסט, װאָס עס איז פֿאָרגעקומען. עלזאַ פֿראַנצעװנאַ האָט טאַניע זאַװיאַלאָװען אַרױסגעשטעלט פֿאַרן פּערטל שוליאַר אַ דרײַ פֿון דײַטש. "איר פֿאַרשטײט — האָט די לערערין דערקלערט — זי לערנט אױס אױף אױסװײניק אַ כּלל, אָבער באַנוצן זיך מיט אים קען זי ניט. זי לײענט, און איבערזעצן, אױב פֿון אױבן איז ניט אָנגעשריבן דער טײַטש פֿון יעדן װאָרט — קען זי אױך ניט. איז װאָס קומט איר?" דאָס מײדל האָט שױן עטלעכע מאָל אין קלאַס הױך אַרױסגעזאָגט איר אומצופֿרידנקײט מיטן "דרײַ". און אָט איז זי אױפֿגעשטאַנען און האָט דערקלערט: אין משך פֿונעם פּערטל האָב איך פֿיר מאָל געענטפֿערט אױף "פֿירן" און דרײַ מאָל אױף "דרײַען". אַזױ אַרום האָט איר ניט געהאַט קײן רעכט מיר צו שטעלן פֿאַרן פּערטל אַ "דרײַ". אָבער אײן "פֿיר" האָט איר ניט אַרײַנגעשריבן אין זשורנאַל. איך װײס עס, איך האָב קאָנטראָלירט. איר װײסט, װי אַזאַ זאַך הײסט? פֿעלשונג. נעמט אין אַכט, מײַן ברודער איז אַ פּראָקוראָר".

— איר װעט באַהאַנדלען מיטן קלאַס דעם ענין? — האָט אַסיע געפֿרעגט בײַ דער קלאַסן־דערציִערין.

— מען װאָלט, פֿאַרשטײט זיך, געקענט, אָבער זײ האָבן איצט קײן צײַט ניט, ס'איז אַן אַרױסלאָזקלאַס, זײ לערנען טאָג און נאַכט.

אַסיען איז קלאָר געװען, אַז די לערערין װיל זיך ניט מישן אין דעם קאָנפֿליקט, גײן האָבן צו טאָן מיט אַ פּראָקוראָר.

נאָך די לעקציעס איז אַסיע אַלײן אַװעק אין צענטן "א". חברה האָבן זיך

שוין געקליבן אַהיים, צונויפגענומען די ביכער, טאַניע האָט עפּעס איבערגעשריבן בײַ איר שכנטע. אין קלאַס האָט געהערשט דער געוויינטלעכער טומל, און קיין זאַך האָט ניט דערמאָנט אין געשעענעם.

— חברה!

— שטילער, אַסיע לוואָוונע וויל עפּעס מעלדן.

— וועגן אַן אָוונט?

— וואָס פאַר אַן אָוונט נאָך דעם וואָס ס׳איז פאָרגעקומען בײַ אײַך אין קלאַס — האָט אַסיע געזאָגט צעקלעמט.

— וואָס איז בײַ אונדז פאָרגעקומען?

אַסיע האָט געשוויגן.

— אָ, איך ווייס שוין, טאַנקע. טאַנקע האָט זיך צעקריגט מיט עלזען.

אַסיע האָט באַשלאָסן צו שווייגן — וואַרטן וואָס זיי אַליין וועלן זאָגן.

— אַ גרויסע זאַך, ס׳טרעפט...

— ס׳טרעפט, אָבער ניט אויף אַזאַ אופן. דערצו איז עלזע אַ דײַטשקע.

— זי איז אַ שטיק חזיר, טאַנקע — האָט זיך דערהערט אַן אומזיכערע מיידלשע שטים פון אַ ווײַטערן ווינקל.

אַסיע האָט איצט ניט געוואָלט באַווירקן זייער מיינונג. אין אַלגעמיין איז עס געווען אַ גוטער קלאַס. די חברה האָט מען ניט געדאַרפט לערנען עטיק און אָנווייזן, ווי מע דאַרף זיך אויפפירן. אין אייניקע פאַלן איז געווען גענוג אַ באַמערקונג, אַ רמז... אַזוי איז עס אויך אין דעם פאַל: אַסיעס טיפע איבערצײַגונג, אַז טאַניע זאַוויאַלאָוואַ האָט געהאַנדלט נידערטרעכטיק, האָט זיך אָן ווערטער איבערגעגעבן דעם קלאַס. איצט וועלן זיי זיך אַליין פאַרטראַכטן און מאַכן דעם אויספיר.

די שטילקייט וואָס האָט געהערשט אין קלאַס האָט עדות געזאָגט, אַז די שילער זײַנען אויפגערעגט.

— נו, גוט — האָט אַסיע געזאָגט. — איך זע, אַז איר האָט וועגן וואָס אַ קלער צו טאָן. כ׳וועל די טעג אַרײַנגיין צו אײַך און דאַן וועלן מיר זיך דורכריידן.

די טעג און אויך שפּעטער איז זי ניט אַרײַן. צו יענער צײַט איז אַסיע געווען שטאַרק פאַרנומען. זי האָט געאַרבעט אין דער היים, געניית הענטשקעס פאַרן פראָנט. מיטן קלאַס האָט זי זיך געזען ערשט אין עטלעכע

חדשים אַרום: די חברה האָבן זי אײַנגעלאַדן אויפֿן אַרויסלאָז־אָוונט. געווען איז עס אַן אומגעוויינטלעכער אָוונט: דער צענטער "א" קלאַס האָט באַשלאָסן כמעט אין גאַנצן צוזאַמענשטעל אַוועקצוגיין אויפֿן פראָנט, און די שול האָט זיך געזעגנט מיט אירע שילערס.

אַסיע האָט זיך מיט אַ מאָדנעם געפֿיל דערמאָנט אין דעם פֿאַל מיט דער דײַטשקע: אפשר האָט מען ניט געדאַרפֿט לייגן דערויף אַזוי פֿיל אַכט, דער קלאַס האָט דאָך שוין דאַן געקלערט וועגן פראָנט, און וואָס איז ווערט געווען דער קליינער עפּיזאָד אין פֿאַרגלײַך מיט זייער שטרעבונג, מיט זייער באַשלוס, בכלל מיט דער מלחמה און מיט אַלעם, וואָס קומט פֿאָר... אָבער אויפֿן אַרויסלאָז־אָוונט בײַם טיש, טאַקע בעתן שמועס וועגן דער מלחמה, האָט עמעץ פֿון די ייִנגלעך פֿאַרטראַכט אַ זאָג געטאָן: "און די מעשה מיט טאַניען און עלזען האָט אונדז אויך עפּעס געלערנט..."



דער חודש מאַרץ איז געווען אַ קאַלטער. די זון האָט ניט געוואַרעמט — זי האָט נאָך אַלץ דורכגעדרונגען אַלע גלידער מיט אירע פֿאַרגליווערנדיקע, פּראָסטיקע שטראַלן. אָוונטצײַט פֿלעגט דער זון־אונטערגאַנג וואַרפֿן אויפֿן שניי אַ פּורפּור־רויטן שײַן. קעגנאיבער דעם פֿרילינג האָט זיך אויפֿגעהויבן אַן אײַזקאַלטער ווינט, פֿאַרשטעלנדיק אים דעם וועג.

און דאָרט, אין ליטע, אין אַסיעס היימלאַנד, האָבן שוין מסתמא פֿריילעך געמורמלט ריטשקעלעך, און די לופֿט האָט זיך אוודאי אָנגעפֿילט מיט וואַרעמען, פֿרישן פֿאַרשיכורנדיקן פֿרילינגס־אָטעם.

אַסיע האָט צוגעאײַלט דעם טראָט, כדי ניט פֿאַרפֿרוירן צו ווערן, און האָט דערזען ניט ווײַט פֿון זיך אַ באַקאַנטע געשטאַלט. דאָס האָט זיך שנעל באַוועגט איר פֿאָטער. ער איז ניט געלאָפֿן און איז אויך ניט געגאַנגען; אַסיע האָט זיך מיט אַ מאָל, מיט אַ שטאַרקן געפֿיל פֿון פֿאַרלעגנהייט, דערמאָנט, ווי פֿערד, אײַנגעשפּאַנטע אין דראָזשקעס, פֿלעגן אָט אַזוי, ניט געאײַלט, מיט אָפּגעמאָסטענע טריט, לויפֿן איבערן ברוק פֿון איר היימשטאָט. דער טאַטע האָט ניט געהאַט קיין וואַליקעס און האָט זיך צוגעאייגנט אַ מין

רעגלמעסיקן, שפּרינגענדיקן גאַנג, וועלכער האָט אָפּגעהיט זײַנע פּיס פֿון פֿאַרפֿרוירן ווערן און אים אַליין — פֿון פֿאַרקילונג. איצט האָט אין שטאָט געבושעוועט אַ גריפּע, אַ סך דאָקטוירים האָבן זיך שוין אָנגעשטעקט פֿון זייערע פּאַציענטן, ער אָבער האָט זיך נאָך געהאַלטן אויף די פּיס און איז אַרומגעלאָפֿן צווישן די קראַנקע. ניט איין מאָל פֿלעגט אים אויסקומען צו מאַכן צוואַנציק און אפֿילו דרײַסיק וויזיטן אַ טאָג. אַסיע האָט מיט צאַרטקייט אַ טראַכט געטאָן וועגן איר שלאָפֿן פֿאָטער; נאָר ער אַליין האָט געוווּסט, וויפֿל מי עס קאָסט אים שטענדיק זיך צו ראַנגלען מיטן אייגענעם שוואַכן געזונט, קעמפֿן קעגן קראַנקייטן, וועלכע טשאַטעווען אויף אים אויף יעדן שריט און טריט. דעם גאַנצן טאָג פֿלעגט ער אַרומלויפֿן, אַרבעטן לעבעדיק און כמעט מונטער, און אין אָוונט פֿאַלן פֿון די פּיס און פֿאַראומערט טראַכטן, אַז דער שלאָף וועט אים נעמען ניט אויף לאַנג. טיף אין דער נאַכט וועט אים, ווי שטענדיק, מאַטערן די שלאָפֿלאָזיקייט, ער וועט ניט צומאַכן מיט קיין אויג, ליגן און צוהערן זיך צו די אייגענע ווייטיקן.

די מאַמע פֿלעגט אים צוזען, אָפּהיטן, ווי ס׳האָט זיך נאָר געלאָזט. אָבער טאָן פֿלעגט זי עס שטרענג, זאַכלעך, אָן איבעריקער צאַרטקייט, ווי אַלץ וואָס זי פֿלעגט טאָן. בלויז אַסיע איז פֿעיִק געווען אים צו פֿאַרשטיין און אין דער אמתן מיטפֿילן, ווײַל נאָר זי אין דער גאַנצער משפּחה האָט געירשנט זײַן שוואַכן געזונט. אַסיע האָט אים פֿאַרשטאַנען און אפֿשר לילקע, ווײַל זי, אַ קינד, האָט אַלעמען מיטגעפֿילט, און באַזונדערס איר ליבן טאַטן.

...אַ שכנטע האָט אַרײַנגערוקט דעם קאָפּ אין דער האַלב אויפֿגעעפֿנטער טיר פֿון זייער צימער:

— אַסיע! — אַ בריוו צו אײַך!

ווידער ניט פֿון שלומען. ווער זשע שרײַבט עס? זשאַבינסקי!

״אַסקע, טשעסט! — האָט געשריבן עזקע. — כ׳וויל אָנהייבן פֿון דער הויפּטזאַך: שלום לעבט, און זײַן לעבן איז שוין ניט אין געפֿאַר. ער איז לײַכט פֿאַרוווּנדעט אין דער רעכטער האַנט; בײַ אים איז אָבער צעשפּליטערט די לינקע היפּט. שרײַבן קען ער דערווײַל ניט צוליב דער האַנט, און די פֿאַרוווּנדונג אין היפּט איז, פֿאַרשטייט זיך, אַ שווערע. אָבער ס׳האָט געקענט זײַן פֿיל ערגער. אַזוי, אַז דענערווויר זיך ניט. ער ליגט אין טולע אין אַ מיליטערישן שפּיטאָל, איך שיק דיר זײַן אַדרעס.

יאָ, אגב: בעת מען האָט שלומען פאַרווונדעט, האָט ער געהאַט בײַ זיך אַ צינענעם קאַסטן מיט קאָמיוגישע דאָקומענטן. ער איז דאָך דער קאָמסאָרג פון אונדזער פאָלק. ער האָט גלײַך דעם קאַסטן איבערגעגעבן אַן אַנדערן, אָבער יענער איז דערהרגעט געוואָרן, און אין קאַסטן האָט געטראָפן אַ שפּליטער; צווישן די דאָקומענטן איז געווען שלומס אַ בריוו צו דיר, וועלכן ער האָט ניט באַוויזן צו ענדיקן. איך האָב אים גענומען, כדי דיר איבערצושיקן. ווי דו זעסט, איז ער דורכגעלעכערט פון אַ שפּליטער".

אַסיע איז געווען דערשיטערט פון דער ידיעה. מען האָט זיך געדאַרפט מסתמא קלעמען, אָבער ס'האָט זי קעגן איר ווילן באַהערשט אַ פרייד וואָס שלום איז לעבן געבליבן און וואָס ס'האָט זיך סוף־כל־סוף געענדיקט די אומדערטרעגלעכע, ענדלאָזע אומבאַוווסטקייט. איצט האָט אַסיע געכאַפּט דאָס דורכגעלעכערטע בלעטל, אויף וועלכן ס'איז געווען אָנגעשריבן מיט אַ בלײַפעדער:

"אַסיע, געטרײַע!

געוויס וועל איך דיר קיין מאָל ניט קענען איבערגעבן אפילו קיין צענט־חלק דערפֿון, וואָס איך האָב הײַנט געפילט: אַן אומענדלעכער פאַרשנייטער סטעפּ, דער זויערלעכער ריח פון צעגליטן מעטאַל, דער דונער פון האַרמאַטן, אויפרײַסן פון באָמבעס, דאָס סווישטשען פון קוילן. האַרט נעבן מיר — אַן אויפרײַס, נאָר ס'איז, דאַכט זיך, פאַרבײַ... איך האָב זיך אַפּגעקערט צום שכן לינקס פון מיר. דאָס איז געווען אַן עלטערער זעלנער, מײַן פאָטערס אַ חבר, משה פוכערט. איך האָב געוואָלט פאַררויכערן און... דערזען, אַז זײַן קאָפּ איז ניטאָ... אין זעלבן מאָמענט האָט אַ שפּליטער אַ דונער געטאָן אין דעם דיסק פון מײַן אויטאָמאַט. דאָס איז געווען אַ דײַטשיש געווער, וועלכן מײַן שוועסטערקינד, דער פאָלקדאָקטער מוליע זאַוועליעוויטש האָט נעכטן, טרעפנדיק זיך מיט מיר, געהאַט מיר געגעבן...

אַרום און אַרום איז אַ גיהנום, מעטאַל און פייער, און אין דעם אַלעם — אַן איין און איינציקער געדאַנק — וועגן דיר. איך האָב קיין מאָל ניט געמיינט, אַז איך וועל נאָך אַזוינס שפּירן".

אַ געפיל פון אומדערלאָזבאַרן גליק האָט אַרומגעכאַפּט אַסיען, זי האָט געפלאַמט פון בושה, וואָס זי קלערט שוין ניט וועגן דעם, ווי שלומען איז שווער, ווי ס'טוט אים געוויס ווײ. דאָס געפיל פון גליק, וועלכן זי איז ניט

געווען בכוח צו צוימען, האָט זיך גלײַך פאַרוואַנדלט אין אַ שאַרפן פאַרלאַנג צו זײַן מיט אים — וואָס גיכער, שוין, די מינוט!

זי האָט זיך אויפגעריסן פון אָרט און אַוועקגעלאָפן צו די באַלעבאַטים זיך האַלטן אַן עצה, ווי פּאָרט מען צו שלומען. זי האָט געוווּסט, אַז קיין שום שוועריקייטן וועלן זי איצט ניט אָפּהאַלטן.

אַסיע האָט זיך קוים דערוואַרט אויף די עלטערן. זי האָט מורא געהאַט, אַז די מאַמע וועט אָנהייבן דערווידערן. נאָך זומערצײַט, איידער די דיוויזיע איז אָפּגעפאָרן צום פראָנט, האָט שלום אַסיען גערופן זי זאָל אים באַזוכן, און די מאַמע איז ניט מסכים געווען צו בלײַבן מיטן קליינעם. דערנאָך, ווען דאָס קינד איז קראַנק געוואָרן, האָט זי געזאָגט:

— זעסט, און וואָס וואָלט געווען, ווען דאָס טרעפט אין דײַן אָפּוועזנהייט?

אָבער איצט האָט זי געענטפערט קורץ:

— פּאָר.

דער פאָטער האָט זיך געפרייט, וואָס די מאַמע איז אַזוי לייכט מסכים געווען און האָט צוגעגעבן:

— אַ בילעט וועל איך דיר שאַפן. איך האָב געהיילט קינדער פונעם נאַטשאַלניק פון וואָקזאַל. אָבער ווי מען קריגט אַ דערלויבעניש און אַ דורכלאָזשײַן — דאָס ווייס איך ניט...

## מאַן און ווײַב

דער אוראַלטער ווײַסער בנין הינטערן הויכן פּאַרקאַן האָט זיך געבאָדן אינעם פּרילינגס־גרינס. אַ מאָל איז דאָ, ווײַזט אויס, געווען אַ מאָנאַסטיר. נעבן דער קאָנטראָל־בודקע האָט אַסיע דערזען מאַנצבילן אין שפּיטאָל־כאַלאַטן — ווער אויף קוליעס, ווער אָן אַ האַנט אין אַרבל, ווער מיט אַן איבערגעבונדענעם קאָפּ. אַלע האָבן זיי געקוקט אויפן וועג, יעדער האָט, מסתמא, אויף עמעצן געוואַרט. עטלעכע שטימען האָבן, דערזעענדיק אַסיען, גלײַכצײַטיק געפרעגט: ״צו וועמען גייט איר?״ און ווען זי האָט

געענטפערט, איז איינער אַ פּאַרוווּנדעטער אין אײַלעניש אַוועקגעהונקען צום בנין, אָבער זי האָט אים נאָכגעשריען:

— אַ דאַנק, מען דאַרף ניט, איך וועל אַליין געפינען!

פון דער מינוט, ווען זי האָט באַקומען דעם בריוו פון זשאַבינסקין וועגן שלומס פאַרוווּנדונג, זײַנען פאַרבײַ באַלד צוויי חדשים, גאַנצע זעכציק טעג. אַסיע האָט קוים, מיט גרינע ווערעם, זיך דערשלאָגן אַ דערלויבעניש אַרויסצופאָרן קיין טולע. דווקא דאַן האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז מען האָט שלומען אַריבערגעפירט אַהער — אין אַן אַנדער שפּיטאָל, ווײַטער אין הינטערלאַנד. און איצט האָט זי געוואָלט אַרײַנגיין צו אים אומדערוואַרט. אַסיע האָט ניט געגעבן צו וויסן, אַז זי פאָרט — אַלץ אײַנס קען זי דאָך שלום ניט באַגעגענען.

זי איז אַרײַן אין פּאַלאַטע. שלום האָט זי גלײַך דערזען, ווי ער וואָלט יעדע מינוט אויף איר געוואַרט. ער האָט זיך דערלאַנגט אַ הייב, פאַרגעסנדיק, אַז ער איז פון די שפּיצפינגער ביז צו די אַקסלען פאַרשמידט אין אַ פאַנצער פון גיפּס. אָנמעכטיק איז ער צוריקגעפאַלן אויף די קישנס. די קראַנקן־שוועסטער האָט זיך דערשראָקן, מילד אים אַ זידל געטאָן, צוגעדעקט מיט דער קאָלדרע, לײַכט אָנרירנדיק זײַן אַקסל.

דערנאָך האָט זי באַמערקט אַסיען, אַ קוק געטאָן אויף שלומען און געפרעגט:

— דאָס איז טאַקע אײַער ווײַב?

שלום האָט ניט געענטפערט, ווי ניט אים פרעגט מען. ער האָט געקוקט אויף אַסיען מיט פײַכט געוואָרענע אויגן. די קראַנקן־שוועסטער האָט אים געוואָלט געבן רפואות, אָבער ער האָט לײַכט אָפּגעשטופּט איר האַנט. זי איז אַרויסגעלאָפן פון פּאַלאַטע, פאַרבײַסנדיק אַ ליפּ.

אַסיע איז געווען אין איר איינציקן זײַדענעם בלויען קליידל מיט די ווײַסע אַרבעסלעך, וועלכן זיי האָבן נאָך פאַר שלומס אַוועקפאָרן אויפן פראָנט אײַנגעהאַנדלט בײַ עמעצן אויפן ציגײַנערשן מאַרק. די גרינע ברעזענטענע טופל, אויף וועלכע זי האָט באַקומען אַן אָרדער, האָבן גאָר ניט געפּאַסט צום קלייד. אָבער שלום האָט עס ניט באַמערקט. ער האָט געקוקט אויף איר מיט התפעלות און סוף־כל־סוף אַ זאָג געטאָן:

— עפּעס האָסטו זיך לאַנג געקליבן!

— דו האָסט דאָך לאַנג ניט געשיקט קיין אַרויספאָדערונג. דערפאַר האָט מען מיר ניט געגעבן קיין דערלויבעניש!

— לאַנג האָסטו זיך געקליבן — האָט ער איבערגעחזרט, ווי זי וואָלט קיין זאַך ניט געזאָגט. איר איז געוואָרן פריילעך אויף דער נשמה: אין אָט דעם גראָבלעכן אופן ניט צו לייגן קיין אַכט אויף דעם וואָס יענער זאָגט, און אינעם עקשנותדיקן איבערחזרן דאָס זײַניקע, כדי אונטערצושטרײַכן, אַז ער איז גערעכט — האָט אַסיע דערקענט דעם פריִערדיקן שלום.

אין דער מינוט האָט זי אַלץ פאַרגעסן: ווי זי האָט אָפּגעשלאָגן די שוועלן פון דער מיליץ; ווי מען האָט איר געענטפערט, צו ערשט העפלעך, און נאָך דעם שוין אומגעדולדיק: "וויפל מאָל קען מען פרעגן?!" און ווי זי האָט זיי ווידער געהאַלטן אין איין דערוויזן, אַז ער ליגט אַ צוגעשמידטער צום בעט, אָבער ער וואָלט די אַרויספאָדערונג נאָך פון לאַנג געשיקט, ווען ער קען די געזעצן; אַז אפשר איז עס ניט אומבאַדינגט... און ווי ענדלעך איז די ארויספאָדערונג אָנגעקומען, אָבער גלײַך נאָך איר — די טעלעגראַם, אַז מען האָט אים אַריבערגעפירט אין אַן אַנדער שפּיטאָל אין אַ קליינעם שטעטל בײַ דער וואָלגע.

— נו, דערצייל וועגן אַליקן.

אַסיע האָט דערציילט, אַז דאָס ייִנגל האָט סוף־כל־סוף אָנגעהייבן גיין, אַז ער זוכט אין די צײַטונגען בילדער פון מיליטער־לײַט און ווײַזט אויף יעדן פון זיי זאָגנדיק, אַז דאָס איז דער טאַטע; אַז "טאַטע" זאָגט ער צו יעדן מיליטער־מאַן, ווען ער זעט אין גאַס, און אַז צו יעדן פרימאָרגן בעט ער בײַ איר דעם בריוו — אַרײַנצוּוואַרפן אין פּאָסטקעסטל.

— ווי מיינסטו, — האָט שלום געפרעגט — ער וועט זיך גיך צו מיר צוגעוווינען?

אַסיע האָט שמייכלענדיק אַ דריק געטאָן מיט די פּלייצעס. זי האָט זיך פאָרגעשטעלט, ווי אַליק וועט פרעמדלעך צוקוקן זיך צום פאָטער און לאַנג שווײַגן; אַלע מאָל געוויינט ער זיך אַזוי צו צו אומבאַקאַנטע, איידער ער הייבט זיך אָן מיט זיי צו שפּילן.

— קראַנקער, טרינקט אויס די רפואה.

די שוועסטער האָט איצט ניט אויפגעהויבן דעם בליק ניט אויף אַסיען און ניט אויף שלומען. אַסיע האָט באַמערקט, אַז די אויגן זײַנען בײַ איר אַ

ביסל געשוואָלן. שלום האָט אָבער, קיין זאַך ניט מערקנדיק, פריילעך געזאָגט:

— וואַליושאַ, זײַ באַקאַנט, דאָס איז מײַן ווײַב.

אַסיע האָט דערזען איר יונג, צאַרט און פאַרמאַטערט געזיכט, די העלע לײַנענע וויכע האָר, וואָס האָבן זיך אַרויסגערוקט פון אונטערן קאָפּטיכל. ווען וואַליע איז אַרויס, האָט אַסיע אַ קוק געטאָן אויף שלומען, און ער, טרעפנדיק, וואָס זי האָט אין זינען, האָט זיך צעלאַכט:

— איך בין דאָך אַ גיפּסענע קוקלע, נאַרעלע איינע.

פילנדיק אָבער, אַז ער האָט זי ניט איבערגעצײַגט, האָט ער שוין ערנסט צוגעגעבן:

— זי פלעגט מיר מיט עפּעס דיך דערמאָנען.

די שכנים אין פּאַלאַטע זײַנען פריִער, ניט וועלנדיק שטערן, ניט צוגעגאַנגען צו זיי. איצט האָבן זיי זיך אָבער גענומען קלײַבן בײַ שלומס בעט, באַקענען זיך, אויספרעגן: ווי לעבט זיך דאָרט, אין קוּיבישעוו, ווי וואַקסט דער זון, ווי גייט עס אַסיען אין שול און צי די שילערס מאַטערן זי ניט. זי האָט זיך געוווּנדערט, פון וואַנען וויסן זיי אַלץ און האָט געפרעגט שלומען, ווו איז מישע. ווען אַסיע האָט נאָך לאַנגע באַמיִונגען אין קוּיבישעוו אויסגעפּועלט אַ טעלעפאָן־געשפּרעך מיטן שפּיטאָל, האָט מישע מיט זײַן געזונטער האַנט געכאַפּט שלומען אויפן אַקסל, אונטערגעשפּאַרט מיט דער פאַרוווּנדעטער האַנט, אַוועקגעטראָגן אים צום טעלעפאָן און געהאַלטן אַזוי די גאַנצע צײַט, ביז ס׳האָט געדויערט דער שמועס.

דער הויכער, ברונעטער, בלוי־אויגיקער גרוזינער מישע שעליאַ איז צוגעקומען און האָט אַזוי שטאַרק אַסיען אַ דריק געטאָן די האַנט, אַז ער אַליין האָט זיך דערשראָקן, ווען אַסיע האָט ניט ווילנדיק אַ געשריי געטאָן. דערנאָך האָט עמעץ גענומען אַ גאַרמאָשקע און אַלע האָבן אָנגעהויבן זינגען. ס׳האָבן זיך אַ גאָס געטאָן וואַרעמע און אומעטיקע קלאַנגען; די זעלבע לידער פלעגט אַסיע זינגען אַליקן. זי פלעגט זיי זינגען בײַ דער אַרבעט, און אין גאַס אין דער שטיל, פאַר זיך, און אפילו בײַ דער נאַכט, אין חלום.

איין מאָל, וויגנדיק איר קינד, האָט זי זיך צוגעהערט צום אייגענעם קול, דער ניגון האָט איר אויסגעוויזן צו קלינגען ריין און איר האָט זיך שטאַרק פאַרוואָלט, שלום זאָל הערן, ווי זי זינגט...

איצט האָבן אַלע זיך פונאַנדערגעזעצט אויף די שכנישע בעטן און געזונגען צוזאַמען. נאָר איין פאַרוווּנדעטער, אין דעם ווײַטסטןווינקל, האָט געשוויגן, אָפּגעקערט צו דער וואַנט.

מען האָט לאַנג געזונגען. דערנאָך האָט דער האַרמאָניסט אַ צי געטאָן זײַן אינסטרומענט. ס׳האָט אַ קלונג געטאָן דער שפּילעוודיק מונטערער ניגון פון אַ לעזגינקע און מישע האָט אינעם ענגן רוים זיך געלאָזט אין אַ פלינקן און גראַציעזן טאַנץ, ניט אָנרירנדיק קיין איין בעט. שלום האָט געקוקט אויף אים מיט זײַן קינדערישן התפּעלות.

עמעץ האָט זיך געכאַפּט:

— חבֿרה, גענוג. מענטשן דאַרפן זיך דאָך דורכריידן...

...שלומס שווערע דלאָניע מיט דער פאַרהיילטער ווונד בײַם גראָבן פינגער האָט גערוט אויף אירע הענט, פאַרדעקנדיק זיי ביידע. ער האָט געקוקט אויף אַסיען, ניט פינטלענדיק מיט די אויגן, שפּעטער צוגעמאַכט די לעפּלעך און געלעגן שטיל, ניט קלערנדיק מסתמא וועגן גאָרניט און האָבנדיק הנאה פונעם שטילשווײַגן, אַזוי, זאַלבע צווייט. און זי האָט שוין אומגעדולדיק געוואַרט, ווען ער וועט אָנהייבן דערציילן וועגן אַלץ, וואָס עס איז מיט אים געשען פון סאַמע אָנהייב, מיט אַלע איינצלהייטן. זײַנע בריוו פון שפּיטאָל, וועלכע ער פלעגט פון אָנהייב שרײַבן מונטער, אפילו חכמענדיק זיך, זײַנען געוואָרן וואָס ווײַטער אַלץ קירצער און אומעטיקער.

זי האָט געשוויגן, און שלום, ווי ער וואָלט דערשפּירט איר אומגעדולד, האָט אָנגעהויבן דערציילן:

— פון דעם 23סטן פעברואַר האָבן זיך אָנגעהויבן שווערע שלאַכטן. דעם 26סטן אין דער פרי בין איך פאַרוווּנדעט געוואָרן. מיר האָבן אָנגעגריפן דעם שונא אין אַ דאָרף, פון וועלכן ער האָט געקערעוועט אַ ווילדן פײַער פון מינען־וואַרפערס. איך בין פאַרוווּנדעט געוואָרן דורך שפּליטערס פון אַ מינע. עטלעכע שפּליטערס האָבן געטראָפן אין דיסק פון מײַן אויטאָמאַט, וועלכן איך האָב געהאַלטן בײַם האַרצן. דו זעסט ווי ס׳גליקט מיר, איך בין געבוירן געוואָרן אין אַ זײַדן העמדל...

ער האָט דערציילט, ווי נאָכן אַרומזען די וווּנדן אינעם פעלדשפּיטאָל האָט מען אים, צוזאַמען מיט אַנדערע פאַרוווּנדעטע, אַרויפגעלייגט אויף אַ ברייטן שליטן און געפירט אין דעם פעלדשפּיטאָל.

— ס׳איז געווען פינצטער, דער איבערפולטער שליטן פלעגט זיך אָפּט אַראָפּגליטשן פון שטראָמען בערגל בײַם וועג. איך בין געלעגן בײַם ראַנד פון שליטן און בין אַרויסגעפאַלן אין אַ גרוב מיט שניי. קיינער האָט עס ניט באַמערקט. מײַן שכן דערנעבן איז שטאַרק געשלאָפן נאָכן נאַרקאָז, און דער בעל־עגלה האָט געדרעמלט פון מידקייט. עס האָט מיר אָבער ווידער אָפּגעגליקט — עפּעס אַן אַלטיטשקע איז געגאַנגען נאָך וואַסער, מיך געפונען און דערשלעפּט ביז דער כאַטע. אַלט איז זי געווען אפשר נײַנציק יאָר, דאַר ווי אַ דראָנג און שווײַגעוודיק, ווי זי וואָלט זײַן שטום. אָבער מיך האָט זי גוט צוגעזען...

שלום האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, ווידער צוגעמאַכט די אויגן, ווי ער וואָלט זיך עפּעס געוואָלט דערמאָנען, אַ גלעט געטאָן אַסיעס האַנט און דערציילט ווײַטער:

— מיט זויערמילך האָט זי מיך געקאָרמעט, מער האָט זי קיין זאַך ניט געהאַט. איך פיל נאָך הײַנט דעם טעם פונעם היימישן קילן זויערמילך, ווען ס׳ברענען די ווונדן... געשמאַקער האָט, דאַכט זיך, דעמאָלט גאָרניט געקענט זײַן...

איך בין בײַ איר לאַנג געלעגן, אפשר אַ וואָך און אפשר מער. מע האָט מיך געזוכט און דאָרט בײַ איר געפונען. ס׳איז געקומען א סאַניטאַר־אויטאָ.

— ווי האָט זי געהייסן, די אַלטיטשקע?

— יעגאָראָוונאַ.

— און דער נאָמען? די פאַמיליע?

— כ׳האָב ניט געפרעגט. זי פלעגט שווײַגן. איך אויך...

— אוי, שלום, איך דערקען דיך... די אַלטיטשקע וועט מען דאַרפן אָפּגעפינען!

— מען וואָלט געדאַרפט...

וועגן דעם, וואָס ס׳האָט פּאַסירט ווײַטער, האָט אַסיע שוין געוווסט פון זײַנע בריוו. אין טולע, אין שפּיטאָל, האָט מען שלומען באַזײַטיקט אַ סך שפּליטערס פונעם היפּטביין און אַרויפגעלייגט גיפּס. די האַנט, וועלכע איז געווען לײַכט פאַרווונדעט, האָט זיך שנעל פאַרהיילט, און דאַן האָט ער אָנגעהויבן שרײַבן מונטערע בריוו: אַלץ איז גוט, קיין ווייטיקן פיל איך כמעט ניט, די ווונד פאַרהיילט זיך, צום גיפּס האָב איך זיך צוגעוווינט. אין

גיכן וועט מען מיר אים אַרונטערנעמען, כ׳וועל קענען גיין און אפילו טאַנצן...

— אין טולע האָט מיר ווידער אָפּגעגליקט — דערציילט ער, אומקערנדיק זיך צום מאָמענט פון אָנקום אין שפּיטאָל. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן צו שאַפן אַ גאַנגרענע און ס׳האָט שוין געהאַלטן בײַם אַמפּוטירן דעם פוס. אָבער דער הויפּטדאָקטער האָט באַשלאָסן צו ריזיקירן: ״אַזוי ווי דו ביזט מײַן ״טיאָזקע״, איך הייס אויך שלום, וועל איך דיר פּרובירן איבערלאָזן דײַן פוס...״ — האָט ער זיך געוויצלט. אָבער ער האָט געוואָרנט: טאָמער וועט ניט געלינגען, איז אָן אַ וואָרט, גלײַך ווידער אויפן טיש...

שלום האָט ניט ווילנדיק געוואָרפן אַ בליק אויפן בעט אין קעגנאיבערדיקן ווינקל, ווו ס׳איז געלעגן דער שווײַגנדיקער מענטש. ער האָט אַ שעפּטשע געטאָן:

— בײַ אים זײַנען ביידע פיס אַמפּוטירט... ביזן וואָרצל...

...מען האָט שוין אָפּגעגעסן אָוונטברויט. ס׳איז צוגעפאַלן דער אָוונט. אַסיע האָט ניט געוווסט ווי לאַנג זי קען דאָ בלײַבן, אָבער עמעץ פון די שכנים, באַמערקנדיק, ווי זי קוקט זיך אומרויִק אַרום, האָט הויך געזאָגט:

— ס׳איז גאָרנישט, זיצט, איר שטערט אונדז ניט.

עטלעכע מאָל איז אַרײַן וואַליע. זי האָט אָבער גאָרניט געזאָגט, און אַסיע, צורוקנדיק דעם שטול האַרט צום בעט, האָט שטיל דערציילט שלומען וועגן זיך, וועגן דעם, ווי זי פלעגט פאַרשטייענדיק דעם אומזין דערפון, וואַרטן אויף אים, יעדן טאָג און יעדע נאַכט, צוהערן זיך צו די טריט אויף די טרעפּ. וואַקלענדיק זיך אַ ווײַלע, האָט זי אויך דערציילט, ווי ווינטער, ווען זי האָט זייער שלעכט אויסגעזען, האָט זי ניט געוואָלט קוקן אויף זיך אין שפּיגל און האָט מורא געהאַט זיך צו טרעפן מיט אים.

— נאַרעלע מײַנע...

זי האָט זיך דערמאָנט ווי זי פלעגט זיך שאַרן איבער די גליטשיקע גאַסן אין די גרויסע בורקעס אויף די פיס מיט נאָך גרעסערע קאַלאָשן און קלערן וועגן זעלבסטוועדע, ביז דער הונגער פלעגט ניט פאַרנעפּלען איר באַוווסטזײַן.

איצט האָט זי געהאַלטן שלומס שווערע האַנט, ס׳האָט זיך איר געוואָלט

קושן זײַנע אויגן, אָבער דאָ האָט מען עס ניט געטאָרט; שלום האָט ניט גערעדט די אַלע ווערטער, וועלכע ער פלעגט שרײַבן אין די בריוו, ווי ער וואָלט זיי איצט פאַרגעסן. דער בליק זײַנער האָט אָבער געשטראַלט, און אַסיע האָט נאָך אַ מאָל דערפילט מיט איר גאַנצן וועזן, אַז פאַר איר עקסיסטירן ניט קיין אַנדערע הענט, קיין אַנדערע אויגן... זי האָט אפילו ניט באַמערקט, ווי זי האָט עס געזאָגט אויף אַ קול.

— וואָס רעדסטו, אַסיעלע?

— פשוט אַזוי, גאָרניט...

וואַליע איז אַרײַנגעגאַנגען, פונאַנדערגעטיילט די טערמאָמעטערס און אײַנגעהאַלטן, העפלעך זיך געווענדט צו אַסיען:

— אפשר קלעקט שוין אויף הײַנט? מאָרגן וועט איר דאָך אויך קומען.

זי האָט אומעטיק אַ קוק געטאָן אויף שלומען, אָבער ער האָט עס ניט באַמערקט און געבעטן:

— נאָך אַ ביסל, וואַליושאַ.

— נו גוט, זיצט שוין, ביז איכ׳ל קומען נאָך די טערמאָמעטערס.

שלום האָט פאָרשעריש געקוקט אויף אַסיען און אַ שמייכל געטאָן:

— די לעצטע ווערטער האָסטו ארויסגערעדט עפּעס מאָדנע, ווי מיט אַ געפיל פון שולד. ס׳איז דאָרט בײַ דיר קיין זאַך ניט געשען?

— ניין, גאָרניט.

— זאָגסט דעם אמת?

— פשוט, איינער אַ חבר האָט מיך אײַנגעלאַדן אין קינאָ.

— וואָס פאַר אַ חבר?

— אַ סטודענט, לערנט אויך ווי אַן עקסטערן, געקומען פון פראָנט, געווען פאַרווונדעט.

— נו, ער האָט דיך אײַנגעלאַדן, און דו ביסט געגאַנגען.

— ניין, ניט געגאַנגען.

— ניט געגאַנגען? — האָט שלום איבערגעפרעגט.

— איך האָב דיר דאָך געזאָגט, אַז ניט. ווען איך וואָלט דיך געוואָלט אָפּנאַרן, צו וואָס וואָלט איך בכלל דיר דערציילט די גאַנצע מעשה?

— אָבער אויב דו ביסט מיט אים ניט געגאַנגען, צו וואָס האָסטו מיר דאָס טאַקע אַלץ דערציילט?

אַסיע האָט לײַכטער אָפּגעאָטעמט. פון אָנהייב האָט זי זיך דערשראָקן פאַר אירע אייגענע ווערטער, און וואָס ווײַטער זי האָט זיך פאַרטיפט אין שמועס, אַלץ בעסער האָט זי פאַרשטאַנען די זינלאָזיקייט פון אים. וויקטאָר האָט זי נאָך צוויי מאָל געלאַדן אין קינאָ. זי האָט ביידע מאָל אָפּגעזאָגט, און ווען די עקזאַמענס האָבן זיך געענדיקט, האָט ער איר געבראַכט בלומען און געזאָגט: ״נאַ, נעם, מאַמעשי, דאָס איז פאַרן אויסגעצייכנטן אויסהאַלטן די עקזאַמענס״. דאַן איז עס געווען אומגעריכט און אָנגענעם. איצט, אָבער, האָט זי זיך געפילט שולדיק לגבי שלומען.

שווײַגנדיק אַ ווײַלע, האָט שלום ווידער אָנגעהויבן, כלומרשט ווי וועגן עפּעס אַנדערש:

— סט׳געשריבן אין בריוו, אַז דו האָסט בדעה אַריבערצוגיין שטודירן אין דער טאָג־אָפּטיילונג. איך מיין, אַז דאָס האָט אַ זין. דו לערנסט זיך דאָך גוט. נייען די הענטשקעס וועסטו קענען אין פרײַע מינוטן.

— איך האָב שוין צוגענומען די פּאַפּירן פון דער עקסטערן־אָפּטיילונג, אָפּגעגעבן אין דעקאַנאַט.

— ביסט אַ מאָלאָדיעץ!

— און נייען האָט מיר די מאַמע צוגעזאָגט צו העלפן. מיר וועלן זיך ווי עס איז זאַלבע צווייט אַן עצה געבן.

אַסיע איז אויפגעשטאַנען, געקליבן זיך אַוועקגיין. שפּירנדיק אָבער, אַז שלום וויל נאָך עפּעס זאָגן, ווידער זיך צוגעזעצט.

— מיין ניט, אַסינקע, אַז נאָר דו ווילסט זײַן ריין און איבערגעגעבן. איך אויך. איך זע, אַז דו קלערסט די גאַנצע צײַט וועגן וואַליען... ס׳האָט איר געטראָפן אַ גרויסער אומגליק. איר חתן איז אומגעקומען. דו האָסט אַזוי אומפאַרײַנדלעך געקוקט אויף איר... מען דאַרף ניט, אַסיע. זײַ מוחל וואָס איך זאָג עס דיר. אָבער דו ווייסט נאָך ניט דעם ווערט פון אַ מענטשנס גוט וואָרט, פון אַ קליין ביסל טרייסט און צערטלעכקייט. איך בין דאָ געלעגן אומבאַהאָלפן, ווי אַ ליימענער גולם; געלעגן, וואַרטנדיק אויף דיר און לײַדנדיק שאַרף פון הילפלאָזיקייט, פון דעם, אַז איך קען גאָרניט טאָן. די צײַט האָט זיך געצויגן ווי פּעך. איז אָט, ווען ני׳ט וואַליע, וואָלט איך מסתמא משוגע געוואָרן...

אַרויסגייענדיק פון שפּיטאָל, האָט זיך אַסיע דערמאָנט איינעם פון שלומס

לעצטע בריוו, וועלכער האָט זי טיף דערשיטערט: ״איך קען ניט שרײַבן, די נשמה נאָגט, אַ ווייטיק דרינגט דורך דעם גאַנצן קערפּער. ניט שרײַבן ווילט זיך, נאָר הוילן פון בענקשאַפט...״

דערמאָנענדיק זיך אין די ווערטער, האָט אַסיע געוואָלט אַ קלער טאָן וועגן וואַליען מיט דאַנקבאַרקייט, געוואָלט, אָבער ניט געקענט...

...דער דאַמפער ״פּאַמיאַט מאַרקינאַ״ איז פּאַוואָליע געשווומען אויף די כוואַליעס פון דער וואָלגע. שוין דעם דריטן פרימאָרגן האָט אַסיע באַוווּנדערט דאָס רחבות פונעם טײַך, געקוקט און ניט געקענט זיך זאַט אָנקוקן אויף זײַן רויִקער אייביקייט. זי האָט אַ קלער געטאָן, אַז פאַר דער גאַנצער צײַט, וואָס זי האָט געלעבט בײַ דער וואָלגע, האָט זי, אייגנטלעך, דעם טײַך ניט געזען. זי האָט קיין אַכט ניט געלייגט אויף אים, אויף זײַנע שיפן, אויפן רויך פון די קוימענס און אויפן געוווי פון די סירענעס. דאָס איז געווען די וואָכעדיקע האָרעפּאַשנע וואָלגע, און אַסיעס לעבן איז אויך געווען דורכויס וואָכעדיק און טריב. נאָר איצט האָט זיך איר אַנטפּלעקט דער טײַך אין זײַן גאַנצער פּראַכט — אינעם זילבערנעם גלאַנץ פון פרימאָרגן־טוי, באַקליידט מיט פרישער גרינקייט פון די ברעגן, אָנגעפילט מיט ווונדערלעכן פייגלגעזאַנג. אַסיען האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס זינגט דער טײַך אַליין, אַז די וואַסער־שפּליטערס אויף זײַנע כוואַליעס קלינגען לײַכט און גרין.

אַסיע איז אויפגעוואַכט פון שלומען אַן אומעטיקע, ווײַל זי האָט זיך געמוזט שיידן, און גלײַכצײַטיק אַ גליקלעכע, מיט עפּעס א נײַעם, זוניקן געפיל. שלום האָט ניט גערעדט קיין צאַרטע ווערטער, אָבער געקוקט האָט ער אויף אַסיען אַזוי, ווי ער האָט קיין מאָל פריִער ניט געקוקט.

פאַר איר אויפקוקן האָט ער מיט אַ מאָל אַ פרעג געטאָן:

— דו וואָלסט ניט געקענט צוואַרטן, ביז מען וועט אַראָפּנעמען דעם גיפּס? — און האָט זיך אַליין צעלאַכט פון דער זינלאָזיקייט פון זײַנע רייד. — נו, גוט, שוין, ווי נאָר איך שטעל זיך אויף די פיס, קום איך אַליין צו דיר. כ׳וועל אַנטלויפן פון שפּיטאָל, דו וועסט זען.

...אַסיע האָט געקוקט אויף די רחבותדיקע כוואַליעס פון טײַך און געקלערט: ״וואָס זשע איז עס פון דעסטוועגן פאָרגעקומען אין דער צײַט פון זייער באַגעגעניש? פריִער, ווען זי האָט אַזוי שלעכט אויסגעזען, ניט געוואָלט קוקן אויף זיך אין שפּיגל און האָט מיט שרעק געקלערט וועגן דעם,

וואָס וועט זײַן, טאָמער ער קומט און זעט זי אַזאַ — איז אַלץ געווען אַנדערש. אַזוי קען מען קלערן וועגן אַ געליבטן, וועגן אַ מענטשן, וואָס איז דיר אײַנגעבאַקן אין האַרץ, וועלכער איז דיר אָבער ווײַט, כמעט פרעמד. זיי זײַנען דאָך גאָר ווייניק געווען צוזאַמען, זיך זעלטן געזען.

ערשט איצט האָט זי צום ערשטן מאָל דערשפּירט, אַז זי איז אַ ווײַב, אַזאַ, וועלכע מען האָט ליב אַלע מאָל, אַלץ איינס צי זי איז שיין, אָדער מיאוס, געזונט, אָדער קראַנק, אָן וועלכער ס׳איז ניטאָ קיין לעבן...

קומענדיק אַהיים, האָט זי געפונען אַ בריוו פון שלומען. ער האָט אין אים דערזאָגט דאָס, וועגן וואָס ער האָט אָנגעהויבן ריידן אין שפּיטאָל:

״ס׳איז רעכט, אַז איך בין צו דיר געווען ניט גענוג אויפמערקזאַם און מילד; זײַ מיר עס מוחל, איך קען ניט ריידן קיין שיינע רייד. אָבער געדענק איין זאַך: אין פײַער פון שלאַכט, ווען אַרום האָבן אויפגעריסן באָמבעס און איך האָב יעדע רגע געקענט דערהרגעט ווערן, האָב איך ביז ווייטיק ניט געוואָלט, דו זאָלסט ווען עס איז געהערן אַן אַנדערן. אפשר דערפאַר בין איך ניט אומגעקומען״.

# נאָסטאַלגיע

**פון טאָגבוך**

מיט אַ צײַט צוריק, לייענענדיק עפּעס אַ דערציילונג, דאַכט זיך פון סטעפאַן צווײַג, האָב איך באַגעגנט אַ וואָרט ״נאָסטאַלגיע״, און מיר האָט זיך געוואָלט באַגרײַפן, וואָס שפּירט אַ מענטש, ווען ער רײַסט זיך אָפּ פון זײַן היימלאַנד. מיר האָט זיך דאַן אויסגעדאַכט, אַז איך וואָלט געליטן אָן מײַנע נאָענטע, אָן די פרײַנד. אָבער איך האָב ניט געוווּסט, אַז מע קען בענקען נאָך ברוקשטיינער, נאָך אַ דאַך פון אַ שטוב אַנטקעגן, וואָס האָט זיך געזען פון פענצטער, נאָך געסלעך, וווּ ווײַבער, אָנגעפּעלצטע מיט אַ באַרג מלבושים, שרײַען אַרויס פון אונטער די פאַטשיילעס: ״הייסע באָבעס, זודיקע באָבעס!״, אַז מע קען בענקען נאָך עפּעס אַן עלנטן בוים אין אַ פאַרלאָזטן הויף, וועלכן דו גייסט טאָג אײַן, טאָג אויס פאַרבײַ, נאָך דעם ריח

פון אַ טײַך אין אַן אָוונט־שעה, נאָך רינשטאָקן אויף אַ געסל פון דײַן קינדהייט.

איך גיי דורך די גלײַכע גאַסן פון קויבישעוו, ווי איך וואָלט געגאַנגען לענג־אויס די רייען פון אַ שאַכברעט, און מיר ווילט זיך פאַרבלאָנדזשען אינעם לאַבירינט פון מײַנע קרומע געסלעך, ווו שמאָלע שטיבער שטייען ענג צונויפגעפּרעסט, ווי זיי וואָלטן זיך וועלן האַלטן צוזאַמען.

נעכטן, ווען איך בין געגאַנגען אין צענטער שטאָט, האָט זיך מיר מיט אַ מאָל אויסגעוויזן, אַז באַלד, ווי נאָר איך וועל פאַרקערעווען אויפן פּראָספּעקט, וועל איך דערזען דעם פּלאַץ מיטן ווײַסן טורעם, די זײַלן פון דער קאַטעדרע, וואָס לײַכטן אין דער פינצטער, די אַלטע קאַשטאַנביימער אינעם קליינעם פאַרשאָטנטן פּאַרק מיטן מאָדנעם נאָמען "טיעליאַטניק", דעם געדיכט־באַוואַקסענעם שלאָסבאַרג און דעם שלאָס אויף זײַן שפּיץ.

ס'טרעפט, אַז כ'הויב זיך אָן צו דערמאָנען און קען ניט, ווו ס'ענדיקט זיך דער שוצמויער אויף סובאָטש־גאַס, וואָס האָט אין מיטל־אַלטער אַרומגערינגלט די שטאָט, אָדער ווי ס'הייסט דאָס געסעלע, גרויס ווי אַ גענעץ, וואָס פאַראייניקט גרויס־ און קליין סטעפּן־גאַס. ס'מאַטערן מיך איצט איינצלהײַטן, וועלכע איך געדענק ניט. דאָס פאַרדריסט מיר אַזוי, ווי ס'האָט אונדז פאַרדראָסן אַ מאָל אין שול, ווען אייניקע פון אונדז האָבן ניט געקענט ענטפערן אויף דעם לערערס פראַגע, צי מיר געדענקען דעם קאָליר פון דער מאַמעס אויגן.

איך פאַרליר נאָך אַלץ ניט די האָפענונג, אַז וויטע איז ערגעץ דאָ, אין דעם ריזיקן לאַנד, און מיר ווייסן פּשוט גאָרניט איינע וועגן דער אַנדערער. מײַן פאָטער איז די טעג אַרויסגעפלויגן מיט אַן עראָפּלאַן ערגעץ אין אַ העק, צו אַ קראַנק קינד, און דאָרט, אין דעם פאַרוואָרפענעם ווינקל, האָט ער געטראָפן יאַנקען פון אונדזער יוגנט־רעדאַקציע. זי איז איצט אַ טראַקטאָריסטקע. יאַנקע, די גראָבטשינקע יאַנקע, בײַם רודער פון אַ טראַקטאָר! זי לעבט דאָרט דאָס דריטע יאָר, מיר דאָ שוין אויך דרײַ ווינטערס, און ווייסן ניט איינע פון די אַנדערע. איז אפשר וויטקע אויך...

איצט באַקום איך שוין ניט אַזוי פיל בריוו ווי פריִער. ווער ס'איז אויפן וועג צום פראָנט, ווער — אין קאַמף. און אַנדערע וועלן שוין קיין מאָל ניט שרײַבן.

איך קען זיך נאָך אַלץ ניט צוגעווינען צום געדאַנק, אַז מיכקע איז ניטאָ. מיר דוכט זיך, אַז ווען כ׳וועל זיך אומקערן אַהיים, וועל איך אים טרעפן אויף אַ ווילנער גאַס.

בענקע וואָלאָזשינסקי איז פאַרוווּנדעט געוואָרן אין ברוסט און געשטאָרבן. כאַצקל גייער האָט זיך דאָ געהיילט און האָט זיך אומגעקערט אין זײַן טייל. און דאַניע... דאַניע איז אומגעקומען טראַגיש. פון אַ צופעליקער קויל פון אַ סאָלדאַט פון אייגענעם פּאָלק.

וועגן דעם האָט מיר מיטגעטיילט אין אַ בריוו דאָדקע שקליאַרינסקי.

דער געדאַנק וועגן דאַניען מאַכט מיר אַ ריס אין האַרץ. ווי גלײַך אין דעם אומגליק וואָלט געווען אויך מײַן שולד... אויף זײַנע בריוו, אין וועלכע ס׳איז געווען אַזוי פיל עלנט און אומעט, פלעג איך ענטפערן אַזוי ווי אַלעמען — פשוט, חבריש. איין מאָל האָב איך אים שיִער ניט אָנגעשריבן אַ צאַרטערן וואָרט. אָבער כ׳האָב זיך צוריקגעהאַלטן, פונקט ווי איך וואָלט דערמיט פאַרראַטן שלומען. אַ ווילדע זאַבאָבאָנע... אָבער וואָס זאָל איך טאָן: כל זמן שלומען דראָט אַ סכנה, טאָר איך ניט האָבן קיין האַרציק וואָרט פאַר קיינעם פון די יאַטן... מיר דוכט זיך, אַז איך גלויב שוין טאַקע: ווען מע ליבט אַזוי שטאַרק און געטרײַ, קען מען דעם מענטשן אויסהיטן פון אַ סכנה, אויפהאַלטן בײַם לעבן...

אונדזער אַרמיי באַוועגט זיך שנעל אויף מערב. מיר זײַנען אַלץ נעענטער צו ליטע.

זשאַבינסקי קעמפט. העניע איז אויך די גאַנצע צײַט אויף דער פאָדערשטער ליניע. זי האָט שוין אויף איר קאָנטאָ סך־הכל כמעט אַכציק פאַרוווּנדעטע, אַרויסגעשלעפּטע פונעם שלאַכטפעלד. אונדזערע מיידלעך — עווקע, מינקע — האָבן זיך געלערנט אין אַ ספּעציעלער שול און מ׳האָט זיי, דוכט זיך, אַראָפּגעוואָרפן אויף פּאַראַשוטן אין דעם שונאס הינטערלאַנד. ווו איז מירע? קיינער דערמאָנט ניט קיין וואָרט וועגן איר.

אַלע לעבן איצט מיט איין געדאַנק — אַהיים! אָ, ווי עס ווילט זיך דורכשפּאַצירן אַ שטילן זומער־אָוונט מיט די חברה לענג־אויס דעם טײַך. ווען איך שטעל זיך דאָס פאָר, פאַרכאַפּט מיר דער אָטעם. איך פאַרגעס, אַז מיר לעבן אין אַזעלכע שווערע צײַטן און אַז מיר זײַנען אַלע עלטער געוואָרן אפשר אויף גאַנצע הונדערט יאָר.

ווער וועט זיך אומקערן אַהיים, און וועמען וועלן מיר געפינען?

שלומען האָט ניט אַזוי שטאַרק אָפּגעגליקט, ווי ער האָט געמיינט. דעם פוס האָט ער טאַקע ניט פאַרלוירן, און ער האָט גערעכנט, אַז ווי נאָר מען נעמט ביי אים אַראָפּ דעם גיפּס, קערט ער זיך באַלד אום אין זיין מיליטער־איינהייט. אָבער באַקומען האָט זיך גאָר אַנדערש. בעת ער האָט אָנגעהויבן צו גיין אויף קוליעס, האָט זיך די וווּנד ווידער געעפנט — מסתמא דערפאַר, וואָס דער ביין איז געווען צעשפּליטערט, און ניט אַלע שפּליטערס האָט מען אַרויסגענומען. מען האָט אים ווידער אָפּערירט, געהיילט אין אַ סאַנאַטאָריע, אָבער ס׳האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַלץ פון דאָס ניי. און אַזוי עטלעכע מאָל נאָך אַנאַנד. לעצטנס האָט מען שוין געמאַכט די זעקסטע אָפּעראַציע. שלום האָט געשריבן, אַז די אָ לעצטע אָפּעראַציע האָט דורכגעפירט דער בעסטער כירורג פון שפּיטאָל. אָנדערטהאַלבן שעה זיך געגריבלט אַרום ביין און אין ביין — אין אַן אָרט, וועלכן קיין נאַרקאָז נעמט ניט. ס׳האָט ווי געטאָן ניט אויסצוהאַלטן, סאַניטאַרן האָבן שלומען געהאַלטן פון ביידע זייטן. ער האָט זיך געזידלט אין דער מאַמען אַריין, דער דאָקטער — אויך. ער האָט געשוויצט ווי אין אַ באָד און ענדלעך געזאָגט: ״אַ סוף, איצט מוז שוין זיין גוט״.

אויפן פראָנט האָט מען שלומען ניט געלאָזט גיין. מען האָט אים געשיקט אַהין ווו מען האָט אָרגאַניזירט די דיוויזיע — קיין באַלאַכנאַ אויף דער וואָלגע. איצט לערנט מען דאָרט רעזערוויסטן. שלום האָט מיך מיט אַליקן אַרויסגערופן אַהין, צו זיך. ווי נאָר איך באַקום די דערלויבעניש, פאָרן מיר צו אים. ס׳איז רעכט, אַז אין אַ צוויי-דריי וואָכן אַרום וועלן מיר שוין זיין צוזאַמען. ס׳גלויבט זיך אפילו ניט...״

## די ״מאַרשעווע ראָטע״ זינגט התקווה

אין גיכן האָט אַסיע באַקומען פון שלומען די אַרויספאָדערונג און האָט זיך גלייך פאַרנומען מיטן אַרויסקריגן דעם דורכלאָזשיין. אמת, אַליק איז

געווען צוגעקילט און איז געזעסן אין דער היים. אַסיע האָט אָבער געהאָפט, אַז ביז מען וועט קריגן די דערלויבעניש, וועט דאָס קינד געזונט ווערן.

פֿאַרן אַוועקפֿאָרן איז זי אַוועק באַזוכן דעם טאַטן. ער האָט איצט געאַרבעט ווײַט הינטער דער שטאָט, אין דער קינדער־אָפּטיילונג פֿון אַ שפּיטאָל בײַ אַ גרויסן זאַוואָד און האָט דאָרט, בײַם שפּיטאָל, געוווינט אין אַ קליין צימערל, כדי ניט צו דאַרפֿן פֿאָרן יעדן טאָג אַהיים.

ס׳איז געווען אַ שיינער פֿרימאָרגן, און אַסיע איז אַ שטיק וועג געגאַנגען צו פֿוס. ס׳האָט זיך איר געדאַכט, אַז די זון איז נאָך קאַלט, אָבער אין דער לופֿטן האָבן זיך שוין געוועבט וואַרעמע שטראָמען. דאָס איז געווען דער ערשטער, קוים באַמערקבאַרער אָטעם פֿון פֿרילינג, וועלכער פֿלעגט זי יעדעס יאָר אָנפֿילן מיט אַ וווּנדערלעכער לײַכטקייט און עפֿענען איר האַרץ פֿאַר אַלעם אַרום.

זי האָט געפֿונען דעם פֿאָטער אינעם אויפֿנעם־צימער. אַ ייִנגעלע פֿון אַ יאָר פֿיר האָט געוויינט און געשריען, רײַסנדי״ק זיך פֿון דער מאַמעס הענט. און זי, די מאַמע, אַן אויפֿגערעגטע, סטאַרענדיק זיך אים איבערשרײַען, האָט עפּעס דערקלערט דעם דאָקטער. אַסיע האָט קוים דערהערט עטלעכע ווערטער:

— זינט מען שטעכט אים, איז גענוג ער זאָל דערזען אַ ווײַסן כאַלאַט, ווי ער...

דער טאַטע האָט אַ ווונק געטאָן צו אַסיען, באַוויזן מיטן קאָפּ אַ שטול אין ווינקל, און אַליין איז ער אַרויס פֿון צימער. ער האָט זיך צוריקגעקערט אָן אַ כאַלאַט. ער האָט זיך צוגעזעצט צום טיש נעבן דעם קליינעם חולה, וואָס איז בלוי געוואָרן פֿון געוויין, אויפֿגעעפֿנט אַ קליין מעסערל, אַרויסגענומען פֿון שופֿלאָד אַ שטיקל האָלץ, פֿונאַנדערגעלייגט אויפֿן טיש אַ צײַטונג און אָנגעהויבן שניצן, ניט לייגנדיק אויפֿן קינד קיין אַכט. פֿון אונטער דעם פֿאָטערס לאַנגע פֿלינקע פֿינגער זײַנען שנעל געפֿאַלן שפּענדלעך, און דאָס שטיקעלע האָלץ האָט זיך אָנגעהויבן פֿאַרוואַנדלען אין אַ קליין קאָמיש מענטשעלע. דאָס ייִנגעלע האָט אויפֿגעהערט צו שרײַען און גענומען זיך צוקוקן וואָס דער פֿעטער טוט דאָ. דאָס פּנימל זײַנס, נאָך נאַס פֿון טרערן, האָט אויפֿגעלעבט, די אייגעלעך האָבן זיך אָנגעצונדן מיט אינטערעס, ער האָט געפֿרעגט, וואָס דאָס איז אַזוינס. אַסיעס פֿאָטער האָט

אָבער ניט געענטפערט און ווײַטער געשניצט, ווי ער וואָלט זיך טאַקע אין דער אמתן פאַרטיפט אין זײַן אַרבעט און פאַרגעסן וועגן קינד. און ערשט דאַן, ווען דאָס מענטשעלע איז שוין געווען פאַרטיק, האָט ער עס דערלאַנגט דעם קליינעם, נעמענדיק אומבאַמערקט זײַן הענטל, כדי אויסצומעסטן זײַן דופק.

— און ווי רופט מען אים? — האָט געפרעגט דער פאַציענטל, ווען דער דאָקטער האָט אים אַוועקגעזעצט אויפן טיש.

— ער האָט נאָך ניט קיין נאָמען, לאָמיר אים אָנרופן קאָלקע, גוט?

— גוט.

— און ווי הייסטו?

— איך — וואַסיע.

ביז ס׳האָט זיך געצויגן דער שמועס, האָבן דעם דאָקטערס הענט בגניבה אויסגעטאַפּט דעם ייִנגלס העלדזל, דערנאָך האָט די רעכטע האַנט, גלעטנדיק, זיך אָפּגעשטעלט אויפן בריסטל, און די פינגער פון דער לינקער האָבן עס קוים באַמערקבאַר אַרומגעקלאַפּט. דער דאָקטער האָט דערבײַ צוגעמאַכט די אויגן, אָנשטרענגענדיק דאָס געהער, ווי ער וואָלט מיט די פּילבאַרע פינגער געקענט דערהערן דעם ריטעם פונעם קליינעם הערצל. באַמערקנדיק, אַז דאָס קינד האָט זיך אָפּגעווענדט פונעם שפּילעכל, האָט אַסיעס פאָטער איבערגעריסן די אונטערזוכונג.

— און איצט וועלן מיר קאָלקען לייגן שלאָפן.

— קום, מירן לייגן.

— אָבער אַליין איז אים אומעטיק.

וואַסיע האָט זיך אַוועקגעלייגט לעבן הילצערנעם מענטשעלע און דער דאָקטער האָט לײַכט אין עטלעכע ערטער אַ קוועטש געטאָן זײַן בײַכל, איינִיקע מאָל צונויפגעבויגן און פונאַנדערגעבויגן די פיסלעך און האָט אפילו אויסגעהערט דאָס קינד מיטן הילצערנעם טרײַבל, געבנדיק אים פריִער דאָס טרײַבל, ער זאָל אַליין אויסהערן דאָס מענטשעלע קאָלקע.

— די אײַנשפּריצונגען פּאָרלויפיק איבעררײַסן, אַהער זאָלט איר מער ניט קומען, מיר וועלן אים ווײַטער אָבסערווירן אין דער היים.

אַסיעס פאָטער האָט עס גערעדט צום קינדס מוטער, ניט קוקנדיק אויף

איר. שפילנדיק זיך ווײַטער מיטן קליינעם חולה, האָט ער איר דערלאַנגט אַ רעצעפּט און שטיל צוגעגעבן:

— גיט עס אים מיט זיסן טיי און ער זאָל ניט זען, ווי איר גרייט עס.

— קום, איך וועל דיר ווײַזן מײַן אָפּטיילונג — האָט ער געזאָגט צו אַסיען, ווען מען האָט דאָס קינד אַוועקגעפירט, און ער האָט ווידער אָנגעטאָן דעם כאַלאַט און דעם ווײַסן טשעפּיק.

זיי זײַנען אַרײַן אין אַ גרויסער, ליכטיקער פּאַלאַטע; דאָ האָט נאָך געשמעקט מיט פרישער פאַרב. דער געררודער, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן, האָט זיך אײַנגעשטילט. קינדערשע קעפּלעך און הענטלעך האָבן זיך געצויגן צום דאָקטער: פון די קעשענעס פון זײַן כאַלאַט האָבן אַריבערגעוואַנדערט אויף די טישלעך נעבן די בעטן פּאַפּירענע שיפעלעך, הילצערנע מענטשעלעך, שיפעלעך פון קאָרע. אַ מאָל, האָט זיך אַסיע דערמאָנט, פלעגט דער טאַטע גיין צו קראַנקע קינדער מיט צוקערלעך, איצט איז קיין זיסוואַרג ניטאָ און ער ברענגט די קליינע חולים צאַצקעס, וועלכע ער מאַכט אין די אָוונטן, אַליין הנאה האָבנדיק פון דער אַרבעט.

אויפן פענצטער האָט אַסיע דערזען צוויי קעסטלעך פון דיקט מיט שוואַרצערד.

— אין אַ חודש אַרום וועט זײַן קראָפּ און פּעטרישקע — האָט ער איר דערקלערט.

דערנאָך האָט ער דורכן פענצטער פון זײַן קליין צימערל באַוויזן דער טאָכטער דעם קליינעם שפּיטאָלהויף, פאַרוואָרפן מיט שטיינער און שטיקער ציגל.

— דאָ וועט זײַן אַ גערטנדל. דערווײַל איז ניטאָ ווער ס'זאָל אויסרייניקן דאָס שטיקל ערד און ס'איז נאָך אַלץ פאַרפרוירן, אָבער אַ גאָרטן וועט מיר זײַן, וועסט זען.

— וואָס רעדסטו, טאַטע, דאָ זעט זיך דאָך קיין ערד ניט, הוילער שטיין און בעטאָן, וואָס קען דאָ וואַקסן?

מיר וועלן אַרויפליייגן פון אויבן אַ שיכט שוואַרצערד.

— דו האָסט אַן אַנונג וויפל מע דאַרף?

— וויפל מען וועט דאַרפן, אַזוי פיל וועט מען ברענגען. דערפאַר וועלן אָבער זײַן וויטאַמינען פאַר די קינדער און אויך פאַר אונדז.

...אַסיע איז געגאַנגען אַהיים אַ פריילעכע און פאַרוווּנדערטע. וויפל מאָל האָט שוין פּאַסירט, אַז דעם טאַטנס אײַנפאַלן פלעגן איר אויסקומען ווי פּוסטע פאַנטאַזיעס, פון וועלכע ס׳וועט גאָר ניט אַרויסקומען, און וויפל מאָל פלעגט ער דאָך דערגרייכן זײַנס. ס׳איז רעכט, אַז אויך איצט וועט ער דאָס פאַרלאָזן און פאַרמיסטיקט שטיקל ערד פאַרוואַנדלען אין אַ בליִענדיק גערטנדל מיט גרינסן פאַר זײַן קינדער־אָפּטיילונג און, אגב, אויך פאַר זײַן משפּחה.

אַסיע האָט שוין טאָג אײַן, טאָג אויס געלעבט מיט דער האָפענונג זיך אַריבערצוקלייבן מיט אַליקן צו שלומען אין באַלאַכנאַ, ווען איינעם אַן אָוונט איז צו זיי אַרײַנגעקומען אַן אומבאַקאַנט הויך בחורל. דער פאָטער, וואָס איז יענעם טאָג געווען אין דער היים, האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעקוקט צום גאַסט און געפרעגט:

— דו ביסט ניט צופעליק קיין ווילנער?

— איך בין צופעליק יאָ אַ ווילנער — האָט יענער זיך צעשמייכלט.

— וואַרט, וואַרט... אַ געסל ציאַסנע נעבן דער לוקישקער טורמע... ביסט ניט אַ מאָל שאַכנע דעם שמידס אַן אײַניקל?

— יאָ, דאָקטער, מיישקע בין איך, מיישקע ווייצמאַן. איך האָב זיך דאַן געהאַט אָנגעגעסן מיט גרינע עפּעלעך, ס׳האָט מיר געקערט די גאַל, די מאַמע האָט געמיינט, איך קלײַב זיך שוין אַריבער אויף יענער וועלט. אָבער גאָט שיקט דעם ברײַער די ביר און דעם שרײַבער די פּאַפּיר. איר זײַט געקומען...

— ווי דען, איך געדענק! — דער פאָטער האָט אויפגעהויבן די ברילן אויפן שטערן. — קיין עין הרע, אַ יונגערמאַן אויסגעוואַקסן ווי אַ דעמב, אַ סאָלדאַט פון אונדזער זיגרײַכער רויטער אַרמיי. נו, זעץ זיך, זעץ זיך. ליובע דערלאַנג דעם גאַסט אַ גלאָז טיי, האָסט צום טיי אַ ביסל געפּאַרעטע קירבעס? דערצייל, משה, ווּהין פאָרסטו און פון וואַנעט?

משה איז געפאָרן פון סיביר, פון אַ שפּיטאָל אין מעלעקעס, צוריק אין דער ליטווישער דיוויזיע.

— איך זאָל זאָגן, אַז ס׳ווילט זיך מיר שטאַרק ווידער אין פײַער אַרײַן, וואָלט איך געזאָגט אַ ליגן — איז ער זיך מודה. דערווײַל האָב איך געזען אַ וועלט. געווען בײַם גרויסן טײַך אַמור, דאָרט האָט מען געשניטן ביימער, געוואָרפן די קלעצער אין טײַך אַרײַן, און זיי זײַנען געגאַנגען מיטן שטראָם.

איין מאָל בין איך אָפּגעשטאַנען פון צוג, אַרײַן צום קאָמענדאַנט, געזאָגט — אַזוי און אַזוי, פאַרשלאָפן, "ווינאָוואַט" — איך בין שולדיק — זיך אָפּגעמערקט. געטראָפן אויף אַ ווילן גוי — ער האָט דערזען, אַז מײַן אוניפאָרם איז אָפּגעדריבלט, אַרויסגעגעבן מיר נײַע בגדים. בקיצור, איך האָב זיי שפּעטער פאַרקויפט, געהאַט צום עסן און צו נאַשן. אַ פּאָר גוטע טעג האָב איך געוווּנען. פאַר אַ סאָלדאַט איז עס אַ גרויסע מציאה. צום צווייטן מאָל קער איך זיך דאָך צוריק נאָך אַ פאַרווונדונג.

סוף זומער, ווען משה האָט צום ערשטן מאָל, נאָך דער וווּנד אין אַקסל, זיך געדאַרפט צוריקקערן אויפן פראָנט, האָט מען אים געשיקט אין באַלאַכנאַ — אַהין, וווּ מען האָט פון סאַמע אָנהייב פאָרמירט די דיוויזיע, וווּ זי האָט די גאַנצע צײַט געהאַט די באַזע און וווּ מען האָט געגרייט און געשיקט אויפן פראָנט די פאַרשטאַרק־כוחות. אַהין האָט זיך אַסיע איצט געקליבן צו שלומען.

— אין באַלאַכנאַ זײַנען מיר געשטאַנען אין פּיאָנערן־לאַגער. די קינדער זײַנען שוין פון דאָרט געווען אַוועק — דערציילט משה ווײַטער. — דאָרטן האָט מען אונדז געאיבט און געגרייט צו שיקן אונדזער מאַרשעווע ראָטע אויפן פראָנט. אין גיכן איז אויסגעפאַלן ראש־ השנה, און באַלד, אין מיטן סעפּטעמבער — יום־כיפור.

— פון וואַנען האָט איר עס געוווּסט? האָט זיך געוווּנדערט דער פאָטער.

— געווען צווישן אונדז אַ ישיבה־בחור, דוכט זיך אַ מאַריאַמפּאָלער. ער האָט געהאַט געלערנט פאַרן קריג אין דער פּאָניעוועזשער ישיבה. איך ווייס ניט, ווי ער פלעגט עס אויסרעכענען, אָבער מיר פלעגן די יום־טובים שטילערהייט אָפּמערקן. געהאַט אַ מנין. די זעכציק מאַן פון אונדזער ראָטע זײַנען געווען דאָס רוב יידן.

...מען האָט אונדז שוין אָנגעטאָן שפּאָגל נײַ צו פאָרן צום פראָנט, מען פירט אונדז באַלד צום וואָקזאַל — דערציילט ווײַטער משה — מיר שטייען אומעטיקע, עס טאָטשען אונדז ווערעם. דער קאָמאַנדיר איז געווען פון די ליטווינער, וואָס מען פלעגט אויסזוכן אין רוסלאַנד פון אונטער דער ערד, גרייטנדיק "קאַדרען". געווען איז ער מער רוס ווי ליטווינער, קיין וואָרט ליטוויש ניט געקענט, אַליין קיין פולווער ניט געשמעקט, אָבער געהאַט אַ ליטווישע פאַמיליע. דערמונטערט ער אונדז, דער קאָמאַנדיר, און זאָגט:

"וואָס זײַט איר אַזוי טרויעריק, איר גייט דאָך באַפרײַען אײַער היימלאַנד, איר וועט נאָך געפינען אײַערע קרובים, די באַהאַלטענע" — און ער הייסט אונדז זינגען. אַליין איז ער פון אָנהייב געווען אַ שונא־ישראל...

נעמט אײַנער פון אונדז און פּאַרציט דעם ניגון פון "התקווה", און אַלע ברומען אונטער. מען ווערט דרײַסטער, דער ניגון הילכט שוין אין וואַלד, טראָגט זיך איבערן פּיאָנערן־לאַגער.

— נו? — פרעגן שוין ביידע, אַסיע מיטן טאַטן.

— אַז מען האָט געענדיקט זינגען, פרעגט ער, דער קאָמאַנדיר:

— קאַקאַיאַ עטאָ פּעסניאַ? (וואָס פאַר אַ ליד איז עס?)

— עטאָ יעווריעסקי גימן (דאָס איז אַ יידישער הימען) — האָט אים עמעץ דערקלערט.

— איך מיין, אַז אַזעלכע ווי איר, דרײַסטע חברה, וועלן באַפרײַען אײַער היימלאַנד — רופט ער זיך אָפּ אומגעריכט.

יענעם אָוונט האָבן מיר זיך לאַנג געבראָכן דעם קאָפּ וואָס האָט ער געהאַט אין זינען: געמיינט ליטע? דעם ראַטן־פאַרבאַנד? צי אפשר גאָר פּאַלעסטינע?

אגב, האָט משה צוגעגעבן, האָט אַן אַנדער קאָמאַנדיר אונדזערער, מאַניושיס, גוט געוווּסט אַלץ: וואָס פאַר אַ ליד מיר האָבן געזונגען, און אַז מיר פײַערן די יידישע יום־טובים. געוווּסט און געשוויגן. געווען אַ ליטווינער — אַ גאָלד.

## און ווידער בריוו...

זינט פינף יאָר האָט אַסיע אין האַנט ניט געהאַט קיין לאַטײַנישן טעקסט. ס'האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז די גימנאַזיע־בילדונג האָט איר געגעבן אַ פעסטע באַזע: ווי נאָר זי האָט בעת דעם עקזאַמען געעפנט דאָס בוך מיט די טעקסטן פון יוליוס צעזאַר, האָט זי עס גענומען לייענען און איבערזעצן, און ס'איז איר געגאַנגען לײַכט ווי אַ וואַסער. בלויז ווען ניט ווען האָט זי אַרײַנגעקוקט אין ווערטערבוך.

ווען זי האָט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען, איז זי אַוועק צום דעקאַן: ער האָט זי אַרויסגערופן אין שײַכות מיט איר סטודענטישער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט.

— די טעמע איז אינטערעסאַנט — האָט ער געזאָגט מיט אָנערקענונג — און די באַהאַנדלונג איז גאַנץ טיף. איך וואָלט עס איבערגעגעבן אויפֿן קאָנקורס פֿון סטודענטישע אַרבעטן. איך וואָלט אײַך ראַטן אַ בלעטער טאָן נאָך אייניקע ווערק. פֿאַרשרײַבט זיך...

איר אַרבעט האָט געהייסן: "דער אמת וועגן די וואָרצלען פֿונעם נאַציזם אין ליכט פֿון דער הײַנטצײַטיקער דײַטשישער ליטעראַטור". דעם געדאַנק צו באַאַרבעטן אַזאַ טעמע האָט אין איר דערוועקט דאָס בוך פֿון ווילי ברעדעל "דײַן אומבאַוווּסטער ברודער", וואָס האָט זי טיף אויפֿגערודערט. זי האָט אָנגעהויבן לייענען ווערק פֿון פֿרידריך וואָלף, אַנאַ זעגערס, פֿון אַנדערע פּראָגרעסיווע דײַטשישע שרײַפֿטשטעלער, באַמיִענדיק זיך צו באַגרײַפֿן, ווי אַזוי, אויף וואָס פֿאַר אַן אופֿן, די ברוינע מגיפֿה האָט בהדרגה פֿאַרוואַנדלט די דײַטשן אין ווילדע חיות.

פֿון דעקאַנאַט איז אַסיע אַרײַן אין ביבליאָטעק, דערנאָך אַוועק אַהיים, קלערנדיק אויפֿן וועג אי וועגן דער נאָענטער באַגעגעניש מיט שלומען, אי וועגן איר וויסנשאַפֿטלעכער טעמע, וועלכע איז איר אַזוי טיף אָנגעגאַנגען, און וועלכע זי האָט געפּאָרשט מיט אַזאַ אינטערעס. אין דעם מאָמענט איז איר אפֿילו ניט אײַנגעפֿאַלן, אַז איינס שליסט דאָך, אייגנטלעך, אויס דאָס אַנדערע. זי האָט זיך געאײַלט אַהיים — גיכער, גיכער דערציילן דער מאַמען אירע נײַעס פֿון אינסטיטוט. זי איז אַרײַנגעלאָפֿן אין צימער אַ פֿריילעכע, אַ פֿאַררויטלטע.

— מאַמעלע, איך האָב איינס־צוויי אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען פֿון לאַטײַן! און ווייסט וואָס דער דעקאַן...

— אַסיע, טרעף, וואָס אַליק האָט הײַנט געזאָגט — האָט זיך אַרײַנגעמישט לילקע.

— וואַרט אַ ווײַלע. איז אָט וואָס: דער דעקאַן האָט געלויבט מײַן אַרבעט.

— אַסיע, אַ דעפּעשע — האָט איר איבערגעשלאָגן די מאַמע.

— וואָס? אַ דעפּעשע? וואָס פֿאַר אַ דעפּעשע?!

״פאָרט ניט אַרויס, די פראַגע פון נײַער באַשטימונג איז געלייזט געוואָרן. איינצלהייטן אין בריוו. טעלעגראַפיר אַליקס געזונט־צושטאַנד״.

אַסיע איז שטיין געבליבן פאַרגליווערט פון דער אומדערוואַרטער ידיעה און ערשט אין אַ היפשער ווײַלע אַרום, וויינענדיק, זיך אַ זעץ געטאָן אויפן שטול. אַליק האָט זיך צו איר געטוליעט, ריידנדיק מילד: ״וואָס איז, מאַמעלע, וואָס, מאַמעלע...״

אַסיע האָט פאַרשטאַנען, אַז שלום האָט פון דעסטוועגן יאָ אָנגענומען שריט זיך אומצוקערן אין דיוויזיע און אַז דאָס איז אים געלונגען. די באַשטעטיקונג איז אָנגעקומען אין עטלעכע טעג אַרום:

...ניט געקוקט אויף מײַן הייסן פאַרלאַנג צו זײַן מיט אײַך צוזאַמען, האָב איך געטאָן אַלץ, כדי מען זאָל מיך שיקן אַהין, ווו אַלע אונדזערע זײַנען. כל זמן די מלחמה דויערט, דאַרף מען קעמפן. איך בין ניט בכוח צו בלײַבן אַרבעטן פאַר דער אַרמיי אין הינטערלאַנד, ווי ס׳איז מיר אויסגעקומען די לעצטע צײַט״.

אַסיע האָט ניט געוואַגט אָפּצורײדן דערפון שלומען, אָדער אויסצודריקן איר אומצופרידנקייט מיט זײַן באַשלוס. נידערשלאָגן פון דער אַנטוישונג און מיד פון די נײַע אומדערוואַרטע ענדערונגען אין זייער לאַגע, האָט זי אים אַוועקגעשריבן אַ בריוו. ״איך פאַרשטיי אַלץ — האָט זי געשריבן, — אָבער שטעל זיך אויך פאָר מײַן צושטאַנד — איך האָב דאָך אַזוי געוואַרט אויף אונדזער באַגעגעניש. ס׳האָט זיך מיר פשוט געוואָלט אַ ביסעלע גליק. איך מיין, אַז מיר האָבן עס ביידע כשר פאַרדינט. איך האָב זיך שוין פאָרגעשטעלט אונדזער נײַע היים אויף דער וואָלגע. דאָס צימערל... כ׳מוז דיר מודה זײַן — ווען דו האָסט זיך צום ערשטן מאָל געריסן אויפן פראָנט, האָב איך געוווּסט, אַז אַנדערש קען גאָרניט זײַן. אָבער איצט, נאָך די זעקס אָפּעראַציעס — ווידער פרײַוויליק אין פײַער אַרײַן?... נו, איך שווײַג, איך שווײַג שוין, מסתמא דאַרף אַזוי זײַן. איך וועל אויף דיר וואַרטן, ווי ביז אַהער, גיין צוזאַמען מיט דיר פאָרויס אויף מערב. שרײַב מיר נאָר, שרײַב יעדן טאָג אַ פּאָר ווערטער, מיר זאָלן שטענדיק זײַן צוזאַמען...״

אין עטלעכע טעג אַרום איז אָנגעקומען דער ערשטער בריוו פון וועג:

״פאַרבײַפאָרנדיק האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אין מאָסקווע, געווען אינעם רעפּובליקאַנישן שטאַב פון דער פאַרטיזאַנער־באַוועגונג, געטראָפן זיך מיט

פּאַרטיזאַנערס, וואָס זײַנען אָנגעקומען אַהער פון די אָקופּירטע שטחים פון ליטע. אין ווילנע, אין געטאָ, איז טעטיק אַ פּאַראייניקטע פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע. אין איר שפּיץ שטייען מענטשן, וועלכע דו קענסט. איך האָב זיך דערוווּסט אַ סך שווידערלעכע פֿאַקטן. כ׳וועל אָבער איצט ניט שרײַבן וועגן דעם. דאָס וויכטיקסטע איז, אַז די אונטערערד קעמפט און איך צווייפל ניט, אַז יעדער פון אונדזערע חברים, ווער ס׳איז נאָר לעבן געבליבן, געפינט זיך אין די רייען פון די קעמפערס.

איך פאָר אין מײַן איינהייט אויף אַ נײַעם, פאַראַנטוואָרטלעכן פּאָסטן און איך גלויב, אַז זייער גיך וועל איך זײַן אויפן פראָנט. אַלץ, מײַן טײַערע, איז ווי ס׳באַדאַרף צו זײַן. איך קוש דיך. שלום״.



קיין מאָל האָבן זיי נאָך ניט געשריבן אײנער דעם אַנדערן אַזוי פיל. זיי האָבן מיטגעטיילט וועגן טאָגטעגלעכן לעבן, וועגן די קלענסטע קלייניקייטן, וועגן יעדער מינדסטער געשעעניש — אַלץ איז געווען וויכטיק און נייטיק.

די דיוויזיע האָט באַלד געזאָלט זײַן אויפן פראָנט. דערווײַל האָט מען אָבער געוואַרט. ס׳האָבן געדויערט די צוגרייטונגען, איבונגען, לימודים.

״...איצט איז בין השמשות, — האָט געשריבן שלום — די לימודים האָבן זיך געענדיקט. איך זיץ אַליין אין זעמליאַנקע, ס׳איז מיר געוואָרן אומעטיקלעך. איך פּרוּוו טרעפן וואָס דו טוטסט איצט...״

״מיר איז עפּעס אַזוי גוט אויפן האַרצן. מסתמא דערפאַר, וואָס איך האָב דיך. איך בין איצט זייער אַקטיוו און איך גלויב אין די אייגענע כוחות. איינע אַ מיידל האָט מיך נעכטן געפרעגט: ״צי ז׳ען ביסטו, אַסיע, תמיד אַזוי פריילעך און פון אַלץ צופרידן? שטעל זיך פאָר, דאָס רעדט זיך וועגן מיר...״

״איך האָב זיך אַזוי צוגעווינט צו דײַנע בריוו, אַז ווען איך קריג זיי ניט אַ פּאָר טעג, געפין איך זיך ניט קיין אָרט. נעכטן בין איך אַרומגעגאַנגען אַ גאַנצן אָוונט פון ווינקל צו ווינקל, געררויכערט, מיט פּאַרדראָס געקלערט וועגן דעם, סאַראַ שאָד, וואָס מיר האָבן זיך ניט געזען פאַר מײַן אַרויספאָר. אַזוי האָט זיך שוין באַקומען... נאָר גאָרניט — מיר וועלן זיך נאָך טרעפן, מיר וועלן נאָך זײַן צוזאַמען!״

״איך גיכן איז דײַן געבורטסטאָג און מיר ווילט זיך, אַז מײַן בריוו, מײַן האַרציקע באַגריסונג זאָל אָנקומען צו דער צײַט. אַניט וועסטו זיך דאָך אַליין אפילו ניט דערמאָנען וועגן דײַן אייגענעם יום-טוב. איך קען דאָך דיך...״

...״כ׳האָב נאָר וואָס באַקומען דײַן בריוו פון פינפטן. מיר פאָרן אויפן פראָנט, אָבער דעם בריוו האָב איך באַקומען צו דער צײַט. שרײַב מיר מער וועגן אַליקן — וואָס ער רעדט און בכלל אַלץ.״

״איך לערן מיט אַן אומגעהויערן דאָרשט. מסתמא קען מען אַזוי וועלן לערנען נאָר אין די באַדינגונגען, אין וועלכע איך לעב — מיט אַ קינד אויפן האַנט, ווען ס׳איז אַזוי שווער צו לערנען. איך לאָז ניט דורך קיין איין לעקציע. איך זעץ זיך אַנידער אויף דער ערשטער באַנק, כדי אויפמערקזאַמער צו הערן, און כאַפּ זיך אַליין דערבײַ, אַז איך שלאָף איין. אַליק שלאָפט נאָך אַלץ שלעכט אין די נעכט. ס׳איז מיר אַ שאַנדע, אָבער אויף מאָרגן זעץ איך זיך ווידער אויף דער ערשטער באַנק און שטרענג אָן מײַן גאַנצע אויפמערקזאַמקייט, און שלאָף ווידער איין. איך האָב ליב אונדזער אינסטיטוט, אונדזערע לערערס און פּראָפעסאָרן, וועלכע שטייען צוזאַמען מיט אונדז אין דער ריי נאָך ברויט אינעם קרעמל פון אינסטיטוט. איך באַוווּנדער אונדזערע מיידלעך: זיי באַקלאָגן זיך ניט, האָבן אַליין גאָרניט און פילן נאָך מיט יענעם. אַז אַליק איז קראַנק געווען, פלעגן זיי קומען, ברענגען די קאָנספּעקטן און פאַר אים צו אַ פּאָר טאַבלעטקעס סטרעפּטאָציד. דערבײַ פלעגן זיי מיר נאָך העלפן בײַם קינד, איך זאָל זיך קענען צוזעצן לערנען.

איך בין פול מיט ענערגיע, באַזונדערס נאָך יעדן בריוו דײַנעם; מיר דוכט זיך, אַז איך שטעק אָן מיט דער ענערגיע און מונטערקייט אַלעמען אַרום זיך...״

״...בײַ אונדז איז דאָ שוין פרילינג. הײַנטיקע נאַכט האָבן מיר דעם גאַנצן וועג מאַרשירט ביז די קני אין בלאָטע. אפשר וועט ביז סוף חודש ווערן טריקענער...״

״...שלום, און וואָס איז מיט דעם פוס? עס טוט ניט וויי פון פײַכטקייט? איך שטעל זיך פאָר, ווי שווער ס׳מוז דיר פאַלן דער מאַרש דורך די בלאָטעס. בײַ אונדז איז די ערד נאָך אַלץ פאַרשמידט אין אײַז. איך קוק אויס די אויגן, ס׳זאָל ווערן וואַרעמער, אָבער בעסער וואָלט שוין זײַן אַ פראָסט, ביז איר

זײַט אין וועג. אַליק רעדט אָפּט וועגן דיר, פּונקט ווי דו וואָלסט דאָ נעכטן געווען און וועסט מאָרגן ווידער קומען.

נעכטן האָבן מיר אין אינסטיטוט געפּײַערט דעם ערשטן מײַ. נאָך דער פּײַערלעכקייט זײַנען געווען טענץ. איך האָב זיך מיט פּאַרגעניגן אַ דריי געטאָן מיט די מיידלעך אין וואַלס. איך טאַנץ נאָך גוט, דאָס האַרץ ציט צו אַ ביסל מוזיק...״

״...צום פּײַערלעכן ערשטן מײַ־אָוונט האָב איך צוגעגרייט דעם רעפעראַט, דערנאָך איז אַרויסגעטראָטן אַ כאָר. ווײַסרוסישע מיידלעך האָבן געזונגען זייערע לידער, שפּעטער האָבן געקלונגען אונדזערע — יידישע און ליטווישע לידער. איך האָב זיך צוגעהערט, און מער ווי אַלע מאָל געשפּירט, ווי דו פעלסט מיר.

געדענקסט דעם פרילינג פון פערציקסטן? ס׳איז געווען אַ וווּנדערלעכער פרילינג, אָבער איך האָב אים באַגעגנט אַנדערש ווי אַלע — פאַר מיר איז עס געווען דער ערשטער פרילינג אָן דעם מענטשן, וואָס איך האָב ליב... הײַנט האָב איך זיך דערמאָנט אויך אָן אַנדער פרילינג — אַ טאָג ערב דעם ערשטן מײַ 1935, ווען איך האָב זיך געזעגנט מיט סאַרען וויסנדיק, אַז מאָרגן גייט זי מיט אַ פאָן אויף דער דעמאָנסטראַציע, און אַז מע וועט זי געוויס אַרעסטירן און געבן קלעפּ... מיר האָבן זיך געטראָפן אין גאַס און איך האָב איר געזאָגט, אַז אויב מען וועט זי אײַנזעצן, וועל איך וואַרטן, וויפל עס זאָל ניט דויערן. דאָס איז געווען מײַן ליבע־דערקלערונג. ווען סאַרע איז אַרויס פון תפיסה, האָט זי געזאָגט, אַז אויך זי איז ניט גלײַכגילטיק צו מיר. דאָס איז געווען איר ענטפער. נו, גענוג זכרונות. בייזער זיך ניט, כ׳האָב זיך מיט דיר געטיילט, ווי איך טייל זיך שטענדיק.

דו שרײַבסט, אַז דו האָסט געהאַט הנאה פונעם טאַנצן. דאָס איז גוט. מיר דאַרפן זיך אומקערן יונגע, ניט קיין צעבראָכענע און ניט קיין פאַרלאָשענע...״

״...הײַנט האָט דער ראַדיאָ איבערגעגעבן, אַז אונדזערע עראָפּלאַנען באָמבאַרדירן דעם שונאס אָביעקטן אין פּאָלאָצק און נאַרווע. מסתמא קומט עס פאָר אין ראַיאָן פון אײַער אָנגריף. איך לעב אין אָנגעשטרענגטער דערוואַרטונג, ס׳וואָלט זיך וועלן יעדע רגע וויסן, ווו דו ביסט און וואָס קומט מיט דיר פאָר. פריער, ביז דײַן פאַרוווּנדונג, בין איך געווען מער

עגאָיִסטיש. ס׳פלעגט טרעפן, אַז איך פלעג אַ קלער טאָן: אויב מען וועט דיך פאַרווּנדן, וועסטו שוין זײַן אין גאַנצן מײַנער, קיינער וועט דיך שוין קיין מאָל בײַ מיר ניט אַוועקנעמען. זײַ מיר מוחל אַזעלכע געדאַנקען... ס׳טרעפט, אַז אויך איצט מאַטערט מיך אַ נעפּלדיק געפיל פון אייפערזוכט, אָבער שטאַרקער פון אַלץ איז דער פאַרלאַנג אויסצוהיטן דיך פון אַ פּײַנדלעכער קויל. דערפאַר טראָג איך קיין מאָל ניט מײַן בלוי זײַדן קלייד מיט די ווײַסע אַרבעסלעך און עפן ניט דאָס פלעשעלע מיט פּאַרפום, וואָס דו האָסט מיר געשיקט. פאַר מיר זײַנען דאָס ניט סתם אָבערגלויבענישן — ס׳איז מײַן לעבנס־געזעץ... און דײַנע מלבושים זײַנען אין פולער אָרדענונג, איך וועל זיי ברענגען אַהיים.

דערמאָנענדיק אין די בריוו סאַרען, שרײַבסטו מיר: ״בייזער זיך ניט״. אָבער איך האָב זיך ניט געבייזערט אפילו דאַן, ווען דו האָסט מיר איין מאָל געזאָגט: ״אוי איז דאָס געווען אַ מיידל! דעם לעבן וואָלט איך פאַר איר אַוועקגעגעבן!״ דו קענסט זיך פאָרשטעלן, ווי איך האָב דעמאָלט געליטן. אָבער דײַנע זכרונות זײַנען שטענדיק פאַר מיר געווען הייליק. סאַרען וועסטו קיין מאָל אין לעבן ניט פאַרגעסן. און איך וואָלט ניט געוואָלט, דו זאָלסט זי פאַרגעסן״.

״...צום ערשטן מאָל קומט אונדז אויס זיך צו שלאָגן אין אַ זומפּיקער געגנט, באַוואַקסן מיט וואַלד. דאָס איז אַ זייער שווערע קאַטעגאָריע פון קאַמף. ווען דו וועסט באַקומען דעם בריוו, וועלן מיר שוין זײַן נאָענט צו אונדזערע געגנטן. מיר זײַנען אַדורך אַ גאַר לאַנגן וועג. באַפרײַט צענדליקער יישובים. דער דײַטש האָט אַלץ אויסגעגליכן מיט דער ערד, די אײַנוווינערס דערהרגעט, אָדער פאַרטריבן אויף מערב.

איך בין געזונט, מונטער, אַ ביסל פאַרמאַטערט.

אײַנער פון דײַנע חברים, זשאַבינסקי, האָט צוזאַמען מיט עטלעכע זעלנער גענומען געפאַנגען אַ גרופּע היטלעריסטן מיט אַן אָבערלייטענאַנט בראש. דאָס איז געווען אַ העלדנטאַט, וועגן וועלכן לעוויטאַן האָט גערעדט אין ראַדיאָ.

אויפן ראַנד פון דאָרף, וואָס אונדזער איינהייט האָט באַפרײַט, האָבן מיר איבערגעלאָזט אַ ברודער־קבר — דאָרט ליגן באַערדיקט פיל פון אונדזערע חברים״.

**"...שלומקע, שטאַרק זיך. איך וועל דיר מיטטיילן דאָס וויכטיקסטע.** כאָטש אפשר, אויב דו טרעפסט אויפֿן פּראָנט דײַן שוועסטערקינד, דעם מיליטער־דאָקטער מוליע זאַוועלעוויטש, וועלכן, ווי דו האָסט אַליין געשריבן, מען זעט כסדר אויף דער "פּערעדאָוואַיאַ", אין פֿײַער פֿון שלאַכטן — אויב דו טרעפֿסט אים, ווייסטו שוין וועגן דעם מסתמא אַליין. די מאַמע זײַנע, בערטע, שרײַבט מיר פֿון באַלאַכנאַ: "מוליע האָט פֿון איינעם געהערט, אַז מיט אַ צוויי חדשים צוריק האָט מען מישען געזען אין קאָוונער געטאָ". דײַן פֿאָטער האָט מיט צוויי חדשים צוריק געלעבט! איר זײַט שוין גאָר נאָענט צו ליטע. גאָטעניו, אפשר...

און נאָך שרײַבט דײַן מומע: "מוליע שיקט מיר איבער אַ בריוו פֿון מײַן ברודער הענעך פֿון פּאַלעסטינע, וועלכן ער האָט אויפֿן פּראָנט דערהאַלטן. דער בריוו איז זייער שנעל אָנגעקומען". איך האָב ניט געגלויבט מײַנע אויגן. מען שרײַבט זיך איבער מיט ארץ־ ישראל? בײַ אונדז אין ראַטן־ פֿאַרבאַנד, אפֿילו אויפֿן פּראָנט? יעדנפֿאַלס ווייסטו, אַז דײַן פֿאָטער האָט נאָך ניט לאַנג צוריק געלעבט...

און איצט אונדזערע נײַעס: ס׳קען זײַן, אַז אַליקס יאַסלע וועט אַרויספֿאָרן מיט די קינדער אויף דאַטשע. דאַן וועט זײַן לײַכטער. איך גרייט זיך צו דער סעסיע: זעקס קאָלאָקוויומס און זיבן עקזאַמענס. ניט מער און ניט ווייניקער.

דער טאַטע וווינט, ווי פֿריִער, אויף בעזימיאַנקע, אין שפּיטאָל, די מאַמע אַרבעט און באַנייט אונדז אַלעמען — זי האָט פֿון מײַן אַלטן צעריסענעם מאַנטל אויפֿגעשטשאָבעט פֿאַר אַליקן אַ מאַנטעלע מיט אַ היטל. לילקע איז אַ כוואַט, זי האָט פֿאַרענדיקט דעם שוליאַר כמעט אויף סאַמע פֿינפֿן. איצט אַרבעט זי אין "זיעלסטרוי" — זיי זייען בלומען און גרינסן, מ׳האָט איר דערלייגט 200 גראַם ברויט אַ טאָג. נאָך דעם וועט מען נאָך געבן גרינס.

איצט איז אונדז שוין לײַכטער, ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער נײַער חודש, איך האָב דאָך סוף פֿאָריקן פֿאַרלוירן אַלע ברויטקאַרטלעך און מיר זײַנען באַלד אַ וואָך צײַט געזעסן אָן ברויט..."

אַסיע האָט ניט פֿאַרלוירן קיין קאַרטלעך, ס׳איז אַלץ געווען אַנדערש. אַ מאָדנער פֿאַל אין שטאָט, אָבער וועגן דעם האָט זי שלומען ניט געשריבן, ער זאָל זיך ניט דענערווירן. ס׳איז געוואָרן וואַרעמער, ס׳האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז איצט קען מען שוין אָפּאָטעמען לײַכטער, און דאָס געפֿיל פֿון הונגער,

וואָס איז שטאַרקער בעת ס׳איז קאַלט, וועט שוין ניט אַזוי מאַטערן. אין שטאָט האָט זיך אָבער פאַרשפּרייט אַ קרענק, אַ ״סעפּטישע אַנגינע״, פון וועלכער מענטשן פלעגן גלײַך שטאַרבן. מען האָט געזאָגט, אַז ס׳קומט פון אַ מיקראָב פון דער תבואה, וואָס האָט געווינטערט אונטערן שניי. דאָס גאַנצע ווייץ און קאָרן, אַלע קערנער, פון וועלכע מען פלעגט מאָלן מעל, האָט מען איצט געניי געפּאָרשט און קאָנטראָלירט. מען האָט צײַטווײַליק ניט געבאַקן קיין ברויט. דאָס אַלץ איז געווען נייטיק, כדי צו פאַרמײַדן אַן עפּידעמיע.

יעדן פרימאָרגן האָט אַסיע געפירט אַליקן אין יאַסלע און איז געווען גליקלעך מיט דעם אַנשטאַלט, ווו קינדער האָט מען ווי ניט איז גענערט. זיי האָט מען באַזאָרגט אין דער ערשטער ריי. אין שטוב האָט זיך געענדיקט דאָס קאַרגע ביסל גרויפּן. דאַן האָט אַסיע אויסגעביטן אויפן מאַרק די לעצטע צוויי שטיקלעך זייף און אַ פּושקע שוועבעלעך אויף קאַרטאָפל. די בולבעס זײַנען געווען ווייך, מסתמא פאַר דעם צוגעפראָרן, אָבער די גאַנצע משפּחה האָט זיך דערמיט געשפּײַזט. דאָס האָט געדאַרפט קלעקן נאָך אויף דרײַ טעג. שפּעטער האָט מען שוין צוגעזאָגט צו געבן ברויט.

בײַ אַסיען האָט זיך פּונקט אָנגעהויבן די סעסיע, און דאָס כסדרדיקע נאָגנדיקע געפיל פון הונגער האָט געשטערט צו לערנען.

...אויף דעם טאָג איז באַשטימט געוואָרן דער לעצטער עקזאַמען — פון פּסיכאָלאָגיע. אין דער פרי האָט זיך אַסיע אַרומגעוואַשן מיט קאַלט וואַסער, נאָך אַ מאָל דורכגעקוקט דעם קאָנספּעקט, און איז אַוועק אין אינסטיטוט. ס׳האָט איר אַ ביסל געאיבלט, דער קאָפּ האָט געשווינדלט, אָבער אויף דער פרישער לופט איז איר לײַכטער געוואָרן.

ווען די ריי צו ענטפערן איז דערגאַנגען צו אַסיען, האָט דער אַלטער פּראָפעסאָר, שטעלנדיק אַ פּינטל נעבן אַסיעס פאַמילען־נאָמען אין דער רשימה, געזאָגט:

— חברטע אַדעלסקע, פאָרמולירט, ביטע, די דעפיניציע פונעם באַגריף ״דענקען״.

״דענקען? דאָס איז אַזוי פּשוט״ — האָט אַ קלער געטאָן אַסיע און געוואָלט גלײַך ענטפערן, אָבער די געדאַנקען האָבן זיך פאַרפּלאָנטערט. זי האָט מיט אַלע כוחות זיך באַמיט צונויפצונעמען זיי, זיך קאָנצענטרירן,

דערמאָנען — און ניט געקענט. מיט אַ מאָל האָט זי זיך אָפּגעגעבן אַ דין וחשבון, אַז זי טראַכט גאָר וועגן ... ברויט. דאָס שוואַרצע שטיקל ברויט, דער חלק פון דער גאַנצער משפחה, וועלכן זי האָט שוין היינט געזאָלט באַקומען, האָט זיך איר בולט געשטעלט פאַר די אויגן און איז אַנטרונען אין אַ ווייסן נעפּל.

— חברטע אַדעלסקע, איר שפּירט זיך שלעכט? רוט זיך אָפּ אַ ווײַלע, אָט גיס איך אײַך אָן אַ גלאָז וואַסער...

אָפּגעמינטערט זיך פון דעם קורצן חלשות, איז אַסיע אויפגעשפּרונגען פון אָרט, אַרויס פון אוידיטאָריע און, ניט אומקוקנדיק זיך, געלאָפן צום אַרויסגאַנג. ס'האָט איר ביטער פאַרדראָסן, אַז פּאַסירט האָט עס דווקא בעתן עקזאַמען פון פּסיכאָלאָגיע, פון איר באַליבטן לימוד.

דעם עקזאַמען פון פּסיכאָלאָגיע האָט זי אויסגעהאַלטן אויף צו מאָרגנס אויף אַ פינף.

# אַהיים

**פון טאָגבוך**

"ווילנע! ווילנע איז פרײַ! מער קען איך וועגן קיין זאַך ניט קלערן!

דער באַלעבאָס האָט אָנגעקלאַפּט צו אונדז אין טיר. זײַנע אויגן האָבן געשטראַלט. ער האָט געבראַכט די צײַטונג "פּראַוודאַ" און געפרעגט: "איר דערקענט?"

דאָרט זײַנען געווען בילדער פון די גאַסנקאַמפן פאַר ווילנע. דערקענען איז שווער געווען — הוילע חורבות. דער טאַטע מיט דער מאַמען האָבן זיך געאַמפּערט, ווו איז עס — דאָס אָרט אויף דער צײַטונגס־פאָטאָגראַפיע. צום סוף האָבן מיר זיך פונאַנדערגעקליבן: זאַוואַלנע־גאַס, דאָרט, ווו ס'איז געווען די פּאָסט. אויפן צווייטן גאָרן האָט געוווינט סיאָמקע, בײַ אים פלעגן מיר הערן ראַדיאָ.

אין די לעצטע בריוו שרײַבט שלום וועגן דעם, וואָס די פאַשיסטן האָבן אָפּגעטאָן אויף די אָקופּירטע שטחים. וועגן דעם שרײַבן אַלע. "אַז מען באַגעגנט צופעליק אַ ייִד — שרײַבט דאָדקע, — גלייבט מען ניט די אייגענע

אויגן. איך האָב אין שטעטעל סובאָטש געטראָפֿן אַ ייִדיש יאַטל פֿון ווילנע, וועלכער איז שוין געלעגן אין גרוב מיט אַלע צעשאָסענע. האָט זיך אים איַינגעגעבן אַרויסצוקריכן פֿון קבר און זיך אויסצובאַהאַלטן. דערזעענדיק אונדז, רויטאַרמייערס און נאָך דערצו מיך, אַ ווילנער, האָט ער זיך אונדז געוואָרפֿן אויפֿן האַלדז קושן. ער פֿאַרגעטערט אונדז ממש, זיַינע באַפֿריַיערס״...

זשאַבינסקי האָט מיטגעטיילט, אַז ער האָט געהערט אַ קלאַנג, וויטע זאָל זיַין ביַי די פּאַרטיזאַנערס. גאָטעניו, הלוואי איז עס אמת. הלוואי האָט זי דערלעבט די באַפֿריַיונג...

איך קען זיך ניט פֿאָרשטעלן מיַין שטאָט אָ טויטע. ס׳כאַפּט אַרום אַן אימה, ווען דו לייענסט וועגן דעם אכזריות פֿון די אָקופּאַנטן. און דאָך ציט אָן אויפֿהער אַהיים.

איצט וועל איך פֿון טאָג צו טאָג וואַרטן אויף אַן אַרויספֿאָדערונג צו דער אַרבעט. דער טאַטע וואַרט אויך. איך ווייס שוין ניט, ווי צוצואיַילן די ציַיט. אַהיים! אַהיים! ווער ווייסט, אפֿשר וועל איך זיך דאָרט אויך טרעפֿן מיט שלומען...״

מען האָט שוין לאַנג געוואַרט אויף דעם טאָג, געגרייט זיך צו אים: אַסיע און דער פֿאָטער האָבן זיך געווענדט צום פֿאָרשטייער פֿון דער ליטווישער רעגירונג דאָ, אין קויבישעוו, געשריבן קיין מאָסקווע, כלאָפּאָטשעט, מען זאָל זיי, ווי נאָר ווילנע וועט באַפֿריַיט ווערן, דערמעגלעכן צו פֿאָרן אַהיים אַרבעטן, און מען האָט עס זיי צוגעזאָגט. פֿאַר אַסיען איז זיך אויף אַן אָרט אין ליטע משתדל געווען אויך שלום. די דיוויזיע האָט דאָך שוין געקעמפֿט אויף דער ליטווישער טעריטאָריע. די מאַמע מיט לילקען האָבן געזאָלט קומען שפּעטער, ווען מען וועט זיך שוין איַינאָרדענען.

געטריבן פֿון איר אומגעצוימטן אָפּטימיזם, האָט זיך אַסיע אַריַינגעוואָרפֿן אין דעם ווירוואַר פֿון אַקטיווער טעטיקייט מיטן ציל — וואָס גיכער אָנצוקומען קיין ליטע, כדי דאָרט נאָך צו פֿאַרכאַפּן שלומען. זי האָט געהאָפֿט, געגלויבט, זי איז געווען זיכער, אַז דאָס וועט זיך איר איַינגעבן. זי האָט ניט צוגעלאָזן צו זיך קיין שום ספֿק און ניט געקלערט וועגן פּשוטן, לאָגישן פֿאַקט, אַז די אָנגריַיפֿנדיקע רויטע אַרמיי גייט דאָך שנעל פֿאָרויס,

אויף מערב. דערווײַל האָט זיך דאָ, ווי אומישנע, אַלץ געצויגן. יעדער טאָג האָט געדויערט אַ יאָר...

באַלד פאָרט זי און מיט איר וועט אויך מיטפאָרן אַליק. צו די יאַסלעס איז ער שוין צוגעוווינט, זי וועט אויך דאָרט אים אַרײַנגעבן אין אַ קינדער־אַנשטאַלט. און אויב עס וועלן נאָך ניט זײַן קיין יאַסלעס און קינדער־גערטנער? פאַרשטייט זיך, אַז זיי וועלן נאָך ניט זײַן. וועט מען מוזן עפּעס אָרגאַניזירן. זי אַליין וועט צולייגן אַ האַנט. באַלד הייבט זיך אָן דאָס שוליאָר. ס׳וועט זײַן וואָס צו טאָן!

דער מעכטיקער פאַרלאַנג זיך אומצוקערן אַהיים און צו טרעפן שלומען האָט זי אָפּגעריסן פון אַלע שוואַרצע געדאַנקען וועגן דעם, וואָס זי וועט דאָרט געפינען און האָט דערוועקט אין איר ענערגישע טעטיקייט־פּלענער, ווי גלײַך ס׳וואָלטן געוואַרט אויף איר אָנגעהויבענע ענינים, וועלכע מען האָט געמוזט צײַטווײַליק איבעררייסן, און צו וועלכע מען דאַרף זיך וואָס גיכער צוריקקערן.

אין איר היכשול האָט זיך פאַרענדיקט די טעסיע. אַסיע האָט אַלע זיבן עקזאַמענס אויסגעהאַלטן מיט די העכסטע מיינונגען — פינפן, און ס׳איז געוועזן אַ קלאַנג, אַז מע וועט איר אויסטיילן אַ סטיפּענדיע אויפן נאָמען פון מאַקאַרענקאָ. איר וויסנשאַפטלעכע ארבעט איז געלעגן בײַם דעקאַן. גלײַך נאָכן אָנהייב לערניאָר האָט מען עס געזאָלט באַהאַנדלען. אָבער דאָס אַלץ איז שוין ניט געוועזן וויכטיק. אויף איר האָט געוואַרט איר היימשטאָט.

אין דער פרי, ווען אַסיע איז געגאַנגען אין אינסטיטוט, כדי צו מעלדן, אַז זי קלײַבט זיך אַוועקצופאָרן, האָט איר דער בריוו־טרעגער דערלאַנגט אַ בריוו. זעענדיק, אַז דער בריוו איז ניט פון שלומען, האָט שוין אַסיע געוואָלט אַרײַנשטעקן דעם קאָנווערט אין בײַטל. זי האָט אָבער נאָך אַ מאָל געוואָרפן אויף אים אַ בליק און זיך אָנגעכאַפּט אין פאַרענטש, כדי ניט צו פאַלן: זי האָט דערקענט וויטעס האַנטשריפט.

"אַסינקע, טײַערע מײַנע, פון דער מינוט אָן, ווי איך האָב זיך דערוווּסט, אַז דו לעבסט, האָב איך זיך אפשר צום ערשטן מאָל זינט דער לעצטער צײַט דערשפּירט ניט אַזוי עלנט. מײַן גאַנצע משפחה האָט ביזן פערטן יולי געלעבט, און אין עטלעכע טעג אַרום, ווען אונדזער פּאַרטיזאַנער־איינהייט

איז אַרײַן אין שטאָט, האָב איך שוין קײנעם ניט געפֿונען: די נאַציס האָבן זײ אַלעמען, אין דער לעצטער מינוט, אומגעבראַכט..."

די דינע אותיות, די גלײַכע, רײנע שורות אױפֿן װײַסן פּאַפּיר שרײַען פֿון װײטיק. "געדענקסט, ערב דער מלחמה האָבן זיך חברה צונױפֿגעקליבן בײַ דיר און באַשלאָסן זיך צו טרעפֿן אין פֿינף יאָר אַרום אױפֿן שלאָסבאַרג? צװײ פֿון זײ, פֿון אײַער קלאַס, לוסיק און אַװרעמקע, די פֿאַמיליעס געדענק איך שױן ניט, האָבן געאַרבעט בײַם גראָבן טאָרף. דאָרט, אױף אַן אָרט, האָט מען זײ דערשאָסן. דרײַ מײדלעך פֿון אײער קלאַס זײַנען אומגעקומען אין די ערשטע טעג פֿון דער אָקופּאַציע. אַלע ייִדן האָט מען אַרײַנגעיאָגט אין געטאָ. פֿון אײַער קלאַס איז נאָר פֿירע אַרױס גאַנץ — זי האָט זיך אױסבאַהאַלטן אין שטאָט. דו זעסט, איך קען װעגן דעם אַלעם שרײַבן, די האַנט ציטערט ניט און ס'גיסן זיך ניט קײן טרערן. איך בין װי פֿאַרשטײנערט..."

װיטעס רויִקע, גלײַכמעסיקע שורות האָבן אױפֿגערודערט די נשמה. דאָס װײַטע, אומבאַװוּסטע און שוידערלעכע איז אױפֿגעקומען פֿאַר אַסיעס אױגן און צונױפֿגעדריקט דאָס האַרץ.

"דאַנילינקע האָט, זײַענדיק אין געטאָ, װײַטער געלערנט פֿילאָסאָפֿיע, ניט אױפֿגעגעבן זײַן באַליבטן לימוד. אין פֿרײַע מינוטן פֿלעגט ער מיט סכּנת נפֿשות זיך אַרױסשלײַכן פֿון געטאָ אין שטאָט אַרײַן צום פּראָפֿעסאָר סעזעמאַנאַס. אױך ער, דער פּראָפֿעסאָר, האָט ריזיקירנדיק מיטן אײגענעם לעבן און מיטן לעבן פֿון זײַנע נאָענטע, בסוד אים געלערנט. דאַניע איז געװאָרן אַ מיטגליד פֿון אונדזער אומלעגאַלער װידערשטאַנד־אָרגאַניזאַציע און ניט ערגער פֿון אַנדערע אױסגעפֿירט אירע אױפֿגאַבעס: געשריבן און געדרוקט פֿלוגבלעטלעך קעגן די נאַציס, געגנבֿעט געװערטײלן פֿונעם געװערסקלאַד, װוּהין מען פֿלעגט אים צוזאַמען מיט אַנדערע יאָגן צו דער אַרבעט. דערנאָך איז ער אַרײַנגעפֿאַלן אין די הענט פֿון געסטאַפּאָ און האָט אַריבערגעשיקט צו אונדז פֿון דאָרט אַ צעטל, געשריבן מיט זײַן אײגן בלוט: "קײנעם ניט אױסגעגעבן. איך האַלט זיך". ער איז אַנטלאָפֿן, װען מען האָט אים צוזאַמען מיט אַנדערע אַרעסטירטע געפֿירט צו דער עקזעקוציע. ער האָט זיך אומגעקערט מיט אַראָפּגעריסענע נעגל פֿון די הענט. און דאָך איז ער געװען מונטער! ער איז צוזאַמען מיט אונדז אַװעק אין קאַמף..."

דאַנקע... צי דען איז עס דער זעלבער דאַנילינקע לובאָצקי, וועלכער איז געווען קליינוווקסיק, אויסגעזען שוואַך און האָט אַזוי דערפון געליטן? וועלכער פלעגט פאַרהאַרטעווען זײַן ווילן מיט פריזווילִיקן הונגער און דאָרשט, אָפּזאָגן זיך פון דעם, וואָס ס׳האָט זיך אים באַזונדערס געגלוסט, כדי אויסצושמידן אַ שטאַרקן כאַראַקטער? דער זעלבער דאַנקע, וועלכן מען פלעגט, טראָץ דעם אַלעם, צוליב זײַן וווקס און אויסזען, אָפּט מאָל ניט געבן קיין שווערערע אויפגאַבע, און וועלכער האָט זיך געפילט באַעוולט דאַן, אין פערציקסטן, ווען מען האָט אים ניט אַרײַנגענומען אין די בריגאַדעס, וואָס האָבן דורכגעפירט אין שטאָט די נאַציאָנאַליזאַציע...

ערשט צום סוף פון בריוו וואַרפט וויטע אַרײַן אַ פּאָר ווערטער וועגן זיך:

״נאָך אין געטאָ האָב איך חתונה געהאַט. דערנאָך זײַנען מיר צוזאַמען אַוועק אין דער פּאַרטיזאַנקע. חיים איז זייער אַ גוטער יאַט. אויסער אים און דיר האָב איך קיינעם ניט. שרײַב מיר אָן וואָס שנעלער״.



...פון יענער זײַט פענצטער — די אָן אויפהער אַנטלויפנדיקע געל־גרויע איינטאָניקייט פון פּוסט געוואָרענע פעלדער. נאָר ווו ניט ווו אַן אײנצל פעלד מיט זונרויזן, און ווידער — דאָס זעלבע גרענעצלאָזע איינפאַרביקע פלאַכלאַנד.

— מען האָט הײַיאָר גוט אַראָפּגענומען דאָס ברויט — זאָגט עמעץ הינטער אַסיעס פּלייצע.

זי טרייסלט אַראָפּ פון זיך דעם גליווער פון אָפּוועזנהייט און דערזעט דאָס, אויף וואָס זי האָט געקוקט דורכן פענצטער פון צוג, אָבער ניט געזען, פאַרטיפט אין די אייגענע געדאַנקען.

זיי פאָרן אַהיים. זי און אַליק.

חנה וויל זיך ניט צוריקקערן. ״איך וועל ניט פאָרן אַהין, ווו אַנשטאָט אַ היים זײַנען געבליבן בלויז קברים״ — האָט זי געשריבן.

אַסיע איז ניט בכוח צו קלערן וועגן איר היים ווי וועגן אַ בית־עולם. ערשט, ווען זי וועט קומען אַהין...

ניין, חנה איז ניט גערעכט. מען דאַרף זיך צוריקקערן. אפילו, אויב פונעם

הויז זײַנען געבליבן נאָר די ווענט. אפילו אויב אויך קיין ווענט זײַנען ניטאָ, אָבער ס׳איז דאָ דאָס אָרט, ווו די שטוב איז געשטאַנען — אַלץ איינס איז עס דײַן היים און דײַן לעבן. און מען דאַרף עס ממשיך זײַן.

דאָס לעבן... ממשיך זײַן... טיף אין האַרצן האָט אַסיע נאָך אַלץ געהאָפט, אַז אומקערנדיק זיך אַהיים, וועט זי דאָרט געפינען שלומען. אפילו אויב די דיוויזיע איז אַוועק פאָרויס, זײַנען נויטיק געווען פאַר די באַפרײַטע געגנטן זיכערע מענטשן, און אייניקע פלעגט מען אפילו אָפּרופן פון דער אַרמיי. אין איינעם אַ בריוו האָט אַסיע פאָרזיכטיק געגעבן עס שלומען צו פאַרשטיין. ער האָט אָבער געענטפערט קורץ: ״ס׳איז נאָך צו פרי צו ריידן וועגן צוזאַמענלעבן. די מלחמה האָט זיך נאָך ניט פאַרענדיקט. אַז דו וועסט זיך צוריקקערן און דערזען, וואָס די נאַציסטן האָבן דאָ אָפּגעטאָן, וועסטו פאַרשטיין, אַז אַנדערש קען מען ניט. דער חשבון איז צו גרויס״.

אַזוי האָט ער געענטפערט. דאָס איז געווען זײַן טיפסטע איבערצײַגונג, זײַן באַשלוס. ס׳איז, וואָס אַן אמת, געווען איין פּרט, וועלכן שלום האָט ניט גענומען אין באַטראַכט, ווײַל ער האָט געוואָלט קעמפן ביזן סוף. אַ פּרט, וועגן וועלכן ער וואָלט אַלץ איינס אַסיען ניט געשריבן און ניט געזאָגט, אפילו ווען זײַן באַשלוס וואָלט געווען אַן אַנדערער: יאָ, מען גרייט קאַדרען פאַר די באַפרײַטע שטחים פון ליטע. מען רופט זיי אָפּ פון דער אַרמיי, פון דער דיוויזיע, פון פראָנטן — אויף אויסשולונג, כדי באַלד אַוועקשטעלן זיי אויף אַלע וויכטיקע אַמטן.

מען רופט אָפּ אַזעלכע מענטשן, אָבער... ניט קיין ייִדן. און דאָס איז אַן אָנווײַז פון אויבן, פון מאָסקווע.

... — מאַמינקע, וווּהין פאָרן מיר?

אַליקן האָט הנאה געטאָן צו שטעלן יעדעס מאָל די זעלבע פראַגע און אויסהערן דעם זעלבן ענטפער, כדי דערנאָך איבערצוחזרן די שכנים, אַז ער וועט פאָרן אין אַ וואַגאָנטשיק, דערנאָך אין אַ צווייטן וואַגאָנטשיק, און נאָך און נאָך, און דער טאַטע וועט צו אים קומען מיט אַן אַנדער באַן.

אומבאַמערקט האָט זיך גענומען שפּרייטן די נאַכט. אַליק האָט זיך אַרומגעשלעפּט איבערן וואַגאָן אַ פאַרשלאָפענער און געריבן מיט די פויסטלעך די אויגן, אויך אַסיע איז שוין געווען גוט מיד. זי האָט אים גענומען אויף די הענט, עמעץ האָט זיך אָפּגערוקט, געמאַכט אַן אָרט:

"לייגט זיך צו מיט אים". אַסיע האָט זיך אַוועקגעלייגט, איינגעקאָרטשעט די פּיס, לײַכט געקלאַפּט אַליקן איבערן אַקסעלע, מורמלענדיק אים שטיל אַ לידל, און ביידע זײַנען איינגעשלאָפן איינגעוויגטע פונעם גלײַכמעסיקן גערויש פון די באַנרעדער.

אַסיע האָט זיך אויפגעכאַפּט פון אַ שטויס. דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט. ס'האָט שוין געגומען טאָגן, זי האָט אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער, דערזען עפּעס טרויעריקס און באַקאַנטס. ס'האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז זי האָט עס שוין ניט לאַנג צוריק געזען: אַ שטיקל פּאַרקאַן, אַ האַלב צעשטערטע שטוב מיט בלינדע פענצטער, אַן עלנטער צעבראָכענער קליאָן מיט אַן איין און איינציקן אויסגעשטרעקטן צווייג, באַשאָטן מיט לעבעדיקע געל־ווערנדיקע בלעטער. זי האָט זיך דערמאָנט: שלום האָט באַשריבן ערטער, דורך וועלכע זיי האָבן מאַרשירט.

לענג־אויס דעם וועג זײַנען געשטאַנען איינזאַמע סקעלעטן פון הײַזער. צווישן זיי פלעגט ווו ניט ווו אַ פינקל טאָן אַ בעריאָזקע. און ווײַטער, איבער די גרינע זומפּן, האָבן זיך געשלײַכט שווערע, וויסטע נעפּלען. אַסיע האָט אָנגעשטרענגט געקוקט, כדי ניט דורכלאָזן דעם מאָמענט, ווען די נאַטור וועט ווערן לעבעדיקער און בונטער, ווען ס'וועלן זיך אָנהייבן די בערגלעך, באַוואַקסן מיט יונגע יאָדלקעס, ווען בלויע אָזערעס וועלן אַרויסקוקן פון זייער רחבותדיקן וואַלדיקן אַרום, ווען ס'וועלן זיך באַווײַזן קלינגענדיקע קרענעצעס און ריטשקעלעך, אין וועלכע ווערבעס, אײַנגעבויגן ביזן סאַמע וואַסער, וואַשן זייערע גרינע קעפּ.

אַסיע האָט זיך דערמאָנט דאָס אייערנעכטיקע געלבלעכע איינטאָניקע פלאַכלאַנד. און די דערינערונג האָט בײַ איר מיט אַ מאָל אַרויסגערופן אַ מאָדנעם געפיל פון ניטדערזאָגטקייט, פּונקט ווי דאָס פלאַכלאַנד וואָלט, ניט געזעגענענדיק זיך, אָפּגעטראָטן אין דער ווײַט. אַסיע איז דעמאָלט געשלאָפן, ס'איז געווען נאַכט, און זי האָט ניט באַמערקט, ווי דער פּייסאַזש האָט זיך געענדערט, ווי ס'האָבן אויפגעלויכטן בעריאָזעווע וועלדער, ווי ס'האָבן זיך באַוויזן חרוב־געוואָרענע דערפער, נעבן די אָ פאַרזומפּיקטע ערדן, אײַנגעהילטע אין נעפּל. איצט האָט זי זיך אָנגעהויבן דערמאָנען איר וועג קיין רוסלאַנד, איר לאַנגן וועג אויף דער אָפענער באַן־פּלאַטפאָרמע צווישן פרעמדע מענטשן, די אומדערוואַרטע היימישע סטאַנציע זיעמיעטשטשינאָ

מיט אירע ווילע מענטשן, און די אכסניה מיטן שילד "טשײַנאַיאַ", ווו מע האָט אויסגעזעצט בײַ טישן די פֿאַרמאַטערטע פּליטים צום ערשטן מאָלצײַט. זי האָט אַ קלער געטאָן וועגן זיעמיעטטשינאָ, וועגן די אָפּגעברענטע האָרעפּאַשנע הענט, וועלכע האָבן אַזוי גאַסטפֿרײַנדלעך אַראָפּגענומען די אָנגעקומענע פֿון די פּלאַטפֿאָרמעס. ס'איז איר געוואָרן אַ שאָד, וואָס זי איז איצט ניט פֿאַרבײַגעפֿאָרן די סטאַנציע און ניט געקענט כאָטש איין מאָל וואַרפֿן אַ בליק אויף איר.

און נאָך האָט אַסיע זיך דערמאָנט שלומס דערציילונג וועגן יעגאָראָוונאַ, וועגן דער שווײַגנדיקער זקנה, וועלכע האָט געפֿונען שלומען אַ פֿאַרוווּנדעטן אין שניי, אַוועקגעשלעפּט אים צו זיך אַהיים, געטרײַ געפּלעגט אים. ווען שלום האָט אַסיען וועגן דעם דערציילט, האָט זי באַשלאָסן בײַ דער ערשטער געלעגנהייט זי אָפּגעפֿינען, כאָטש זי האָט ניט געוווּסט ניט דעם פֿאַמיליע־נאָמען פֿון דער אַלטיטשקער און ניט דעם נאָמען פֿונעם אָרט, ווו דאָס איז געשען. ווער ווייסט, צי ס'וועט זיך איר ווען עס איז אײַנגעבן די זקנה צו געפֿינען, שלום האָט דאָך געזאָגט — זי איז אַלט געווען אפשר נײַנציק יאָר...

ווידער האָבן זיך די געדאַנקען צוריקגעקערט קיין קוּיבישעוו, די שטאָט האָט אַסיען אויסגעוויזן אַ רויִקע און פֿרידלעכע, ווי עס וואָלט געווען אין דער טיפֿער פֿאַרגאַנגענהייט: דער באַקאַנטער בנין פֿון זייער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט אויף דער לעוו טאָלסטוי־גאַס, זייער אודיטאָריע, די מיידלעך פֿון זייער גרופּע: קלאַרע, וואָס האָט אַ מאָל פֿאַרקױפֿט אירע צוקער־קאַרטלעך אויפֿן גאַנצן חודש, כדי צו קענען קויפֿן אַ נײַ קאָפּטיכל און גיין אין אים טאַנצן; נאַדיע, וועלכע פֿלעגט ערנסט און זאַכלעך דערקלערן, אַז אויב מע זאָל עסן קאַשע אָדער בולבע מיט אַ קליין שטיקעלע ברויט, זעטיקט מען זיך בעסער אָן; מאַרינע, וועלכע פֿלעגט לײַכט אַרויפֿוואַרפֿן אויף דער פּלייצע אַ זאַק מיט צוויי פּוד קאַרטאָפֿל, און גייענדיק דעם גאַנצן וועג פֿון איר גאָרטן אַהיים, די גאַנצע צײַט וויאַרסט זינגען.

אַסיע האָט די ערשטע באַקומען אַן אַרויספֿאָדערונג פֿון ליטע. דער פֿאָטער וועט שוין באַלד מסתמא אויך אַרויספֿאָרן. די מאַמע איז דערווײַל געבליבן מיט לילקען. דעם אַלטן דאָקטערס דירה איז באַלד פּוסט געוואָרן. זײַן ווײַב האָט, באַגלייטנדיק אַסיען, געשאָקלט מיטן קאָפּ: — סאַראַ שאָד,

אַסינקע, וואָס איר זײַט בײַ אונדז ניט געווען פֿאַר דער מלחמה. צי דען וואָלטן מיר אײַך אַזוי אויפגענומען...

— מאַמע, איך וויל עסן!

אַליק האָט זיך אויפגעכאַפּט און צוריק אומגעקערט אַסיען צו דער ווירקלעכקייט.

עסנדיק זײַן ברויט, האָט דער קליינער ווידער געפּאָדערט, די מאַמע זאָל אים זאָגן, וווהין זיי פֿאָרן, ווען וועלן זיי זען דעם טאַטן, ווו וועלן זיי גיין, ווער ס׳וואַרט אויף זיי.

...בירגער פּאַסאַזשירן! דער צוג נומער דרײַ און אַכציק קומט אָן קיין מינסק. די באַן וועט ווײַטער ניט גיין.

ס׳איז שוין געווען אָוונט. אַסיע, וועלכע האָט די גאַנצע צײַט אָנגעשטרענגט געקוקט אין פֿענצטער, האָט אַליין ניט באַמערקט, ווי זי האָט אײַנגעדרימלט, אָנגעשפּאַרט אין דער פֿענצטערראַם. איצט, דערהערנדיק דאָס וואָרט "מינסק", האָט זי אויפגעציטערט. ווידער האָט אין איר זכרון אויפגעוואַכט דאָס בילד: די פֿײַער־צינגער, וואָס האָבן זיך געקײַקלט פֿון דאַך צו דאַך, דער מענטש מיטן ברענענדיקן טשעמאָדאַן אין האַנט.

— קום אַליקל, מיר גייען אַראָפּ.

— ווו זשע איז דער פּאַפּע?

פֿון פֿענצטער האָט זיך געזען אַן איין און איינציקער ווייסער בנין אויף אַ גרויסן שטח פֿון וויסטעניש און חורבות. ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס לעבן איז דאָ שוין אויסגעלאָשן געוואָרן, אָבער אויפֿן פּעראָן איז געווען טומלדיק. דער עולם איז אַרומגעלאָפֿן, עמעץ האָט גערופֿן אויף אַ קול, מענטשן האָבן געלאַכט, זיך געשפּאַרט, זיך געזעגנט, און אַסיע איז געשטאַנען צעמישט אין דעם געוודער מיט איר גרויסן הילצערנעם טשעמאָדאַן, מיט אַ רוקזאַק אויף די פּלייצעס, און געהאַלטן אַליקן פֿאַר אַ הענטל. זי האָט אומרויִק געקלערט, וואָס זשע טוט מען ווײַטער, ווען ס׳האָט זיך מיט אַ מאָל דערהערט אַ באַקאַנטע שטימע.

צוויי מיידלעך, וואָס זײַנען געשטאַנען אָפּגעקערט פֿון איר, האָבן עפּעס אויסגעפֿרעגט אַן אײַזנבאַן־אַרבעטער. אײַנע איז געווען אין אַ ברעזענטענעם מאַנטל, די אַנדערע, אַ קליינוווּקסיקע, אין אַ לאַנגן שינעל.

— עסינקע!

— אַסיע, דו?

עסיען האָט אַסיע געדענקט נאָך פון אוניווערסיטעט. זי איז געווען קליין, דערצו נאָך איצט אויסגעדאַרט. אין דעם גרויסן שינעל האָט זי אויסגעזען, ווי אַ קליין מיידעלע.

עסיעס חברטע, זלאַטע, איז אַוועק זוכן אַ באַן, וואָס זאָל גיין אין יענער ריכטונג. ווען זיי האָבן זי דעריאָגט, האָט זי זיך געדונגען מיט עפּעס אַ מיליטער־מאַן נעבן דער טעפּלושקע פון אַ פּראַכטצוג.

— הער זיך איַין, מיידל, דאָס איז דאָך ניט קיין פּאַסאַזשיר־באַן! — האָט ער זי געפּרוּווט איבערצייַגן.

— אָבער קיין פּאַסאַזשיר־צוגן קורסירן אין יענער ריכטונג בכלל ניט — האָט זיך שטרענג אַרייַנגעמישט אין די רייד עסינקע.

זי האָט גערעדט רויִק און זאַכלעך, אַרויסגענומען און באַוויזן אירע מיליטערישע דאָקומענטן.

— נו, זאָל שוין זייַן, קריכט אַרויף.



דער צוג פּלעגט זיך אָפּשטעלן, נאָך דעם ווידער רירן פון אָרט; צייַטנווייַז פאָרן שנעל און ווייַטער קוים פויזען אַ שטיקל וועג. ווען וועט זיך ענדיקן די נאַכט? און וויפל דאַרף מען נאָך צייַט, כדי זיך דערקלייַבן אַהיים?

אין וואַגאָן זייַנען זעלנערס געווען איַינגעזונקען אין אַ טיפן, שטאַרקן שלאָף. בייַם ראַנד, אויף די נאַרעס, זייַנען געלעגן עסינקע מיט זלאַטען, און אַליק — אין מיטן צווישן זיי, איַינגעדעקט מיטן שינעל. אַסיע האָט זיך אפילו ניט צוגעלייגט, זי האָט ניט געקענט שלאָפן: זיי פאָרן דאָך קיין ווילנע.

ווּ איז איצט שלום, ווּ קעמפט ער? און צי וועט זיך איַינגעבן מיט אים צו טרעפן? — דער געדאַנק האָט געבויערט דעם מוח.

פאַרן אַוועקפאָרן פון קויבישעוו האָט אַסיע באַקומען אַ בריוו פון זשאַבינסקין:

...די לעצטע טעג דויערן שווערע קאַמפן, נעכטן האָבן זיך דעם שונאס

טאַנקען דורכגעריסן צו אונדזער ראָטע, דרײַ האָבן מיר אונטערגעשלאָגן, פאַרניכטעט פיל אויטאָמאַטשיקעס. שלום איז דאַן גראָד געווען בײַ אונדז...״

דאָס זײַנען מסתמא געווען די קאַמפן בײַ שאַוול. דער בריוו איז אָנגעקומען מיט אַ וואָך צוריק. שווערע קאַמפן — הייסט עס, זיי גייען פאָרויס אפשר ניט זייער שנעל... אויב די דיוויזיע איז נאָך ניט אַריבער די גרענעץ פון מערב־פרײַסן, וועט אַסיען אפשר געלינגען זיך מיט שלומען טרעפן — זיי וועלן דאָך זײַן ניט ווײַט איינער פון צווייטן. אָבער פון דער אַנדערער זײַט, אויב די קאַמפן זײַנען שווערע... ניין, בעסער שוין ניט קלערן.

זי האָט זיך אַלץ מער און מער דערנענטערט צו שלומען, אָבער אין געוויסע מינוטן האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז זי דערווײַטערט זיך גאָר, אַז זיי שיידן זיך און קענען פאַרלירן די פאַרבינדונג; פריִער, כאָטש ס׳האָבן זיי פונאַנדערגעטיילט טויזנטער קילאָמעטערס, זײַנען זיי אַלע מאָל געווען צוזאַמען: אַסיע האָט זיך אויסגעלערנט צו פילן, ווען ער איז אין מאַרש, ווען אין קאַמף. ס׳האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז זי אַנט אפילו, וואָס ער טראַכט אין דער מינוט.

איצט האָט זי זיך דערנענטערט צו איר היימשטאָט. זי האָט זיך אָבער גלײַכצײַטיק דערנענטערט צו דעם אַלעם, וואָס דער אָקופּאַנט האָט איבערגעלאָזן, צו דעם שוידער, פון וועלכן דאָס בלוט גליווערט אין די אָדערן.

״דאָס איז ענלעך געווען צו אַ שוידערלעכן חלום, וואָס פלעגט זיך אונדז אַ מאָל חלומען אין דער קינדהייט, אַ חלום, נאָך וועלכן מיר פלעגן מורא האָבן בלײַבן אַליין אין אַ פינצטערן צימער״ -- האָט געשריבן וויטע.

...די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ קליינינקער סטאַנציע; טייל זעלנער זײַנען אַרויסגעשפּרונגען פון וואַגאָן און זײַנען צוריקגעקומען מיט זאַפטיקע ראָזע עפל און מיט ווייסע קעזן, אויסגעפורעמט ווי גרויסע הערצער. נאָך לאַנגע דרײַ יאָר, האָט אַסיע, דערזעענדיק די קעזן, דערפילט, אַז זי איז אין דער היים.

צובײַסנדיק מיט הנאה און זעענדיק, אַז אַלע קוקן אויף איר מיט ליבשאַפט, האָט אַליק זיך דערפילט ווי אַ פיש אין וואַסער, אָנגעהויבן דערציילן באָבע־מעשיות, זאַכן, וואָס ניט געשטויגן, ניט געפלויגן, און בעת

אַסיע האָט אים געגומען אָנטאָן די זעקלעך, האָט ער באַוויזן זײַן צעהאַקט קניִעלע און ערנסט דערקלערט:

— דאָס האָבן מיר די פֿאַשיסטן אָנגעטאָן.

אין אָוונט האָט זיך די באַן ווידער אָפּגעשטעלט אויף עפּעס אַ סטאַנציע, און אַ מענטש האָט, גייענדיק לענג־אויס דעם עשאַלאָן, געמאָלדן:

— ווײַטער פֿאָרט ניט דער צוג.



די נאַכט איז געווען פֿינצטער און פֿײַכט, אַ קאַלטער ווינט, גאָר ניט ווי אין סעפּטעמבער, האָט דורכגעבלאָזן דעם טאַמבור פֿונעם פּראַכטצוג, אין וועלכן אַסיע, זלאַטע, עסינקע און אַליק האָבן זיך געפֿונען אויף זייער וועג אַהיים. אַסיע און זלאַטע האָבן אַוועקגעזעצט אַליקן צווישן זיך און אײַנגעהילט אים אין אַ טוך.

זיי האָבן אָנגעשטרענגט געוואַרט אויפֿן פֿרימאָרגן. אַסיען האָט זיך ניט געוואָלט אָנקומען אַהיים אין דער פֿינצטער — ס׳האָט זי מיט אַ מאָל אַרומגעכאַפּט אַ פּחד פֿאַר דער בײַנאַכטיקער שטאָט, ווי ס׳וואָלט אין איר געבליבן עפּעס סודותפֿולס און פֿײַנלעכס, וואָס די נאַציס האָבן דאָ פֿאַרבאָרגן און איבערגעלאָזט.

זי האָט זיך קוים געהאַלטן אויף די פֿיס, ווען זי האָט באַטראָטן די ערד פֿונעם באַקאַנטן פּעראָן. אָבער עסינקע האָט איר אָפּגעגעבן דאָס קינד, און אַסיע האָט זיך געצוווּנגען צו באַהערשן. צו איר גרעסטן וווּנדער, האָט זיך פֿון ערגעץ באַוויזן אַ טרעגער און גענומען בײַ איר דעם שווערן הילצערנעם טשעמאָדאַן. אין דער זעלבער מינוט האָט זיך אין דער פֿינצטערניש אַרײַנגעריסן דאָס הוילן פֿון אַ סירענע. אַ שטרענגע, אײַנגעהאַלטענע שטים האָט געמאָלדן אין רעפּראָדוקטאָר: ״אַכטונג״, אַכטונג, אַ לופֿט-אַלאַרעם!״ צוזאַמען מיט אַלעמען איז אַסיע אַרײַן אין זאַל פֿונעם אײַזנבאַן־וואָקזאַל און האָט זיך באַלד דערמאָנט וועגן איר טשעמאָדאַן, אין וועלכן ס׳איז געווען איר גאַנץ האָב און גוטס. אָבער אין דער פֿינצטערניש האָט זיך גאָרניט געזען, און אַסיע, וועלכע האָט געהאַלטן אַליקן פֿאַר אַ הענטל, האָט מיט דער פֿרײַער האַנט זיך אָנגעכאַפּט אין עסינקעס שינעל, כדי ניט צו פֿאַרלירן זי אין המון. ווען זיי האָבן זיך צוגעשפּאַרט אין אַ פֿרײַען ווינקל, האָט זיי געפֿונען דער טרעגער.

מיטן דערשראָקענעם, שטיל געוואָרענעם אַליקן אויף די הענט האָט אַסיע געוואַרט אויף אַן אויפרײַס. ס׳האָט זיך אָבער נאָר געלאָזט הערן הויך אין הימל אַ קורצע סעריע שאָסן, און מען האָט אָפּגערופן דעם אַלאַרעם.

שוואַכע נאַפּט־ און קאַרבידלאָמפּן האָבן קוים באַלויכטן דעם וואָקזאַל, ווען זיי אַלע דרײַ מיטן קינד זײַנען אַרויס אין דער פֿײַכטער פרישקייט פון דער נאַכט — אַריבער דעם פּלאַץ און זײַנען אַרויף אויף דעם שטיל־סאַדאָווע־געסל: דאָ פלעגט אַסיע אין דער קינדהייט שפּאַצירן מיט דער באָבען, דאָ, אין אַ קעלערל, פלעגט איר די באָבע קויפן פיסטאַשקעס... ווו איז דאָס הויז, ווו דאָס קעלערל? ס׳איז קיין סימן דערפון ניט געבליבן.

גאָר נאָענט פון דאַנען איז זייער שטוב. באַלד וועט זי אַסיע דערזען...אָט איז זי — אַ שוואַרצע חורבה מיט אויסגעבראָכענע פענצטער. און דאָך כאַפּט אַסיען אַרום אַ ציטערדיק געפיל פון צאַרטקייט. אָט איז זייער טויער, ער איז געבליבן גאַנץ, ווי אים וואָלט גאָר ניט אָנגערירט די מלחמה. אָט איז אויפן טויער אַ האַרץ, דורכגעשטאָכן מיט אַ פײַל, וואָס עמעץ האָט אַ מאָל, נאָך פאַרן קריג, דאָ אָנגעמאָלט. דווקא דאָס איז געבליבן. דער טויער. וויפל מאָל האָט זי באָרע אַהער באַגלייט, ווען זי פלעגט מורא האָבן אין דער פינצטער אַליין זיך אומקערן אַהיים... וויפל מאָל פלעגט זי דאָ שעהענלאַנג שטיין מיט וויטען און ריידן, ניט באַמערקנדיק ווי די צײַט לויפט...

וויטקע... הײַנט, גאָר אין גיכן, טאַקע באַלד וועט זי אַסיע זען. זי וועט געפינען איר הויז. דאָס איז ווײַטלעך, אָבער גאָרניט, אַסיע וואָלט גיין און גיין איבער די דאָזיקע גאַסן. זי וועט, דוכט זיך, קיין מאָל ניט מיד ווערן דאָ צו גיין...

— אַסינקע, מיר גייען אויף רעכטס — האָבן געזאָגט די מיידלעך.

— און איך דאַרף גיין גלײַך.

— גיב אַהער דעם טשעמאָדאַן. מיר וועלן דיר אים מאָרגן ברענגען, איכ׳ל נאָר פאַרשרײַבן וויטעס אַדרעס.

זיי האָבן זיך צעשיידט.

אַליק איז געהאָרכזאַם נאָכגעגאַנגען דער מאַמען, ווי ער וואָלט פילן, אַז איצט דאַרף מען שווײַגן, פּאָלגן און גיין גיך. די פרימאָרגנדיקע סעפּטעמבער־פײַכטקייט האָט אַסיען פאַרשיכורט, ווי ס׳פלעגט זי פאַרשיכורן די וואַרעמע און קילע פרילינגלופט. יעדער שטיין איז איר דאָ

געווען באַקאַנט און אייגן. זי האָט זיך לײַכט אָריענטירט אין דער פינצטער: דאָ, ווו צווישן סאַדאָווע און קוויאַטאָווע־גאַס שטייט אַ ראָז צווײשטאָקיק מײַערל, צעצווײַגט זיך די גאַס. באַלד וועלן זיך באַווייזן די קאָנטורן פונעם שטאָטמאַרק, די "האַלעס", ווײַטער, אַראָפּצו, וועט זאַוואַלנע־גאַס ווערן אַלץ ענגער; דאָ, אויף ראָג רודניצקער פלעגט זיך אַסיע שטענדיק, גייענדיק אין שול אַרײַן, אָפּשטעלן בײַם שויפענצטער פון דער שיכלקראָם. ס'איז ניטאָ קיין פענצטער, ניטאָ קיין קראָם, ניטאָ דער מויער, בלויז אַ באַרג מיט שטיינער און פאַרסמאָליעטע ציגל...

...באַלד וועט זײַן דער שפּיטאָל ווו באָרע איז געלעגן. אָט איז דאָס פענצטער פון זײַן פּאַלאַטע אויפן צווייטן גאָרן; פון דער צווייטער זײַט גאַס פלעגן חברה, שטייענדיק אויפן טראָטואַר, אין דער אָפּגערעדטער צײַט אַרויסרופן באָרען צום פענצטער. דאַן איז ער נאָך אַרומגעגאַנגען...

אַ צווײשטאָקיק הויז מיט אַ קליינעם באַלקאָן אויפן צווייטן גאָרן איז גאַנץ, אַזוי ווי אַרום אים וואָלט ניט געבושעוועט די מלחמה. דאָס איז דאָך דאַנילינקעס הויז... אַסיע איז שיִער ניט אַרויפגעלאָפן אויף די טרעפּ, שיִער ניט אויפגעעפנט די טיר, וועלכע מען פלעגט דאָ קיין מאָל ניט פאַרמאַכן. שיִער ניט אַרײַן אין צימער מיט די צוויי אײַזערנע בעטן, מיטן ניט געפאָרבענעם טיש, וואָס איז שטענדיק געווען פאַרשריבן מיט מאַטעמאַטישע פאָרמולן און פאַרגאָסן מיט טינט. שיִער ניט אַ קוק געטאָן אויף דער וואַנט מיט דער מאַפּע פון שפּאַניע, אויף וועלכער די ייִנגלעך פלעגן אָפּמערקן מיט פענדלעך יעדן שריט פון דער רעפּובליקאַנישער אַרמיי. אָבער דאַנילינקע איז דאָרט ניטאָ. ניטאָ קיינער פון דעם לערער, ברוך לובאָצקיס, משפּחה.

ווײַטער, ווײַטער...

דער אַרײַנגאַנג אין אַ שמאָל געסל איז פאַרצאַמט מיט אַ חרוב געוואָרענער וואַנט. דאָ איז מסתמא געווען דער טויער פון געטאָ. אַסיען דוכט זיך, אַז די הערט עמעצן זיפצן הינטער דעם באַרג פון צעבראָכענע ציגל. און אפשר דאָ, טאַקע אין דעם אָרט, האָבן זיך די מיטגלידער פון דער פּאַו"אייניקטער פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע פון געטאָ, לויט זייער דרײַסטן פּלאַן, אַרונטערגעלאָזט מיטן געווער אין די הענט דורך דער קאַנאַליזאַציע־

עפענונג, כדי שפּעטער אַרויסצוגיין, גרייט צום קאַמף, אין וואַלד אַרײַן, און זיך פֿאַראייניקן מיט די פּאַרטיזאַנערס...

די שטאָט איז פֿול מיט פֿאַרהוילענע סודות... אַסיע לויפֿט אומגעדולדיק פֿאָרויס, זי שלעפּט נאָך זיך אַליקן. אָט איז טראָקער גאַס, דאָס אַלטע טאָוועלע "טראַקו גאַטווע" אויפֿן מויער בײַם ראָג דערמאָנט איר דאָס שטעטל אויף די אָזערעס, טראָק — וווּהין זיי האָבן זיך געהאַט געקליבן צו פֿאָרן זונטיק, דעם 22טן יוני 1941.

ווײַטער...

דאָ טרעפֿט זיך צונויף טראָקער גאַס מיט דאָמיניקאַנער. אָט איז דער בלינדער מויער פֿון דער "צענטראַלקע" — די פּרעווענטיווע תּפֿיסה... מיט זיבן יאָר צוריק איז זי דאָ, אַ צעשראָקענע, אָפּגעזעסן אַ פּאָר שעה מיט די צוויי ווילע פּראָסטיטוטקעס, וואָס האָבן אויף איר געהאַט רחמנות און געפּאָדערט פֿאַר איר בײַם וועכטער דעם פּראָשעק קעגן צאָנווייטיק... יאָ, אָט שטייט ער, דער שווערער מויער, קיין שום באַמבע האָט אים ניט באַשעדיקט... דאָ, אויף דעם אָרט, האָט באָרע מיט אַ צײַט פֿריער געשריבן מיט רויטן קרײַד: "נידער מיטן פֿאַשיזם!" און אַסיע מיט דאַנילינקען זײַנען פֿון ביידע זײַטן געסל געשטאַנען אויף דער וואַך.

ווײַטער, ווײַטער...

דאָ פֿלעגט זיך די גאַס שטענדיק אָנפֿילן מיטן ריח פֿון ווײַרויך. צווישן שמאָלע טירן פֿון ווײַנהײַזער האָט זיך ברייט צעשפּאַרט די שווערע, געשמידטע טיר פֿון קלויסטער. פֿאַרבײַגייענדיק, פֿלעגט דאָ אַסיע שטענדיק צואײַלן דעם טראָט, דער ריח פֿון ווײַרויך פֿלעגט זי שטיקן.

אַ שמאָל געסל פֿירט אַרויס אַסיען אויפֿן צענטראַלן שטאָטפּלאַץ, ס'הייבט שוין עטוואָס אָן שאַריען אויף טאָג, און אין ערשטן פֿרימאָרגן־שײַן טרעטן בולטער אַרויס דער פּאַרקײַלעכטער ווײַסער טורעם, די מעכטיקע זײַלן פֿון דער קאַטעדרע, די אײַנגעהילטע אין נעפּל בונטע ביימער פֿונעם סעפּטעמבערדיקן שלאָסבאַרג.

— מאַמע, וווּהין גייען מיר? — פֿרעגט אַליק.

— אַהיים, צו דער מומע וויטע, אַליקל.

— און די מומע וויטע — דאָס איז ווײַט?

— ניט ווײַט, נאָך אַ ביסעלע.

אַסיע נעמט אַרויס דאָס צעטל מיט וויטעס אַדרעס: טעאַטראַלנע גאַס 8. זי וווּנדערט זיך אַליין, נאָך וואָס איז זי געגאַנגען אַהער צום קאַטעדראַל־פּלאַץ. פון ראָג טראָקער האָט מען זיך דאָך געדאַרפט פאַרנעמען אויף לינקס, באַרג אַרויף אויף פּאָהולאַנקע־גאַס, און גלײַך, ניט דערגייענדיק צום בנין פון טעאַטער, פאַרקערעווען אויף רעכטס. די פיס האָבן זי, ווײַזט אויס, אַליין געטראָגן צום שלאָסבאַרג — אַהין, ווו איר קלאַס האָט ערב דער מלחמה זיך אָפּגערעדט צו טרעפן אין פינף יאָר אַרום...

איצט, ווי זי וואָלט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, האָט זי שוין, נאָכשלעפּנדיק אַליקן, געלאָזט זיך לויפן צוריק. זי גייט דאָך צו וויטען! אויף די טרעפּ איז זי אַרויפגעלאָפן אין איין אָטעם. ווען זי האָט אָנגעדריקט דאָס גלעקל, איז איר האַרץ שיִער ניט אַרויסגעשפּרונגען פון דער ברוסט. ווען די טיר האָט געעפנט אַ שיינער האַלב־נאַקעטער בחור, בלויז אין די טרוסיקעס, רײַבנדיק די אויגן פון שלאָף; און ווען פון צימער האָט זיך אַרויסגערוקט וויטעס געשטאַלט אין אַ נאַכטהעמד, מיט אַ פאַרבונדענער באַק — האָט אַסיען אַרומגעכאַפּט אַ הייס געפיל פון היימישקייט. פון איר האַרץ איז ווי אַראָפּגעפאַלן אַ שטיין, טרערן האָבן אַ פלאָס געטאָן פון אירע אויגן.

— וויטקע, טײַערע, דו לעבסט!

אַליק האָט, קוקנדיק אויף דער מאַמען, זיך אויך שיִער ניט צעוויינט. וויטע האָט אָבער, האַלדזנדיק די חברטע, אים אַ כאַפּ געטאָן אויף די הענט, געקוקט אויף אים מיט ליכטיקע אויגן, און אויך ער האָט מיט אינטערעס באַטראַכט די מומע מיט דער געשוואָלענער באַק.

וויטע האָט אײַליק זיך איינס־צוויי אַרומגעטאָן אין קיך, געגעבן די געסט עפּעס איבערבײַסן און אַ קאָמאַנדעווע געטאָן: "נו, איצטער שלאָפן, הײַנט איז זונטיק, לאָמיר זיך נאָך אַ ביסל אָפּרוען!"

איר מאַן, חײַם — ער האָט עס אַסיען געהאַט געעפנט די טיר — האָט זיך אויסגעבעט אויפן דיל. ער איז באַלד אײַנגעשלאָפן, ווי אַ מיליטערמאַן, וואָס קען אײַנשלאָפן גלײַך און אויף יעדן אָרט. וויטע מיט אַסיען און דעם קליינעם האָבן זיך אַלע צוזאַמען געלייגט אויף דער ברייטער קאַנאַפּע.

בײַדע חברטעס האָבן אָבער אפילו ניט געקענט קלערן וועגן שלאָפן. זיי האָבן שטיל געשעפּטשעט. אַסיע האָט געוואָלט אויספרעגן וויטען וועגן איר משפחה, זיך ניט געקענט אַנטשיידן, און וויטע האָט אָנגעהויבן אַליין:

— איך האָב דיר געשריבן... מײַן פאָטער, אַלס רענטגענאָלאָג...

— ער איז דאָך געווען דער בעסטער רענטגענאָלאָג אין שטאָט!

— די ווערמאַכט האָט אים און נאָך מעדיקער גענומען צו דער אַרבעט אין איר מיליטער־שפּיטאָל. זיי האָבן געוווינט מיט די משפחות דערנעבן. מײַן פאָטער האָט געאַרבעט כמעט ביז דער לעצטער מינוט. עס.עס.־לײַט האָבן זיך אַרײַנגעריסן, צוגענומען אים מיט דער מאַמען און מיטן ברודערל. אין עטלעכע טעג אַרום, ווען מיר זײַנען אַרײַן אין שטאָט, האָב איך שוין קיינעם ניט געפונען. איך האָב ניט געוווּסט וווהין מען האָט זיי אַרויסגעפירט.

— איז אפשר...

— וואָס אפשר? איך האָף שוין ניט. מע זאָגט, אַז די לעצטע ווילנער יידן האָט מען, ווי פריִער, געבראַכט קיין פּאָנאַר...

אַסיע האָט אַרומגענומען די חברטע, צוגעדריקט צו זיך. ביידע האָבן וויינענדיק אײַנגעדרעמלט. אין גיכן האָבן זיי זיך אָבער אויפגעכאַפּט נאַסע, ווי אין אַ ים: דער קליינער האָט געלאָזט וויסן וועגן זיך.

דאָ, אין דעם מויער אויף טעאַטראַלנע 8 האָבן, ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, געוווינט אויף עטלעכע גאָרנס יידישע פּאַרטיזאַנערס, וואָס זײַנען גלײַכצײַטיק מיט דער רויטער אַרמיי אַרײַן אין שטאָט און אָנטיילגענומען אין איר באַפרײַונג. צו זיי פלעגן אַרײַנקומען נאָך חברה, וואָס האָבן געוווינט אין אַנדערע ערטער, אָבער ניט דורכגעלאָזט קיין איין טאָג זיך צו זען מיט די אייגענע.

מיט האַרץ־קלאַפּעניש האָט אַסיע דערקענט אַלטע באַקאַנטע, עטלעכע שול־חברים. מען פלעגט וויינענדיק פאַלן איינע די אַנדערע אין די אָרעמס. מערסטנטייל זײַנען עס געווען יונגע משפחות — מענער מיט פרויען, אַ ברודער, אַ שוועסטער, ווען ס'האָט אָפּגעגליקט נאָך עמעצן צו האָבן. אָט איז דער הויכער שלמה קאָוואַרסקי מיט זײַן ווייב רחלע און מיט זײַן שוועסטער רבקה; אָט איז שמולקע קאַפּלינסקי, וועגן וועלכן אַסיע האָט שוין געוווּסט פון די חברה פון דער דיוויזיע, וואָס זײַנען געווען אין ווילנע: ער האָט עס די לעצטע היפּשע גרופּע קעמפערס פון דער פאַראייניקטער פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע אַרויסגעפירט דורך די קאַנאַליזאַציע־רערן פון געטאָ און קיין איין מענטש ניט פאַרלוירן.... אָט איז ער, דער לעבעדיקער

העלד מיט זײַן ווײַב כיענע און מיטן פיצל טעכטערל רוטעלע — מסתמא דאָס אײנציקע ניי־געבוירענע ייִדישע קינד אין ווילנע, וואָס איז געקומען אויף דער וועלט אין וואַלד, אינעם פּאַרטיזאַנער־אָטריאַד.

אין וויסטן עלנט, ווען מענטשן האָבן אַלעמען פאַרלאָרן, האָט מען אין דעם נאַצי־גיהנום, אָדער נאָך דעם אין קאַמף, געפינענדיק אַ נאָענטע נשמה, זיך אײנער אין דעם אַנדערן געקלאַמערט. אַהער, אויף די חורבות פון דער נעכטיקער הײם, איז מען שוין געקומען צוזאַמען.

פאַר אַסיען זײַנען די אָ ערשטע באַגעגענישן מיט זיי אין זייערע הײמען און קיכן געווען געבענטשטע מינוטן פון טאָג־טעגלעכקייט, וואָס האָבן זי פאַרשיכורט, וועקנדיק אילוזיעס. איר אומגעצוימטער אָפּטימיזם האָט זי אויף אַ ווײַלע אַרויסגעריסן פון דער שרעקלעכערווירקלעכקייט, וואָס זי האָט דאָ געפונען.

# פּאַרשפּעקטיט

— אַסינקע, דאָ ליגט פאַר דיר אַ בריוו.

וויטע האָט זיך אַ ווײַלע געקווענקלט, ביז זי האָט עס געזאָגט. זי איז געווען אין אַ פאַרלעגנהייט, ווײַל זי האָט געוווּסט, אַז דאָס, אויף וואָס אַסיע האָט מער פון אַלץ געהאָפט, קען שוין מסתמא ניט פאַרווירקלעכט ווערן. אַסיע איז געקומען צו שפּעט: די ליטווישע דיוויזיע האָט נאָך די שווערע קאַמפן פאַר שאַוול ווידער אָנגעגריפן דעם שונא און זיך דערווײַטערט אויף מערב. ס׳איז דעריבער ניטאָ קיין אויסזיכט, שלום זאָל קענען קומען אפילו אויף אַ ווײַלע.

נאָך דער באַפרײַונג פון ווילנע איז שלום דאָ געווען אַ האַלבן טאָג. די דיוויזיע איז נאָך געווען ניט אַזוי ווײַט, און אים האָט זיך אײַנגעגעבן אַרויסצורײַסן: ער איז געקומען קלאָפּאָטשען בײַ דער מאַכט וועגן אַן אַרבעטס־אַרויספאָדערונג פאַר אַסיען. יענעם אָוונט איז ער דאָ געווען בײַ וויטען און חיימען, געזעגנט אַלע חברה. אָבער איצט...

אַסיע האָט געכאַפּט דעם בריוו וואָס שלום האָט געשיקט אויף וויטעס אַדרעס, און אָנגעהויבן לייענען:

"...אַסינקע, טייערע! כ'האָב באַקומען דײַן קאַרטל, וואָס דו האָסט אַרויסגעשיקט אונטערוועגס אַהיים. געוויס ביסטו שוין אויף אָן אָרט. קומען צו דיר וועל איך ניט קענען, מיר האָבן באַקומען אַ נײַע קאַמפּס־אויפגאַבע. אָבער איך האָף נאָך אַלץ זיך צו טרעפן מיט דיר — אפשר וועסטו ווען עס איז קומען צו פאָרן צו מיר. איך בין גליקלעך, וואָס מיר זײַנען שוין נעענטער אײַנער צום אַנדערן..."

אַ ביטערער זיפץ האָט זיך אַרויסגעריסן פון אַסיעס ברוסט. דאָרט, אין קויבישעוו, האָט זיך די צײַט געצויגן ווי פון פעך. ווען זי האָט זיך ענדלעך דערוואַרט אויף דער טעלעגראַם מיט דער אַרויספאָדערונג פאַר איר מיטן קינד, האָט זי זיך איינס־צוויי אײַנגעפּאַקט און זיי זײַנען אַרויסגעפאָרן. דער פאָטער האָט שוין פריִער באַקומען זײַן אַרויספאָדערונג. איצט האָט ער געמוזט זיך אָפּשטעלן אין מאָסקווע, כדי צו וואַרטן אויפן באַגאַזש, וועלכן זיי האָבן אָפּגעשיקט פון קויבישעוו מיט אַ פּראַכטצוג.

אַסיע האָט זיך געאײַלט, זיך דערקליבן ביז ווילנע מיט די צופעליקע צוגן; דאָן, אין דער נאַכט פונעם אָנקום אַרײַנגעפאַלן מיטן קינד אין אַ לופט־אַלאַרעם.

און אַלץ איינס פאַרשפּעטיקט!

איצט וועט זי וואַרטן יעדן טאָג אויף נײַע בריוו, אויף גרוסן פון פראָנט, אויף אַ מעגלעכקייט זיך צו באַגעגענען מיט שלומען.

דער קורצער בריוו איז פונעם 26סטן סעפּטעמבער, און אויף צו מאָרגנס איז געקומען נאָך אַ בריוו, אַ געגנויערער: "געטרײַע מײַנע! גיך, גאָר גיך וועט קומען די צײַט, ווען מיר וועלן זיך טרעפן, כדי מער זיך קיין מאָל ניט צו שיידן. עס שטייען אונדז פאָר שווערע שלאַכטן, אָבער איך גיי אין קאַמף מיט אַ געפיל פון זיכערקייט — ער דערנענטערט דאָך דעם טאָג פון אונדזער באַגעגעניש, פון אונדזער גליק...

איך האָב געהאָפט צו קומען צו דיר אויף אַ פּאָר טעג, אָבער דער מצב וועט עס מיר, ווײַזט אויס, ניט דערלויבן. איך האָף נאָך אַלץ, אַז דו וועסט געפינען אַ מעגלעכקייט צו קומען צו מיר..."

און אין אַ וואָך אַרום:

„היינט האָט מען מיר איבערגעגעבן, אַז דו האָסט געזוכט סאַלפּעטערן, וועלכער איז די טעג געווען אין ווילנע, כדי אים צו זאָגן, אַז דו קלײַבסט זיך צו מיר. איצט בין איך זייער אומרויִק, צי דו ביסט טאַקע ניט אַרויסגעפאָרן. מיר זײַנען אויפן שלאַכטפעלד, אין קאַמף, און דו וועסט מיך ניט געפינען...״

און שפּעטער נאָך אין עטלעכע טעג אַרום:

„...ס׳גייען אָן אומגעהויערע שווערע קאַמפן. אין די נאָענטסטע טעג וועט איר זיך דערוויסן, אַז אונדזערע איינהייטן האָבן זיך אַרײַנגעריסן אין דעם שונאס בערנלאָך. מיר וועלן זײַן די ערשטע, וואָס וועלן באַטרעטן די דײַטשע ערד. פיל אינטערעסאַנטס וועט קענען דערציילן וועגן די אָט־אָ טעג יעדער אײַנער, וואָס וועט בלײַבן לעבן. מישע מאַקאַשאָוו, מײַן באַטאַליאָן־קאָמאַנדיר, וועט, ווי שטענדיק, גיין דער ערשטער. און איך, זײַן שטעלפאַרטרעטער, וועל ווי תמיד, זײַן מיט אים...״

זיי גייען פאָרויס אין אומגעהויער שווערע שלאַכטן. זיי זײַנען שוין בײַ דער גרענעץ פון מזרח־פּרייסן. באַלד וועלן זיי באַפרײַען קלײַפּעדע — דעם ליטווישן פּאָרט בײַם באַלטישן ים, די שטאָט, וועלכע דער דײַטש האָט נאָך פאַר דער מלחמה אַנעקסירט, אָנרופנדיק אים מעמעל. די דיוויזיע וועט ניט דערגיין ביז בערלין, ווײַל מען וועט זי פאַרקערעווען אויף צפון, קיין לעטלאַנד, קיין קורלאַנד: דאָ וועלן זיי ביזן סוף פון דער מלחמה צוזאַמען מיט אַנדערע איינהייטן פון דער רויטער אַרמיי מיט בלוטיקע קאַמפן האַלטן אין אַרומרינגלונג ריזיקע דײַטשע אַרמיי־טיילן, כדי זיי ניט לאָזן אַרויסרײַסן זיך צום ים און פאַראייניקן זיך מיט דער אָפּטרעטנדיקער דײַטשער אַרמיי.

איצט איז אָקטאָבער. מער ווי אַ האַלב יאָר וועט אַסיע מיט ציטערניש וואַרטן אויף יעדן בריוו און וועט יעדן טאָג און אָפט דרײַ מאָל אַ טאָג שיקן אירע בריוו אויפן פראָנט; דאָס וועט כסדר זײַן אַן אומענדלעך אומזיסט וואַרטן אויף אַ באַגעגעניש, אַ ביטערע שפּיל אין קאַץ און מויז, בעת אָט־אָט זײַנען זיי צוזאַמען, אָבער... די אומשטענדן דערלאָזן ניט, און יעדער בלײַבט אויף אַן אָרט.

„איך בין גליקלעך, וואָס מיר זײַנען שוין נעענטער איינער צום אַנדערן״ — האָט שלום געשריבן.

צײַטנווײַז וועט אים זײַן אַזוי שווער, אַז ער, איר שלום, וואָס איז שטאַרקער פון אײַזן, וועט מיט אַ מאָל איר שרײַבן: „איך בין שוין אַדורך

אַזאַ העלישן פײַער אַז איך האָף אויך דאָס מאָל צו בלייבן לעבן, אומבאַדינגט זיך מיט דיר נאָך צו זען. אין פאַל, אויב איך וועל אומקומען, דאַרף מען דיר איבערשיקן דאָס געלט פון מײַן שפּאָרביכל, וואָס איך האָב דיר אָפּגעשריבן, און מײַנע צוויי אָרדנס פונעם פּאַטערלענדישן קריג — פון דער ערשטער און צווייטער מדרגה. אָבער דאָס שרײַב איך סתם אַזוי. געוויס וועל איך צו דיר זיך אומקערן גאַנץ און געזונט...״

זי האָט פּאַרשפּעטיקט און קען שוין איצט ניט האָפן אויף אַ שנעלער באַגעגעניש מיט שלומען. ווו נעמט מען כוח אויסצוהאַלטן דעם ווייטיק, די שווערע אַנטוישונג.

איצט דאַרף זי, אַסיע, זײַן די שטאַרקע. זיך נעמען אין די הענט. דערווײַל וווינט זי בײַ וויטען און וואַרט אויפן פּאָטער. מען דאַרף זוכן אַ דירה, זוכן אַ טיש, שטולן, בעטן, ס׳זאָל זײַן ווו אַוועקצולייגן דעם קאָפּ. וועגן אַרבעט האָט זי שוין דערליידיקט. געהאַט אַ מינוט פרייד: מען שיקט זי אַרבעטן אין אַ היגער צײַטונג. זײַן אַ זשורנאַליסט... דאָס איז געווען נאָך דער אַנטוישונג מיט לערערײַ, איר טרוים. דערצו וועט זי קריגן גוטע שפּײַזקאַרטלעך. אַליקן וועט ניט פעלן קיין עסן. אפשר וועט ער שוין אין די אָוונטן ניט וויינען, ווי אין קויבישעוו, פון הונגער.

ווי דערוואַרט מען זיך נאָר, ס׳זאָל זיך שוין ענדיקן די מלחמה. שלום זאָל זיך אומקערן אַהיים!

איצט, ווען זי איז געקומען אַהיים, האָט זי ניט איין מאָל, בלאָנקענדיק זיך איבער די גאַסן, געזוכט אין די גאַנץ געבליבענע מויערן די היימען פון אירע חברים און יעדעס מאָל זיך דערמאָנט, אַז זיי, די חברים זײַנען דאָך ניטאָ. פלעגט זי ווידער מיט זשעדנעקייט אויספרעגן די, וואָס האָבן עפּעס געוווּסט, וועגן יעדן פון זיי.

שעהענלאַנג פלעגט זי זיצן אין די אָוונטן מיט וויטען און ריידן. זי האָט שוין פריער געוווּסט פון וויטעס בריוו, אַז דאַנילינקע איז געפאַלן פון אַן אייגענער קויל. אָבער ווי איז עס געשען? ווי האָט געקענט פּאַסירן אַזאַ שרעקלעכער פאַל?

איצט האָט עס וויטע דערציילט גענוי:

— דו געדענקסט דאָך, אַז דאַנקע האָט געהאַט קאָמפּלעקסן נאָך פון אַ מאָל, פון די פאַרמלחמהדיקע צײַטן, ווען מען האָט אים אַרעסטירט. אין

געטאָ האָט אים די געסטאַפּאָ געכאַפּט. אין טאָג פון ליקווידאַציע פון געטאָ האָט ער זיך אַרויסגעריסן, אַוועק מיט חברים אין דער פּאַרטיזאַנקע.

אין וואַלד האָט ער געזוכט אַ מעגלעכקייט זיך אַרויסצוווײַזן אין קאַמף.

דאָס אומגליק איז געשען סוף דעצעמבער, ערב נײַיאָר 1944. מען האָט זיך דערוווּסט, אַז בײַ נאַכט דאַרף קומען אין אַ נאָענטן כוטאָר אַ ליטווינער, צי אפשר אַ פּאָליאַק, וואָס האָט געלאָקערט אויף אונדז, נאָכגעשפּירט די פּאַרטיזאַנערס. די אויפגאַבע איז געווען — דערהרגענען אים. דאַנקע האָט זיך אונטערגענומען דאָס אויסצופירן. אַן איבערגעטאָנענער אין אַ דײַטשן מונדיר איז ער אַוועק אין דעם כוטאָר און האָט זיך פּאַרטײַעט אין אַ לאָקערונג. אין דער פינצטער האָט ער דערזען אַ געשטאַלט — ענלעך צו דער, אויף וועלכער ער האָט געוואַרט. דאַנקע האָט אויסגעשאָסן צו אים, אָבער ניט געטראָפן. יענער האָט געענטפערט מיט אַ שאָס און דאַנקען אַוועקגעלייגט אויפן אָרט... דאָס איז געווען אונדזערער אַ פּאַרטיזאַנער, אַ ליטווינער. ער איז שיִער ניט משוגע געוואָרן פון ייִאוש, ווען ער האָט זיך דערוווּסט, וועמען ער האָט געהרגעט...

אַסיע האָט זיך מיט ווייטיק דערמאָנט דעם אַנדערן דאַנקע — דאַניען קופּאָ — וועלכער איז אויך געטראָפן געוואָרן פון אַן אייגענער קויל אויפן פראָנט. בײדע דאַניעס זײַנען די לעצטע יאָרן אין שול געווען די בעסטע חברים...

איינעם אַן אָוונט איז צו וויטען געקומען פּאַניע — פּאַנקע יאָכעלעס, אַ מיידל פון אַסיעס שול, וואָס איז געווען מיט צוויי קלאַסן ייִנגער פון איר. פּאַניע מיט איר מאַן האָבן זיך, צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע, אומגעקערט פון דער פּאַרטיזאַנקע קיין ווילנע. דערזען זי, האָט אַסיע גלײַך זיך דערמאָנט זייער דירה אויף זאַוואַלנע 33, אַ דירה האַרט בײַ דער לאַווע, אפשר צוויי טרעפּלעך אַראָפּ, און בײַ דער טיר — פּאַניעס מאַמע מיטן שוועסטערל קוקן אַרויס אין גאַס. ״ביידע זײַנען זיי אומגעקומען אין לאַגער. איר שוועסטערל האָט ניט געוואָלט גיין אויף רעכטס, ווען די מאַמען האָט מען אָפּגעטיילט אויף לינקס״ — האָט אַסיען אַ שעפּטשע געטאָן וויטע, ווען פּאַניע האָט בײַ דער טיר גערעדט אַ ווײַלע מיט חיימען...

— פּאַניע, דערצייל, דערצייל פון סאַמע אָנהייב! — האָט אַסיע געבעטן.

— ווען אין שטאָט איז נאָך ניט געווען קיין געטאָ, האָבן מיר, עטלעכע מיידלעך פון שול, אָנגעהויבן זאַמלען מלבושים פאַר די סאָוועטישע קריגס־געפאַנגענע, זיי זאָלן קענען אַנטלויפן: ביי אונדז אויף די טרעפ האָבן געלעבט צוויי פרויען פון סאָוועטישע אָפיצירן; זיי האָבן זיך געהאַט עוואַקויִרט, אָבער ניט באַוויזן צו דערפאָרן צום אָרט, מען האָט זיי, אַ גאַנצע גרופּע, געכאַפּט און אומגעקערט פון וועג. זיי האָבן געהאַט אַ פאַרבינדונג מיט סאָוועטישע מיליטער־לייט, וואָס זיינען אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט. מיר האָבן געהאָפט, אַז דורך זיי וועלן מיר קענען העלפן די געפאַנגענע.

יענעם אָוונט — דערציילט פאַניע ווייטער — איז צו מיר געקומען בובקע כהן. געדענקסט זי? אַוורעמל כהנס יינגערע שוועסטער, דעם בונדיסט ווירגילי כהנס טאָכטער.

אַסיע הערט און דערמאָנט זיך חנהן און איר מאַן, אַווּרעמלען, וועלכער איז מיט איר אַרויסגעפאָרן קיין מינסק און וועלכן די קאַ־גע־בע האָט אַרעסטירט. יאָ, ער האָט געהאַט אַ שוועסטערל, אַ הויך, שיין מיידל...

— בובקע איז געקומען צו מיר מיט עטלעכע מלבושים פאַר די קריגס־געפאַנגענע. ס'איז געווען שפּעט. "בלייב נעכטיקן", האָב איך זיך ביי איר געבעטן — דערציילט פאַניע. "איך קען ניט, די באָבע וועט זיין אומרויִק" — האָט בובקע געענטפערט. געדענקסט, זיי האָבן שוין לאַנג ניט געהאַט קיין מוטער, געלעבט אויף גלעזער־גאַס מיט דער באָבען, בשכנות מיט זייער שוועסטערקינד פרומע סטופעל פון איער קלאַס. אויך זי האָט מיט אונדז געזאַמלט די זאַכן.

— "בלייב ביי אונדז נעכטיקן — האָב איך געזאָגט צו בובקען — חזרט איבער פאַניע — אָבער זי איז אַוועק אַהיים, די באָבע זאָל זיך ניט באַאומרויִקן. מער האָב איך זי ניט געזען, פרומקען אויך ניט. יענע נאַכט האָבן די דייטשן "אויסגעריייניקט" זייער גאַס פון ייִדן. ווען מען האָט אויף צו מאָרגנס גענומען אַ גרופּע מענער אויסצוראַמען די הויפן, האָט כאָנקע טאַנכום, וועלכער איז געווען צווישן זיי, געפונען בובקעס פעלצל.

אַסיען נעמט אַרום אַ גרויל, אָבער זי בעט ווייטער:

— דערצייל, פאַניע, דערצייל.

— אין געטאָ האָבן מיר אָנגעהויבן קלייבן געלט פאַר די לערערס פון

רעאַל־גימנאַזיע, זיי האָבן געהונגערט, די לערערס אונדזערע. עלטערע מענטשן, אַרבעטן האָבן זיי דאָך שוין ניט געקענט, געלעבט אין ענגשאַפּט און נויט. טורבאָוויטש האָט געוווינט אין איין דירה מיט חיימסאָן. שטעל זיך נאָר פאָר...

אַסיע האָט זיך דערמאָנט: זיי האָבן דאָך ניט ליב געהאַט איינער דעם צווייטן, דער דירעקטאָר טורבאָוויטש און די לערערין חיימסאָן.

— צוזאַמען מיטן לערער מאַרשאַק, מיט זיין טאָכטער ליבעלען האָבן זיי געוווינט. מיר האָבן צונויפגעשטעלט רשימות פון אַלע שילערס, אַ רשימה פון די לערערס — דערציילט פאַניע. — דאָס אויפגעזאַמלטע געלט, אויך זאַכן פלעגט מען טראָגן אַהין צו טורבאָוויטשן: פאַר אים, פאַר גערשטיינען, פאר חיימסאָן, פאַר די לערערינס נאָטיק און גאָרדאָן. "געדענקסט די לערערין גאָרדאָן, פון געשיכטע־לימוד?" "אַ פראַגע צי איך געדענק. זי איז דאָך געווען אונדזער קלאַסן־דערציִערין". פאַר דאָרע פאָמעראַנץ, פאַר בערטע גראָסמאַן.

...בערטע, די לעקציע פון לאַטיין...

— בערטע האָט געוויינט, נעמענדיק ביי אונדז דאָס געלט: "מיך, די, וואָס איר האָט גערופן "די שלאַנג", האָט איר אויך ניט פאַרגעסן" — האָט זי געזאָגט.

— און וואָס איז ווייטער... וואָס איז מיט זיי, מיט די לערער ווייטער געשען? — האָט אַסיע געפרעגט, שטיקנדיק זיך פון אויפרעגונג. זי האָט דאָך געוווּסט, אַז קיינער פון זיי איז וואַרשיינלעך ניטאָ.

— אַוועק אין פּאָנאַר. כמעט אַלע. בערטען האָט מען אַרויסגעפירט אין אַ לאַגער. (מיט דער צייט וועלן זיי זיך דערוויסן, אַז בערטע לעבט און זי וועט צו זיי קומען צו גאַסט פון פוילן קיין ווילנע). חיימסאָן און גערשטיין זיינען געשטאָרבן אין געטאָ מיט זייער אייגענעם טויט. גערשטיינס לוויה איז געווען אַ שרעקלעכע: ס׳איז געגאַנגען אַ המון מענטשן, מיר האָבן אים אָבער געמעגט באַגלייטן נאָר ביז צום געטאָ־טויער. ווייטער געלאָזט אים גיין פון דער וועלט אַליין...

פאַניע דערציילט, און אַסיעס האַרץ ציטערט פון ליבשאַפט און ווייטיק ביי יעדן דערמאָנטן נאָמען. אין צענדליקער יאָרן אַרום, ווען זי וועט נעמען אין האַנט דעם וויכטיקסטן דאָקומענט פון ווילנער געטאָ — דעם

געפונענעם, צונויפגענומענעם און אַרויסגעגעבענעם אין דרוק טאָגבוך פון הערמאַן קרוק — וועט זי צווישן די זעקס הונדערט זײַטן פון דער בלוטיקער כראָניק געפינען אַ נאָטיץ פול מיט דערהויבנקייט און געפיל, עפּעס ווי פון אַן אַנדער וועלט: די נאָטיץ וועגן טרויער־אַקאַדעמיעס, געווידמעט די פאַרשטאָרבענע לערערס שלמה באַסטאָמסקי, וועלכער איז אַוועק אין דער אייביקייט נאָך פאַר דער מלחמה, מלכה חײַמסאָן־באַסטאָמסקי, גרשון פּלודערמאַכער און אינזשעניר מאַרק אידעלסאָן. "דאָ האָב איך דאָס ערשטע מאָל פאַר מײַן זײַן אין געטאָ דערפילט די קינדער־פאַרשטעלונגען ווי אַן אָפּקלאַנג פון יענעם וואַרשעווער לעבן... — האָט געשריבן קרוק — דעם אָטעם פון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע, פון די שולן אויף קראָכמאַלנע, קאַרמעליצקע און אַנדערע. די מוזיק האָט דאָ אויפגעוועקט די ווונדן פון צענדליקער טויזנטער פאַרשלעפּטע, דערמאָרדעטע און דערקוילעטע טאַטעס, מאַמעס, שוועסטער, ברידער און נאָענטע. דער זאַל האָט געוויינט און די טרערן זײַנען גערונען ווי אַרבעס... עס איז שווער צו דערציילן, וואָס הייסט הײַנט וויינען אין ווילנער געטאָ. קיינער שעמט זיך ניט פאַר די טרערן. זאָגט טאַקע איינע פון די רעדנערינס: "די שולן פאַראייניקן אונדז. די טרערן דערהייבן און לײַטערן. און כאָטש מיר קענען ניט קומען אויף די קברים פון אונדזערע נאָענטע, באַהעפטן מיר זיך מיט זיי גײַסטיק און זײַנען פול מיט האָפענונג, אַז כאָטש מיר זײַנען פיזיש שוואַך דאָך שטייען מיר גײַסטיק הויך און מיר וועלן אויסהאַלטן און איבערהאַלטן..."



**פון אַסיעס טאָגבוך:**

וואָס איז מיט שלומס עלטערן, מיט זײַנע ביידע ברידער?...

דער פאָטער האָט געלעבט אין קאָוונע. דעם ערשטן אויגוסט האָט די רויטע אַרמיי באַפרײַט קאָוונע. אַ לאַנגע צײַט האָט קיינער פון די קאָוונער, וועלכע איך האָב געזוכט און באַגעגנט, מיר ניט געקענט עפּעס זאָגן וועגן אים. נעכטן אָבער האָט מיר אַ קאָוונער, איינער פון די אָנפירער פון די געטאָ־קעמפפערס, דימע געלפערן, דערציילט: מלך, שלומס פאָטער, האָט אין געטאָ געאַרבעט אין די וואַרשטאַטן, ווו מען פלעגט נייען און פאַרריכטן

בגדים און שוכוואַרג און אויך מאַכן בערשט. איך האָב אים קוים דערקענט, ער האָט אָפּגעפּאָרבן זײַנע האַלב־גרויע האָר אויף שוואַרץ. כדי אויסצודויערן, האָט מען דאָך באַדאַרפט אויסזען יינגער. שפּעטער האָב איך זיך מיט אים עטלעכע מאָל באַגעגנט. ער האָט איבערגעגעבן דורך מיר פאַר די פּאַרטיזאַנערס זאַכן און שטיוול. איין מאָל איז ער געגאַנגען מיט זײַן יינגערן זון...״

דאָס, וואָס דער קאָוונער האָט דערציילט, איז נאָך געווען אין האַרבסט 1943... וואָס זשע איז געווען ווײַטער?



אין פיל יאָר אַרום וועלן זיך שלום און אַסיע דערוויסן, ווי ס׳איז פּאַקטיש אומגעקומען שלומס פאָטער. זיי האָבן זיך געפונען אין אַ גוטער ״מאַלינע״, 18 מאַן. זיי זײַנען נאָך דאָרט אַלע געווען, ווען די רויטע אַרמיי איז אַרײַן אין קאָוונע. די דײַטשן האָבן אָבער באַוויזן צו אַנטפּלעקן די באַהעלטעניש און אַרײַנצוּוואַרפן אַהין דורכן קוימענלאָך אַ רויך־צילינדער. אַלע זײַנען דערשטיקט געוואָרן.

דער מענטש, וואָס האָט וועגן דעם דערציילט, איז אויך געווען אין דער ״מאַלינע״, ער איז אָבער פאַר דעם אַרויס פון דאָרטן... וואָס איז געשען מיט שלומס ברודער יאַשע וועלן זיי זיך שוין קיין מאָל ניט דערוויסן. אָבער וועגן שלומס מאַמען...

די עלטערן זײַנע האָבן זיך שוין לאַנג געהאַט צעשיידט. די מאַמע האָט אַ צווייט מאָל חתונה געהאַט מיט אירן אַן אַמאָליקן חבר און האָט געלעבט אין אַ דאָרפישער געגנט, ניט ווײַט פונעם שטעטל מערעטש. דאָרט האָט זי געבוירן נאָך אַ יינגעלע — לייבעלע. דאָרט, אין דעם אַזוי גערופענעם ״רוסינגעס־דוואַראַס״ (דער רוסינגעס־הויף) האָבן געלעבט דרײַ גרויסע יידישע משפחות ערד־אייגנטימערס: שולץ, קראַסנאָדוואָרסקי און דײַכעס. געהאַט אַ סך ערד, הוילע זאַמדן, שווער געהאָרעוועט. זומער, ווען שלום און יאַשע האָבן ניט געדאַרפט גיין אין שול, פלעגן זיי קומען אַהער פון קאָוונע צו דער מאַמען. דער קליינער לייבעלע מיט די העלע לאָקן, ווי פלאַקס, איז געווען אַלעמעס ליבלינג.



ווען שלום וועט נאָך דער מלחמה זיך דערוויסן פון אַ מערעטשער באַקאַנטער, אַז אין דער געגנט איז קיינער פון די יידן ניט געבליבן לעבן, וועט ער לאַנג ניט זײַן בכוח זיך צו צווינגען אַרײַנפאָרן אין רוסינגע.

סוף־כל־סוף, אין יאָרן אַרום, וועט ער דאָך קומען אַהין. אַן אַלטיטשקע שכנה, אַ ליטווינערין, וועט אים געגוי דערציילן, ווי גלײַך דעם ערשטן זומער פון דער מלחמה, דעם 8טן אויגוסט, האָט מען אַרויסגעפירט פון דאָרף אַלע יידישע מענער. געגוי אין אַ חודש אַרום, דעם 8טן סעפּטעמבער, האָט מען צוגענומען אַלע פרויען און קינדער. "באַסיע — וועט זי דערציילן — (שלומס מאַמע האָט געהייסן באַסיע) איז פונקט געווען ניט געזונט, אָבער זי האָט גענומען לייבעלען, שוין אַ היפּש יינגל, אויף די הענט, נאָך דעם געטראָגן אים אויף די פּלייצעס. ווער איז געווען דער רוצח, וואָס האָט זיי געפירט? אַ היגער, אונדזערער אַ ליטווינער" — און זי וועט אָנרופן דעם נאָמען.

...ווען שלום וועט אין יאָרן אַרום, שוין אין דער זעלבשטענדיקער ליטע, נאָך אַ מאָל קומען אַהין און ווידער געפינען די אַלטיטשקע, וועט באַלד לעבן איר, ווי פון אונטער דער ערד, אויסוואַקסן אַ יונגער ליטווינער (דער, וואָס וווינט אין דער שטוב פון שלומס מוטער) און וועט דער אַלטיטשקער ניט לאָזן ריידן. "ניט קיין ליטווינער האָט זיי אַרויסגעפירט און געהרגעט", וועט ער איר אַרײַנפּאַלן אין די רייד. "דײַטשן, דײַטשן האָבן עס געטאָן". שפּעטער, ווען ער וועט אַוועקגיין, וועט די זקנה זאָגן: יענע וואָך זײַנען דאָ געקומען צוויי אויסגעפּוצטע הערן אין אַ שוואַרצן "וואָלגע"־אויטאָ. זיי האָבן געגעבן צו פאַרשטיין, אַז טאָמער פרעגט עמעץ, דאַרף מען זאָגן אַזוי און אַזוי...



**פון טאָגבוך:**

...חנה האָט געזאָגט — זי וויל ניט פאָרן אויף קברים. איך אָבער האָב שוין קיין איין טאָג, קיין איין מינוט ניט געקענט לעבן אָן מײַן חרוב געוואָרענער שטאָט. איך זוך כסדר נאָך און נאָך ידיעות, פון וועלכע

ס'גליווערט דאָס בלוט, ווי איך וואָלט זוכן אַ נאָגנדיקן ווייטיק פאַר מײַן האַרץ. וויסן, וויסן וואָס מער, כּדי לעבן צווישן די, וואָס זײַנען שוין ניטאָ...

נעכטן האָט מען ווידער דערציילט וועגן די לערערס, וועגן מירע בערנשטיין. ווען מען האָט איר, דער לערערין פונעם קליינוואַרג, דער אַקטיווער קעמפערין, דער קאָמוניסטקע פאָרגעלייגט צוזאַמען מיט אַנדערע, אָרגאַניזירטערהייט אַרויסצוגיין אין וואַלד אַרײַן צו די פּאַרטיזאַנערס, האָט זי געזאָגט: "איך וועל זײַן אין אַ מאַלינע. עס דאַרף אַרויסגיין דער וואָס איז ייִנגער, וואָס קען קעמפן. איך וועל בלויז זײַן צו לאַסט..."

מען האָט אויך דערציילט וועגן לערער גילינסקי פון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע, באַטקע האָט מען אים גערופן. אומגעקומען... דער לעצטער, וועלכן איך האָב באַגעגנט, אַרויסגייענדיק פון וואַלד — האָט פאַניע געזאָגט — איז געווען סטאָליצקי.

ס'האָט מיר פאַרכאַפּט דעם אָטעם, ווען זי האָט דערמאָנט סטאָליצקין. די איינציקע פאָטאָגראַפיע, וואָס ס'האָט זיך צופעליק געפונען אין מײַן בעטל, ווען איך בין אָנהייב מלחמה אַוועק פון שטוב, איז געווען אונדזער קלאַס אויפן הויף פון דער רעאַל־גימנאַזיע מיט חיים סטאָליצקין, אונדזער דעמאָלטיקן קלאַסן־דערציִער. איך זיץ נעבן דעם לערער (איך דערמאָן זיך מיט אַ היפּש ביסל בושה, אַז אויף אַלע פאָטאָגראַפיעס פלעג איך זיך אַוועקזעצן לעבן די לערערס), לעבן מיר זיצט באָרע, דאָס איז געווען אפשר עטלעכע חדשים פאַר זײַן טויט...

אָט איז סטאָליצקי, דער ווילנער יונגער לערער, בײַ וועלכן ס'איז מיר שווער געגאַנגען כעמיע, אָבער וועלכן איך, ווי מיר אַלע, האָב ליב געהאַט פאַר זײַן גוטסקייט און איידלקייט. אונדזער סטאָליצקי האָט דורכגעמאַכט אַלע שיבעה־מדורי־גיהנום. איך האָב שוין דאָס געוווּסט, איידער פאַניע האָט עס מיר דערציילט. ווען ס'איז אויסגעבראָכן די מלחמה, איז זײַן פרוי עסיע, אַ יונגע קראַנקן־שוועסטער, געווען שוואַנגער. ביז זי האָט געבוירן, האָט מען זיי שוין עטלעכע מאָל שיִער ניט געהאַט געפירט אויף פּאָנאַר. דאָס קינד, דאָס מיידעלע, איז געבוירן געוואָרן אין אַ מאַלינע, און מען האָט זי אַ נאָמען געגעבן מאַלינאַ. זי איז געוואַקסן, ווי אַ פאַרצערט בלימל, אָן ליכט, אין אַ פינצטערער באַהעלטעניש.

סטאָליצקי איז אומגעקומען אין אַ לאַגער אין עסטלאַנד, און זײַן פרוי און קינד אין מײַדאַנעק...

# צווישן ווײסטע שאָטנס

דער טאַטע, וועלכער איז געקומען צו פֿאָרן גאָר שנעל נאָך אַסיען, פלעגט זיך שלײַכן איבער די ווילנער גאַסן, זוכנדיק אַ ייִדיש פּנים. איין מאָל, פֿאַרבײַגייענדיק מיט אַסיען דעם שולהויף, האָט ער דערזען די חרוב געוואָרענע ווענט, די אַראָפּהענגענדיקע שטיקער דאַך, דעם פֿאַריתומטן אונטערן פרײַען הימל ארון קודש און, פֿון דער ווײַטנס — אַ פּאָר ייִדן, וואָס זײַנען דאָרט געשטאַנען און געדאַוונט. ער האָט זיך אַ וואַקל געטאָן, אָנגעשפּאַרט אין אַ וואַנט און זיך צעוויינט: "פֿאַר וואָס לעב איך, בעת אַלעמען האָט מען אויסגעהרגעט?!"

דער פֿאָטער, וועלכער איז פֿאַר דער מלחמה געוווינט געווען זיך אָפּצושטעלן און כאַפּן אַ שמועס מיט סתם ייִדן אויף יעדן ראָג, און צו וועלכן קינדער פלעגן, איבערלאָזנדיק זייערע פֿאַפּירענע שיפֿעלעך אין די רינשטאָקן, צולויפֿן און אויסציִען אַ הענטל: "גוט מאָרגן, הער דאָקטער!" — האָט זיך איצט ניט געקענט געפֿינען קיין אָרט אין דער טויטער שטילקייט פֿון די ווילנער געסלעך. איין מאָל האָט ער אויפֿן בריק איבער דער וויליִע געזען אַ פרוי מיט אַ וועגעלע. ער האָט זיך צוגעקוקט צו איר, פֿאַרשטאַנען, אַז זי איז אַ ייִדישע, צוגעגאַנגען צום וועגעלע, אָפּגעשפּיליעט און אָפּגערוקט דעם צעראַטעטעם צודעק איבערן קינדס קעפּל און געזאָגט: "גיט אים אַ ביסעלע לופֿט, האָט ניט מורא" און צוגעגעבן: "איך בין אַ קינדער־דאָקטער. טאָמער דאַרפֿט איר הילף, איז אָט איז מײַן אַדרעס".

אין יאָרן אַרום, אין ישראל, ווען אַסיע באַגעגענען די דאָזיקע פרוי, יענע וועט דערציילן וועגן דעם פֿאַל און צוגעבן: "ס'איז טאַקע געווען אַ מינוט, בעת איך האָב באַדאַרפֿט אײַער פֿאָטערס הילף, און ער האָט מיר טאַקע געראַטעוועט מײַן קינד..."

איין מאָל, ווען דער פֿאָטער איז געגאַנגען אויף ברייטע גאַס, פֿאַרטיפֿט

אין זײַנע אומעטיקע מחשבות, האָט ער ניט באַמערקט, ווי עמעץ האָט אים אָנגעיאָגט און זיך אים אַ וואָרף געטאָן אויפן האַלדז.

— דאָקטער, טײַערער דאָקטער, איר לעבט! — איז אויסגעבראָכן אין אַ געוויין אַ הויך, דאַר מיידל מיט זומער־שפּרינקעלעך אויפן פּנים און געדיכטע, קאַשטאַנעווע האָר. — איך האָב אײַך דערזען פון ווײַטן און בין אײַך נאָכגעלאָפן. איר זײַט דער ערשטער ייִד פונעם עלטערן דור, וועלכן איך באַגעגן. דווקא איר, אונדזער באַליבטער שולדאָקטער, אונדזער פּאָטער!

דער טאַטע האָט זי אַ ווײַלע אָנגעקוקט און באַלד דערקענט: חיהלע? חיהלע שאַפּיראָ פון מאַקאָווע גאַס, פון באַלבערישסקיס הויף? פון דער גימנאַזיע תושיה?

— איך, הער דאָקטער, איך!

ער האָט געהאַט אַ זעלטענעם זכרון און האָט זיך אין דעם מאָמענט דערמאָנט, ווי חיהלעס מוטער האָט מיט יאָרן צוריק, ווען דאָס שלאַפּע מיידעלע האָט געחלשט, געבראַכט זי אויף די הענט צו אים אַהיים. ער האָט איצט אַ קלער געטאָן: ווי האָט דאָס מאָגערע, שוואַכע קינד געקענט אויסהאַלטן אַלץ, וואָס עס איז דאָ אויסגעקומען אויסצושטיין. און חיה, ווי זי וואָלט טרעפן וועגן וואָס ער קלערט, האָט געזאָגט:

— איר וועט גלויבן, הער דאָקטער? פאַר דער גאַנצער צײַט אין געטאָ און בײַ די פּאַרטיזאַנערס האָב איך קיין מאָל ניט געקרענקט!

דער טאַטע אַליין איז נאָך אָבער געווען קראַנק. ווילנע האָט אים ניט אויסגעהיילט פון זײַן שווערן אַוויטאַמינאָז, פּאַרקערט, — פון קלעמעניש האָט ער געגומען צאַנקען ווי אַ ליכט און וואָלט, מסתמא, אין די שפּורן פון אַלע זײַנע קליינע חולאים, אַוועק פון דער וועלט, ווען אַנדערע מעדיקער, זײַנע אַרבעטס־קאָלעגן און פּאַרוואַלטערס וואָלטן אים ניט געשיקט זיך היילן אין לענינגראַד אין אַ שפּיטאָל פאַר דיסטראָפיקער, קרבנות פון דער גרויסער הונגער־בלאָקאַדע....

לאַנגע חדשים וועלן זיך פאָדערן אים צו שטעלן אויף די פיס. ער וועט זיך אָבער ענדלעך אומקערן צום לעבן און ס׳וועט קומען דער טאָג, ווען ער וועט, עולה זײַענדיק קיין ישראל, אין דעם אייגענעם לאַנד, געפינען דרײַ דורות פון זײַנע אַמאָליקע ניצול געוואָרענע פּאַציענטן — באָבעס מיט

זיידעס, טאַטע־מאַמעס, קינדער... און וועט נאָך אויך זוכה זײַן צו היילן זייערע אייניקלעך.

אַסיעס פּאָטער האָט שוין געקלערט פּאָרן זיך היילן, און איר האָט אָפּגעגליקט, וואָס ער איז ניט אַוועקגעפּאָרן פּאַר נײַיאָר, ווײַל ער האָט דערווײַל געוואַרט אויף דער מאַמען מיט ליילקען.

צו יענער צײַט האָבן שוין אַסיע מיטן פּאָטער און מיט אַליקן געוווינט אין אַן אייגענער דירה, אויף וועלכער דער פּאָטער האָט באַקומען אַן אָרדער אין דער שטאָט־פּאַרוואַלטונג. דאָס זײַנען געווען דרײַ פּאַרלאָזטע, פּאַרוויכערטע, פּאַרסמאָליעטע צימערן פֿון אַ פּאַרמלחמהדיקער לוקסוס־דירה אויף ווילנער גאַס — אַ דירה מיט קאָלירטע מלאכימלעך אויפֿן קינסטלעריש־אויסגעפורעמטן באַלקן פֿון סאַלאָן; מיט אַן אויסגעצאַצקעטן קאַכל־אויוון; מיט שוואַרץ־געוואָרענע פּאַרקעטדילן און מיט אויסגעבראָכענע שויבן אין די גרויסע פענצטערס.

אין דער כמעט אויף העלפט חרוב־געוואָרענער שטאָט איז שווער געווען צו געפינען אַן אומבאַשעדיקטע וווינונג, און ד'ערצו נאָך אין צענטער שטאָט, ווײַט פֿון די צעשמעטערטע יידישע גאַסן און געסלעך, פֿון וועלכע דער טויט האָט אַרויסגעבליקט פֿון יעדער פּאַרבליבענעם טויער.

דערצו האָט דאָך דער פּאָטער שטענדיק ליב געהאַט אַ פרײַען רוים, גרויסע צימערן און הויכע באַלקנס. ער האָט געוואַרט אויף דער מאַמען און ליילקען, געמוזט געפינען אַ דאַך איבערן קאָפּ, גענומען דאָס וואָס ס'האָט זיך געלאָזט. דאָ איז געווען גענוג אָרט, הגם נאָך צוויי גרויסע צימערן האָבן פּאַרנומען אַנדערע מענטשן. אָבער אין ערגעץ, ווו אַסיע מיטן פּאָטער האָבן זיך געווענדט, האָט זיך זיי ניט אײַנגעגעבן צו באַקומען גלאָז פּאַר די צעבראָכענע פענצטערשויבן און זיך צו באַזאָרגן מיט באַהייצונג אויפֿן ווינטער.

דערווײַל איז אומגעריכט אָנגעלאָפֿן דער ווינטער און זיי גענומען אין זײַן אייז־קאַלטן קלעם. דער גרויסער, קינסטלעריש געקלעפּטער פּילפּאַרביקער אויוון מיטן רײַכן געקאָוועטן טשוגונענעם טירל איז געשטאַנען ווי אַ קאַלטער גזלן אַראָפּקוקנדיק פֿון אויבן אַראָפּ, ווי מיט חוזק, אויף די קאַבצאַנסקע לאָקאַטאָרן, וואָס האָבן אפילו ניט מיט וואָס אים אײַנצוהייצן.

פאַר דער מלחמה האָט דאָ, אין דער גרויסאַרטיקער דירה, געלעבט דער רײַכער וואַלד־סוחר ראָם. ווו איז ער? מסתמא דאָרט ווו אַלע ווילנער יידן...

אינעם זאַל מיטן קאַלטן קאַכל־אויוון האָבן אַסיע מיטן פּאָטער אַוועקגעשטעלט אַ גרויס בלעכן אייוועלע — אַ "בורזשויקע" — מיט אַ לאַנגער בלעכענער רער און אַ קוימען, וועלכן מען האָט אַרײַנגערוקט אין טירל פון אויוון, אַרויסציִענדיק דעם שיבער. מען פלעגט קויפן בײַ די פּויערים, ווי פאַר דער מלחמה, "וויאַזקעס האָלץ" — צונויפגעבונדענע קליינע שײַטלעך, זוכנדיק די מער טרוקענע און דורכגעסמאָליעטע. און ווען אַלע דרײַ — אַסיע, דער פּאָטער פון דער אַרבעט און אַליק פון קינדער־גאָרטן פלעגן זיך אין אָוונט צונויפקומען, פלעגט מען אין דער "בורזשויקע" פונאַנדערבלאָזן אַ פײַער, און שפּאָרנדיק יעדן שײַטל, זיך וואַרעמען און עפּעס אָפּקאָכן.

געשלאָפן זײַנען זיי אויך אַלע דרײַ דאָ, אין דעם צימער. די פענצטער האָט מען פאַרקלאַפּט מיט דיקט. אָבער דער קאַלטער ווינט פלעגט אַלץ איינס פײַפן אין יעדן ווינקל, און זיי פלעגן זיך ניט קענען דערוואַרעמען אין זייערע קאַלטע בעטן, וועלכע זיי האָט זיך קוים אײַנגעגעבן צו קריגן: פאַר די דערוואַקסענע — אינעם שפּיטאָל, ווו דער טאַטע האָט געאַרבעט, און פאַרן קינד — אַ בעטל, וואָס אַסיע האָט אַנטפלעקט אין אַ קאָרידאָר פון דער רעדאַקציע, ווו זי האָט שוין געאַרבעט.

איינעם אַן אָוונט, פאַר נײַיאָר, האָט זי אַליקן קוים דערשלעפּט פון קינדער־גאָרטן אַהיים. זײַן פּנימל האָט געפלאַמט, ער האָט געכליפּעט, פלעגט זיך יעדע ווײַלע אָפּשטעלן.

מאָזלען! זײַן קערפּערל האָט זיך געדיכט באַדעקט מיט קליינע רויטע פלעקן. דאָס קוועקזילבער אינעם טערמאָמעטער איז דערגאַנגען כמעט ביז 41 מיט אַ האַלב. אַסיע האָט זיך אַוועקגעלייגט מיט אים: ער האָט גערעדט פון היץ, זיך געוואָרפן, און פלעגט אַלע ווײַלע אַראָפּוואַרפן פון זיך די קאָלדרע. זי פלעגט אויפשטיין בײַ נאַכט, כדי ווידער אײַנצוהייצן דאָס אייוועלע, וואָס פלעגט זיך גלײַך אָפּקילן.

די דריטע נאַכט האָט אַסיע זיך דערפרייט: די היץ איז בײַם קינד אַ ביסל געפאַלן, אַליק איז געקומען צום באַוווסטזײַן און האָט זיך שוין ניט געוואָרפן. אָבער... דווקא איצט האָט געקענט פּאַסירן דאָס שרעקלעכסטע,

וועגן וואָס די יונגע מאַמע האָט קיין אַנונג ניט געהאַט: אַליק האָט גענומען הוסטן מיט עפּעס אַ בילנדיקן הוסט, און האָט שווער געאָטעמט. אַסיע האָט אויף דעם ניט געלייגט קיין אַכט, אין זעלבן צימער איז אָבער געשלאָפן דער פּאָטער...

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זײַן אומרויִקן שלאָף, אַוועקגעזעצט, צוגעהערט זיך אַ ווײַלע.

— טאָכטער, אַליק איז קראַנק אויף דיפטעריט...

— טאַטע, אָבער דאָס זײַנען דאָך מאָזלען?

— בײַדע זאַכן, אַסינקע. וואַרט אויס, ברענג אַ לעפעלע, כ׳זאָל אַרײַנקוקן אין האַלדז. יאָ, אָן ספק. איך גיי גלײַך זוכן צו קריגן דעם סערום קעגן דיפטעריט. אָבער אויב די אימפונג וועט גענוג גיך ניט העלפן, מוזן מיר אַליקן פירן אין אינפעקציע־שפּיטאָל אויף זוועריִנעץ.

— טאַטע, וואָס רעדסטו?!

— דערווידער ניט, טאָכטער, זײַ ניט קיין יענטע — האָט ער געזאָגט שטרענג. — דאָס איז געפערלעך, ער קען זיך אָנהייבן שטיקן, און דאַן מוז מען אַרײַנשטעלן אַ טרײַבל, דאָס איז אַן אָפּעראַציע, דאָס מאַכט מען נאָר אין שפּיטאָל.

אַסיע איז געבליבן זיצן פּאַרגליווערט פון שרעק, ס׳איז אָבער געווען אַ טאָג פון ניסים: דער ערשטער נס, אַז דער טאַטע איז דאָ, אַז ער איז נאָך ניט אַוועקגעפאָרן זיך היילן, און אַז ער האָט געקראָגן דעם סערום. דער צווייטער — אַז אין אַ האַלבער שעה אַרום איז מיט אַ מאָל אַרײַן אַ מענטש אין אַ מיליטערישן אָפיציר־מונדיר, פּאַרווונדערנדיק אַלעמען.

דאָס איז געווען שלומס אַ חבר, וואָס האָט געבראַכט אַ גרוס פון אים פון פראָנט.

און ער איז טאַקע געקומען צו דער צײַט. מיט אַ פּאָר שעה שפּעטער, ווען דעם קינדס בײַכעלע האָט זיך גענומען געוואַלטזאַם הייבן צוליב זײַן שווערן אָטעם, האָט דער פּאָטער אַ קאָמאַנדעווע געטאָן: — גלײַך אין שפּיטאָל אַרײַן!

מיט וואָס פירן? ווו נעמט מען אַן אויטאָ?

קיין טראַנספּאָרט־מיטלען זײַנען אין שטאָט כמעט ניט געווען. אַסיע מיטן אָפיציר זײַנען אַוועקגעלאָפן אין צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי.

שלומס חבר האָט נעבן דעם פּאָסטן ביַים אַריַינגאַנג אָנגעקלונגען אויף די העכערע גאָרנס. אַסיע האָט נאָר פאַרשטאַנען, אַז דאָרט זאָגט מען אָפּ. געוויס וויל מען ניט געבן דעם אויטאָ צו פירן דאָס אָנגעשטעקטע קינד מיט זיַין קלעפּיקער קראַנקייט. דער מיליטער־מאַן האָט געשריִען אין טריַיבל:

— וואָס, דער אויטאָ איז פאַרנומען? שאַפט אַן אַנדערן! איר קענט ניט? ניין, איר ווילט ניט! דער פאָטער פאַרגיסט זיַין בלוט אויפן פראָנט, און איר גיט ניט קיין אויטאָ אַוועקצופירן דאָס טויט־קראַנקע קינד אין שפּיטאָל? איר וועט באַצאָלן פאַר דעם! — האָט ער געשריִען, פאַרהילכנדיק דעם גאַנצן רוים און זידלענדיק זיי אין דער מאַמעס־מאַמע אַריַין...

ס'איז באַלד געוואָרן אַן אויטאָ. מען האָט אַליקן אַוועקגעפירט. דערוויַיל האָט שוין אויך דער סערום געוווּמען ווירקן, און כאָטש מען האָט איצט ניט געדאַרפט אָפּערירן, האָט אַסיע געבעטן, מען זאָל איר לאָזן בליַיבן מיטן קינד אין שפּיטאָל. זי האָט זיך דערמאָנט אין דעם אומגליק, וואָס האָט געהאַט געטראָפן דעם לערער ראַבינאָוויטש. דאָרט איז אויך געווען דיפטעריט, און אויך ווינטער. ניט פאַר אַליקן געדאַכט... איר האַרץ האָט זיך צעוויפגעדריקט, זי האָט געבעטן מיט טרערן אין די אויגן.

דער טאַטע איז געווען קליגער: ווי באַלד דאָס קינד איז קראַנק סיַי אויף דיפטעריט, סיַי אויף מאָזלען, קען מען עס ניט לייגן אין אַן אַלגעמיַינער פּאַלאַטע, אַנדערע קינדער קענען זיך אָנשטעקן מיט די מאָזלען.

אַסיען האָט ווידער אָפּגעגליקט.

זעקס מאָל האָט זיך איבערגעחזרט דער דיפטעריט־אָנפאַל. אַ גאַנצן חודש איז אַליק געלעגן אין שפּיטאָל, אַסיען האָט שוין דאָרט אָבער פאַרביטן די מאַמע, וואָס האָט זיך אין צווישנציַיט צוריקגעקערט מיט לילקען אַהיים.

**פון טאָגבוך:**

מיַין קינד איז, ברוך השם, ניצול געוואָרן. איך בין אָבערגלויבעריש און בין זיכער, אַז פאַר אַזוינס דאַרף דער מענטש צאָלן. און וויפל איך זאָל ניט חוזק מאַכן פון מיַינע אייגענע זאַבאָבאָנעס, באַשטעטיקט זיי אָפט דאָס לעבן...

די מאַמע האָט זיך שוין אָט־אָט געזאָלט צוריקקערן און איך האָב געהאָפט, אַז איך וועל קענען מיט איר איבערלאָזן דאָס קינד און צוזאַמען מיט עמעצן, וואָס פאָרט אין דער דיוויזיע, קומען אויף אַ פּאָר טעג צום אָרט

ווו עס סטאַציאָנירט שלומס איינהייט. מיר האָבן שוין מיט שלומען אין די בריוו אָפּגערעדט וועגן דעם. אויפֿן פראָנט איז דאַן גראָד געווען אַ שטילערע מינוט.

צום שלימזל איז אָבער פונקט דאַן קראַנק געוואָרן אַליק, און די מאַמע איז נאָך אַלץ ניט געווען.

ווען שלומס חבר האָט זיך צוריקגעקערט אויפֿן פראָנט און אים דערציילט וועגן דעם וואָס עס איז געשען, האָט שוין שלום גופא געזאָלט קומען. האָט זיך אָבער יענעם טאָג ווידער אָנגעהויבן אַן אָנגריף.

מײַן האַרץ איז מיד פון צרות און בענקשאַפט, פון האָפענונגען, וועלכע ווערן ניט פאַרווירקלעכט. איך זאָג צו זיך: זינדיק ניט, אַליק איז געבליבן לעבן!

איך דערלויב זיך ניט צו קלעמען און באַקלאָגן אויפֿן גורל. איך האָף ווײַטער.

ווען איך בין געפאָרן אַהער, האָב איך ניט געקענט באַקעמפן אַלע מײַנע אילוזיעס: אַז איך וועל זיך טרעפן מיט שלומען, אַז איך וועל געפינען אין ווילנע כאָטש אַ קליין ווינקעלע פון אונדזער אַמאָליקער געמיטלעכער יידיש־וועלטלעכער היים, וואָס איז געווען אַ באַזונדערער זעלטענער אינדזל אין דער וועלט אַרום.

אַלעמען האָט מען אויסגעהרגעט, און די, וואָס זײַנען געבליבן, זײַנען דורכגעפראָרן פון עלנט און ווייטיק. מען שפירט עס אפילו דאַן, ווען זיי ווײַזן עס ניט אַרויס.

וויטע פאַרבאָרגט עס ניט. זי שמייכלט קיין מאָל ניט. זי וויל ניט האָבן קיין קינדער.

פון אונדזער קלאַס איז דאָ קיינער ניטאָ. ווו איז מירע? אַנטרונען געוואָרן, קיינער ווייסט גאָרניט וועגן איר.

וואָס ווייסט מען בכלל וועגן מענטשן? וועגן מיר אַליין איז דאָך אָנהייב מלחמה געווען אַ קלאַנג, אַז מען האָט מיך נעבן מינסק געזען אַ טויטע, נאָך אַ באָמבאַרדירונג אויף אַ וועג, מיט וועלכן די פּליטים זײַנען געלאָפן קיין מזרח.

איז אפשר מירע אויך ערגעץ־ווו דאָ?

איך קען ניט רויִק פאַרבײַגיין אַ הויז, ווו ס׳האָט געלעבט עמעץ פון

אונדזער קלאַס. דאָ, אין דעם מויער אויף גרויס פּאָהולאַנקע, פלעג איך זיך גרייטן צוזאַמען מיט לאהקען רעכעס צו דער "מאַטורע". ווען איר פּאָטער, דער טאַפּעטן־סוחר, פלעגט קומען פון געשעפט אַהיים, פלעגט זיך די משפחה — מאַן און ווײַב, זייערע צוויי בילד־שיינע טעכטער און איך — מיט אַ באַזונדערן ערנסט און פיעטעט זעצן צום טיש. איך פלעג זיך שטענדיק וווּנדערן, פאַר וואָס זיי טרינקען טיי אָן צוקער. אין יענע צײַטן האָב איך אַזוינס ניט געהערט. דאָס איז געווען אַ פּאַטריאַרכאַלע שטוב, און דער טאַטע האָט אַזוי אײַנגעווירקט די טעכטער. אפשר געוווּסט, אַז צוקער שאַדט.

וואָס איז מיט דער קראַסאַוויצע, מיט זײַן טאָכטער לאהקע?

מען האָט מיר דערציילט, אַז זי איז די ערשטע אַרײַן אין געטאָ נומ׳ 1. זי איז געגאַנגען אַרבעטן אַלס ראַמערין אין געסטאַפּאָ מיט דער האָפענונג, אַז דאָרט וועט מען די אַרבעטערס ניט טשעפּען. אפילו צוגעשריבן צו זיך עפּעס אַ יינגל, ווי אַ מאַן, ער זאָל האָבן דעם "גוטן שײַן". "גאַנץ גיך איז זי אַוועק אויף פּאָנאַר" — האָט מען געזאָגט.

איטקע שאַליט האָט מען אין געטאָ בכלל ניט געזען — זאָגן די חברה. — די משפחה פונעם באַוווּסטן ליטעראַט און כלל־טוער משה שאַליט האָט מען, ווײַזט אויס, אַוועקגעהרגעט, איידער מען האָט געשאַפן די געטאָ.

קיינער איז דאָ ניטאָ, קיין איין אײנציקער פון אונדזער גאַנצן קלאַס!

ווען איך בין געפאָרן אַהער, האָב איך געמיינט: ווי באַלד די ייִדן זײַנען אַדורך אַזאַ גיהנום, און די אַרומיקע האָבן געזען זייער פּײַן — וועט זיך אפשר עפּעס ענדערן אין זייער געוויינטלעכער שינאה צו ייִדן? האָט זיך אפשר דערוועקט בײַ די אַרומיקע אַ ביסל מיטגעפיל?

אָ, מײַן הייליקע נאַיִווקייט... ווידער די ראָזע ברילן. די שטאָט שווײַגט מיט אַ דראָענדיקן, בייזן שטילשווײַגן. מענטשן קוקן אויף די פּאָר ייִדן מיט שטעכיקע אויגן.

ערשט שפּעטער וועל איך פאַרשטיין, אַז די דײַטשן האָבן דערגרייכט זייערס, בעת זיי האָבן געטאָען אַלץ אַוועקצונעמען בײַם ייִדן זײַן מענטשלעך פּנים. זיי האָבן דערוועקט בײַ דעם רוב אַרומיקע אַ נאָך גרעסערע פאַראַכטונג און עקל. דאָס איז שטאַרקער פון רחמנות און מיטגעפיל. דאָס

זאַפּט מען אײַן לײַכטער. באַזונדערס ווען מען האָט נאָך דערצו בײַ זיך פּולע הייזער מיט אָנגעראַבעוועטן ייִדישן האָב און גוטס.

ווען איך דערמאָן זיך, וואָס ס'האָט בײַ אונדז אין שטוב פּאַסירט פריִער... וואָס ס'האָט פּאַסירט גלײַך נאָך דעם, ווי דער טאַטע האָט זיך אומגעקערט קיין ווילנע און ווי מיר האָבן זיך באַזעצט בײַ מישען — לויפט מיר דורך אַ פראָסט איבערן לייב...



אין ווילנע, פאַר דער מלחמה, האָט אַסיעס משפּחה כמעט ניט געהאַט קיין קרובים — בלויז איין משפּחה, דעם פּאָטערס שוועסטערקינד הירשעלע מיט זײַן ווײַב רחל און מיט זייערע זעקס קינדער — צוויי זין און פיר טעכטער, די לעצטע צוויי — אַ צווילינג. הירשעלע, וועלכן מען האָט אַזוי גערופן צוליב זײַן נידעריקן וווּקס, צוליב זײַן רירעוודיקייט און לוסטיקן געמיט, צוליב זײַן אײַליקן, געדיכטן אַרט ריידן און געוויס אויך צוליב די פיל אײַנפאַלן, וואָס פלעגן אויפבליצן אין זײַן שאַרפן מוח און קומען צום אויסדרוק אין דער פאָרעם פון איניציאַטיוון און איניציאַטיוולעך.

פריִער איז ער געווען אַ מעקלער אין האַנדל מיט ווײַן. צונויפגעקלאַפּט די פּאָר גראָשן, האָט ער גענומען פאַרשפּרייטן אין שטאָט קולטור. אינעם סעדל "טיעליאַטניק", אונטערן שלאָסבאַרג, האָט אין איין שיינעם טאָג אָנגעהויבן שפּילן אַ קליינינקער אָרקעסטער. דאָס האָט הירשעלע אויסגעפונען עטלעכע כּלי־זמרים, צונויפגענומען זיי, און אָט האָט שוין דער אַרום געהילכט מיט מוזיק.

געדויערט האָט עס ניט לאַנג, ווײַזט אויס ניט געווען מיט וואָס צו צאָלן די מוזיקאַנטן. איז אַוועק אַ סדרה קינאָס. הירשעלע האָט געעפנט אַ קינאָ אויף ברייטע גאַס, נעבן סאַוויטש־גאַס, דערנאָך נאָך איינעם. דאָס געשעפט איז אַוועק. אין די דרײַסיקער יאָרן זײַנען שוין געווען קלאַנגפילמען, איז נאָך גרעסער געוואָרן די מאָדע צו גיין אין קינאָ.

צרות פלעגן אָבער אַראָפּפאַלן אויף הירשעלעס קאָפּ איינע נאָך דער אַנדערער. איינער פון זײַנע צוויי זין, דאָדיק, איז געווען אַ קאָמוניסט. מען האָט אים פאַרשיקט אין קאַרטוז בערעזע־לאַגער, און הירשעלען האָט מען

דאַן פֿאַרוועגט צו וויזן פֿילמען אין שטאָט. האָט ער אָנגעהויבן צו געבן די פֿילמען אויף אַרענדע, אין דער פּראָווינץ. מיט אַ מאָל איז אויסגעבראָכן אַ שׂרפֿה אין שטוב, און דאָס געזינט איז קוים אַרויס מיטן לעבן. איין גליק, וואָס די עלטסטע טאָכטער, די שיינהייט געניע, וואָס איז ביי דער באַוווסטער אין ווילנע שׂרה קלאָק, אין איר צודאַטן־געשעפֿט, געוווען די בעסטע פּריקאַזטשיצע, האָט שוין חתונה געהאַט און ניט מיט אַבי וועמען, נאָר טאַקע מיט איינעם פֿון שׂרה קלאָקס זין. האָט זי געקענט דערוויַיל זיי אַלעמען אַריַינגעמען צו זיך.

צרות האָט ניט געפֿעלט. הירשעלע האָט אָבער געהאַט אַ כּלל: ניט געדאגהט! ער פֿלעגט פֿאַרקאַשערן די אַרבל און פֿלעגט זיך וויַיטער, הענדום־פּענדום, לאָזן אין זיַין לעבנס־געלאַף, כּדי אויסצוקאָרמען און געבן בילדונג דעם זעקסטל קינדער.

די פֿרוי זיַינע רחל, אַן אשת־חיל, העכער פֿון אים אין וווּקס און שיין ווי די וועלט, האָט דאָס געזינטל געקאָרמעט מיט געשמאַקע מאכלים. אַריַינלייגנדיק אין די טעלערס אַ צולאָג, פֿלעגט זי זאָגן: "עסט, חברה, ס'שמעקט מיט מאָך, ס'ווילט זיך נאָך". זיי אַלעמען האָט זי פֿעסט געהאַלטן אין די הענט.

דער שטאָלץ פֿון דער משפּחה איז געוווען דער עלטערער זון מישע, אַ דאָקטער. ניט אָן זיַין פֿעטערס, דעם קינדער־דאָקטערס פּראָטעקציע, וועלכער האָט אָפּגעשלאָגן שווערלן פֿון באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע פּוילישע מעדיקער־פּראָפֿעסאָרן, האָט ער, אַ יידישער בחור, געהאַט געטראָפֿן אין אוניווערסיטעט אַריַין. האָט טאַקע מישע אים, דעם פֿעטער, אַסיעס פֿאָטער, ליב געהאַט אהבת־נפֿש.

איצט, גלייַך ווי אַסיע איז אָנגעקומען אין שטאָט, האָט זי זיך דערוווּסט: מישע לעבט. מישע מיט זיַין פֿרוי סלאַווע און מיט דער טאָכטער שולמית. צו אים, אין סאַמע צענטער שטאָט, האָבן זיך אַסיע מיטן פֿאָטער און מיט אַליקן אַריַינגעקליבן, ווען דער פֿאָטער איז געקומען, און זיי האָבן דאָרט געוווינט, ביז זיי האָבן אַליין ניט באַקומען די פֿאַרסמאָליעטע דירה מיט די מלאכים אויף די באַלקאָנס.

יעדן אָוונט פֿלעגט דער פֿאָטער אויספֿרעגן מישען, ווי אַלץ איז

פאָרגעקומען; ווי ער אַליין האָט זיך אין די לעצטע קריטישע מינוטן געראַנגלט פאַרן לעבן.

די פרוי און טאָכטער האָט זיך אים איַינגעגעבן צו באַהאַלטן ביַי פּאָליאַקן. אַליין האָט ער געפּרוווט זיך אַריַינריַיסן אין אַ מאַלינע, אָבער די יידן דאָרט האָבן אים ניט אַריַינגעלאָזט. און דאָס איז געווען זיַין גליק: די מאַלינע האָבן די רוצחים, די דיַיטשן מיט די ליטווינער באַלד אַנטדעקט. באַהאַלטן האָט ער זיך אויף אַ קורצער וויַילע אין אַן אַנדער מאַלינע און פון דאָרט אַרויס אין וואַלד, געקומען צו די פּאַרטיזאַנערס. מען האָט אים ניט געוואָלט אָננעמען, אָבער ס׳האָבן זיך דאָרט געפונען יידן, וואָס האָבן געדענקט, אַז ער האָט, נאָך זיַיענדיק אין געטאָ, געהאָלפן די פּאַרטיזאַנערס מיט מעדיקאַמענטן.

אויף דעם פאָטערס שטומער פראַגע וואָס איז געשען מיט אַלעמען, מיט דער גאַנצער משפחה, האָט מישע געענטפערט קורץ, שטיקנדיק זיך פון ווייטיק:— מען האָט זיי, בעת דער ליקווידאַציע פון געטאָ, אַרויסגעפירט אין לאַגער. איך האָב עס אויסגעמיטן, וויַיל כ׳האָב געאַרבעט אין שטאָט, אין ה.ק.פּ.־לאַגער. וועגן אַלע מיַינע ווייס איך גאָרניט. נאָר דאָדיק לעבט, ער איז צו דער ציַיט אַוועק קיין רוסלאַנד. איך האָב שוין פון אים אַ בריוו.

צו מישען, דעם דאָקטער, פלעגן כסדר קומען קראַנקע, און די טיר פלעגט מען אָפט ניט פאַרמאַכן. איין מאָל, אַ האַרבסטיקן פאַרנאַכט, האָט מען זיך געכאַפּט, אַז אַליק איז ניטאָ. אַסיע האָט זיך אומגעקערט פון שטאָט און דאָס קינד ניט געפונען. אַלע שטוביקע האָבן געמיינט, אַז ווען זי איז אַוועק, האָט זי מיטגענומען דעם קליינעם מיט זיך. מען איז אַרויסגעלאָפן זוכן אין די אַרומיקע גאַסן, פאַזע דעם טיַיך, מען האָט געפרעגט אַלע פאַרביַיגייערס.

אַסיע איז אַרויס אויפן פּלאַץ נעבן שלאָסבאַרג, באַגעגנט צוויי רויטאַרמייערס, אויסגעמאָלט גענוי, ווי דאָס קינד זעט אויס, אין וואָס ער איז אָנגעטאָן: "מיר האָבן געזען אַזאַ יינגעלע" — האָבן זיי געזאָגט. — אַ יונג מיידל, אפשר פון אַ יאָר צוואַנציק, האָט עס געפירט פאַר אַ הענטל. "דאָס איז דיַין מאַמע? — האָבן מיר זיך אַ וויצל געטאָן. — "יאָ" — האָט ער געענטפערט.

מען האָט דעם קליינעם אומעטום געזוכט און ניט געפונען. מען האָט אָנגעהויבן קלינגען אין די מיליץ־באַצירקן פון שטאָט. מען האָט געוואַרט.

אַ קלונג אין טיר, און אַלע שטוביקע האָבן זיך אויפגעריסן פון די ערטער. הינטער דער טיר איז געשטאַנען אַ מיליציאָנער מיט אַ ייִנגל פון אַ יאָר אַכט: "ער הייסט אַליק" — האָט דער מיליציאָנער געזאָגט — ער האָט זיך אַרומגעבלאָנקעט איבער די גאַסן..." — "אַ דאַנק, אַנטשולדיקט, אונדזערער איז נאָך קיין דרײַ יאָר ניט אַלט..."

און מען האָט ווײַטער געוואַרט.

**פון טאָגבוך**

...אַ גרויל האָט מיך אַרומגעכאַפּט: פאַר מײַנע אויגן זײַנען אויפגעשטאַנען די שרעקלעכע בילדער פון דער נאָענטער פאַרגאַנגענהייט, אַלץ, וואָס איך האָב געלייענט און וואָס מענטשן האָבן דערציילט: מען כאַפּט ייִדישע קינדער... מען וואַרפט זיי אין לאַסטאויטאָס צו פירן קיין פּאָנאַר... קעפּלעך פון זויגקינדער צעשמעטערטע אין שטאַמען פון בײַמער... ווּהין איז אַהינגעקומען אַליק, אין וועמעס הענט איז ער?!

דער שווערער, סודותפולער נעפל, אין וועלכן די שטאָט איז אײַנגעהילט, דאָס דראָענדיקע שטילשווײַגן, האָט מיך יענעם אָוונט ווי מיט צוואַנגען אָנגעכאַפּט בײַם גאָרגל. מינוטן האָבן זיך געצויגן ווי שעהען. ביז ענדלעך, שוין גוט נאָך דער קאָמענדאַנטן־שעה, ווען ס׳איז שוין געווען פאַרבאָטן אַרויסצוגיין אין גאַס, האָט געקלונגען דער טעלעפאָן: "אַ קליין ייִנגעלע מיטן נאָמען אַליק, אין אַ ווײַס העמדל מיט קורצע אַרבעלעך און בלויע קורצע הייזלעך, האָט זיך געפונען אינעם מיליטער־שפּיטאָל אויף אַנטאָקאָל... אַ קראַנקן־שוועסטער, וואָס איז געגאַנגען פאַר נאַכט צו דער אַרבעט, האָט אים געזען גיין אײנינקער אַליין אין גאַס און מיטגענומען אים אין שפּיטאָל".

ווען מיר זײַנען מיטן טאַטן געקומען אַהין צו לויפן, האָבן מיר מײַן תכשיט געפונען אין אַ קליינעם אַלקערל אָן אַ טיר, הינטער אַ פאָרהאַנג, אין בעט פון אַ יונג פאָרפאָלק. ער איז געזעסן און געריבן די סעודה: לאָקשן מיט מילך פון אַ שיסל. דערזעענדיק מיך מיטן זיידן, האָט אַליק זיך גאָר ניט געאײַלט אַוועקצוגיין: ער האָט געדאַרפט ענדיקן זײַן וועטשערע.

...שוין ניט דאָס ערשטע מאָל בויערט מיך אַ שווערער געדאַנק: איך בין

געפאָרן מיט מײַן קינד אַהיים, אין מײַן באַפרײַטער שטאָט, און אַרײַנגעפאַלן אין אַ וויסטער מלחמה־אַטמאָספער: דער לופט־אַלאַרעם אויפן וואָקזאַל אין טאָג, ווען מיר זײַנען געקומען; מײַן שרעק, ווען אַליק איז פאַרפאַלן געוואָרן...



אַסיע האָט דעמאָלט ניט געוווּסט, אַז די מלחמה וועט זיך נאָך ניט איין מאָל לאָזן פילן: אין אַ פּאָר חדשים אַרום, ווען דאָס קינד וועט באַקומען מאָזלען און דיפטעריט און וועט שוין אַ צײַט ליגן אין אינפעקציע־שפּיטאָל, וועט אַ געוויסן טאָג אַ מעכטיקער אויפרײַס אויף דער אייזנבאַן־ליניע אויפטרייסלען די לופט, צעקרישלען די פענצטער־שויבן, אַ וואָרף טאָן די שטאָט אין די שוצקעלערן. אין דעם מאָמענט וועט דאָס קינד אין שפּיטאָל זײַן מיט אַסיעס מאַמען, וועלכע איז שוין געקומען פון קוּיבישעוו און אַסיע צוזאַמען מיט לילקען וועלן פּונקט דאַן מיט גרויסער הנאה זיך וואַשן אין באָד. זיי וועלן קוים באַוויזן צו אַנטלויפן פונעם פּראָסטיקן ווינט, בעת די שויבן וועלן זיך, קלינגענדיק, צעשפּליטערן אויף דער פּאָדלאָגע, און די מאַמע דאָרט, אין שפּיטאָל, וועט פיבערהאַפּט כאַפּן אַ קאָלדרע, פאַרהענגען דעם אויסגעהאַקטן פענצטער, נעמען אַליקן אויף די הענט און זיך מיט אים פאַרשטעקן אין אַ ווײַטן ווינקל.

ווען דאָס איז, אין עטלעכע חדשים אַרום נאָך אַליקס פאַרפאַלן ווערן, געשען, האָט יעדער געגליווערט פון פּחד: וואָס, ווידער מלחמה? מען האָט דאָך דעם דײַטש שוין ווײַט פאַריאָגט אויף מערב... ערשט שפּעטער וועט מען זיך דערוויסן, אַז דאָס האָבן זיך ברענשטאָף־ציסטערנעס צונויפגעשטויסן מיט אַ צוג... אַ צופאַל? ניין, אַ דיווערסיע...

זי האָט דאָך געדויערט, די מלחמה, און שלום איז געווען אין סאַמע קאַמפּס־פײַער. זײַן חבר, וואָס האָט אַסיען באַזוכט דאַן, ווען דאָס קינד איז אַזוי שווער קראַנק געוואָרן, האָט זיך אומגעקערט און אים אַלץ דערציילט: סײַ וועגן שווערן צושטאַנד פון קינד, און סײַ וויפל מי ס׳האָט אים געקאָסט אַרויסצורײַסן בײַ די פּני פון צענטראַל־קאָמיטעט אַן אויטאָ, כדי אַוועקצופירן אַליקן אין שפּיטאָל; ער האָט שלומען אויך געשילדערט, ווי

שוואָער ס׳לעבט זיך אַסיען און איר פאָטער אין דער ריזיקער, פּאַרלאָזטער דירה מיט פענצטער פאַרשטעלטע מיט דיקט — איצט, אין דער ווינטערדיקער קעלט, אָן האָלץ און קוילן צו הייצן.

שלום האָט דאַן אין זײַנע בריוו שוואָער געזידלט די זאַטע פּריש־אויפגעקומענע פּני פון שטאָט און פון דער פּאַרטיי: גוט אײַנגעאָרדנטע ״קאַדרען״, וואָס האָבן שוין געכאַפּט דעם שניט, ווי צו מאַכן אַ לעבן, און האָבן טאַקע געלעבט אַ גוטן טאָג, ניט זאָרגנדיק זיך וועגן אַנדערע, אפילו וועגן סאָלדאַטישע ווײַבער מיט זייערע קינדער, אַזעלכע ווי אַסיע.

אַסיע האָט געלייענט זײַן בריוו, געפילט, ווי ער פאַרקוועטשט די פויסטן, רויכערט איין פּאַפּיראָס נאָכן אַנדערן און מאַכט גרינגער זײַן האַרץ מיט אַ דרײַשטאָקיקער קללה... ״בעסער וואָלט שוין זײַן חבר ניט געזען, ווי מיר לעבן״ — האָט זי געקלערט.

שלום האָט דאָרט אָבער צוניפגענומען זײַן גאַנץ אָפּגעשפּאָרט געלט, נאָך כמעט אַזוי פיל האָט צוגעגעבן זײַן האַרציקער פרײַנד, דער ליטווינער גלאָוואַצקאַס, און שלום האָט עס געשיקט אַהיים.

דאָס איז געווען שוין נאָכן אויפרײַס אין שטאָט. האָט מען פאַרגלאָזט די פענצטער; אָנגעקויפט בינטלעך האָלץ, ס׳זאָל קלעקן ביז סוף ווינטער; אין שטוב איז געוואָרן וואַרעמער און ליכטיקער.

אַלע — אַסיע, די מאַמע, לילקע האָבן זיך גענומען צום ראַמען. דער קראַנקער טאַטע האָט צוגעלייגט אַ האַנט, און אפילו דער קליינער, שוין געזונט געוואָרענער אַליקל אויך.

וואַסער האָט מען געטראָגן פון העט ווײַט, פון אַן אַנדערער גאַס, אָבער איצט האָט עס שוין אַסיע געטאָן צוזאַמען מיט לילקען און ס׳איז געוואָרן לײַכטער.

אַ געוויסן פרימאָרגן האָט עמעץ אָנגעקלאַפּט אין טיר. אַסיע האָט געעפנט און אין דער ערשטער מינוט ניט דערקענט דאָס מיידל מיט די גאָר קורצע האָר, ווי זי וואָלט נאָר וואָס אַרויס פון שפּיטאָל. ״פּײַקע, דו!״ — האָט אַסיע באַלד אויסגעשריען, דערקענענדיק דעם מיידלס חן־גריבעלעך אין די באַקן און אירע שפּילעוודיק־פריילעכע אויגן, ווען איר אויסגעמאַטערט פּנים האָט אויף אַ ווײַלע באַשײַנט אַ שמייכל.

דאָס איז געווען פּײַע וואַפּנער, פּײַע פון זייער שול, פון אַסיעס גאַס, זי

האָט געווינט אַנטקעגן. זי האָט זיך אומגעקערט פון לאַגער, פון שטוטהאָף, מיט אַ בראָך אין רוקנביין. אַ געראַטעוועטע דורך דער רויטער אַרמיי, איז זי לאַנג געלעגן אין אַ מאָסקווער שפּיטאָל, איצט זיך צוריקגעקערט אַהיים און קיינעם ניט געפונען.

— וועסט דערוויַיל וווינען ביַי אונדז, פּיַיעלע — האָט געזאָגט די מאַמע.

פּיַיע האָט געוואָלט העלפן אין שטוב, אויך אַריַינטראָגן וואַסער, אָבער רוטע, וואָס איז יענעם טאָג געקומען פון פעלדשפּיטאָל צו די עלטערן, האָט עס איר שטרענג פאַרבאָטן: ״דו טאָרסט ניט! טאָרסט פאַר קיין פאַל ניט הייבן קיין לאַסט!״



**פון טאָגבוך:**

...ווען מיר האָבן זיך אַהער אַריַינגעקליבן, האָט שוין צוויי צימערן פון דער גרויסער דירה געהאַט פאַרנומען אַן איַיזנבאַן־אָפיציר מיט זיַינע צוויי אָרדינאַנסן — וואַסיאַ און איוואַן.

איין מאָל איז צו אונדז אַריַינגעפאָרן רוטע. זי האָט מיט איר פעלדשפּיטאָל זיך געהאַט אָפּגעשטעלט נעבן קאָוונע. זי האָט דערזען ווי איך שלעפּ די פולע עמערס וואַסער איבערן גליטשיקן וועג. די מאַמע מיט לילקען זיַינען נאָך דאַן ניט געווען. זי האָט געזאָגט צו וואַסיען: ״איר וואָלט אַ ביסל געמעגט אונטערהעלפן מיַין שוועסטערקע, כאָטש אַריַינטראָגן וואַסער״. ״זי וויל ניט — האָט געענטפערט וואַסיע — מיר האָבן איר פאָרגעלייגט״.

זיי האָבן טאַקע פאָרגעלייגט... און ניט נאָר דאָס. ווען איך פלעג ניט לאָזן אָנרירן מיך מיט קיין פינגער, דערקלערנדיק זיי, אַז מיַין מאַן איז אויפן פראָנט, פלעגט וואַסיע פון מיר חוזק מאַכן: ״זע נאָר די צנועה! דו מיינסט אַוודאי, אַז אויך ער פאַסט דאָרט תעניתים?״ און אַ צווייט מאָל, שוין מיט כעס: ״זאָלסט וויסן זיַין, ער קושט זיך דאָרט מיט מיידלעך, און טוט נאָך עפּעס אויך. קיין מאָל וועסטו זיך וועגן דעם ניט דערוויסן! ער וועט דיר דאָס ניט אויסזאָגן, און קיינער פון זיַינע חברים — אויכעט ניט! נאָר איינע,

פאַרשרייב זיך אויפן שטערן: נאָך דער מלחמה וועט בײַ אונדז אויף זיבן מיידלעך בלײַבן איין בחור. און אפשר דאָס אויך ניט. און מע וועט זיך דאַרפן צופּאַסן צו אַזאַ לאַגע. אַזוי, אַז געניס, כל זמן עס לאָזט זיך".

איך האָב געשלונגען די טרערן און אַליין געשלעפּט די עמערס וואַסער. איך האָב אויסגעמיטן צו קומען אין קיך, ווען די אָרדינאַנסן פלעגן הייצן די פּליטע. פריִער פלעג איך צושטעלן אַ טשײַניק, אָדער אָפּקאָכן קאַשע פאַרן קינד.

צום גליק, האָט די פּריקרע שכנהשאַפט לאַנג ניט געדויערט. דעם אָפיציר מיט זײַנע אָרדינאַנסן האָט מען אַריבערגעוואָרפן פון ווילנע אין אַן אַנדער אָרט.



שוין פריִער, אין האַרבסט, גלײַך נאָך דער געשיכטע מיט אַליקס פאַרפאַלן ווערן, האָט אַסיע פיבערהאַפט געזוכט אַ מעגלעכקייט אים אײַנצואָרדענען אין אַ קינדער־אַנשטאַלט, ער זאָל קיין איין מינוט ניט בלײַבן אָן אויפזיכט. אין שטאָט איז געווען נאָר איין קינדער־גאָרטן אויף זאַמקאָווע גאַס. די דערציִערינס זײַנען געווען מאָנאַשקעס. אין אַ פּאָר טעג אַרום איז אַליק, זעצנדיק זיך אין דער היים צום אָונטברויט, אויפגעשטאַנען, גענומען זיך צלמען און געשעפּטשעט "אָיטשע, אָיטשע נאַש" ("פאָטער, פאָטער אונדזערער").

אַסיען איז פאַרגליווערט געוואָרן דאָס בלוט אין די אָדערן: טאַקע אמת, אין אַזעלכע אַנשטאַלטן, בײַ די מאָנאַשקעס, פלעגט מען בעת דער אָקופּאַציע אַ מאָל באַהאַלטן און ראַטעווען ייִדישע קינדער, אָבער הײַנט?!

גאָר גיך האָט זיך אויף מאָסטאָווע גאַס, בײַם טײַך, געעפנט אַ ייִדישער קינדער־גאָרטן. אויף די זעלבע טרעפּ, אויבן, האָט מען געשאַפן אַ ייִדישע קינדערהיים. מען האָט דאָרט צונויפגענומען היגע ניצול־געוואָרענע ייִדישע יתומים און אויך די, וועלכע מען האָט אין אָנהייב פון דער מלחמה על פּי נס באַוויזן אַרויסצופירן פון די פּיאָנער־לאַגערן אין פּאַלאַנגע און דרוסקעניק, און געבראַכט אין ווײַטן הינטערלאַנד. דאָרט האָבן זיי געלעבט אין קינדערהיימען, הויפּטזאַכלעך אין דער קינדערהיים אין דעביאָסי, אין

אודמורטיע, און איצט האָבן זיי אָרגאַניזירטערהייט זיך צוריקגעקערט אַהיים. די ליטווישע קינדער האָבן כמעט אַלע געפֿונען זייערע עלטערן און זײַנען געפֿאָרן צו זיי. די ייִדישע האָבן ערשט דאָ דערשפּירט דעם ביטערן טעם פֿון ווערן אַ יתום: ערשט דאָ האָבן זיי זיך ענדגילטיק דערוווּסט, אַז זיי האָבן שוין קיינעם ניט. זיי זײַנען געבליבן אין קינדערהיים און געלערנט אין דער ייִדישער שול, וואָס מען האָט דאָרט געעפֿנט.

דאָס גרינדן דאָ, אין דער אויסגעשאָכטענער ייִדישער ווילנע, אַ קינדערהיים פֿאַר יידישע יתומים, האָט געריר׳ט ניט איין ייִדיש האַרץ. אַסיעס פֿאָטער איז, פֿאַרשטייט זיך, געווען צווישן די, וואָס זײַנען גלײַך געקומען אַהער העלפֿן. ער האָט געהיט דאָס געזונט פֿון יעדן קינד.

אַ געוויסן טאָג האָט זיך אין קינדערהיים בליץ שנעל פֿאַרשפּרייט אַ ידיעה: ס׳קומט צו פֿאָרן אַ וויכטיקער גאַסט!

מיט אַ פֿאַרכאַפּטן אָטעם האָבן די קינדער געקוקט אויף דעם גרויסן גענעראַל, וואָס איז אויפֿגעטראָטן מיט אַ וואָרט צו זיי: דאָס איז געווען יעקב קרייזער, דער הויפּטקאָמאַנדיר פֿון דער 51טער אַרמיי, וועלכע האָט אָנטיילגענומען אין דער באַפֿרײַונג פֿון ליטע. נאָך דער באַגעגעניש האָט אָנגעהויבן אָנקומען פֿון אים כלערליי הילף: שפּײַז, קליידער, שיך, וועש — פֿאַר די קינדער און פֿאַר די דערציִערס, וואָס זײַנען אַלע געקומען אַהער פֿונעם הינטערלאַנד, אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן.

אין קינדער־גאָרטן האָט געהערשט מיט אַ פֿעסטער האַנט די באַוווּסטע נאָך פֿון אַמאָל אין ליטע ענטוזיאַסטין פֿון קינדער־דערציִונג — ליבע יאַקאָבסאָן; מיט איר האָט מיטגעאַרבעט די יונגע, איידעלע דערציִערין ריוועלע ראָזענבלום. זי האָט געהאַט געגנוג האַרץ און געדולד צו די מלחמה־קינדער, דערהויפּט צו די אָרעמסטע, אויסגעליטענע און עלנטע. די קעכינס עטל און פריידל פֿלעגן אַרײַנלייגן די גאַנצע נשמה צוצוגרייטן פֿונעם קאַרגן ביסל פּראָדוקטן אַ בעסער מאכל פֿאַר די קינדער. די אויפֿראַמערין זעלדע, וואָס האָט אַליין זיך אָנגעליטן אין דײַטשישע קאָנצלאַגערן, פֿלעגט ראַמענדיק די פֿאָר צימערן, אַרומנעמען און צוטוליען אַן אומעטיק קינד, אויסווישן אַ קינד דאָס נעזל. אָבער זיי אַליין, די געציילטע מענטשן פֿון פּערסאָנאַל, זײַנען אויך געקומען פֿון הונגערלאַנד, און די פֿאַרוואַלטערין ליבע פֿלעגט אָפּט קוקן אויף זיי מיט חשד, זיי זאָלן, חלילה, ניט נעמען קיין

איבעריקן ביסן, ניט באַעוולען די קינדער, ניט "אָנרירן דאָס געזעלשאַפטלעכע האָב און גוטס".

אַסיע פלעגט פירן אַליקן פון קינדער־גאָרטן אַהיים דורך אַ שמאָל געסעלע. דאָ פלעגט מען דערנעבן, אויפן ברוק, פירן קאָלאָנעס דײַטשישע קריגס־געפאַנגענע פון דער אַרבעט. אַליק פלעגט קוקן אויף זיי מיט שינאה און האָט איין מאָל אַ זאָג געטאָן:

— מאַמע, פאַר וואָס ריידן זיי יידיש?! זיי טאָרן ניט!

# איך זוך דיך, ווילנע

— אַסיע, עמעץ פרעגט זיך נאָך אויף אײַך אין אַ בריוו!

דעם בריוו פון לעמבערג האָט דער "טאַנטע ליבע" איבערגעגעבן פאַר אַסיען אַ לערערין פון קינדערהיים. ווער שרײַבט עס? אַסיע כאַפּט אַ בליק אויף דער האַנטשריפט, זי קומט איר אויס אומבאַקאַנט און גלײַכצײַטיק באַקאַנט. מירע! מירע עטעלעס!

ס'האָט איר פאַרכאַפּט דער אָטעם. מירע לעבט! און די האַנטשריפט... דער בריוו איז דאָך געשריבן אין רוסיש און אַסיע האָט געקענט מירעס האַנטשריפט בלויז אין ייִדיש. און דאָך — ווי עפּעס האָט איר אונטערגעזאָגט, אַז דאָס האָט געשריבן אַ באַקאַנטע האַנט...

מירע רעכנט אויס אַלע אירע קרובים, וואָס האָבן געלעבט אין ווילנע, זי גיט אָן אַלע פּרטים, די אַדרעסן — אפשר, אפשר איז עמעץ געבליבן...

וועגן זיך שרייבט זי קורץ: געלערנט אין רעאַל־גימנאַזיע. די לעצטע צײַט, ביז דער מלחמה, געאַרבעט אין ייִוואָ — צוזאַמען מיט אַבראַשע סוצקעווערס ווײַב פריידקע. טאָמער איז זי דאָ, גיט איבער אַ גרוס.

"אין מאָהילעוו, אין ווייסרוסלאַנד, האָבן געלעבט צוויי מײַנע ברידער און די שוועסטער. ביז איצט קען איך זיי ניט געפינען".

מירעלע, טײַערע — קלערט אַסיע מיט גרויל — געווען אין עוואַקואַציע, געהאַט נאָך פון פאַר דער מלחמה אין ראַטן־פאַרבאַנד משפחה און קיינעם ניט געפונען. ניט געפונען אין משך פון אַזוי פיל צײַט...

געוויס האָבן זיי אויך פאַרלאָזן זייערע היימען, אָבער וווּהין זײַנען זיי אַהינגעקומען?

„איך בין איינער אַליין אויף דער וועלט — שרײַבט מירע. דער פאָטער, מיט וועלכן איך בין אַוועק פון ווילנע, ווי נאָר ס'האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה, איז מיט אַ יאָר שפּעטער געשטאָרבן אין אַסטראַכאַן. די מאַמע איז געשטאָרבן פון טיפוס האַרט פאַר דער מלחמה. איר קענט זיך פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ גליק ס'וואָלט פאַר מיר געווען — געפינען עמעצן פון די נאָענטע...״

און דאָ פרעגט מירע וועגן אַסיען, דעם דאָקטער אַדעלסקיס טאָכטער, מיט וועלכער זי האָט זיך צוזאַמען געלערנט און געאַרבעט. דער דאָקטער, האָט זי געהערט, זאָל האָבן זיך אומגעקערט קיין ווילנע און זאָל אַרבעטן אין קינדערהיים...

אַסיע צוימט קוים איר פרייד, די פרייד איז אַזוי אומדערלאָזבאַר אין אָנבליק פון די שווערע ידיעות. אָבער מירע איז דאָ, זי לעבט, זיי וועלן זיך נאָך טרעפן! און אפשר איז נאָך עמעץ דאָ פון זייער קלאַס?!

אַסיעס געדאַנקען קערן זיך אום צו מירען. פריִער האָט אַסיע זי, מירען, פון דער נאָענט ניט געזען אַזוי, ווי זי זעט זי איצט, פון אַ ווײַטן צײַט־מהלך. דאַן איז זי, אַסיע, געווען צו פיל אַרײַנגעטאָן אין זיך און האָט פיל זאַכן אַרום זיך ניט געזען.

איצט ווילט זיך איר וואָס מער און וואָס גענויער דערוויסן וועגן איר. „שרײַב מיר, טײַערע — בעט זי אין איר ענטפער — שרײַב וועגן אַלץ גענוי. מירע, שטאַרק זיך: פון די, וועלכע דו רעכנסט אויס אין בריוו, איז אין ווילנע קיינער ניטאָ. איך האָב זיך נאָכגעפרעגט. אָבער דײַנע נאָענטסטע אין הינטערלאַנד זוך איך, און אפשר, אפשר וועט זיך מיר אײַנגעבן עפּעס צו דערוויסן...״

גאָר גיך איז אָנגעקומען מירעס צווייטער בריוו: „מיר האָבן מיטן פאָטער געוווינט אין אַסטראַכאַן, אין אַ שטוב, וווּ די ווענט פלעגן ווינטער זײַן באַדעקט מיט אײַז. מײַן טאַטע איז, ווי דו געדענקסט, געווען אַ דרוקער. ער איז אָבער ניט געווען אָפיציעל קיין פאַרטיי־מענטש, און דערצו נאָך אַ „מערבניק״. האָט מען אים ניט גענומען צו דער אַרבעט אין קיין שום דרוקערײַ. אויך יונג איז ער שוין ניט געווען. ער פלעגט שטענדיק זײַן

הונגעריק און די גויִים אַרום פלעגן פרעגן, פאַר וואָס ער גייט ניט בעטן קיין נדבות. ער איז בוכשטעבלעך געשטאָרבן פון הונגער..."

מירע באַשרײַבט ווי אָפּט און ווייטיקדיק דאָס לעבן האָט זי געשלאָגן, און ... געטראָפן דאָס הייליקסטע, וואָס איז בײַ איר, בײַ זיי אַלעמען געווען: דעם גלויבן אין דער אידעע. "איך האָב שפּעטער געוווינט אין צפון־קאַזאַכסטאַן, געאַרבעט אין אַ גרינסשפּײַכלער בײַ די גאָלדגרובן, אין אַ דאָרף דאַנילאָווקאַ. דער שפּייכלער איז געשטאַנען אין אַן אָנסופיקן, פּרײַען פעלד. אין אַ טיפן קעלער אונטער אַ הילצערנעם דאַך זײַנען דאָרט געווען טאָנען קאַרטאָפל. מיר פלעגן זיי איבערקלײַבן. דער נאַטשאַלניק אונדזערער איז געווען אַן אינוואַליד פון פראָנט, אָן אַ פוס, אַ הייסער קאָמוניסט, אַ פּאַרטיימאַן. וואָראָשילאָוו האָט ער געהייסן, ווי דער באַרימטער מאַרשאַל. ווען ס'פלעגן זיך אָנהייבן די ווינטערדיקע זאַווערוכעס, פלעגן מיר זיך ניט אומקערן אין דאָרף, נאָר בלײַבן דאָרט נעכטיקן אויף נאַרעס. ס'פלעגן דאָרט קומען אַרבעטן יונגע מיידלעך, און ער פלעגט זיי צווינגען מיט אים איבערשלאָפן. געהאַט אין דער היים אַ ווײַב מיט קינדער...

ס'איז דאָרט געווען אַ קעכין. זי פלעגט אים אָנפרעגלען גאַנצע סקאָוואָראָדעס קאַרטאָפל. אונדז פלעגט מען אויסטיילן צו אַ פּאָר בולבעס מיט אַ האָר פעטס, וואָס פלעגט איבערבלײַבן. איין מאָל האָב איך ניט אויסגעהאַלטן און געפרעגט: "חבר וואָראָשילאָוו, מיר טרעטן דאָך אויף די קאַרטאָפל, און אַז מען נעמט קאָכן, ציילט איר זיי. פאַר וואָס אַזוי?" — "ביסט געווען אַ מאָל אין צירק? — האָט ער געענטפערט — דו האָסט געזען, ווי מען דרעסירט חיות? אָט־אָט, מען גיט זיי אַ שטיקעלע צוקער. אַזוי אויך מיט אַרבעטערס. די פּאַרטיי און די רעגירונג ווייסן וואָס זיי טוען..."

אַסינקע, די ווערטער וועל איך קיין מאָל ניט פאַרגעסן. דאָס איז געווען אַ שפּײַ אין דער נשמה אַרײַן. צום באַדויערן, איז עס געווען ניט די לעצטע ביטערע פּיל, וואָס מיר איז אויסגעקומען אַראָפּצושלינגען..."

און דאָס אַלץ האָט געדאַרפט אויסשטיין אינעם ראַטן־פאַרבאַנד מירע — די טאָכטער פון אַזאַ קאָמוניסטישער משפחה... "די רעוואָלוציע פרעסט אירע קינדער" — האָט מיט גרויל זיך אַסיע דערמאָנט אַ באַפליגלט וואָרט.



אפשר האָט מירעס בריוו אומגעריכט דערוועקט אין אַסיען אַ שאַרפן פאַרלאַנג צוצוגיין צו זייער ערשטער שול, ווו אַסיע, מירע, באָרע, דאַנילקע, טײַבעלע — אַ האַלבער קלאַס פון זייער שפּעטערדיקער שול, פון דער רעאַל־גימנאַזיע, האָט דורכגעלעבט אַזוי פיל ליכטיקע טעג.

ס׳איז געווען דער ערשטער מאַרץ. אין דער אַמאָליקער גימנאַזיע פון סאָפיע מאַרקאָוונע גורעוויטש אויף מאַקאָווע 5, און אין דער שפּעטערדיקער מוסטערשול, ווי מען האָט גערופן די פאָלקסשול וואָס איז געבליבן נאָכן ליקווידירן די גימנאַזיע, האָט מען דעם 1טן מאַרץ באַשטימט אַלס יום־טוב פון דער שול. אין דעם טאָג — צי ס׳איז שוין געווען וואַרעם, צי נאָך גוט קאַלט — פלעגט מען האַלטן פאַר אַ כבוד צו קומען אין קורצע סקאַרפּעטן (טאָמער ס׳פלעגט זײַן קאַלט, פלעגן די מיידלעך קומען אין זאָקן און פאַרן אַרײַנגיין אין שול זיי שנעל אַראָפּלאָזן ביז די קנעכל.) מען פלעגט אויפהייבן די בונטע פאָן, וועלכע מען האָט אַליין אויפגענייט, און וועלכע האָט געזאָלט פאָרשטעלן דעם ערדקוגל, די גאַנצע וועלט. מען פלעגט זיך אויסשטעלן אונטער דער פאָן און אויסזינגען דעם שול־הימען:

דאָס שענסטע אויף דער וועלט
איז אונדזער ליבע שול,
מיר, קינדער, זײַנען פרײַ
און פריילעך אַלע מאָל.
וואַלערי, וואַלעראַ, וואַלערי, וואַלעראַ.
וואַלע ריאַ, ריאַ, ריאַ,
וואַלעריאַ, וואַלעראַ.

און אַז מען פלעגט שוין ענדיקן די שול, פלעגט מען ווידער אין דעם טאָג קומען אַהין ווי צו זיך אַהיים.

זינט אַסיע האָט זיך צוריקגעקערט קיין ווילנע, איז זי נאָך דאָ, אויף דער גאַס ניט געווען. איצט איז זי ניט געגאַנגען, נאָר געלאָפן דורך זאַוואַלנע, באַרג אַרויף אויף נאָוועגאָרעד, זיך פאַרקערעוועט אויף לינקס אויף מאַקאָווע, געלאָפן מיט האַרץ־קלאַפּעניש, מיט עפּעס אַ נאָגנדיקן נײַגער.

דער בנין איז געשטאַנען אָן אומגערירטער. די פענצטער און טירן פאַרמאַכט. שטום. קיין לעבעדיקער נפש אַרום.

אַ וויכער פון זיכרונות הייבט זיך אויף אין אַסיעס קאָפּ: די הילכיקע, פריילעכע פורים־שפּיל, וואָס ראַבינאָוויטש, דער נײַער לערער, האָט געשטעלט... דער זאַל פול מיט מענטשן — קינדער, עלטערן, ניטאָ ווו אַ שפּילקע אַרײַנצוּוואַרפן...

ווו איז די שול און ווו איז ראַבינאָוויטש?... דער בנין שטייט אַ שטומער און פאַרשלאָסענער.

צו דער רעאַל־גימנאַזיע אינעם הויף פון רודניצקער 6 איז אַסיע שוין פריִער צוגעגאַנגען מיט אַ שווידער־געפיל: דאָ איז אין געטאָ געווען דער יודענראַט. דער מויער איז געשטאַנען; זי האָט זיך קוים אַנטשלאָסן אַ שטופּ צו טאָן די שווערע אַרײַנגאַנגס־טיר, זיך דערמאָנט שענקמאַנען מיטן גלעקל, וואָס האָט זי מיט זיבן יאָר צוריק דאָ אַזוי האַרציק באַגעגנט נאָך איר אַרעסט. זי האָט אָבער באַלד דערזען עמעצנס בעבעכעס נעבן די ברייטע טרעפּ, ס׳האָבן זיך דאָרט אַרומגעדרייט פרעמדע גויִים, און זי איז וואָס גיכער אַנטלאָפן.

צום ייִוואָ, וואָס איז פאַר דער מלחמה געשטאַנען אַזוי רחבותדיק אויף וויוווּלסקע־גאַס, ווײַט פון די ייִדישע געסלעך, און ווּהין אַסיע פלעגט יעדן פרימאָרגן גיין אין דער פּראָ־אַספּיראַנטור, האָט זי זיך איצט קוים אַנטשלאָסן צוצוגיין: זי האָט געוווּסט, אַז דער בנין איז חרוב געוואָרן. זי האָט שוין אויך געהערט די טראַגישע געשיכטע פון דעם גרויסן, איינציקן אין דער וועלט ייִדיש־צענטער און פון די מענטשן, וואָס האָבן דאָרט בעת די נאַציס געאַרבעט: די דײַטשן פון ראָזענבערג־שטאַב האָבן געצוווּנגען געלערנטע און שרייבערס, דעם צוויט פון דער ייִדישער אינטעליגענץ, דאָרט צונויפצונעמען און פּאַקן די רײַכטימער פון ייִוואָ — אַלץ, וואָס מען האָט דאָ געזאַמלט און געהיט ווי אַן אויג אין קאָפּ. פּאַקן עס, כדי אָפּצושיקן אין דײַטשלאַנד. אַ מעסער אין האַרצן איז עס געווען פאַר די, וואָס זײַנען געווען געצוווּנגען דאָס צו טאָן... פלעגן זיי שטילן זייער ווייטיק, אָפּקלײַבנדיק און מסירת־נפשדיק אַרויסשמוגלענדיק וויכטיקע פּאַפּירן, כתב־ידן און ביכער אין געטאָ, באַהאַלטן, פאַרגראָבן אָדער איבערגעבן אין זיכערע הענט אויף דער פרײַ.

אַסיע האָט געהערט וועגן דעם, און ערשט איצט, ווען זי האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין שטאָט ״זוכן ווילנע״, איז זי צוגעגאַנגען צום אָרט, ווו דער ייִוואָ איז געשטאַנען, און דערזען דעם וויסטן חורבן...

אויף פּאָהוליאַנקע־גאַס האָט זיך אַסיען געוואָרפן אין די אויגן אַ בולטע פּוילישע אויפשריפט אויף דער איינציקער וואַנט פון אַ חרוב געוואָרענעם מויער: "Nie kupuj u Zyda" — קויף ניט בײַם ייִדן״. זי האָט זיך דערמאָנט: סוף דרײַסיקער יאָרן, פּיקעטן בײַ ייִדישע קראָמען: די ״ענדעקעס״, די פּוילישע יונגע פֿאַשיסטן מיט זייערע היטעלעך און מיט שטעקנס אין די הענט שטייען נעבן די ייִדישע קראָמען און לאָזן אַהין ניט אַרײַן קיין גויִים. ס׳טומלט זיך, עמעץ שרײַט, עמעץ כאַפּט אַ קלאַפּ. און אַלץ איינס גייען די פּויערים צום ייִדן: אין אַ געוויטער לאָזט ער דעם קונה זיך צוזעצן; ער גיט אים אפילו אַ גלאָז טיי, כאַפּט מיט אים אַ שמועס. און דאָס אַראָפּדינגען אַ פּאָר זלאָטעס איז דאָך אויך פֿאַרן פּויער אַ חיות: דער ייִד בעט אַ צענער און לאָזט אָפּ, נאָך לאַנגער דינגעניש, פּאַר העלפּט געלט. אין די געראַמע פּוילישע געשעפֿטן האָט מען זיך ניט געקענט דינגען. ס׳פּלעגט הענגען אַן אויפשריפט: "Ceny stale" וואָס מיינט — סטאַבילע פּרײַזן. און דער שטאָלצער פּאַרקויפער לאָזט זיך ניט אַרײַן מיט די כאַמעס אין קיין שמועס.

...דײַטשע גאַס. פּאַר וואָס האָט זי געהייסן ״דײַטשע?״ געווען די סאַמע ייִדישסטע גרויסע גאַס אין שטאָט. דאָ איז געווען נאָר גרויסע טאַנדעטקראָם. די כויכעס, די פּריקאַזטשיקעס פּלעגן כאַפּן דעם קונד שוין אין גאַס, אַרײַננעמען אַ פּויער אין געשעפֿט, אַרויפציען אויף אים אַן אָנצוג, רופן מיט התפּעלות: ״ווו איז דער כאַם?! דאָס איז דאָך אַ פּאַן!״ דער פּויער פּלעגט אַרײַנלייגן די הענט אין די קעשענעס, אָנטאַפּן דאָרט אַ זלאָטע. דערנאָך, ווען מען פּלעגט איינפּאַקן די סחורה, פּלעגט מען בגניבה אַרויסנעמען די מטבע, כדי אַרײַנצולייגן זי אין אַ מלבוש פֿאַרן קומענדיקן קונה...

ניטאָ דער מויער, ניטאָ די קראָם, ניטאָ די כויכעס. ניטאָ ״ראַספּוטין מיט זײַנע ווײַבער״, דער ווילנער הויפּטבעטלער מיט דער כאַפּטע בעטלערקעס, וועלכע ער פּלעגט דאָ פרייטיק אויסשטעלן אויף אַלע ראָגן, ווײַל אין דעם טאָג פּלעגן ייִדן געבן נדבות.

אַסיע גייט ווײַטער. דאָ איז געווען פונקס ביכער־געשעפט, און אויבן, אין זעלבן מויער, האָט געוווינט איידלשטערן, דער האַלב־משוגענער פֿאַנטאַזיאָר, וואָס איז געפֿאַלן אויפֿן געדאַנק צו מאַכן ייִדיש געלט. אויף אָנגעשניטענע שטיקלעך קאַרטאָן פֿלעגט ער צייכענען אַ מאַפּע פֿון ווילנע און אָפּמערקן ווו ייִדן וווינען. ער פֿלעגט זײַנע „געלטבאַנקנאָטן" בײַטן אויף געוויינלעכע פּוילישע מזומנים. אַ געוויסע צײַט פֿלעגן ייִדן מאַכן דעם בײַט, צאָלן מיט איידלשטערנס געלט אַנדערע ייִדן...

**פֿון טאָגבוך:**

איך גיי איבער די חורבות פֿון דער ייִדישער ווילנע און קען ניט שטילן מײַן בענקשאַפֿט. נאָך מער — איך בענק נאָך מײַן שטאָט, וועלכע איך האָב כמעט ניט געקענט... ניט געקענט, ווײַל איך פֿלעג גיין פּאַרטיפֿט אין די אייגענע געדאַנקען און קיין זאַך ניט זען אַרום. ערשט איצט פֿיל איך עס און איך שטוין. איך זוך צוריקצושטעלן אין זכרון דעם אויסזען פֿון אַ שטיקל חורוב־געוואָרענער גאַס און איך קען ניט. איך האָב ניט גענוג געקענט מײַן ייִדישע שטאָט און וועל זי שוין קיין מאָל ניט קענען, ווײַל זי איז אַוועק מיטן רויך... שלום האָט דאָ געלעבט בלויז אָנדערטהאַלבן יאָר, ער האָט אָבער בעסער פֿון מיר געקענט ווילנע, ער איז אויסגעוועזן אין אַלע אירע פֿאַרוואָרפֿענע ווינקעלעך...

שלום... איך בין אויסגעבענקט נאָך אים ביזן מאַרך פֿון די ביינער. איך שרײַב צו אים ווײַטער יעדן טאָג און עטלעכע מאָל אַ טאָג. און ער שרײַבט אויך אין יעדער פֿרײַער מינוט. די מלחמה גייט שוין צום סוף, אָבער וואָס נעענטער ס'איז דער נצחון, אַלץ שווערער איז צו וואַרטן. יעדן טאָג, יעדע מינוט לויערט אויף שלומען די געפֿאַר.

איך טראַכט וועגן אים טאָג און נאַכט. איך קלער וועגן זײַן שטאָלענעם אויסדויער. אויף וויפֿל קען עס קלעקן דעם מענטשן?...

איך דערמאָן זיך אין מיכקען. די טעג האָב איך אומגעריכט געטראָפֿן אין גאַס מיכקע ווײַנערס שוועסטער, פּעסיע. זי האָט זיך אומגעקערט פֿון הינטערלאַנד. זי האָט דערציילט וועגן מיכקעס לעצטן בריוו צו איר: „דו וועסט געוויס זײַן צווישן די, וואָס וועלן בלײַבן לעבן — האָט ער געשריבן. — און ווען דו וועסט קומען אין דער באַפֿרײַטער ווילנע, זאָלסטו זאָגן דער

מאַמען, זי זאָל ניט וויינען, ווײַל איך בין געפאַלן ווי אַ העלד, באַפרײַענדיק אונדזער לאַנד און ווילנע."

מיכקע האָט דאָס געשריבן פאַר זײַן ערשטער און לעצטער שלאַכט. דאַן, ווען ער האָט זיך נאָך געריסן אין קאַמף. ער האָט געוווּסט, אַז ער וועט זיך פאַר קיין זאַך ניט אָפּשטעלן, אַבי נאָר העלדיש שלאָגן דעם שונא. ער איז געגאַנגען אויף קידוש השם און האָט געשפּירט, אַז ער וועט פאַלן. און אַלעמען געשריבן זײַנע מונטערע בריוו. נאָר אין דעם איין און איינציקן בריוו — די עטלעכע שווערע ווערטער מיטן געדאַנק וועגן דער מאַמען, וועגן דער פרומער מאַמע, וואָס פלעגט שבת, נאָכן דאַוונען אין קלויז, אין דער עזרת נשים, זיך אַרומוויקלען אין איר פאַטשיילע און גיין צו דער טורמע אַוועקטראָגן אַ פּעקל פאַר איר זון... ער האָט עס געשריבן מיט דער האָפענונג, אַז די מאַמע לעבט...

שלום שרײַבט מיר הייסע ליבעבריוו. ווער וואָלט געקענט זיך פאָרשטעלן, אַז ער וועט געפינען אַזעלכע ווערטער. איך שרייב וואָכעדיקער, ער — ראָמאַנטישער. ער שרײַבט רויִק, און נאָר זעלטן רײַסט זיך דורך אין די בריוו אַ ביטערע נאָטע פון אומרו. דווקא, ווען דער נצחון איז שוין נאָענט...



אין גיכן, האַרט פאַרן זיג, דעם 7טן מאַי 1945, האָט שלום אָנגעשריבן:

"די פאָדערשטע ליניע שלאָפט ניט, קיין איין סאָלדאַט, קיין איין קאָמאַנדיר קען ניט אַנטשלאָפן ווערן. אויף אַ מהלך פון אַ הונדערט מעטער פון אונדז שטייט דער דײַטש, ער נעמט אונטער שריט צו פאַרכאַפּן בײַ אונדז אַ "צונג"; אויב מען זאָל עטוואָס אָפּשוואַכן די וואַכזאַמקייט, קען מען באַצאָלן מיטן לעבן. די אומברחמנותדיקע בלוטיקע מלחמה דויערט. די דײַטשן זײַנען די לעצטע טעג באַזונדערס פאַרביסן, זיי לאָזן יעדע ווײַלע אַרויס ראַקעטעס, זיי שיסן. אָט איז אַרויס זייערער אַ טאַנק און שיסט מיט אַ דירעקטן אָנציל איבערן בערגל, ווו ס'געפינט זיך אונדזער זעמליאַנקע. זיי וואַרטן אויף אונדזער אָנגריף און וועלן אים באַקומען. מער קענען מיר ניט

וואַרטן, מען דאַרף זײַ אַרויסענדיקן, מאַכן אַ סוף צו זיי דאָ אויפן אָרט. דאָס האַרץ האָט זיך צו שטאַרק אויסגעבענקט...״

דאָס האָט ער געשריבן דעם 7טן מאַי, ערב דעם נצחון. און כאָטש דעם 9טן איז אָפיציעל געמאָלדן געוואָרן וועגן זיג איבער די נאַציס, האָט אַסיען געקענט באַרויִקן ערשט אַ קורצער בריוו פונעם 11טן מײַ פון שלומס שוועסטערקינד, דעם מיליטערישן דאָקטער שמואל זאַוועלעוויטש:

״איך באַגריס אײַך — האָט ער געשריבן — מיטן ענדגילטיקן זיג איבער היטלער־דײַטשלאַנד. אַרבעט האָבן מיר איצט איבערן קאָפּ, מיר שיקן אָפּ די פריצן אין הינטערלאַנד, נעמען אויף זייער אויסשטאַטונג, אַמוניציע, דאָס גאַנצע מיליטערישע האָב און גוטס. די דאָזיקע טעג וועלן מיר פאַרגעדענקען אויפן גאַנצן לעבן. מיר איז אויסגעקומען בײַצוזײַן בײַ די אונטערהאַנדלונגען וועגן זייער איבערגעבן זיך אין געפאַנגענשאַפט. שלום איז געזונט, דעם 7טן מײַ אין אָוונט האָב איך זיך מיט אים געזען...״

# דער נצחון

דער זיג! מען האָט לאַנג און אָנגעשטרענגט געוואַרט אויף אים, און געקומען איז ער עפּעס מיט אַ מאָל, ווי אומגעריכט. ער איז געקומען יענעם זוניקן נײַנטן טאָג אין חודש מײַ, באַשײַנדיק די גרויע חורבות און די אויפגעוואַכטע זאַפטיק־גרינע ערד מיט שימערירנדיקע שײַנפונקען פונעם יום־טובדיקן סאַלוט. געקומען און אויפגעוועקט אין די הערצער פון מענטשן אַ שטורעם פון געמישטע געפילן.

אין דער אַלגעמיינער פאַרשיכורנדיקער פרייד איז געווען אַזוי פיל ביטערניש און ווייטיק; אַזוי פיל עלנט; אַזוי פיל וווּנדן האָבן זיך דעם טאָג געעפנט, אַז מען האָט געדאַרפט אַ היפּש ביסל משקה צו דערוואַרעמען דאָס האַרץ. וויטעס מאַן האָט זיך צום ערשטן מאָל אין לעבן אָנגעטרונקען און געשריִען צו די פאַרזאַמלטע: ״איר פאַרשטייט ניט! איר פאַרשטייט דאָך ניט, וואָס פאַר אַ טאָג ס׳איז הײַנט!״

מען האָט געזונגען הירשקע גליקס נביאיש ליד ״זאָג ניט קיין מאָל, אַז דו

גייסט דעם לעצטן וועג", צו וועלכן וויטע האָט אין געטאָ צוגעקליבן די מעלאָדיע פון דימיטרי פּאָקראַס. אַסיע האָט, הערנדיק, בולט דערזען הירשקעס הויכן, ריינעם שטערן, זײַן רויִק פּנים, זײַן מונטערן בליק: איר חבר פונעם פּאַר־מלחמהדיקן פּאָעטן־קרײַז "יונגוואַלד" איז אַוועק זײַן לעצטן וועג אין אַ לאַגער אין עסטאָניע, אָבער די חברים זײַנען דערגאַנגען צום ציל, און דאָס ליד זײַנס, דער פּאַרטיזאַנער־הימען, לעבט און וועט לעבן...

אַסיען, אַן אויסגעווייטיקטע פון בענקעניש נאָך שלומען, האָט די לעצטע טעג פאַרן נצחון מיט אַ מאָל אַרומגעכאַפּט אַ פּחד פאַר איר ווײַטערדיקן צוזאַמענלעבן מיט אים. זי האָט זיך ווידער דערמאָנט, ווי ווייניק זיי זײַנען געווען צוזאַמען; אַז זייער לעבן, די ליבע זייערע, איז אין די לעצטע יאָרן געווען ניט מער ווי אַ בריווראָמאַן; אַז זי״ האָבן אפשר אין די בריוו אויפגעבויט קרישטאָלענע פּאַלאַצן אויף זאַמד. "ווײַזט אויס, איז מיר געוואָרן אַזוי — האָט זי געשריבן צו אים — ווײַל איך בין שוין אַזוי לאַנג אָן דיר, אַז די בענקשאַפט און דער אומרו האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין אַ שטענדיקן ווייטיק, וואָס נאָגט און נאָגט..." אָנגעשריבן, געכאַפּט זיך, אַז זי האָט מסתמא געזאָגט עפּעס איבעריקס, שנעל צוגעגעבן: "נאָר גאָרניט, לייג ניט קיין אַכט, איצט דאַרף, איצט מוז אַלץ זײַן גוט. באַלד, באַלד קומט דער נצחון..."

דער נצחון איז געקומען, און איצט האָט מען געוואַרט אויפן צוריקקער פון דער ליטווישער דיוויזיע אַהיים. וואָס ווײַטער אָבער איז אַלץ מער קלאָר געוואָרן, אַז וואַרטן וועט מען דאַרפן לאַנג, אַז דער צוריקקער קומט ניט שנעל.

"אָנהייבנדיק פון 8טן מײַ — האָט שלום דעם 13טן געשריבן אין אַ בריוו, וואָס ער האָט געשיקט דורך אַ חבר — נעמען מיר אויף דײַטשע קריגס־געפאַנגענע און די דײַטשע קריגס־טעכניק. די דאָזיקע גרויסע אַרבעט ווערט שוין, אין גרונט גענומען, באַלד פאַרענדיקט. גלײַכצײַטיק קעמען מיר דורך די אַרומיקע וועלדער, כדי צו ליקווידירן קליינע גרופּעס עס־עס־מענער, וולאַסאָווצעס און אַנדערע שונאים, וואָס ווילן זיך ניט אונטערגעבן. מיר רייניקן אויס דעם שטח פון מינעס.

איך אַרבעט די גאַנצע צײַט בײַם אויפנעמען די געפאַנגענע דײַטשן.

עטלעכע טויזנט זעלנער און אָפּיצירן זײַנען אַדורך מײַן קאָנטראָל. מען זאָגט, אַז ביזן 18טן דאַרף פֿאַרענדיקט ווערן די אַרבעט. און דאַן גייען מיר קיין ליטע. ווי דו זעסט, דאַרף דאָס פֿאָרקומען שוין גאָר גיך. דאָס האַרץ פֿאָדערט אָבער אַ באַגעגעניש מיט דיר באַלד, די מינוט..."

טעג און וואָכן האָבן זיך געצויגן ווי פּעך. אַסיע האָט געאַרבעט, געלערנט און געהאָדעוועט דאָס קינד, ניט לאָזנדיק זיך קיין פֿרײַע מינוט. אַזוי איז לײַכטער געווען צו שטילן דעם אומגעדולד. געלערנט האָט זי עקסטערן אין דעם מאָסקווער פּרעמדשפּראַכן־אינסטיטוט; ווען זי איז געקומען קיין ווילנע, איז איר פֿאַקולטעט אויפֿן ווילנער אוניווערסיטעט נאָך ניט געווען טעטיק. דעריבער האָט די מאַמע, אונטערוועגס פֿון קויִבישעוו אַהיים, זיך לענגער אָפּגעשטעלט אין מאָסקווע בײַ איר שוועסטער, כדי אָנצוגעבן אַסיעס פּאַפּירן אין דער הויכשול. ס'איז איר אויסגעקומען אָפּצוקלאַפּן שוועלן, מען זאָל אָננעמען איר טאָכטער, די "מערבניצע" פֿון ליטע, אין מלחמה־צײַט אין דעם מאָסקווער לערן־אַנשטאַלט. זי האָט זיי גערוקט אונטערן נאָז דער טאָכטערס צײַגענישן מיט די פֿינפֿן. זי האָט אויסגעפּועלט. מען האָט אַסיען אָנגענומען.

ווי אַ שווערער וואָלקן האָט זיך אָנגערוקט אויף איר די צײַט צו פֿאָרן קיין מאָסקווע אויף דער זומער־סעסיע: מען האָט געוואָרט אויפֿן צוריקקער פֿון דער דיוויזיע, און דער געדאַנק, אַז זי קען פֿאַרזאַמען, אַז זי וועט געוויס פֿאַרזאַמען אין מאָסקווע די באַגעגעניש מיט שלומען, האָט זי דערפֿירט ביז ייאוש.

די מאַמע האָט געקוקט אויף איר מיט אומרו און מיט אַ שטומען פֿאָרוווּרף אין די אויגן. זי איז געבליבן טרײַ אירע אײַזערנע פּרינציפּן: אַ מיידל דאַרף לערנען. זי האָט דאָך קיין מאָל ניט געזוכט קיין חתנים פֿאַר אירע טעכטער און נאָר געפֿאָדערט פֿון זיי, זיי זאָלן שטודירן. קריגן די דיפּלאָמען, האָבן אַ פֿאַך אין האַנט, קענען אַליין באַשטיין זייער שטעטל: טאָמער וואָס — קענען אויסהאַלטן זיך און אַ קינד.

— איצט וועסטו שוין ניט פֿאָרן אויף דער סעסיע, טאָכטער מײַנע — האָט זי געזאָגט — אויף דײַן ערשטער סעסיע אין דעם נײַעם אינסטיטוט.

— איך וועל פֿאָרן — האָט אַסיע פֿאַרצווייפֿלט געענטפֿערט און פֿיבערהאַפֿט אָנגעהויבן זוכן אַן אויסוועג.

ביז דער סעסיע זײַנען פֿאַרבליבן דרײַ וואָכן. זי איז אַוועק צום רעדאַקטאָר מיט אַ דרײַסטן פּלאַן: — די ליטווישע דיוויזיע איז געקומען צום נצחון נאָך אַ לאַנגן, רומפֿולן קאַמפּסוועג. גיט מיר אויף עטלעכע טעג אַ שליחות — איך וועל פֿאָרן און שרײַבן פֿאַר דער צײַטונג.

ער האָט געקוקט אויף איר פֿאַרוווּנדערט — ווי וועסטו אַהין צוקומען? — אָבער באַלד פֿאַרשטאַנען, אַ שמייכל געטאָן: — ווילסט זיך זען מיט דײַן מאַן...

זי האָט זיך איינס צוויי אײַנגעפּאַקט, געזוכט מיט וועמען צו פֿאָרן. זיך דערוווּסט, אַז אַ ייִדישער בחור, אַן אָפֿיציר, איז דאָ געוועזן אַ פּאָר טעג אין אורלויב און פֿאָרט צוריק, האָט זי אָפּגערעדט זיך צו טרעפֿן מיט אים בײַ דער באַן. ס'איז שוין געגאַנגען אַ פּאַסאַזשיר־צוג, זיי זײַנען אײַנגעשטיגן. דעם בחורס פּנים האָט איר אויסגעוויזן צו זײַן באַקאַנט.

— איר זײַט אַ ווילנער?

— יאָ. — האָט ער געענטפֿערט.

— אפֿשר האָט איר זיך געלערנט אין גימנאַזיע בײַ סאָפֿיע מאַרקאָוונע?

— יאָ.

— געדענקסט די פּורים־שפּיל אין גימנאַזיע, וואָס ראַבינאָוויטש האָט געשטעלט?

— אַ פֿראַגע, צי איך געדענק!

— הער זיך אײַן, ניט דו ביסט עס צופֿעליק געווען יוסף אין פּאַס מיט די שלאַנגען און עקדישן?!

— איך.

זעצנדיק זיך אין באַן, האָט אַסיע געקלערט, ווי וועט זי אויסהאַלטן דעם גאַנצן טאָג, צי אפֿשר דעם גאַנצן מעת־לעת, ביז זי וועט דערפֿאָרן אויפֿן אָרט. איצט האָט, אַ דאַנק דער אומגעריכטער באַגעגעניש מיט זייער ליכטיקער פֿאַרגאַנגענהייט, אין איר אויפֿגעוואַכט אַ וואַרעם פֿלעמל. דעם גאַנצן וועג האָט מען שוין גערעדט וועגן דער גימנאַזיע, וועגן דער מלחמה, וועגן שלומען, וועלכן אַסיעס מיטפֿאָרער האָט, פֿאַרשטייט זיך, געקענט.

ווען זיי זײַנען, אַריבערזעצנדיק זיך פֿון איין באַן אין אַ צווייטער, דערנאָך אין אַ פֿראַכטצוג, שפּעטער אין אַ לאָקאָמאָטיוו מיט קוילן, דערנאָך אויף

לאַסטאויטאָס, ענדלעך דערפּאָרן אַהין, ווו די דיוויזיע איז אײַנגעשטאַנען, האָט אַסיע געזאָגט צו אהרונען, איר מיטפאָרער:

— ווײַטער גיי איך אַליין. ווײַז מיר נאָר די ריכטונג.

— וועסט גיין באַרג אַרויף דורך דער לאָנקע — האָט ער געוויזן מיט דער האַנט — דערנאָך פאַרנעם זיך אויף רעכטס, ווײַטער אַ ביסל אויף לינקס, און וועסט דערזען זעמליאַנקעס. דאָרט וועסטו געפינען שלומען.

זי איז געגאַנגען אין איר לײַכטן, שוואַרצן זײַדענעם קליאָשרעקל מיט די אויסגעוועבטע מוסטערן פון זעלבן קאָליר — אין דעם שענסטן מלבוש, וואָס זי האָט געהאַט געקראָגן פון די אַלגעמיינע דזשאָינט־פּעקלעך; אין איר ראָזן זײַדענעם בלוזקעלע, וואָס שלום האָט איר דורך עמעצן געהאַט געשיקט; די לײַכטע העלע האָר אירע, וואָס זײַנען נאָך העלער געוואָרן פון דער זון, האָבן זיך צעשאָטן פונעם ווינט; זי איז ניט געגאַנגען, נאָר געפלויגן באַרג אַרויף, איבער דער אָנסופיקער בונטער לאָנקע, און נאָר אויפן שפּיץ פונעם באַרג האָט זי דערזען אַ מענערישע געשטאַלט.

— וועמען זוכסטו, מיידלקע? — האָט איר אַ פרעג געטאָן דער זעלנער, אַ ייִד אין די יאָרן.

— איך גיי צו מײַן מאַן. איך בין שלום באַכראַכס ווײַב — האָט זי געענטפערט, רויט ווערנדיק פון צעמישונג.

— באַכראַכס ווײַב! קום! — האָט זיך צעשטראַלט דער ייִד, דאָס איז געווען דער פּאָלקשרײַבער יודעלעוויטש.

אָבער שלום איז אומגעריכט אַליין דערשינען דערנעבן, ווי ער וואָלט געפילט, אַז זי דאַרף באַלד קומען.

דער הימל, די זומערדיקע, גליקלעך צעבלימלטע ערד, טויזנטער כישופדיקע ריחות און פייגל־געזאַנגען האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין אַ ווונדערלעכער סימפאָניע מיטן פּשוטן נאָמען: לעבן.

ווען דער נצחון האָט זיך שוין דערנענטערט, האָבן בײַ מענטשן, אין דער צאַפּלדיקער דערוואַרטונג אויף אַ ביסעלע גליק, זיך אָנגעהויבן אַרײַנגנבענען ספקות. שלום האָט געשריבן אין אַ בריוו: ״ס׳איז שווער זיך צוצוגעווינען צום געדאַנק וועגן פרידלעכן לעבן...״ אַסיע האָט מיט ציטערניש געטראַכט ווענן דעם מאָרגן. זי האָט געשטוינט, זעענדיק ווי די חברים אירע — די ניצול־געוואָרענע פון נאַצי־רציחות, די נעכטיקע העלדישע פּאַרטיזאַנערס — ווערט נמאס דאָס גרויע נאָך־מלחמהדיקע לעבן מיט דעם גראַנגל פּאַרן שטיקל ברויט, מיטן זוכן און ניט געפינען פּאַר זיך אַ פּאַסיקן אָרט אין דער נײַערווירקלעכקייט. יעדער האָט געטראָגן זײַן יסורימדיקן עול פון זכרונות, און די טאָג־טעגלעכע זאָרגן פלעגן דערקוטשען ווי זלידנע פליגן.

ווען שלום האָט זיך צוריקגעקערט פון דער מלחמה און ניט געפונען אַסיען אין דער היים, ווײַל זי איז געווען אין מאָסקווע אויף דער לערן־סעסיע; ווען ער האָט זיך שוין אויף איר דערוואַרט — האָט זיי אויף אַ ווײַלע אַרומגעהילט אַ וואַרעמער נעפל פון צאַרטקייט און פאַרגעסונג.

בלויז אויף אַ לעבנס־ווײַלע...

זײַ האָבן אַזוי לאַנג און פײַנלעך געוואַרט אויף דער מינוט, אַז דאָס דעראָבערטע גליק האָט שוין ניט געקענט געגליכן ווערן צו דער שפּאַנונג פונעם אומענדלעכן וואַרטן.

אַסיע האָט באַלד דערשפּירט, אַז שלומס פאָרגעפיל איז געווען ריכטיק: אים איז אומגעהויער שווער געווען צוגעוויינען זיך צום פרידלעכן לעבן. ביזן לעצטן מלחמה־טאָג, און נאָך דער מלחמה, האָט אין אים נאָך געטליִעט אַ פונק פון האָפענונג, אַז עמעץ פון זײַן משפחה איז ניצול געוואָרן. די צײַט האָט פאַרלאָשן דעם פונק.

צוגעוויינען זיך צום פרידלעכן לעבן איז שווער געווען אַלעמען, ווער ס׳איז געווען אין גיהנום פון שלאַכטן און אין די הימלען פון נצחונות, און האָט איצט געמוזט ציִען די ליאַמקע פון לעבן; ווער ס׳האָט נאָך דער מלחמה געהאַט צו פיל צײַט אויף ביטערע געדאַנקען וועגן דעם שרעקלעכן נעכטן, דעם גרויען הײַנט און אומפאַרשטענדלעכן מאָרגן. געווען שווער אַלעמען, באַזונדערס אָבער שלומען, אַ מענטש, וואָס איז ווי באַשאַפן געוואָרן ניט פאַר וואָכעדיקן לעבן, נאָר פאַר אויסעראָרדנטלעכע, עקסטרעמע סיטואַציעס.

דאָס לאַנג־דערוואַרטע, אויסגעטרוימטע, אויסגעחלומטע פרידלעכע לעבן...

עס איז געקומען שווער, אין נויט, אין האָרעוואַניע פאַרן שטיקל ברויט. געקומען אָבער מיט ווידער אויפגעבויטע הײַזער און פאַבריקן, מיט נײַע שפּיטאָלן, טעאַטערס, נײַע ביכער און שולן.

שולן... אָבער אַליק האָט נאָך זײַן ייִדישן קינדער־גאָרטן ניט געקענט גיין לערנען אין קיין ייִדישער שול. מען האָט זי, צוזאַמען מיט דער קינדערהיים און קינדער־גאָרטן געשלאָסן... געווען אַ ייִדישער מוזיי, ווו מענטשן, ניצול־געוואָרענע פון אומקום, צווישן זיי אַסיעס חברים, האָבן געזוכט, געפונען, געזאַמלט, צוריקגעשטעלט פון אָפּגעריבענע שטיקלעך כתב־ידן דאָס, וואָס אַנדערע האָבן מסירת־נפשדיק געשאַפן אין געטאָ און ניט דערלעבט עס אַרויסצוגעבן.

דעם מוזיי האָט מען ליקווידירט.

אַסיע האָט געהאָפט צו אַרבעטן אין אַ ייִדישער צײַטונג און ניט זוכה געווען דערצו — קיין ייִדישע צײַטונגען זײַנען שוין ניט געווען.

איין מאָל האָט זייער שול־חבר בענקע מאַצקעוויטש, וואָס האָט געאַרבעט נאָכן צוריקקער פון פראָנט אין דער אָנפירונג פון דער ווערקער פּאַפּיר־פאַבריק, געבראַכט און פאַרטיילט די חברה ייִדישע ביכער מיטן שטעמפּל פון דער שול־ביבליאָטעק פון רעאַל־גימנאַזיע. ער האָט די ביכער אַרויסגעראַטעוועט פון זעק מיט מאַקולאַטור, וועלכע מען פלעגט ברענגען אין פאַבריק, כדי עס איבערצואַרבעטן אויף פּאַפּיר.

שפּעטער, אין יאָרן אַרום, ווען מען וועט אויפבלאָזן אין מאָסקווע דעם בלוטיקן בילבול קעגן ייִדישע דאָקטוירים, וועט אַסיען אַרומכאַפּן אַן אימה: ווי, ווי קען עס זײַן? און פאַר די אויגן וועט כסדר שטיין איר פאָטער, דער ווילנער דאָקטער, דער מענטשנפרײַנד. און די איצט שוין לעגענדאַרע ווילנער ייִדישע דאָקטוירים שאַבאַד און וויגאָדסקי.

און אַלץ איינס וועט אַסיע, ווי גאָלדענע קערנער, זוכן אַרום זיך דאָס גוטע, וואָס איז דאָ אינעם סאָציאַליסטישן לעבן און טרײַבן פון זיך דעם געדאַנק, אַז דיווירקלעכקײַט דערווײַטערט זיך אַלץ מער און מער פון זייער ליכטיקער אידעע.

ווי איז עס געשען, אַז זיי האָבן זיך ווײַטער געקלאַמערט אין דער אידעע

פון זייער יוגנט און נאָך אַלץ ליב געהאַט דאָס לאַנד, ניט וואַרטנדיק אויף קעגנזײַטיקייט? ליב געהאַט, זײַענדיק דאָרט שטיפקינדער?

אפשר דערפֿאַר, ווײַל זיי האָבן צו פיל מקריב געווען, צו פיל אַרײַנגעלייגט, זײַ זאָלן זיך קענען אָפּזאָגן דערפֿון?

די פולע, אומברחמנותדיקע אויסניכטערונג וועט קומען ערשט אין יאָרן אַרום, אין דער עפּאָכע פון אויפברויז פון נאַציאָנאַלן זעלבסבאַוווסטזײַן אין יעדן ווינקל פונעם ריזיקן ראַטנלאַנד, אויך דאָ אין ליטע, ווען מען וועט זיי דירעקט פרעגן:

ווער האָט אײַך געבעטן?

ערשט דאַן וועלן זײַ דערשפּירן, אַז די דאָזיקע ערד, אויף וועלכער זיי לעבן און ווו ס׳איז געשטאַנען זייער קינדערוויגל, איז קיין מאָל ניט געווען זייערע. און אַז אַלץ, וואָס זיי האָבן מסירת־נפשדיק געטאָן פאַר די אַלע, וואָס האָבן דאָ געוווינט, האָבן יענע געהאַלטן פאַר איבעריק.

ביז דעם מאָמענט וועט שלומען און אַסיען פונעם גליוּוער פון מחילה און גרענעצלאָזער איבערגעגעבנקייט אַרויסרײַסן נאָר דאָס ריינע קול פון זייער פערצניאָריקן זון: קומענדיק אַהיים פון אַן אויספלוג אין פּאָנאַר, ווו ער וועט אומזיסט זוכן אַן אויפשריפט, אַז דאָרט ליגן זיבעציק טויזנט אויסגעהרגעטע ייִדן, וועט ער פרעגן:

— נו גוט, באַוואָלען לעבעדיקע. אָבער ווי קען מען באַוואָלען טויטע?

און ס׳וועט זיי אַרויסרײַסן פונעם קלעם פון זעלבסט־אײַנבילדונג און פּאַרטיי־דיסציפּלין דאָס געוויין פון זייער צווייט קינד, דאָס נײַניאָריקע מיידעלע, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון דער אומגעבראַכטער באָבען, ווען זי וועט קומען אַהיים פון שול, פון דער לעקציע פון איר באַליבטער לערערין און דערציילן:

— קלאַוודיאַ איוואַנאָוונאַ האָט הײַנט געזאָגט, אַז ייִדן נוצן קריסטלעך בלוט אויף מצה. אויב זי זאָגט אַזוי, איז ווי וועלן מיר קענען קומען צום קאָמוניזם?

קלאַוודיאַ איוואַנאָוונאַ פלעגט זיי אָפּט אויף אירע לעקציעס פירן אין דער פּראַכטפולער קאָמוניסטישער צוקונפט...

בײַ אַסיען וועט די בענקשאַפט נאָכן אייגענעם לאַנד ארץ־ישראל, צו וועלכן זי האָט קיין מאָל ניט געשטרעבט, אָנוואַקסן בהדרגהדיק, אין איר

אונטערבאַוווּסטזיַין. זי וועט אַלץ עפּטער צופאַלן מיטן אויער, ווי צו אַ קלאַפּנדיק האַרץ, צום ראַדיאָ, כדי אין דעם טומל און רעש פון שטערונגען אויפצוכאַפּן אַ ידיעה פון דאָרטן.

שלום, אַסיע, זיי אַלע מיט זייערע ייִדישע נשמות זיַינען יונגערהייט אַוועק אין דער גרויסער וועלט פון דער מענטשהייט און די קינדער זייערע האָבן זיך אומגעקערט צום אייגענעם שטאַם. אין אַליקס אָדערן קלאַפּט דאָס אַש פון אוישוויץ און מיַידאַנעק, ער האָט עס אַסיען פאַרטרויט; און ער וועט בייז און דריַיסט וואַרפן זיַינע ליטווישע חברים־סטודענטן גליַיך אין פּנים אַריַין די באַשולדיקונג: "צו פיל פון איַיך האָבן געהרגעט ייִדן! אַ שכן האָט געהרגעט אַ שכן, אַ גימנאַזיסט — זיַין ייִדישן שול־חבר"!

זיַין שוועסטער וועט די ערשטע פון זיַיער משפחה צונעמען אירע קינדער פון דער פרעמד־געוואָרענער ערד און אַוועקפירן זיי אינעם אייגענעם לאַנד. דאָרט וועט שוין זינט יאָרן ווינען איר זיידע, דער קינדער־דאָקטער, דער עלטסטער דאָקטער אין חיפה, וועלכער וועט באַוויַיזן צו דעראָבערן די ליבשאַפט פון זיַינע קליינע פּאַציענטן און זייערע מאַמעס: ייִדישקעס פון אייראָפּע און אַפריקע, אַראַבערינס...



די ערשטע איז עולה געווען מיט איר משפחה אַסיעס עלטערע שוועסטער רוטע, די העלדישע כירורגין פון סטאַלינגראַדער קאַמפּספּראַנט. געקומען אין אייגענעם לאַנד, און... ווידער מלחמות, ווידער פאַרוווּנדעטע, ווידער בלוטיקט איר האַרץ, ווען זי אָפּערירט, איינעם נאָכן אַנדערן יונגע חברה, איצט שוין ייִדישע קעמפערס...

אַסיעס פאָטער מיט דער מוטער זיַינען געווען איבער אַכציק, ווען זיי זיַינען צוזאַמען מיט לילקען, איר מאַן, צוויי קינדער און אַ דריטן אָט־אָט פאַרן קימפּעט געקומען אין לאַנד אַריַין.

איין מאָל האָט געקלונגען דער טעלעפאָן און אַ מענטש האָט געבעטן, דער דאָקטער זאָל קומען צו אַ חולה. "ווי אַלט איז דאָס קינד?" — האָט מען ווי געוויינטלעך געפרעגט. "דאָס איז ניט קיין קינד, דאָס איז מיַין באָבע, 65 יאָר איז זי אַלט". "איך הייל ניט קיין דערוואַקסענע" — האָט געזאָגט

דער פּאָטער. ״די באָבע זאָגט אָבער, אַז אַ מאָל, אין דער קינדהייט, האָט זי געהיילט דער אָ דאָקטער און זי וויל ניט קיין אַנדערן...״

די מאַמע, וואָס האָט שוין כמעט געהאַט פאַרלוירן די ראיה, פלעגט אָבער אין ווילנע אַרײַנגיין אין אַ נאָענטן קינאָ, זיך זעצן אין די ערשטע רייען און קוקן דורך צוויי פּאָר ברילן אַ פילם. געקומען אין לאַנד, קען ניט די שפּראַך. ״וואָס בין איך דאָ, אַן עם־הארצישע אינוואַלידקע״ — זאָגט זי. זי זאָגט עס אויף איר שטײַגער, פּשוט און רויִק. שוין באַלד בײַ די נײַנציקער נעמט מען איר אַראָפּ אַ בעלמע פון איין אויג. ווי אַ הונגעריקע, כאַפּט זי זיך צום לייענען. ווען אַסיע קומט, געפינט זי די מאַמען בײַם לייענען ״דאָס שוואַרצע בוך״. די מאַמע האַלט שוין בײַ דער זײַט 516.

— דו האָסט דאָס אַלץ געקענט איבערלייענען? — פרעגט אַסיע.

— טאָכטער מײַנע — ענטפערט די מאַמע. — אויב מענטשן האָבן דאָס אַלץ געקענט איבערלעבן, זאָל איך ניט קענען איבערלייענען?

... גאָטס וווּנדער! דעם פעטער הירשעלעס קינדער זײַנען אַלע ניצול געוואָרן פון גיהנום! פיר טעכטער און אַן אייניקל האָבן זיך אומגעקערט פון שטוטהאָף. די צוויי קלענסטע, דער צווילינג,ביידע פון שומר הצעיר, זײַנען שוין אין געטאָ געווען צווישן די קעמפערס. ווען די דײַטשן האָבן זיי, אינעם טויטנמאַרש, געטריבן אין לאַגער איבער די שנייען אויף מערב, האָט זיי אויסגעלייזט די רויטע אַרמיי. אין לאַנד זײַנען זיי געקומען מיט דער שיף ״עקזאָדוס״. איצט פּײַערן זיי צוזאַמען זייער 65סטן געבורטסטאָג. אין שטוב זאַמלט זיך צונויף די גאַנצע משפּחה — קינדער, אייניקלעך, פּלימעניקעס, שוועסטערקינדער — 54 מאַן! אַסיע קוקט אַ פאַרגאַפטע אויף דער בונטער, טומלדיקער, פריילעכער כאַליאַסטרע, ס׳פאַרכאַפּט איר דער אָטעם: דער גאָלדענער פאָדעם האָט זיך ניט איבערגעריסן!

אין לאַנד בושעוועט דער טעראָר, מען לעבט ווי אויף אַ ווולקאַן, און דאָך זײַנען מענטשן מונטער. צי האָט טאַקע דער ייִד אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם עול פון גלות־אומרו?...

בעת אַן אזכרה נאָך די ליטווישע ייִדן דערהערט אַסיע הינטער זיך דאָס וואָרט פּאָדבראָדז. פּאָדבראָדז איז אַ שטעטל ניט ווײַט פון ווילנע. זי קוקט זיך אַרום און דערוויסט זיך, אַז דאָ זיצט אַ גאַנצע גרופּע פּאָדבראָדזער. אַסיע

מיט שלומען פלעגן, קומענדיק די לעצטע יאָרן פון ווילנע קײַן פּאָדבראָדז, אַרײַנגיין דאָרט צום איינציקן פאַרבליבענעם ייִדן — דעם פאַריקמאַכער.

הײַנט, אַז מען קומט זיך דאָ צונויף אַלע פון דער רעאַל־גימנאַזיע... ווען ס'קומען דאָס "קליינוואַרג" פון די ייִנגערע קלאַסן, וואָס האָבן זיך שוין אויסגעגליכן מיט אַסיען אין עלטער, זײַענדיק, ווי זי, זיידעס און באָבעס... ווען עמעץ נעמט אַן אַקאָרדעאָן און מען זינגט צוזאַמען די טײַערע לידער פון דער קינדהייט; ווען אַן אַנדערער לייענט אויף אויסווייניק דעם גאַנצן "מאָניש"; ווען מען טיילט זיך מיט גרוסן פון בריוו: "פייגעלע — אין אַמעריקע! רחלע? אויך! און רייזקע, און בײבעקע, און רבקה קאָוואַרסקי; שלמה, איר ברודער? — געשטאָרבן... פּײַקע וואַפּנער איז אין אַרגענטינע! לייבקע גלעזער, באָרע גלעזערס שוועסטערקינד, איז אין אויסטראַליע. מנחם? — ער איז דער ערשטער געקומען אין לאַנד; מאָנקע — ניט לאַנג. וויטקע? וויטקע קומט צו איר טאָכטער מיט די אייניקלעך.

אַוורעמקע דער געלער, וועגן וועלכן מינקע ווײַנער פלעגט שרײַבן אין די בריוו פון דיוויזיע, דערציילט וועגן די סטאַלינישע לאַגערן, וווהין ער איז אַרײַנגעפאַלן נאָך דער מלחמה, העלפנדיק ייִדן אַנטלויפן קיין ישראל...

מען רעדט וועגן די, וואָס זײַנען שוין אַוועק פון דער וועלט, און אַסיע דערמאָנט זיך איר מאַמעס ווערטל "אַז ס'קומט צום לעבן, סטײַעט ניט קיין יאָרן".

אַסיע קען זיך ווידער און ווידער ניט אָנפרייען דערזעענדיק מירען, אַ באָבע פון "דרײַ ייִנגעלעך אַ פּראַכט", וועלכע איז נאָך אַלע מאַטערנישן געוואָרן אויף דער עלטער שענער ווי געווען און געקומען צו אַ בעסערן ברעג...

ווען אַסיע פאַלט אַרײַן אין דער ליכטיקער סביבה פון איר קינדהייט, ווי זי וואָלט אַרײַן אין דעם שענסטן חלום — קומט אויף אין איר נשמה אַ נחת רוח, וועלכן זי האָט ניט געטרוימט און ניט געהאָפט צו דערלעבן.

...שלום לעבט מיטן עבר. אין זכרונות פון דער מלחמה קעגן די נאַציס זײַנען אײַנגעזונקען אַלע אַמאָליקע פראָנטקעמפערס. אַ בלוטיקע מלחמה זאָל איבערלאָזן אין מענטשלעכע הערצער אַזוי פיל ליכטיקע געפילן... אַ ליטווינער, דער קאָמאַנדיר פון 167סטן פּאָלק, וולאַדאַס מאָטיעקאַ, האָט געהאַט געזאָגט וועגן זײַנע ייִדישע זעלנערס: "בעת די צוגרייטונגען צו די

קאַמפּן האָב איך זיי ניט געקענט אויפהייבן אויף די פיס, אין שלאַכט אָבער האָט מען זיי ניט געקענט צווינגען זיך לייגן: זיי זײַנען געגאַנגען אין דער אַטאַקע אין פּולן וווקס!״

די גרויסע שעה פון נקמה איז עס פּאַר זיי געווען!

שלום לעבט אין דעם עבר, אָבער אָט קומט אַהיים זײַן אייניקל, דער חײַל פון צה״ל. ער וואַרפט אַראָפּ זײַן שווערן רוקזאַק, לייגט אַוועק זײַן געווער, לאָזט זיך אַ מידער אַראָפּ אויף דער קאַנאַפּע, און דער זיידע קוקט אויף אים מיט גליקלעכע אויגן.

...לילקע לעבט אינעם לאַנד פון פּאַלמעס און ציפּרעסן, ווי זי וואָלט זיך אײַנגעטונקט אין די טיפענישן פון דער היסטאָריע. זי באַטרעט יעדעס מאָל די ערד פון ישראל, ווי זי וואָלט געגאַנגען איבער יאָרטויזנטער, און רעדט מיטן אייבערשטן...

רוטע קוקט מיט התפעלות אויף די מאַראַנצן־בײַמער, וואָס בליִען און טראָגן גלײַכצײַטיק די פרוכטן פון הײַיאָר און פאַראַיאָרן, און דערמאָנט זיך אין אַנדערסענס מעשהלע וועגן גאָלדענע עפּל.

אַסיע לאָזט רוען איר בליק אויף די פלאַכע, זאַמדיקע בערג, וואָס ליגן ווי מידע העלפאַנדן און ציען זיך העט־ווײַט, ביז צום האָריזאָנט. פריִער האָט זי נאָר איין מאָל אין איר לעבן, אין קרים, געזען אַזעלכע גרוי־געלבלעכע פלאַכע בערג, באַוואַקסענע מיט ביטערגראָז. דאָס אָרט האָט געהײַסן ״דער טאָל פון יהודה״, זי האָט ניט געקענט אָפּרײַסן דעם בליק, און אַ ייִד דערנעבן, אַ היסטאָריקער, האָט געזאָגט: ״דאָס שפּילט אין אײַך אײַער ייִדיש בלוט״. איצט קוקט זי יעדעס מאָל, ווי אויף בראשית, אויף דעם לאַנדשאַפט, איר דוכט זיך, אַז דער רבונו־של־עולם אַליין זיצט דאָ, אויף ריזיקע קישנס, און באַהאַלט אונטער זיי זײַן אפיקומן: דעם אומבאַוווּסטן מאָרגן פון זײַן פאָלק.

זי קוקט אויף דער אָט־אָ אייביקייט און באַמערקט ניט, ווי ס׳וואַכט אויף אין איר, שוין צום ווייפלטן מאָל, אַ שאַרפע בענקשאַפט נאָך דער צאַרטער נאַטור פון ליטע, און אויף דער צונג בעט זיך אַ ליד פון איר קינדהײַט, דוד איינהאָרנס ליד:

עס האָט מיך געפאַנגען דער אומעט,
וואָס שוועבט אויף די טונקעלע פעלדער,

און רוט אויף די איינזאַמע ביימלעך,
וואָס שטייען צעוואָרפן אויף זיי.
דער בלויער פאַרטרויערטער הימל,
וואָס קוקט אַ פאַרוויינטער אַרונטער
דורך ווײַסלעכע זײַדענע נעפּלען
איז פול מיט אַ צערטלעכן וויי...

יענע וואָך האָט זיך אַסיען געחלומט יעדע נאַכט דער זעלבער קאָלירטער חלום: זי טרעט איבערן ווייכן מאָך פון אַ סאָסנאָוון וואַלד און קלײַבט אין דער שטילקייט פון אַרום שוועמלעך.

הײַנטיקע נאַכט האָט זי דערזען אַן אָזערע אין נעפּל, און אויפן ברעג — העל־בלאָע קוויטן מיט ראָזלעכע הערצעלען.

דאָס זײַנען געווען די קלענסטע בלימעלעך מיטן שטילן נאָמען "פאַרגעס־מיך־ניט".



אלישבע כהן־צדק איז געבאָרן געוואָרן אין 1922 אין דער משפּחה פון דעם פּאָפּולערן ווילנער קינדער־דאָקטער און געזעלשאַפטלעכן טוער יעקב פייגענבערג.

זי האָט פאַרענדיקט די סאָפיע מאַרקאָוונע גורעוויטש־פּאָלקסשול און די ווילנער רעאַל־גימנאַזיע. נאָך אין די שוליאָרן איז זי געווען אַ מיטגליד פונעם קרײַז פון די ייִנגסטע ייִדישע פּאָעטן "יונגוואַלד", מיט וועלכן ס'האָבן אָנגעפירט די יונג־ווילניאַנער. נאָכן פאַרענדיקן די גימנאַזיע איז אלישבע אָנגענומען געוואָרן אין דער פּראָ־אַספּיראַנטור פון ייִוואָ.

אירע ערשטע פּענפּרוּוון זײַנען דערשינען אין ייִדישע און פּוילישע צײַטשריפטן אין ווילנע און קאָוונע אין די יאָרן 1939 — 1941.

פון די פערציקער יאָרן ביז איר עליה אין 1990 האָט אלישבע כהן־צדק

געאַרבעט אין ווילנע אַלס זשורנאַליסט, דרוקנדיק זיך אין פוילישע, רוסישע און ליטווישע אויסגאַבעס. אין ייִדיש האָט זי פּאַרעפנטלעכט דערציילונגען און סקיצעס אין דעם מאָסקווער זשורנאַל ״סאָוועטיש היימלאַנד״. טייל פון זיי זײַנען איבערגעדרוקט געוואָרן אין דער ייִדישער פרעסע אין וואַרשע, פּאַריז, בוענאָס-אײַרעס.

אין יאָר 1984 דערשײַנט איר ערשט ביכל אין ייִדיש — דערציילונגען און סקיצעס. אין 1988 איז זי איינע פון די מחברים פונעם פּראָזע־זאַמלבוך ״איניינעם״, וואָס דערשײַנט אין מאָסקווע.

גלייך נאָכן עולה זײַן אין 1990, הייבט א. כהן־צדק אָן צו אַרבעטן אין תל־אָביבער ייִדישן וואָכנבלאַט ״נײַע צײַטונג״. אין יאָר 1993 איז איר ליטעראַרישע אַרבעט, לויטן באַשלוס פונעם ייִדישן שרײַבערס־ און זשורנאַליסטן־פאַראיין אין ישראל, אָפּגעמערקט געוואָרן מיט אַ ליטעראַטור־פּרעמיע פון דער שטאָט אַשקלון פאַר ייִדיש־שרײַבנדיקע מחברים.

דאָס בוך, וואָס ווערט הײַנט געבראַכט פאַרן לייענער, האָט אין זײַן ערשטער ווערסיע, אין ראַטן־פאַרבאַנד, ניט געקענט דערזען די ליכטיקע שײַן אין מאַמע־לשון פון דער מחברין. אין אַן אַנדערן, געקירצטן, אַדאַפּטירטן וואַריאַנט איז עס דערשינען אין צוויי אויפלאַגעס, אין ווילנע און אין מאָסקווע, אין רוסיש, א.נ . "Построй свой дом" (״בוי אויף דײַן היים״). דער טיראַזש פון ביידע אויפלאַגעס (75 טויזנט עקזעמפּליאַרן) האָט זיך שנעל פאַרשפּרייט צווישן די לייענערס.